

װ. טשערנאָװעצקי

מיינע טייערע צוויי אייניקלעך:
אינעס-נעמי און אסתר-שרה, פֿאַר די
שעה'ן פֿון פֿאַרגעניגן וואָס זיי פֿאַרשאַפֿן
אונז — באָבע-זיידע, מיט אומבאַשרייבּ-
ליכער ליבע

גערווידמעט

וו. טשערנאָוועצקי

# דאָס לעבן דערציילט...

## אמתע פּאַסירונגען און פּראָבלעמען פון לעבן

צווייטער באַנד



אַרויסגעגעבן פון:

„דער אַרגענטינער מאַגאַזין"

בוענאָס איירעס

1952

Impreso en la República Argentina
PRINTED IN ARGENTINE


---

V. CHERNOVETZKY

# DOS LEBN DERTZEILT

## (LA VIDA RELATA)



Editado por:

"EL MAGAZINE ARGENTINO"

BUENOS AIRES

1952

# אינהאַלט

# אַ פּאָר ווערטער!...

אויב עס איז אַמאָל אַ פראַגע צי מען דאַרף האָבן אַ „פּאָרעדע", אויב עס איז בכלל נויטיק אַ „פּאָרעדע" צו אַ בוך — איז, בײַם אונטער־טראָגן דעם פרײַנט־לייענער — און ספּעציעל דער אידישער לייענערן — אַט, דעם, צווייטן באַנד דערציילונגען, פון דער סעריע „דאָס לעבן דער־ציילט..." — אַבסאָלוט נויטיק צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער!

ווען דער ערשטער באַנד פון אַט דער סעריע דערציילונגען איז דער־שינען — איז ער, פון דער קריטיק, פון די פּראָפעסיאָנעלע אידישע שרײַבער און קריטיקער, אויפגענומען געוואָרן בסבר פנים יפות! באַ־שיידנקייט אין אַ זײַט! זעלטן טרעפט, אַז אַ אידישער בוך זאָל אַזוי געשמאַק געלייענט ווערן! הונדערטער און הונדערטער אידן, מענער און פרויען, האָבן פערזענלעך און טעלעפאָניש, שריפטלעך און אַפילו טע־לעגראַפיש, באַגריסט דעם מחבר פון „דאָס לעבן דערציילט..." און אים צוגעגעבן מוט פאָרצוזעצן מיט דער אָנגעהויבענער סעריע פון אַט די ביכער!...

למען האמת. דער מחבר האָט געשעפּט נחת פון זײַן ערשטן באַנד! ער האָט געזען ווי לייענער פון אידישן בוך, רעקאָמענדירן אים צו זייערע פרײַנט, און יענע בעטן דעם בוך בײַם מחבר אָדער בוכהענדלער! דער ערשטער באַנד איז, כמעט, אינגאַנצן אויספאַרקויפט געוואָרן! אַ סך מענער האָבן אים געקויפט אַלס מתנה פאַר זייער פרוי, און פרויען האָבן אים אונטערגעטראָגן אַלס באַשיידענע מתנה — זייער מאַן! דער מחבר באַרימט זיך ניט, און דערציילט עס ניט, כדי צו דערווײַזן „את רוב גדלו ורוב עשרו" — נאָר, פשוט, אַלס סאַטיספאַקציע, דאָס זײַן אָנגע־שטרענגטע אַרבעט פון צונויפזאַמלען אַט די אמתע פּאַסירונגען פון לעבן, אין אַ ביכער־סעריע וואָס זאָל הייסן „דאָס לעבן דערציילט..." האָט געפונען דעם געהעריקן אָפּקלאַנג בײַ די מבינים אויף אַ בוך און בײַם לייענער ספּעציעל!

איצט, בײַם צוגרייטן דעם צווייטן באַנד, האָט ווידער דער מחבר געזוכט „אויסצוזאָרטירן", אויסצוקלויבן, יענע פּראָבלעמען, יענע אמתע

פּאַסירונגען פון לעבן, וואָס זאָלן קאָנען דינען אַלס בײַשפּיל פאַרן לייע־נער, אַ בײַשפּיל פאַר אַנדערע, וואָס ווילן, אפשר, דערמיט אויסמײַדן די שוועריקייטן וואָס די „העלדן" פון די דערציילונגען האָבן געהאַט איבערצולעבן און דורכמאַכן אין לעבן !

:: :: ::

פונקט ווי די פאַריקע דערציילונגען פון ערשטן באַנד, אַזוי זענען אויך די איצטיקע דערציילונגען פון צווייטן באַנד, אַרויסגענומען פוןווירקלעכן לעבן ! דער מחבר האָט דאָס גליק און דאָס פאַרגעניגן צו קאָנען טויזנטער און טויזנטער אידן פון זיד־אַמעריקאַנער קאָנטינענט, און אַט די דערציילונגען, זענען פון אים, אין משך פון אַ סך יאָרן, אויפ־געכאַפּט געוואָרן, באַאַרבעט געוואָרן און — מיט ישוב־הדעת — צוגע־גרייט געוואָרן צום דרוק.

דער מחבר חזרט איצט ווידער איבער דאָס, וואָס ער האָט שוין איינמאָל געזאָגט :

דער מחבר איז אויסן, אַז ווען מען לייענט איבער אַ דערציילונג, זאָל מען זיך פאַרטראַכטן וואָס מיט י ע נ ע ם האָט געטראָפן, ווי אַזוי י ע נ ע ר אָדער י ע נ ע האָבן געהאַנדלט און... זיך אַראָפּנעמען אַ בײַשפּיל דערפון!... מען זאָל אַ טראַכט טאָן:

צי קאָן מיט מ י ר, אויך דאָס זעלבע ניט פּאַסירן !...

און — ווידעראַמאָל אַ ביטע צום חשובן לייענער ! בײַם מחבר, גייט עס אין לעבן, אַז זײַן ביטע זאָל דערהערט ווערן :

ווען דער פרײַנט, לייענער, וועט איבערלייענען אַ דערציילונג, זאָל זיך אים ניט אויסווײַזן אַז ער ווייסט פון וועמען מען האָט געשריבן און... „וועמען מען מיינט". עס איז, אָן ספק, אַז דער לייענער וועט אַ טעות האָבן מיט זײַן „מיינען" און מיט זײַן ווילן טרעפן אַז... מען „מיינט" דעם אָון דעם !... דער מחבר חזרט איבער, צום הונדערטסטן מאָל : די דערציילונגען, די עפּיזאָדן און פּאַסירונגען זענען גענומען גע־וואָרן פון לעבן פון אידישע מענטשן און אידישע פאַמיליעס פון עטלעכע שטעט און פון פ אַ ר ש י ד ע נ ע לענדער! אַזוי, אַז דאָס „טרעפן" און „כמעט זײַן זיכער" אז מען מיינט דעם און דעם — קאָן זײַן ב ל ו י ז, אַ טעותדיקע פאַרשטעלונג און עס קאָן בלויז ע מ י צ ן, אומשולדי־קערהייט — שעדיקן !... און דאָס וויל דער מחבר אַמשטאַרקסטן אויס־מײַדן !... דאָס גלײַכסטע איז : אויפנעמען די דערציילונג ווי אָן א מ ת ע פּ אַ ס י ר ו נ ג פון לעבן ! ווי אַ זאַך וואָס קאָן טרעפן אין לעבן ! אָבער — מיט וועמען האָט דאָס געטראָפן ? — דאָס בלײַבט אַ סוד !...

:: :: ::

אין דער „פאָרעדע" צום ערשטן באַנד, צו דער ע ר ש ט ע ר סעריע דערציילונגען, האָט דער מחבר געבעטן: שטאַרק געבעטן!...
— לייענט איבער דעם בוך!

עס איז ניט קיין סוד — הלוואי וואָלט עס אַזוי ניט געווען אמת ווי עס איז אמת — אַז עס זענען פאַראַן אַ סך אידישע הייזער, וואָס פאַרמאָגן אין זייערע ביבליאָטעקן אידישע ביכער, און די א י ד י ש ע ביכער ווערן אַרויסגענומען פון זייער מקום מנוחה, ב ל ו י ז ד ע מ א ל ט, ווען... די דינסט דאַרף אָראָפּנעמען דעם שטויב פון זיי!... דערפאַר, האָט דער מחבר געבעטן זיינע פריינט, אין וועמענס הענט זיין בוך דער־ציילונגען וועט אָנקומען, ער האָט זיי געבעטן:

ער וויל, נישט בלויז, אַז מען זאָל דעם בוך „דאָס לעבן דערציילט"... לייענען! זיין ביטע, זיין האָפענונג איז, אַז אין דער שטוב וואו מען וועט דעם בוך לייענען — זאָל אים לייענען דאָס גאַנצע אויסגזונט, און זאָל יעדע דערציילונג באַזונדער דיסקוטירן! זיין ציל און זיין האָ־פענונג — האָט געשריבן דער מחבר — איז, אַז ווען טאַטע־מאַמע, וועלן ענדיקן לייענען דעם בוך — זאָלן זיי אים רעקאָמענדירן זייערע קינדער, זייערע פריינט, זייערע געסט וואָס קומען צו זיי! און אויב די קינדער, די פריינט, די געסט, קאָנען, צום באַדויערן, ניט לייענען קיין אידיש — זאָל דער טאַטע אָדער די מאַמע, פאָרלייענען פאַר זיי די דערציילונגען, און טאַקע... דיסקוטירן מיט זיי דעם „ווער איז גערעכט"! עס איז זיכער אַז אַזאַ פאָרלייענונג פאַר די קינדער, אָט די דיסקוסיעס אַרום די באַ־שריבענע דערציילונגען, וועלן מיט דער צייט אַ סך נוצן ברענגען די עלטערן!...

און, אַז די ביטע פון מחבר איז דערהערט געוואָרן — האָט ער געהאָט דעם בעסטן סימן! — די בריוו, די אָפּרופן, וואָס ער האָט באַ־קומען! אַלס מוסטער ווי אַזוי מען האָט דעם בוך אויפגענומען — זאָל מאַקע דינען די אויסצוגן פון די צייטונגס־קריטיקער, פון די פריינט לייענער, וואָס האָבן זיך אָפּגערופן וועגן אָט די דערציילונגען! מירן דאָ ברענגען בלויז אַ טייל פון די אַרויסגעזאָגטע מיינונגען, ווייל איבער־געבן אַ ל ע באַגריסונגען און צוגעשיקטע בריוו — דאַרף מען דרוקן אַ ספּעציעל בוך פאַר זיי!

באַם פאַרענדיקן די פאַר ווערטער זאָל דאָ זיין אָמפּלאַץ אויסצו־דריקן מיין האַרציקן דאַנק און ישר כוח דעם פריינט ס י מ א ן א יי־ד ע ל מ אַ ן, אייגנטימער פון דרוקעריי „בעטרעס" וואו דער בוך איז געזעצט און ג ע ד ר ו ק ט געוואָרן! פריינט א יי ד ע ל מ אַ ן, איז ניט גלאַט, סתם, אַן אייגנטימער פון אַ אידישער מאָדערנער דרוקעריי — וואָס דרוקט אידישע ביכער און עס אינטערעסירט אים ניט ווי אַזוי זיי

דרוקן זיך... — פריינט איידעלמאַן, איז אַ יודע ספר, האָט ליב אַכטונג געבן אויף זיין אַרבעט וועלכע ער באַטראַכט פאַר אַ מלאכת הקודש! אויב דער בוך איז אַרויס טעכניש געראָטן — האָט ער דעם גרעסטן פאַרדינסט אין דעם!

אַ האַרציקן דאַנק דעם אידישן זעצער חיים יאַנטעוו, דעם שליסער קאַרלאָס שענקער און דעם מאַשיניסט אורעליאָ רוסי וואָס האָבן, ניט בלויז, דערפילט זייער אַרבעטס־פליכט — נאָר זיך באַצויגן צום בוך מיט פיעטעט — פונקט ווי זיי טוען עס מיט אַלע אידישע ביכער וואָס גייען דורך דורך זייערע הענט!...

אַ מחבר, אַז ער זעט, אַז זיין בוך איז אַרויס שיין, ריין, נעט, און מיט טעם — האָט ער אַ דאָפּלטע הנאה.

פאַר אָט דער הנאה שיקט זיי אַלע אַ דאַנק

דער מחבר



צו מיינע חשובע לייענער — אַ ספּעציעלע ביטע!

ווען איר וועט ענדיקן לייענען דעם בוך, טוט מיר אַ פריינטשאַפט — גאָר, גאָר אַ גרויסע פריינטשאַפט — שרייבט מיר צו עטליכע ווערטער, אייער מיינונג וועגן די דערציילונגען! שרייבט, וועלכע פון די 23 דערציילונגען האָבן מער גערופן אייער אויפמערקזאַמקייט!

באַצייטנס גיב איך אייך אַ גרויסן דאַנק דערפאַר.

**וו. טש.**

1

## זינט איר מאַן האָט זיך „כּוביל׳ירט״ — האָט זי א וויסט, פינסטער, ל׳עבן!...

זיך „כּובילירן״! אויפהערן אַרבייטן און באַקומען אַ לעבנסלענגלעכע רעגירונגס-פּענסיע! וועלכער אַרבייטער, וועלכער באַאַמטער שטרעבט ניט צו דערלעבן אָט דעם מאָמענט? וויפיל קרבנות ברייינגען די אַרביי-טער און אַנגעשטעלטע, כדי צו קאָנען קומען צו אָט דעם מצב אַז זיי זאָלן זיך קאָנען „כּוביל׳ירן״ און —נאָך 25 אָדער דרייסיק יאָר אַרבייט — זיך קאָנען אויסרוען אויף דער עלטער?

אמת! דאָס וואָרט „כּובילירן״ אָדער „פּענסיאָנירן״ —שמעקט שוין מיט זקנה, מיט עלטער! אָבער עס איז דאָך אַ נאַטור-זאַך, און יעדער אַרבייטער אָדער אַנגעשטעלטער וואָס האָט אָפּגעאַרבעט זיינע דרייסיק —און אַמאָל מערער— יאָרן, האָט אפשר אָפּגעשפּאָרט אַ קליין שטיבעלע ערגעץ, „אייגענע פיר ווענט״, האָט שוין חתונה געמאַכט זיינע קינדער, האָט שוין אפשר אויך אייניקלעך, וואָרט מיט אומגעדולד ווען עס וועלן זיך ענדעקן די לעגאַלע מעגלעכקייטן און ער וועט שוין פאַרגעסן אין זיין פאַבריק, אין זיין ביוראָ אָדער ווערקשטאַט און וועט זיך רואיק קאָנען אויסלעבן די עלטערע יאָרן!

ניט ווייניק פרייד ד אַ ר ף עס אויך זיין ביי זיין פרוי, ביי זיינע קינדער און אייניקלעך, וואָס ענדלעך וועט זיך זייער מאַן און פאָטער און ספּעציעל — דער זיידע — באַפרייען פון זיין אַרבעט און קאָנען פאַר-ברענגען מיט זיי!

אַזוי האָבן מיר תמיד געגלויבט אַז אַזוי פירט זיך ביי די גליקלעכע „כּובילירטע״!

קומט איצט צו אונז פרוי —לאָמיר זי רופן— שטיינמאַן, און דער-ווייזט אונז דאָס פאַרקערטע! זי דערציילט אונז ווי אומגליקלעך זי איז געוואָרן זינט איר מאַן האָט זיך כּובילירט! ווי פאַרשטערט איר ל׳עבן איז איצט און זי זאָגט אונז אויס אַ סוד:

הײנטיקן חודש ווערט 35 יאָר זינט זײ האָבן חתונה געהאַט און הײנטיקן חודש דענקט זי זיך אַפּיציעל צו שײדן מיט איר מאַן! פּשוט געריעדט: זי וועט זיך מיט אים גטן! זי קאָן שוין ניט אויסהאַלטן מער! זי איז שוין מיד! זי האָט צוויי וועגן: אָדער זיך גטן אָדער אײנעמען אַ ביסעלע סם! אַזוי איז איר שוין נמאס דאָס לעבן! און דאָס אַלץ איבער אײן אורזאַכע:

— איר מאַן האָט זיך „כובילירט״!

אָבער — מירן לאָזן די פרוי שטײנמאַן אַלײן רעדן! מירן זי נאָר פאָרשטעלן פאַר אײך:

איר אויסזעען: הויך, שײן געקעמט, די האָר, העכער האַלב גראָע — דאָך זעט זי אויס ניט ווײט אין די פופציקער! פײן און נעט געקלײדעט, דאָס פּנים אַ ביסעלע צוגעפאַרבט און עס ווײזט אײך אויס, אַז עס זיצט פאַר אײך די לערערן פון פיאַנאָ און וועט אײך דערצײלן די ניסים פון אײער קינדס שפּילן! זי רעדט אַ פײנעם אידיש און רעדט אַרוים זײער קלאָר אַ העבעראַיזירט וואָרט! קענטיק אַז זי איז באַקאַנט אין די דריוונע אויתיות!...

זי זיצט אויף אַ געבעטער שטול, ווישט זיך אַלע מינוט די אויגן מיטן זײדענעם טיכעלע און דערצײלט אײך:

— — — — — — — — — — — — — —

ווען עמיצער קומט און דערצײלט עס מיר — אַזוי הויבט זי אָן — וואָלט איך ניט געקאָנט גלויבן! ווען עמיצער דערצײלט מיר, אַז אַ פּאָרפאָלק האָבן אָפּגעלעבט 35 יאָר צוזאַמען, האָבן געבוירן און דערצויגן קינדער! האָבן שוין דערלעבט אײניקלעך און דער עיקר — האָבן שטענדיק געלעבט גליקלעך, נאָר אויפן פיר און דרײסיקסטן יאָר פון נאָך זײער חתונה האָבן זײ זיך אָנגעהויבן קריגן, זיך אָנגעהויבן אַרוימרײסן, געקומען שוין צו סקאַנדאַלן, צו לײטיש געלעכטער — ווען עמיצער דערצײלט עס מיר — וואָלט איך שווער געגלויבט אין דעם! און דאָך, אָט וועל איך אײך דערצײלן אַז ב ײ מ י ר פּאַסירט אַזוי! בײ מיר — צווישן מיר מיט מײן מאַן קומען פאָר קריגערײען און ברוגזן נאָך עטלעכע און דרײסיק יאָר פון אַ שטיל, רואיק לעבן!

צי ווירקט אויף אונז די עלטער? צי האָבן מיר אפשר געוואָרפן אײנער אויפן אַנדערן אַ אומחן? צי האָט מײן מאַן, אויף דער עלטער, אויפגעהערט צו פאַרדינען און ער שיקט, חלילה, מיך אַרבעטן, וואַשן גרײט, ווערן אַ דינסט אָדער פאַרקויפערן אויפן מאַרק?

חלילה! מײן מאַן האָט אַלע יאָרן זינט מיר האָבן חתונה געהאַט — מיך אויסגעהאַלטן מיט כבוד! ער איז ניט קײן אויסברײנגער, ניט קײן

שכור, ניט קיין קאָרטן־שפּילער! ער איז געווען אַלע יאָרן אַ וואוילער מאַן, אַזעלכער וואָס אַלע ליבע פריינט וואָלטן זיך געמעגט וואונטשן! ביז... נו! ביז ער האָט גענצליך אויפגעהערט צו אַרבעטן — ער האָט זיך „כובילירט"! פון יענעם טאָג אָן וואָס ער איז מער ניט אַוועקגעגאַנגען צו דער אַרבעט און געבליבן אין דער היים — פון יענעם טאָג אָן, בין איך די אומגליקליכסטע פרוי אויף דער וועלט!

יאָ! איך זע איר קוקט מיך אָן! מעגלעך אַז איר גלויבט גאָר, אַז איך בין ניט ביי אַלע מיינע חושים! בעט איך אייך טאַקע, הערט מיין לעבנס־געשיכטע פון אָנהויב אָן, הערט מיך אויס, אפשר וועט מיין דערציילונג, מיין צעשטערט לעבן, דינען פאַר אַ לעקציע אַנדערע פרוי־ען אין מיין לאַגע, אָדער — אפשר גאָר וועט מיין „כובילירטער" מאַן אָנהויבן פאַרשטיין, אַז ניט אַזוי הייסט רוען אויף דער עלטער!

אויב עס איז אמת דאָס פאָלקס־ווערטל אַז „אַרבעט מאַכט דאָס לעבן זיס", האָב איך געהאַט אַ זיס לעבן זינט דעם טאָג פון מיין חתונה האָבן! ביז מיין חתונה האָב איך ניט געוואוסט פון קיין זיס לעבן וויל... איך האָב קיינמאָל ניט געאַרבעט! איך בין געוואַקסן אין אַ רייכער שטוב, ביי רייכע עלטערן, און די דינסטן מיט די משרתים האָבן מיך ניט גערדאַרפט האָבן איך זאָל זיי העלפן אין זייער אַרבעט! מיין פאָ־טער איז געווען אַ רייכער סוחר האָט געהאַט אַ גרויס געשעפט פון ביכער און שרייב געצייג־זאַכן — דאָס גרעסטע ביי אונז אין שטאָט — און חוץ דעם האָבן מיר געהאַט אַ גרויסע איינבינדעריי וואו עס האָבן געאַרבעט אַ פאַר צענדליג אַרבעטער אידן און קריסטן און איך בין גע־וואַקסן אין עושר און אין כבוד!

ווען איך בין אַלט געוואָרן אַ יאָר 16 האָב איך אָנגעהויבן „פריי־וויליק" אַראָפּגיין אין קלייט אַריין אָדער אין איינבינדעריי און פּלעג צולייגן אַ פינגער און טאַקע ניט מער ווי אַ פינגער צו העלפן עפּעס אין געשעפט!

אַזוי ווי איך האָב געלערנט אין אַ קאָמערץ־שול האָט גראַדע מיין פאָטער געוואָלט אַז איך זאָל עפּעס העלפן אין קלייט! איך... איך בין בין, אָבער, געווען צו... ווילד, צו צעפּעשטשעט פון מיין מאַמען אַז איך זאָל קאָנען איינזיצן אין קלייט אָדער אין ווערקשטאַט אַ פּאָר שעה! מיך האָט געצויגן אין פּאַרק אַריין צו מיינע חברטעס! דאָרט האָבן מיר פאַרבראַכט, געשטיפט און... גערעדט פון אינגלעך!..

אין איינעם אַ טאָג איז געקומען אַרבעטן צו אונז אין דער איינבינ־דעריי, אַ בחורל פון אַ יאָר אַכצן אָדער צוואַנציק! אַ שיין פּנימ'ל האָט ער געהאַט מיט שוואַרצע געקרייזלטע האָר און אַ פּאָר קאַרשן־אויגן

וואָס האָבן געגעבן ווי אַ ברי ווען ער האָט אַ קוק געטאָן אויף אייך!..
נו! איר פאַרשטייט דאָך שוין אַליין אַז איך האָב אָנגעהויבן אָפּטער
אַראָפּגיין „העלפּן" אין געשעפט און ספּעציעל — אין איינבינדעריי!...
איך האָב אַ פּאָר מאָל פאַרפירט אַ געשפּרעך מיט אָט דעם בחור'ל, איך
בין געוואוירע געוואָרן אַז ער איז אַ עלנטער אין אונזער שטאָט, האָט
דאָ קיינעם ניט, און ער האָט זיך גענומען צו אָט דעם פאַך, ווייל... ער
האָט ליב צו לייענען ביכער! נו, ווי קאָן ער נאָך קריגן אַזוי פיל ביכער
צום לייענען ווי אין אַן איינבינדעריי?

איך וועל מאַכן בקיצור — אין ווייניקער ווי זעקס חדשים זענען
מיר שוין געווען אָפיציעלע חתן־כלה, און ווי נאָר מען האָט אים אָפּגע
געבן פאַר אַ סאָלדאַט — ער האָט געוואָרט אַז ער זאָל זיך שטעלן צום
פּריזיוו וועט מען זיין אָרימען פאָטער ניט מאָנען די דריי הונדערט
פּעזאָס שטראָף — האָבן מיר זיך ביידע אויפגעהויבן און מיר זענען
אוועק פון דער אַלטער היים, איבערגעלאָזט טאַטע־מאַמע, ברידער,
שוועסטער, פעטערס און מומעס, חברים און חבר'טעס, און מיר זענען
געקומען אין דעם דאָזיקן געבענטשטן לאַנד אַריין וואו מיר האָבן אויפ
געבויט אונזער היים פאַר זיך, פאַר אונזערע קינדער און קינדס קינדער!

צוריק מיט 34 יאָר איז דאָס געשען! איך געדענק עס ווי ערשט
נעכטן איז דאָס געשען! איך מיט מיין מאַן, זענען געקומען אין לאַנד
אַריין און מיין מאַן האָט באַלד געקראָגן אַרבעט! איך האָב, דווקא, גע
וואָלט, אַז ער זאָל ניט זיין קיין אַרבעטער! מיר איז בעסער געפעלן גע
ווען, ער זאָל ווערן אַ סוחר, מיר זאָלן דינגען אַ קלייטעלע — מאַכט ניט
אויס ווי קליין עס זאָל ניט זיין און מיר זאָל דאָרט אויפעפענען אַ גע
שעפט פון שרייב געצייג און ביכער! מיין מאַן האָט געהאַט אַן אַנדער
מיינונג! ער וועט אַרבעטן ביי זיין פאַך אַ פּאָר יאָר און ווען ער וועט
זיך אויסלערנען די לאַנדס־שפּראַך, וועט ער אָנהויבן זוכן אַ שותף און
צוזאַמען עפענען אַ גרויסע פאַבריק פון איינבינדעריי! — דערווייל דאַרף
מען אַרבעטן ביי יענעם!

דער „דערווייל" האָט זיך אַזוי פאַרצויגן... דריי און דרייסיק יאָר!

די ערשטע צייט האָבן מיר זיך אויך אויף אַ „דערווייל" באַזעצט
אין אַ פאַרשטעטל און מיין מאַן האָט געדאַרפט נעמען דעם באַן אויף צו
פאָרן אין פאַבריק אַריין! איז וואָס זאָל איך אייך זאָגן: איך וואָלט גע
קאָנט שווערן, אַז פאַר די צען יאָר וואָס מיר האָבן געוואוינט אין אָט
דעם פאַרשטעטל און פאַר די צען יאָר וואָס מיין מאַן האָט געאַרבעט
אין אָט ד ע ר פאַבריק, האָט ער איינמאָל ניט געפעלט צו דער אַרבעט

און וואָס וויכטיקער איז — ער האָט קיינמאָל ניט פאַרשפּעטיקט אויף פינף מינוט!

א אויטאָמאַט איז ער געווען! אַ פּינקטלעכע אויטאָמאַטישע מאַ־שין! אויפגעשטאַנען האַלב זיבן אַזייגער, געמאַכט זיך אַ טרינק, אָפּגע־וואַשן זיך און אָפּגעטרונקען, איז געוואָרן אַכט מינוט צו זיבן! אַרויס־געגאַנגען נעמען דעם באַן וועלכער איז דורכגעגאַנגען דורך אונז זיבן אַזייגער מיט פינף מינוט! ווען מיין מאַן איז געגאַנגען צום באַן, האָבן אַלע שכנים און שכנות געוואוסט וויפל דער זייגער איז! די מענער האָבן אַנגעשטעלט זייערע האַנט־זייגערלעך, לויט דעם ווען מיין מאַן איז געגאַנגען צו דער אַרבעט און לויט דעם, ווען ער איז געקומען עסן מיטיק און ווידער געגאַנגען צום באַן! איר זאָלט ניט מיינען אַז עס איז אַ וויץ! ער האָט איינמאָל פאַרשפּעטיקט ביי טאָג אויף פיר מינוט — האָט אַ שכן געהאַט דערנאָך צו אים אַ טענה אַז... „צוליב אים" האָט ער שלעכט אַנגעשטעלט דעם זייגער!..

אָט אַזוי האָבן מיר אָפּגעלעבט די ערשטע צען יאָר! אַ גאַנצן טאָג האָב איך געלעבט אויפן זייגער! אויפגעשטאַנען לויטן זייגער, צוגע־שטעלט דעם מיטיק לויטן זייגער, געגעסן און געשלאָפן לויט דער אַנגע־וויזענער מינוט! און, אָט אַזוי האָב איך געבוירן דריי קינדער און אָט אַזוי האָב איך זיי דערצויגן! איך זאָג „איך", ווייל דער פאָטער האָט זיי בלויז געזעען אויף דער נאַכט ווען ער איז געקומען פון דער אַרבעט און איך האָב אויפגעהאַלטן די קינדער אַז זיי זאָלן ניט אַנטשלאָפן ווערן, כדי דער פאָטער זאָל זיי זעען!..

וויפל איך האָב געליטן? — דאַרף איך אייך ניט דערציילן! איך האָב קיין דינסט ניט געקאָנט האַלטן און אפילו אַ וועשנע האָב איך אַליין געדאַרפט זיין! דאָך האָב איך זיך ניט געקלאָגט! איך האָב גע־וואַרט אויף דעם גליקלעכן זונטיקדיקן טאָג, ווען מיין מאַן איז געווען פריי פון דער אַרבעט און מיר האָבן געקאָנט פאַרברענגען צוזאַמען! אין אָט אין יענע יאָרן, פלעג איך שוין חלומן וועגן יענעם טאָג, ווען מיין מאַן וועט אויפהערן אַרבעטן און איך וועל אים קאָנען האָבן — ניט בלויז איין מאָל אין דער וואָך — נאָר די גאַנצע וואָך אין שטוב!... גיי, ווייס, אַז ווען מיין חלום וועט מקוים ווערן — וועל איך זיין אַזוי אומגליקלעך מיט אים!..

די פרוי ווישט זיך ווידער אויס די אויגן מיט איר טיכעלע, וויינט אַ ביסעלע און זעצט פאָר: און, אָט אַזוי זענען געלאָפן די יאָרן! מיין מאַן האָט געקראָגן אַרבעט אין אַ צווייטער פאַבריק, דערנאָך אין אַ דריי־טער! ער האָט גוט פאַרדינט! געאַרבעט זייער אַ סך „איבערשטונדן"

— געוואָלט קומען צו עפּעס — און מיר זענען טאַקע געקומען צו אַ אייגן שטיבל — צו אַ אייגענעם דאַך איבערן קאָפּ! מיר האָבן פיין אויסמעבלירט אונזער וואוינונג! ווען מיינע קינדערס חברים און חברטעס זענען געקומען צו אונז — האָבן זיך די קינדער ניט געדאַרפט שעמען! איידער מיר האָבן זיך רעכט אומגעקוקט זענען מיר שוין גע־וואָרן שווער און שוויגער, זיידע און באָבע און געהאַט גרויס נחת פון די קינדער און פון די אייניקלעך! ווער וואָלט זיך געקאָנט גלייכן צו מיין גליק! דערהויפּט נאָך, ווען אין אַ שיינעם טאָג קומט צו גיין מיין מאַן מיט דער גוטער בשורה אַז ער האָט שוין פאַרטיק אַלע פּאַפּירן און דאַ־קומענטן זיך צו „כובילירן" און — ער פּענסיאָנירט זיך מיט אַ פיינעם געהאַלט, עס וועט סטייען צו לעבן בכבוד און נאָך אויף מתנות די איי־ניקלעך!

ביז... ביז דער „אומגליק" איז געשען! ער איז געקומען פון דער אַרבעט, געבראַכט זיין געהאַלט און דערציילט אַז דאָס איז דאָס לעצטע מאָל וואָס אַ בעל הבית צאָלט אים אויס געהאַלט! פון היינט אָן און ווייטער, וועט שוין די מלוכה זאָרגן פאַר אים! נשקשה! — זאָגט ער — ער האָט געננוג איינגעצאָלט דער מלוכה אויף אָט דעם חשבון!

יענעם אויפדערנאַכט איז געווען אַ שמחה אין מיין הויז! איך האָב צענויפגערופן די קינדער אויף וועטשערע און מיר האָבן פריילעך גע־פייערט מיין מאַנס „כובילאַציע".

דעם צווייטן טאָג, מיין מאַן האָט שוין די געלעגנהייט צו שלאָפן מער — אָבער, אַלס געוואוינהייט, כאַפּט ער זיך אויף פרי, מאַכט זיך אַ טרינק און... לייגט זיך דערנאָך צוריק אַריין אין בעט אריין שלאָפן! ביים מיטיק, לאָכן מיר דערפון, מיין מאַן איז אַביסל אומעטיק, ווייסט ניט וואָס צו טון מיט זיך, און... לייגט זיך ווידער שלאָפן!

דעם אַנדערן טאָג — מיין מאַן שטייט אויף שפּעטער שוין אַ ביסל און ווען איך הויב אָן צוגרייטן דעם מיטיק — האָב איך אים אַלס גאַסט אין קיך! פריער פּרואווט ער שטיין ביי דער טיר און בלויז רעדן, דער־נאָך הויבט ער מיר אָן געבן עצות ווי אַזוי צו... שיילן די קאַרטאָפל און ווי אַזוי צו שווענקען דאָס פלייש, ווי אַזוי צו מאַכן דאָס פייער און ווי אַזוי צו פאַרלעשן דעם גאַז!.. איך מאַך אַ שפּאַס פון זיינע באַמערקונ־גען, בין אים משלח פון דער קיך און ראָט אים בעסער ער זאָל גיין צו די קינדער, נעמען די אייניקלעך און גיין מיט זיי שפּאַצירן!

ער פאָלגט מיך, גייט אַוועק צו אַ קינד, נעמט אַ אייניקל אונזערס, גייט מיט דעם אַוועק אין זאָאָלאָגישן גאַרטן און פאַרגעסט אַהיים צו קומען! עס איז שוין צוועלף, עס איז שוין איינס און צוויי און דריי און

דער זיידע מיטן אייניקל זענען ווי אין וואסער אריין! קרוב צו פיר א זייגער קומען זיי צו גיין! זיי זענען געפארן אויף א „קארוסעל"! די מו־טער — די שניר מיינע — ווייגט און איז געדערכט! זי האט איבערגע־טראכט, דער רוח ווייסט וואס, איך אליין, בין אויך געוועזן מער טויט ווי לעבעדיק און — מיין מאן, מיין „כובילירטער" — גלייך ווי ניט אים מיינט מען!

אויפן צווייטן טאג און אויפן דריטן טאג און אויפן צענטן טאג בלויז צרות און הארצווייטיק! ער האט זיך שוין צוקריגט מיט די קינ־דער! שוין ברוגז מיט די שכנים! און ער ליגט איבער אין קיך און דאקו־טשעט מיר! אן אנדערער אויף זיין ארט, גייט ערגעץ אין א קאפע שפילן אין שאך אדער דאמינא, גייט צו הברים שפילן אין קארטן — ער — ווייסט ניט ווי אזוי מען נעמט א קארט אין די הענט אריין און אין קאפע? — וואס וועט ער דארט טון? ער קאן קיינעם ניט און איצט, אויף דער עלטער, וויל ער ניט ווערן קיין קאפע־מענטש! דערזען אז איך וועל האבן צרות פון זיין „כובילאציע" — האב איך אים אנגעהויבן צורעדן ער זאל זיך זוכן וועלכע עס איז ארבעט! נו, וויל ער פון ארבעטן ניט הערן! ער האט שוין אפגעארבעט העכער פערציק יאר און וויל שוין ניט זוכן קיין פרנסה — דערהויפט נאך — ווען מען דארף ניט און עס פעלט ניט! פון דעם וואס ער באקומט און פון א ביסל דירה געלט וואס מיר האבן — קאנען מיר לעבן בכבוד!

די לעצטע עטלעכע חדשים איז ער גלאט געווארן אומדערטרעג־ליך! ער שלאפט ביז עלף א זייגער! שטייט אויף, מאכט זיך אליין א טרינק, און... לייגט זיך ווידער אריין אין בעט אריין! האט זיך גענעמען לייענען א גייע סארט „ליטעראטור" — פאליצייאישע נאוועלעס! א סך קויפט ער און א סך לייט ער און א גאנצן טאג און א גאנצע נאכט לייענט ער נאר אט די דעטעקטיוו מעשיות! פון צופיל לייענען אט די געשיכטעס — האט ער אנגעהויבן שלאפן שלעכט, רעדט א סך פון שלאף, אדער, אט כאפט ער זיך אויף אין מיטן דער נאכט מיט א געשריי און מיט א טומל גלייך ווי ער זאל עמיצן נאכלויפן מיט א רעוואלווער אדער אן אנדערער זאל אים נאכיאגן!

איך האב געפרואווט מיט אים רעדן! איך האב געפרואווט אלעם מיט גוטן! איך האב אים געגעבן צו פארשטיין אז ערשט איצט איז די צייט אז מיר זאלן אנהויבן לעבן ביידע — איך און ער — אבער ער הערט מיך ניט! ער האט אנגעהויבן — אויף דער עלטער — לעבן א ניט־נארמאל לעבן! דאס ניט ארבעטן אין פאבריק, דאס ניט האבן די באדערפעניש אויפצושטיין צו א באשטימטער שעה און מינוט, דאס

ניט עסן אין צייט און זיך לייגן שלאָפן אין צייט, האָט אים דערשיטערט די נערוון און איך האָב מורא צו זאָגן! אָדער ער וועט פון זינען אַראָפּ, אָדער, ער וועט האָבן קיצור ימים!

איך האָב די גאַנצע צייט געליטן און געשוויגן און די קינדער ניט דערציילט! איך האָב זיך געפילט שולדיק, ווייל... איך אַליין האָב אים צוגערעדט אַז ער זאָל אָנהויבן אַרבעטן אויף זיין „כובילאַציע”! איך האָב געמיינט צו גוטן! איך האָב געגלויבט אַז ווען ער וועט זיך כובי־לירן וועט ער זיין אַ גאַנצן טאָג מיינער און איך וועל אַרומפאָרן מיט אים און מיר וועלן זיין ווי אַ יונג פּאָרפאָלק וואָס איז ערשט נאָך דער חתונה! איך האָב געגלויבט, אַז ווען ער וועט אויפהערן אַרבעטן וועט ער זיך פּאָפּראַווען, ווערן געזונטער און ער וועט לעבן אַ סך לענגער!

איצט זע איך, אַז זיין אויפהערן אַרבעטן פאַר דער צייט, — דאָס הייסט, ווען ער איז נאָך אַרבעטספעיק — האָט אויף אים שטאַרק גע־ווירקט צו שלעכטן און האָט אים צעשרויפט זיין לעבנס־שטייגער און נערוון־סיסטעם! עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט אַז איך האָב אים גע־מעלדעט אַז איך פאַרלאָז אים! איך לאָז אים איבער די שטוב און דאָס גאַנצע בעל הבתישקייט אויף וועלכן איך האָב אַזוי פיל געהאָרעוועט און איך גיי מיר אַוועק וואוינען באַזונדער! איך וועל וואוינען אין אַ צי־מערל ביי מיינס אַ באַקאַנטער, עס וועט מיר קאָסטן ביליק דירה געלט, און איך וועל זוכן אַ שטעלע, איך וועל זוכן צו פאַרדינען עס זאָל סטייען אויף מיין לעבן! איך וויל ניט זיין ביי די קינדער און וויל ביי זיי גאָרניט נעמען! אַזוי אַרום וועל איך ניט אָנרייצן אים אויף די קינדער און פאַרקערט!

איך ווייס! איך בין זיכער, אַז ווען איך וועל אים פאַרלאָזן — וועט ווערן אַ תל פון אים! ער וועט אַראָפּ פון זינען!.. אָבער איך בין זיך מודה! איך האָב שוין מורא באַקומען זיין מיט אים אונטער איין דאַך, שלאָפן אין זעלבן צימער! זיין מרה שחורה ביי טאָג און זיינע דעטעקטיוו־ביכלעך ביינאַכט, האָבן אָנגעוואָרפן אויף מיר אויך אַזאַ אימה, אַז איך חלום שוין אויך אַז אָט שטייט ער אויף ביינאַכט און — ניט וויסנדיק וואָס ער טוט — וואַרגט מיך! אָדער סטראַשעט מיך מיט אַ רעוואָלווער אָדער מעסער און הייסט מיר האַלטן די הענט אין דער הויך!.. אמת! עס איז טאַקע געווען בלויז אַ חלום! אָבער, געשען איז אָט דער חלום, נאָכדעם ווי איך האָב ביי טאָג געזען ווי ער לערנט מיינע צוויי אייניק־לעך, צוויי וואוילע טייערע אינגעלעך, ווי ער לערנט זיי אַרומגיין מיט רעוואָלווערן און מעסערס, ווי אַזוי מען דאַרף אָנטון אַ מאַסקע אויפן

פּנים אָדער ווי אַזוי מען דאַרף ביים „באַנדיט" אַראָפּכאַפּן די מאַסקע און „אַרויסשלאָגן" זיין רעוואָלווער פון דער האַנט!

און אַט דאָס טוט אַ מענטש וואָס האָט אָפּגעאַרבעט דאָס גאַנצע לעבן און האָט זיך „כובילירט" כדי זיך אויסרוען אויף דער עלטער, אויסרוען די גערוון, און אויסלעבן די איבעריקע יאָרן וואָס זענען באַשערט — אין גליק און פאַרגעניגן!

הלמאי זאָל איך אייך זאָגן! איך ווייס ניט ווער עס איז שולדיק? צי איז שולדיק מיין מאַן וואָס איז ניט צוגעפּאַסט צו אַט דעם כובילאַציע געזעץ, צי אפשר איז דאָס געזעץ שלעכט געמאַכט! אפשר דאַרף מען אַ מענטשן „כובילירן" בלויז דאַן, ווען ער איז שוין ניט פעאיק צו צו אַרבעטן! מיין מאַן, אַלנפאַלס, איז שלעכט „כובילירט"!..

— — — — — — — — — — — — — —

אין עטלעכע טעג אַרום.

אויף דער זעלבער שטול זיצט מיט אונז דער „כובילירטער". אַ מאַן פון אַ יאָר 55, הויך, ברייטביייניק, אָבער דער שטערן מיט די קנייטשן און דער, כמעט, גראָער קאָפּ האָר „פאַרמסר'ט" אים! בעסער געזאָגט — פאַראַט אים! גיט אים אַ אויסזען פון אַ מענטש פון נאָך די זעכציקער — אַלנפאַלס —אַן אויסגעהאַרטעוועטער און אַ מידער.

ער זיצט מיט אונז. איז ערנסט פאַרטראַכט און ווען ער הויבט אָן רעדן — הערט מען אים קוים!

איך ווייס אַלעס וואָס מיין פרוי האָט אייך דערציילט! איך ווייס אין וועלכער לאַגע איך געפין זיך! גלויבט מיר, אַז איך — בין ניט איינגאַנצן שולדיק! מעגלעך אַז זי — מיין פרוי, מיין לעבנסבאַגלייטערן ביז היינט — איז מער שולדיק ווי איך! זי האָט אַזוי איינגעפירט דאָס לעבן! פון ערשטן טאָג אָן פון נאָך אונזער חתונה — נאָך אין דער אַלטער היים — האָט זי מיך ניט געלאָזט פריי באַוועגן! אַליין — האָב איך ניט געקאָנט אַרויסגיין! אָדער זי פלעגט מיט מיר מיטגיין אָדער... זי האָט מיך ניט געלאָזט אַרויסגיין פון דער שטוב! עס איז ניט געווען צוליב אייפערזוכט אָדער אומצוטרוי צו מיר! חלילה! זי האָט בלויז געטענה'ט אַז עס איז סקוטשנע צו בלייבן אַליין אין הויז!

ניט בעסער האָט זיך מיר געלעבט שפּעטער מיט יאָרן, ווען מיר האָבן אויסגעוואַנדערט אין דער נייער וועלט! די ערשטע יאָרן, ווען איך פלעג קומען פון דער אַרבעט פאַרנאַכט און אַמאָל שפּעט אין דער נאַכט — בין איך שוין געבליבן אין שטוב! אָפּגעגעסן, איבערגעלייענט אַ צייטונג אָדער אַ בוך און... געגאַנגען שלאָפן! און אַפילו ווען עס איז שוין געקומען דער ליבער שבת ביי טאָג אָדער זונטיק — בין איך אַליין

זעלטן אַרויסגעגאַנגען אין גאַס! אַזוי אָרום, האָב איך מיין גאַנץ לעבן ניט געוואוסט, ניט פון קיין חברים, און ניט פון אַ אידישן פאַריין אָדער קלוב! בכלל האָב איך ניט געוואוסט פון קיין אידיש-געזעלשאַפטלעך לעבן! איך בין געוואָרן אַ מיטגליד אין יענע אידישע אינסטיטוציעס צו וועלכע איך האָב געדאַרפט אָנקומען! מער ווי צאָלן מיטגלידערשאַפט האָב איך ניט געוואוסט און עס האָט מיך ניט אינטערעסירט! און אָט זענען די קאָנסעקווענצן דערפון! ווען איך בין געקומען אויף דער על-טער, ווען איך האָב זיך אָנעהויבן נויטיקן אין געזעלשאַפט, אין מענטשן, אין אַ סביבה — האָב איך זיך אומגעקוקט אַז... איך בין עלנט ווי אַ שטיין! איך האָב ניט צו וועמען צו גיין און איך האָב ניט מיט וועמען צו פטר'ן מיין גאַנצע פרייע צייט!

זעט איר, מיינע קריסטלעכע חברים וואָס האָבן זיך „כובילירט" אין דער זעלבער צייט וואָס איך — זיי איז אַ סך בעסער! זיי פטרן די צייט, אָדער אין קאַפע-הויז וואו זיי טרינקען אַ גלאָז וויין און שפּילן אין קאָרטן, אָדער זיי גייען צו פערד-געלויף, צו פוטבאָל-מאַטשן און אַנדערע ערטער! און אויב זיי גייען ניט — שטייען זיי אויף דער גאַס מיט זייערע חברים און... רעדן, דיסקוטירן וועגן דעם אָדער יענעם פערדל וואָס האָט געוואונען, אָדער וועגן דעם אָדער יענעם פוטבאָל-שפּילער, וואָס האָט באַוויזן די גרויסע חכמה, „אינטעליגענץ", און בריה'שקייט און מיטן פוס געגעבן אַ געלונגענעם שאָס אין „באַל" אַריין און געמאַכט אַ „גאָל"! אַזוי רעדן זיי און דיסקוטירן אַ גאַנצע וואָך, אַפּט, אָפּט, קריגט מען זיך און... מען פטר'ט די צייט דערמיט! איך אָבער, איך קאָן עס ניט טון! איך בין אַ פולשטענדיקער עם הארץ אין די אַלע זאַכענישן, און דעריבער מוז איך אָנקומען צו די עלטע-מענטשן וואָס קאָנען מיך צושטרייטן! נו! האָב איך אויסגעפונען אַז די פּאָליציי-ראָמאַנען צעשטרייטן מיך, מאַכן מיך פאַרגעסן אַז איך בין שוין אוים מענטש — און איך האָב זיך אָנגעכאַפּט אין זיי! איך זאָג אייך ניט, אַז איך טו גוט! איך האָב, אָבער — ביז איצט — ניט גע-פונען קיין אַנדער סאָרט פאַרווײלונג!..

איך ווייס וואָס מיין פרוי גייט טון! מילא! זי איז אַ גרויסער מענטש און איז באַרעכטיקט צו טון וואָס זי וויל! איך וויל אָבער, פאַר קיין פאַל ניט דערלויבן אַז זי זאָל פאַרלאָזן די שטוב! בעסער וועל איך אַוועק-גיין! איך וויל איר איבערלאָזן אַלעס! איך וועל נעמען בלויז מיינע פער-זענלעכע זאַכן און איך לאָז איר איבער אַלעס! איך לאָז איר אויך איבער אַ באַפולמעכטיקונג צו איינמאַנען אַלע מאָנאַט מיין פענסיע! פאַר מיר — דאַרף איך גאָרניט! איך וועל אַוועקפאָרן פון דער שטאָט, איך וועל

פֿרואוון וואַנדערן, אפשר וועל איך זיך צושטרייטן אָדער אפשר.. וועל איך זיך ענדערן! איך האַלט אויך — גלייך מיט מיין פֿרוי — אַז:

איך האָב זיך צו יונג „כּובילירט” און דאָס אַרומגיין ליידיק האָט מיך צערודערט!

איך גלויב, אָבער, אַז ווען מיין פֿרוי זאָל האָבן אַ ביסעלע מער ט אַ ק ט, ווען זי זאָל זיך בעסער אַריינטראַכטן אין מיין לאַגע, וואָלט זי פֿאַרשטאַנען, אַז איך טו ניט אָפּ, אָט די אַלע „נאַרישקייטן”, — ווי זי רופֿט עס אָן — אַלס בייזוויליקייט!

איך דענק, אַז איך בין פּשוט... שלאָף! קראַנק פֿון אַרומגיין ליידיק! קראַנק פֿון פּלוצים זיך אָפּגעוואוינען פֿון 35 יאָר אַרבעטן! און מיין פֿרוי, אַלס קלוגע פֿרוי, וואָלט מיך, מיט אַ ביסעלע געדולד, געקאָנט אויסהיילן פֿון אָט דער „קראַנקייט”: אַ קלוגע פֿרוי קאָן אַלעם דערגרייכן!...

## ווי אַזוי איך בין געוואָרן אַ גנב?

... דער אַלקאַלדע פון דער טיורמע האַלט מיין רעקאָמענדאַציע־בריף וואָס איך האָב אים געבראַכט פון גאַר, גאַר אַ הויכגעשטעלטער רעגירונגס־פּערזענלעכקייט, האַלט די בריף אין די הענט, לייענט זי און פאַרשטייט ניט וואָס איך וויל פון אים! ער לייענט נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל, קוועטשט מיט די פּלייצעס און באַשליסט, ווייזט אויס, מודה זיין זיין איגנאָראַנץ. לסוף ווענדעט ער זיך צו מיר:

מיין פריינט! איך בין מודה אַז איך ווייס ניט וואָס דער הער... שרייבט צו מיר! ער בעט מיך איך זאָל אייך... פאַרשפאַרן אויף עטלעכע טעג אין אַ קאַמער וואו איר וועט אָנווייזן! איך זאָל אייך באַהאַנדלען ווי אַלע אַרעסטאַנטן און איך זאָל אייך ניט פרעגן אויף אייער נאָמען... איך זע אַז דער ה׳ וואָס שרייבט מיר דעם בריף וואָס איז אַזאַ השובע פּערזענלעכקייט — באַטיטלט אייך אַלס זיין „גוטער פריינט״! נו! ווי זשע זאָל איך אייך נעמען און פאַרשפאַרן, מיר ניט — דיר ניט, אין אַ קאַמער מיט אַרעסטאַנטן, ניט האָבנדיק דערביי קיין שום באַפעל פון מיין העכערער מאַכט, כאָטש, דער וואָס שרייבט אָט דעם בריף, האָט מערער אויטאָריטעט ווי וועלכער עס איז פון מיינע עלסטע! ביטע! טוט מיט אַ טובה! דערקלערט מיר וואָס דאָ קומט פאָר?

— מיט פאַרגעניגן! עס איז דאָ ניט פאַראַן קיין שום „מיסטעריע״! די זאַך איז אַ פּשוטע! איך בין אַ זשורנאַליסט, אַ שריפטשטעלער, און איך האָב אַ אינטערעס צו שרייבן עפּעס וועגן די יעניקע וואָס האָבן זיך פאַרזינדיקט קעגן דער געזעלשאַפט, קעגן געזעץ, און דאַרפן דאָ אָפּזיצן זייער שטראָף! איך האָב בדעה צו שרייבן, ניט וועגן זייער לעבן דאָ, אין טיורמע, נאָר וועגן זייער געוועזענעם לעבן דאָרטן אויף דער פרייהייט! ספּעציעל וויל איך רעדן מיט אַ פאָר פון מיינע גלויבנס־גענאָסען! נו! האָב איך צוגעגרייט אָט דעם פּלאַן זיך צו פאַרשפאַרן אין אָט דעם הויז אויף עטלעכע טעג, זיך אָנטון ווי זיי, עסן גלייך מיט זיי,

געוואוינען זייער צוטרוי, און דערנאָך שרייבן וועגן דעם! איך האָב עס דערציילט מיין פריינט, מיין גוטן גוטן פריינט, וואָס שרייבט אייך די בריוו, אים איז געפעלן געוואָרן מיין אויפטו און — דורך זיין רעקאָמענדאַציע-בריוו צו אייך — העלפט ער מיר פאַרלייכטערן מיין פּלאַן!

— האָט איר עפּעס אינזינען אַ געוויסן אָדער געוויסע אַרעסטאַנטן אין וועמענס „געזעלשאַפט” איר ווילט זיין אָט די עטלעכע טעג?

— יאָ! מיך אינטערעסירן די אַרעסטאַנטן „ש” און „ל”, ביידע זיצן שוין דאָ עטלעכע יאָר. איך האָב זיי געקאָנט אויף דער פריי! איך האָב געקאָנט זייערע עלטערן, זיי זיינען נאָך גאָר יונגע מענטשן! ביידע זיצן פאַר גנבה! פאַר איבערגעחזר'טע פאַרברעכנס! איך האָב אַ גרויסן אינטערעס צו פאַרברייינגען מיט יעדן איינעם פון זיי עטלעכע שעה — און אויב נויטיק עטלעכע טעג — און איך טו עס, ניט בלויז צו האָבן פון וואָס אָדער פון וועמען צו שרייבן — נאָר איך דענק אַז איך וועל זיי אפשר קאָנען העלפן... חרטה האָבן אויף זייערע זינד און ווערן — שפּעטער — ווען מען וועט זיי באַפרייען — אנשטענדיקע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט!

— נו! מילא! איר ווילט פאַרזוכן דעם טעם פון זיין אַן אַרעסטאַנט — פאַרגין איך אייך — שמייכלט דער אַלקאַלדע פון טורמע. אין צען מינוט אַרום וועט איר ווערן פונקט ווי איינער פון זיי! איך באַדויער וואָס איך מוז אָפּגאָלן דאָס ביסל האָר וואָס איר האָט אויפן קאָפּ און אייך צוטשעפּען אַ נומער אויף דער פּלייצע און, כאָטש איר וועט זיצן אין אַ קאַמער פון „אנשטענדיקע” אַרעסטאַנטן, דאָך, וועל איך מוזן שיקן אַהין אַ אָפיסיאַל און זיי אָנזאָגן אַז מען זאָל אייך ניט „אויפנעמען” ווי אַ „נאָוואבראַניעץ”, וועמען זיי זיינען אָפּט מכבד מיט אַ פּאָר קלעפּ אָדער כתם אַ טשעפּעניש!.. און איצט גרייט אייך צו צו אייער ראָל! ווען איר וועט פאַרשטיין אַז איר האָט שוין גענוג — זאָלט איר געבן דריי קלאַפּ אין טיר פון קאַמער — וועט מען אייך פון דאָרט אַרויספירן!..

— — — — — — — — — — — — — —

די קאַמער נומער 10 אין וועלכער איך בין אָנגעקומען אַלס אַרעסטאַנט 489, איז אי אַ גרויסע אי אַ באַקוועמע! דער שומר פון דער טיר וואָס האָט מיך אַהין אַריינגעפירט, האָט מיר אָנגעוויזן מיין „בעט”, וואָס וועט מיר אויך דינען פאַר אַ „טיש” און פאַר אַ „ביבליאָטעק” צו האַלטן די ביכער וואָס איך האָב מיר מיטגענומען „צו לייענען”!..

די אַרעסטאַנטן, וועלכע זענען ווייזט אויס, פריער געוואָרנט געוואָרן מיך ניט באַלעסטיקן, האָבן מיך אויפגענומען מיט אַ דריק אין דער האַנט און מיט אַ „פאַרשטעלן” זיך פאַר מיר! אין אַ

שעה אַרום האָב איך שוין געוואוסט פאַרוואָס יעדער איינער איז פאַר־שפאַרט געוואָרן און וויפל יאָר ער האָט דאָ צו זיין! כמעט אַלע זענען אין טיורמע באַשעפטיקט ביי אַרבעט, פאַרדינען אַפילו געלט, האָבן אויך ביכלעך פון „שפּאָר־קאַסע" און האָפן באַפרייט צו ווערן פאַר דער צייט! זיי האָפן אויך — ניינציק פּראָצענט פון זיי זאָגן עס — אַז, ווען זיי וועלן זיין אויף דער פריי, וועלן זיי דערוויזן אַז זיי זענען געווען אומשולדיק! אַנדערע דערציילן אַז זייער איינציקע האָפענונג איז צו... נעמען נקמה פון די יעניקע, אַדאַנק וועמען, זיי זענען אַריינגעפאַלן אין טיורמע!

אין מיין „מיסיע" האָב איך באַלד געהאַט מזל! פּונקט האָט זיך גע־דאַרפט טרעפן, אַז אין יענעם טאָג אין וועלכן איך בין געקומען אין טיורמע, איז אויסגעפאַלן עפּעס אַ קריסטלעכער יום־טוב און די אַרעסטאַנטן זענען יענעם טאָג געווען פריי פון אַרבעט! איך האָב אויס־גענוצט אָט די געלעגנהייט צו האָבן אַלע אַרעסטאַנטן אין קאַמער, און אַזוי „אומשולדיקערהייד" זיך צוגעריקט צום אַרעסטאַנט „נומער 363"...

אַרעסטאַנט 363 איז אויף דער פריי געווען יונג און לוסטיק און ווען ער האָט פאַרביטן זיין נאָמען — (לאָמיר אים רופן שליפּשטיין) — אויפן נומער 363, איז ער נאָך קיין גאַנצע דרייסיק יאָר ניט אַלט געווען! איצט — איז אים ניט צו דערקענען! די טיורמע הלבשה, זיין אָפּגע־גאָלטער קאָפּ, זיינע אויסגעלאָשענע אויגן, זאָגן ניט עדות אַז ער איז אַמאָל געווען אַ גליקלעכער! אַז ער איז געוואַקסן געוואָרן אין אַ אידי־שער אָרטאָדאָקסישער שטוב! אַז ער איז געגאַנגען אין אַ אידישער שולע און איז געווען דער בעסטער שילער! אַך! וואָס אַ מענטש קאָן פון זיך אַליין מאַכן!

איך האַלט זיך די גאַנצע צייט נאָענט צו אים! ער פילט אין מיר אַ פריינט! ער קאָן מיך ניט און דערקענט מיך ניט — אויב ער האָט מיך געקאָנט! מיר עסן צוזאַמען אונזער „אָוונט־ברויט". אין מיין פּעקל איז געווען פון אָט די אַלע זאַכן וואָס אין טיורמע קריגן זיי ניט אַפילו פאַר געלט! אָט די מאַכלים מעג מען בלויז האָבן דעם ערשטן טאָג ווען מען קומט אָן אין דער קאַמער אַריין! ס'הייסט — דער „לעצטער ביסן פון דער פריי". איך האָב זיך געטיילט מיט אים מיין אידישן פּאַסטראָמע, מיינע אידישע וואורשטלעך, און ער האָט אַפילו איינגעשלונגען די „קאָטלעטן" וואָס איך האָב געהאַט באַהאַלטן אויף מאָרגן אויף מיטיק! ער איז ניט געווען הונגעריק — ער איז בלויז געווען זשעדנע נאָך אָט די היימישע מאַכלים! ווען ער האָט געשלונגען דאָס עסנוואַרג, האָבן

זיך טרערן באַוויזן אויף זיינע אויסגעדאַרטע באַקן! ער האָט זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן און אַרויסגעברומט:

— אַך! ווי איך בענק נאָך דער פריי!

— כדי איר זאָלט ווידער קאָנען גנבענען און ווידער באַקומען אַ פינף-זעקס יאָר!..

— חלילה! ביים אנדענק פון מיין טויטער מוטער שווער איך אייך: איך וועל שוין מער ניט גנבענען! איך האָב זיך שוין אויסגעהיילט פון אָט דער קראַנקהייט!

— אָבער, דאָס זעלבע האָט איר, מן הסתם, געזאָגט ווען איז זענט דאָס ערשטע מאָל אַריינגעפאַלן און דאָס צווייטע מאָל און איצט זאָגט איר עס ביים דריטן מאָל — פּראָוו איך אינטריגירן דעם אַרעסטאַנט כדי ער זאָל אַליין אָנהויבן רעדן!

מיין „סטראַטעגיע" געלינגט מיר! אַרעסטאַנט נומער „363" טוט אוים פון זיך זיין געגנוואַרט! ער וויל פאַרגעסן וואו ער געפינט זיך איצט און וויפל ער וועט נאָך טראָגן אָט דעם טראַגישן נומער! מיר זיצן ביי־דע אין אַ ווינקעלע, די אַרעסטאַנטן שלאָפן! איינציקע כראָפּען אַזוי הויך, אַז מען קאָן אויפוועקן אַ טויטן — דאָך כאַפּט זיך קיינער ניט אויף. אין קאַמער הערשט אַ טויט שטילקייט און אין קאָרעדאָר הערט זיך בלויז די שפּאַן פון גוואַרדיאַן וואָס שפּאַנט אַהין און צוריק און כאַפּט — פון ווען-ניט-ווען, אַ קוק אין ספּעציעלן לעכל פון דער טיר, צו זען וואָס די אַרעסטאַנטן טוען! דער וועכטער האָט זיכער געזען אַז צוויי „אַרעסטאַנטן" ליגן נאָך ניט אויף די בעטן און רעדן צווישן זיך! עס איז פאַרבאָטן אין אָט די שעהן עס צו טון! אָבער, איך האָב פאַר־שטאַנען אַז דאָס שווייגט מען צוליב מיין „כבוד" וועגן!..

„אַרעסטאַנט 363" רעדט שטיל! ער זיצט אויפן בעטל און האַלט אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ מיט ביידע הענט און אַראָפּגעבויגן צו די קניעס! איך האָב דעם איינדרוק אַז ער וויל אַ ל י י ן רעדן, ער וויל זיך אַראָפּרעדן פון האַרצן! ער איז זיך מחיה וואָס עס האָט זיך געיאַ־וועט איינער וואָס וויל אים אויסהערן:

— — — — — — — — — — — — — — —

— אפשר מיינט איר אַז איך בין אַ גנב בן גנב? אפשר מיינט איר אַז איך קום אַרויס פון אַ משפּחה גנבים אָדער אונטערוועלט-מענטשן?

— מיט אָט די רייד הויבט אָן „אַרעסטאַנט 363" זיין ווידו פאַר מיר! — און, כאָטש, ווי שוין געזאָגט, איך קאָן זיין פאַמיליע — לאָז איך אים רעדן —

איך בין געבוירן געוואָרן ביי רייכע טאַטע-מאַמע! מען האָט מיר

דערציילט, אַז צו מיין ברית־מילה שמחה, האָט מיין פֿאָטער ע"ה, פֿאַר־בעטן העכער דריי הונדערט געסט און אים געמאַכט אין אַ גרויסן סאַ־לאָן וואו עס איז געפּראַוועט געוואָרן אַ גרויסע סעודה! פֿון מיינע קינדישע יאָרן איז מיר געבליבן אין זכרון אַז איך בין געגאַנגען אין אַ אידישער שולע, אַז איך האָב געהאַט אַ סך שפּילעכלעך, אַז איך האָב געהאַט אַ דינסט, דערנאָך געדענק איך שוין אַלעס פֿאַרקערט! ווען איך בין עלטער געוואָרן, בין איך געוואוירע געוואָרן אַז מיין פֿאָטער איז פּלוצים געשטאָרבן, און ווען מען האָט אָנגעהויבן צוגרייטן די „ירושה־אָנגעלעגנהייט" („סוסעסיאָן") האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז... ער איז שול־דיק דריי מאָל אַזוי פיל וויפל ער האָט פֿאַרמאָגט! אונזער שטוב האָט מען ביי אונז צוגענומען! אפילו מיינע קינדערשע זאַכן פֿאַרקויפט און מיין מוטער מיט אונז יתומים — צוויי שוועסטערלעך און איך — האָבן זיך אַריינגעצויגן אין איין צימער און געלעבט דערפֿון וואָס מיין מו־טער האָט אָנגעהויבן „האַנדלען" מיט... טראָגן עופות, אייער און אַנ־דערע שטוב זאַכן אין די הייזער פֿון באַקאַנטע!

ניט ווייט פֿון אונז האָט געוואוינט מיין פֿאַרשטאָרבענעם פֿאָטערס אַ ברודער! מיינער אַ פֿעטער! ער איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט גאָלד! ממש אַ מיליאָנער! אָבער ער האָט פֿון אונז ניט געוואָלט וויסן! חוץ דעם — האָט מיין מוטער ניט געוואָלט אַז מיר זאָלן אים גיין בעטן עפּעס אָדער אפילו אָפּעסן ביי אים! ערשט שפּעטער, ווען איך בין עלטער געוואָרן, האָב איך געוואוסט פֿאַרוואָס די מאַמע וויל זיך ניט בויגן פֿאַר אים! אַ סברא, אַז איידער מיין פֿאָטער איז אַ חתן געוואָרן פֿאַר מיין מאַמען — האָט דער דאָזיקער פֿעטער „אוכאַזשעוועט" מיין מאַמען, האָט זי שטאַרק געוואָלט דערגרייכן! זי האָט אָבער ליב געהאַט מיין פֿאָטער און פֿאַר אים חתונה געהאַט! פֿון דאַן אָן, קאָן איר דער פֿעטער עס ניט מוחל זיין!..

איך פֿלעג, בגנבה, אַריינקומען צום פֿעטער! איך פֿלעג זיך ביי אים אָנעסן, און... ביי דער ערשטער געלעגנהייט האָב איך... צוגעגנ־בעט אַ ברויט, פֿאַרוקט די גנבה טיף אונטערן רעקל און געוואָלט לויפֿן אַ היים! איך האָב געוואוסט אַז די מאַמע און די שוועסטערלעך האָבן נאָך ניט איבערגעביסן, און עס איז שוין געווען אַרום עלף אַזייגער!

דאָס איז געווען מיין ע ר ש ט ע גנבה וועלכע איז... מיר ניט געלונגען! דער פֿעטער האָט געהאַט אַ חשד אַז איך טראָג אַמאָל אַרויס שטיקלעך ברויט אין די קעשענעס — האָט ער זיך באַהאַלטן, און ווען

איך האָב געוואָלט עפּענען די טיר — האָט ער געגעבן אַ שפּרינג, ווי אַ טיגער און מיך געכאַפּט!

דאָס ערשטע האָט ער מיך מכבד געווען מיט אַ פּאָר פייערדיקע פּעטש, דערנאָך האָט ער מיך געשלעפּט צו דער מאַמען! אין איין האַנט האָט ער געהאַלטן דאָס ברויט און אין דער אַנדערער האַנט — מיך. אויפן וועג — האָט ער אָפּגעשטעלט באַקאַנטע און דערציילט אַז... איך וואַקס אַ גנב! קיינער, אַבסאָלוט קיינער, האָט ניט געהאַט קיין גוט וואָרט פאַר מיר! אַפילו מיין מאַמע — ווען זי האָט מיך דערזען מיטן ברויט און מיטן פעטער, האָט זי זיך אַ וואָרף געטון אויף מיר און מיך געשלאָגן מכת רצח! געשלאָגן און געוויינט ביז... זי איז גע־פאַלן חלשות!.. דער פעטער האָט זי געלאָזט אויף דער ערד, געלאָזט מיך אַ צעבלוטיקטן און פאַרוויינטן, געגעבן אַ קלאַפּ מיט דער טיר און אוועק! אַ גליק וואָס אַ קריסטלעכע שכנה האָט דערהערט מיין געוויין איז אַריין אין שטוב, אויפגעמינטערט מיין מאַמען, זי אַריינגעלייגט אין בעט, אין וועלכן זי איז געליגן 14 טעג מיט היץ און געשוועבט צווישן טויט און לעבן!..

אַך! ווי איך האָב דעמאָלט פיינט באַקומען מיין פעטער! פיינט בא־קומען די גאַנצע וועלט! אַלע מענטשן! אַלע! אַלע!

אין מיין קינדערשן מוח'ל האָט שוין אָנגעהויבן אַרבעטן דער פּלאַן פון... גנבענען! איך האָב געוואָלט גנבענען, ניט דערפאַר וואָס איך דאַרף — נאָר כדי יענעם צו טון שלעכטס! יענעם ווי טון! ספּע־ציעל האָב איך געזוכט צו באַגנבענען מיין פעטער! איך פלעג עפּעס צוגנבענען און עס אַוועקשענקען אַ גוי! אַ פּויער! אַ שייגעצל!

אין אַ פּאָר יאָר אַרום, האָט מיין מוטער חתונה געהאַט! די שווער־טער זענען אַוועק אין אַן אַנדער שטאָט און איך בין באַגליקט געוואָרן מיט אַ שטיפפאָטער אַ אַכזר! ער האָט געצאַפּט בלוט פון מיין מאַמען בלויז דערפאַר וואָס ער דאַרף אויסהאַלטן איר „אויסוואורף" איר „ממזערוק" — קיין אַנדער נאָמען האָב איך ביי אים ניט געהאַט!.. גע־האַט ער אַ שפּייז־קראָם און וואָס די מייז האָבן צעגעסן אָדער וואָס עס האָט זיך צעשטיט פון די זעקלעך און פאַליצעס — וואָלט געסטייעט פאַר מיר אויף אַ יאָר צייט צו עסן — דאָך האָט ער מיך געלאָזט הונגערן!.. ביז עס איז מיר נמאס געוואָרן! און איך האָב זיך גענומען צום „פאַך" — צו גנבענען! אונטער די הענט ביי אים האָב איך געגנב'עט! איך האָב שוין געהיט די מינוטן ווען ער פלעגט אַרויסגיין פון דער קלייט אויף אַ מינוט אָדער ווען מען האָט אים אַ רוף געטון ערגעץ. איך בין שוין געווען ביים קעסטל, אַרויסגעכאַפּט וויפל עס האָט זיך געלאָזט,

עס ערגעץ באַהאַלטן, ווייל טאַמער פאַלט אים איין מיך באַזוכן! שפּעטער האָב איך עס אַרויסגענומען און זיך געלאָזט „וואוילגיין”! געקויפט אייז-קרים! געקויפט שאָקאָלאַד און געקויפט שפּילגעצייג!

נו! איך פאַרשטייט דאָך אַליין, אַז אַ גנב — גנב'עט אַזוי לאַנג — ביז ער פאַלט אַריין! איך האָב איינמאָל איבערגעכאַפּט די מאַמע ביים „קעסטל” און שלעפנדיק אַ פּאַפּירל — האָב איך אַרויסגעשלעפּט אַ גאַנץ צענערל! דערזעענדיק אין די הענט אַזוי פיל געלט מיט אַ מאָל — האָב איך זיך אַליין דערשראָקן און ניט געוואוסט וואָס צו טון מיט דעם! בין איך אַוועק מיטן געלט אין אַ נאָענטער באַנק עס איבערבייטן! גיי, וויים, אַז ביים שטיפאָטער אין טיש קעסטל וועט זיך וואַלגערן אַ פאַלש צענערל שוין מיט אַ שטעמפּל אויך דערויף אַז עס איז פאַלש! און איך — פאַרט אַ קינד — גיי צו צום קאַסיר און זאָג אים אַז דער טאַטע האָט עס געשיקט איך זאָל עס צעבייטן!... דער קאַסיר נעמט דאָס צענערל, באַטראַכט עס, זאַמט זיך אַ ביסעלע, און אין עטלעכע מינוט אַרום קומט איינער צוגיין מיט מיין שטיפאָטער...

זאָל איך אייך דערציילן וויפל קלעפּ איך האָב דעמאָלט געכאַפּט? זאָל איך דערציילן אַז אָט דער ווילדער גזלן האָט מיר פּשוט אָפּגעהאַקט די זייטן? פון דעמאָלט אָן — שפּיי איך מיט בלוט! ער האָט נאָר געוואָלט איך זאָל אים אויסזאָגן און דערציילן ווי דאָס איבעריקע געלט געפינט זיך און צו איך אַרבעט בשותפות מיט... מיין מאַמען?..

איך בין דערנאָך אָפּגעלעגן אין בעט העכער אַ חדש און ווען איך האָב זיך אויפגעהויבן איז שוין מיין מאַמע ניט געווען פאַרהייראַטעט צו אָט דעם ווילד רשע! זיי האָבן זיך געגט און מיין מאַמע מיט מיר האָבן געוואוינט אין אַ צימערל, אין אויסרייסעניש!..

צו דרייצן יאָר בין איך אַריין אַרבעטן אין אַ געשעפט! ווייט, גאָר גאָר ווייט פון אונזער היים! איך האָב געדאַרפט פאָרן אפשר צוויי שעה ביז איך בין געקומען אויף מיין „שטעלע”. איך האָבן געקראָגן אַ נישטיקן געהאַלט און עס האָט אפילו ניט געסטייעט אויף צו מאַכן מיר אַ פּאָר שיך! מיין הויפּט אַרבעט איז געווען — אָפּטראָגן צו די קונים זייער איינגעקויפטע סחורה! איך האָב שווער געאַרבעט! געדאַרפט גיין אַ סך, טראָגן שווערע פּעק און... הונגערן גאָר גאָר אָפט! און, איינמאָל האָט מיך דער יצר הרע אַ טאָרקע געטאָן; איך האָב געדאַרפט אָפּטראָגן, אפשר 20 קוואַרטאַלן אַ שווערן פּאַק סחורה! אויפן וועגן האָב איך עס צעפּאַקעוועט, אַרויסגענומען אַ שטיקל סחורה, צוריק פאַרפּאַקעוועט ווי געווען, און דאָס שטיקל סחורה באַלד פאַרגעשלאָגן אַ פאַרבייגייענדן אידן!.. פאַרגעשלאָגן פאַר אַ צענט-חלק וואָס עס האָט

דערוועררט! און טאַקע: וואָס האָב איך געוואוסט די ווערט פון אַ שטיקל אויסלענדישע זייד?

דער קונה, האָט נאָכגעקוקט וואוהין איך טראָג דאָס פּעקל און ווען איך בין פון דאָרט אַרויס איז ער אַריין, אומגעקערט דאָס שטיקל זייד, און אָנגעפרעגט זיך וואו איך אַרבעט? ווען איך בין געקומען צו־ריק אין געשעפט — האָט מיך דער בעל הבית שוין אָפּגעוואָרט! ער איז שוין טעלעפאָניש געוואוירע געוואָרן פון דער גנבה! מען האָט ביי מיר אָפּגענומען די פּאָר גראָשן וואָס איך האָב אָפּגעלייזט פון דער גנבה און מען האָט מיך איבערגעגעבן צו דער פּאָליציי!

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס פּאַר מיינע גנבות האָב איך געהאַט צו טון מיט דער פּאָליציי! וויפל איך האָב געוויינט, וויפל איך האָב זיך ניט געבעטן ביי זיי אַז זיי זאָלן מיך ניט שטעמפּלען פאַר קיין אָפיציעלן גנב — האָט ניט געהאָלפן! אין פּאָליציי האָט מען מיר געמאַכט אַ „פּיטשע" מיך איבערגעגעבן צום ריכטער פון מינדער־יעריקע, וועלכער האָט מיך פאַרמשפּט צו זיין אין אַ „רעפאָרמאַטאָריע"! פון דאָרט בין איך אַרויס צו 18 יאָר אַלט... אַ גנב אַ ספּעציאַליסט! איך האָב אין רעפאָרמאַטאָריע געטראָפן דעגענערירטע קינדער! איך האָב דאָרט געטראָפן קינדער פון עלטערן, פּראָפעסיאָנעלע גנבים, וואָס האָבן אָט די קינדער „געלערנט דאָס פאַך", און מען האָט זיי געכאַפּט ביי דער אַרבעט! איך האָב געטראָפן אַ אומגליקלעכע סביבה פאַר יעדן קינד וואָס האָט נאָך וועלכן עס איז פונק פון אנשטענדיקייט און ווען איך בין אַרויס פון דאָרט, האָב איך שוין געקאָנט די גאַנצע תורה ווי אַזוי מען עפנט אַ שלאָס פון אַ אויטאָ ווען ער איז גוט פאַרשלאָסן פון אַלע זייטן! איך האָב שוין געוואוסט ווי אַזוי מען עפנט אַ פענסטער פון אַ הויז ווען עס איז פאַרשלאָסן און איך האָב שוין אַפילו געוואוסט וואָס מען דאַרף טון מיט אַ מיידעלע ווען מען טרעפט אין אַ פינסטערער גאַס און קיינער איז ניטאָ!..

אויב איר וועט ניט לאַכן, וועל איך אַפילו מאַכן אַ וויץ, אַז די „רע־פאָרמאַטאָריע" איז געווען די „מיטל־שול" וואָס מען ענדיקט איידער מען טרעט אַריין אין „פאַקולטעט" און מען ווערט אַ פּראָפעסאָר־ספּעציאַ־ליסט צו עפענען אַ אייזערנע קאַסע, צו פעלשן אַ חתימה אויף אַ טשעק און אַז מען דאַרף — אויך צו מאַכן אַן „אָנפאַל" „אַן אַסאַלטאָ" מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט און באַרויבן אַ גאָלד־געשעפט! וואָס עס טוט מיר וויי איז, וואָס אַ אידישער מענטש האָט געהאַט אַזוי ווייניק רחמ־נות אויף אַ אידיש בחור'ל און אים איבערגעגעבן אין די הענט פון דער

פּאָליציי, און אים געשטעמפּלט אַלס אָפּיציעלן גנב! גאָט וועט אים שטראָפן דערפאַר!..

ווען איך בין אַרויסגעקומען פון רעפאָרמאַטאָריום איז מיר געווען שווער צו קריגן אַרבעט! און צעוואָס לייקענען — איך האָב ניט גע־זוכט קיין אַרבעט! איך בין געלעגן ביי מיין מאַמען אין אויבערשטן צי־מערל, געשלאָפן ביז האַלבן טאָג, געזויכערט פאַר דער מאַמעס געלט און... געשפּיגן אויף דער סטעליע! איך בין געווען נערוועאיש צערו־דערט און אין מיין קאָפּ האָט זיך מיר געפּלאָנטערט בלויז אַ נקמה גע־פיל קעגן יענעם וואָס האָט מיך פאַרשיקט אין רעפאָרמאַטאָריום! די ערשטע צייט האָב איך געטראַכט ווען... אַריינשטעכן אַ מעסער אין האַרצן! איך פלעג אים אָפּוואַרטן אָפּט ביים אַהיים גיין פון קלייט און בין שוין געווען גרייט אים צו דערשטעכן! איז אָבער געווען אַ אומגליק! שטענדיק איז ער אַהיים געגאַנגען (ער וואוינט נאָענט פון געשעפט) אין דער באַגלייטונג פון זיין טעכטערל וואָס העלפט אים אַרויס אין גע־שעפט! און — איך האָב ניט געהאַט קיין האַרץ צו דערשטעכן דעם פאָ־טער — דעם קינד אין די אויגן!

זעענדיק אַז צעמזיק'ן אים, קאָן איך ניט, האָב איך זיך צענויפגע־רעדט מיט אַ באַנדע גנבים — עקס „שילער" פון רעפאָרמאַטאָריום, און מיר האָבן באַשטימט אַרויסגנבענען זיין סחורה פון דער קלייט! איך האָב זיי אָנגעגעבן אַלע איינצלהייטן פון דער קלייט און ווי אַזוי מען קאָן צוקומען צו דער קאַסע! איך האָב פאַר מיין אַרבעט גאָרניט גע־מאָנט! אָבער — לגמרו גאָרניט!

די „אַרבעט" איז געלונגען! מען האָט ביי אים אויסגעראַמט ביזן לעצטן שטיקל סחורה! אָבער, ביז צום חדש האָט מען געפּאַקט די גנבים — שוין אָן דער סחורה — איינער האָט אָנגעוויזן אויף מיר! מען האָט מיך אַרעסטירט און געשטעלט צום משפט! איך האָב פאַרן ריכטער דערציילט דעם אמת פאַרוואָס איך האָב אָנגעוויזן אויף אים! די איינ־טיילנעמער אין דער גנבה האָבן באַקומען צו זעקס יאָר! איך — אַזוי ווי עס האָט זיך באַשטעטיגט אַז איך האָב פאַר מיין אַרבעט גאָרניט געפאָדערט און גאָרניט גענומען — האָב באַקומען אנדערהאַלבן יאָר!

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס איך האָב באַטראָטן אַ טיורמע — אַ אמת'ע טיורמע ניט קיין רעפאָרמאַטאָריום! — איך בין געווען צופרידן מיטן אורטייל און מיט מיין גורל, ווייל מיין עקס בעל הבית וועמען זיי האָבן באַגנבעט, האָט ניט געהאַט „פאַרזיכערט" זיין סחורה און איז געבליבן — נאָך דער גנבה — אַ עניו ואביון! איך האָב אים געשריבן אַ בריף פון טיורמע און אים געזאָגט אַז ער מעג דאַנקען

זיין טעכטערל וואָס ער האָט אַזוי „ביליק" אָפּגעשניטן! ער וועט שוין פאַרזאָגן אַ צענטן ניט איבערגעבן אַ אידן צו דער פּאָליציי און אַרויפלייגן אויף אים דעם שטעמפּל גנב!

אַרעסטאַנט 363 בלייבט שטיל. איך שלאָג ניט איבער זיין שטילקייט, זיין שווייגן! איך שטעל אים ניט קיין פראַגעס! אין אַ פּאָר מינוט אַרום רעדט ער אַליין. ער ווישט זיך אַלע מינוט דעם שטערן פון'ם שווייס וואָס איז אים באַפאַלן!..

— און, אַזוי האָב איך אָנגעהויבן פאַלן און פאַלן! אַלע פריינט, אייגענע באַקאַנטע און אַפילע מיינע שוועסטער, האָבן זיך אָפּגעטרייסלט פון מיר! האָבן געוויכט פון מיר ווי פון אַ קרעציקן! בלויז מיין מאַמע, מיין אַלטע צעבראָכענע מאַמע האָט מיך ניט פאַרלאָזט! זי האָט באַנעצט מיין געלעגער מיט אירע טרערן און מיר געבעטן „ווערן אַ מענטש"! אָבער, ווי אַזוי האָב איך געקאָנט „ווערן אַ מענטש" אַז די מענטשן האָבן מיך געטריבן פון זיך, האָבן מיך ניט צוגעלאָזט נאָענט צו זיך! און ניט נאָר אין מיר האָט מען זיך גענוקמ'ט — נאָך אויך אין מיין מאַמען! באַלד עפּעס האָט מען איר אויסגעוואָרפן „דער זון דער גנב" דער „תכשיט"! אַנדערע האָבן איר געגעבן אפילו אַ עצה מיך... צו פאַרסמ'ן! פאַר אָט דער „עצה" האָט מיין מאַמע איר דערלאַנגט מיטן קאָשעק איבערן קאָפּ (עס איז געווען אויפן מאַרק־פּלאַץ (פּעריאַ פראַנקאַ) און עס איז זיך צונויפגעלאָפן אַ עולם! וועלכע האָבן אָפּגעגעבן רעכט דער צעשלאָגענער! זיי, אָט די ווילדע מענטשן, האָבן ניט געהאַט קיין געפיל און קיין פאַרשטאַנד, וואָס עס הייסט געבן אַ עצה אַ מאַמען אַז זי זאָל אָפּסמען איר 28 יאָריקן זון!..

איך האָב געפילט אַז איך דאַרף עפּעס טון! איך מוז זיך און מיין מאַמען אַרויסרייסן פון אָט דער סביבה, פון אָט דער געטאָ אין וועלכער מיר זענען פריווויליג פאַרשפּאַרט! איך דאַרף אָנזאַמלען אַ סומע געלט און אַרויספאָרן אין אַ אַנדער שטאָט אָדער אין אַ אַנדער לאַנד און אָנהויבן אַ ניי לעבן! די פראַגע איז געווען וואו נעמט מען געלט? אַ סך געלט! עס זאָל סטייען אויף עפענען אַ קלייטל און די מאַמע זאָל האָבן פּרנסה בכבוד און ניט דאַרפן זיך אַזוי שוואַרצן דעם פּנים!

וואו צו נעמען מיט אַמאָל אַ סך געלט? — עס איז געווען בלויז איין וועג! זיך ווענדן צו מיינע חברים פון „פאַך"! אַ סך פון זיי האָבן געהאַט געלט און זיך אַפילו אויסגעקויפט פון צו גיין „זיצן" נאָך אַ שטיקל „אַרבעט"... מיט אַ סך פון זיי בין איך געווען גוט באַפריינדעט און זיי האָבן מיר פון ווען ניט ווען, צוגעוואָרפן אַביסל געלט אַלס מתנה! איך האָב געוואוסט פון אַ סך סודות וואו מען האָט נעכטן „געאַרבעט" און וואו מען וועט מאָרגן „אַרבעטן"!..

אין איינעם אַ טאָג האָבן זיי מיר פֿאַרגעלייגט אַ לייכט שטיקל אַר-
בעט! זיי האָבן געוואוסט אַז אין אַ היגן גרויסן גאָלד-געשעפֿט איז
צובראָכן די רער-וואַסער פֿון אונטן! ווייזט אויס, אַז דער שטוב-היטער
(פּאַרטערראַ) איז געווען פֿון זייערע אייגענע מענטשן — האָט מען מיך
אָנגעטון אַלס אַ פּלאָמבער (פּלאָמערא) און איך בין אַריינגעגאַנגען אין
גאָלד-געשעפֿט און פֿאַרגעלייגט צורעכט מאַכן די רער! דער אייגנטימער
פֿון געשעפֿט האָט מיר דערלויבט זיך פֿריי באַוועגן! בייטאָג בין איך גע-
קומען מיט אַ „באַהעלפֿער" וועלכער האָט טאַקע געקאָנט די מלאכה
און מיר האָבן די רער צערעכט געמאַכט! דערווייל האָבן מיר אויסגע-
קוקט יעדן אַריינגאַנג און אַרויסגאַנג פֿון קלייט און עס איבערגעגעבן
דעם שעף פֿון דער באַנדע! איך האָב געקראָגן אַ שיינעם „אוואַנס" פֿאַר מיין
אַרבעט, און ווען עס וועט געלינגען — וועל איך קריגן גאָר אַ גרויסע
סומע!

די „אַרבעט" איז אָבער דורכגעפֿאַלן! די רויבער האָבן געמוזט באַ-
נוצן געווער און עס זענען געווען צוויי קרבנות — שווער פֿאַרוואונדע-
טע! איינער פֿון די פֿאַרוואונדעטע רויבער האָט אין דער פּאָליציי
דערציילט אַלעס און איך בין אַרעסטירט געוואָרן! איך האָב באַקומען
זיבן יאָר די איבעריקע האָבן אָפּגעשפּאַרט 15 און 20 יאָר!

איך האָב פֿאַרן ריכטער ווידער דערציילט דעם אמת פֿאַרוואָס איך
האָב זיי געהאָלפֿן אין דער אַרבעט!.. ער האָט אויף מיר רחמנות געהאַט
און מיר געגעבן אַ לייכטערע שטראָף! איצט, אַז איך פֿיר זיך אויף גוט
אין טיורמע וועט מען, זיכער, מיין שטראָף שטאַרק פֿאַרקירצן!

וואָס עס טוט מיר שטאַרק הנאה, וואָס מיין מאַמע האָט זיך אַרויס-
געצויגן פֿון יענער געגנט און פֿון דער שטאָט; זי וואוינט איצט ווייט פֿון
דאַנען און מיטן געלט וואָס איך האָב איר געגעבן, מיט מיין „אוואַנס"
אויף די... זיבן יאָר טיורמע — האָט זי זיך אַרויסגעהאָלפֿן!..

איך ווייס! איר וועט מיר ניט גלויבן! אָבער, איך שווער אייך ביי
מיין מאַמעס געזונט און לעבן! ווי נאָר איך וועל אַרויס פֿון דאַנען —
וועל איך ווערן אַן אַנדערער! איך וועל ניט אַרויס קיין פֿאַרביטערטער
קעגן קיינעם, און קעגן שטאָט — אוודאי ניט! איך האָב געזינדיגט —
און מען האָט מיך באַשטראָפֿט! וועמען איך קאָן ניט מוחל זיין און וועל
ניט מוחל זיין מיין גאַנץ לעבן — איז מיין געוועזענעם בעל הבית
וואָס האָט מיך — אַלס קינד — איבערגעגעבן צו דער פּאָליציי און מיך
געשטעמפּלט אַלס אָפֿיציעלן גנב!.. ווען ער זאָל געווען האָבן אַ אידיש
האַרץ און מיר מוחל זיין — בין איך זיכער אַז איך וואָלט ניט געקומען
צו אָט דעם מעמד אין וועלכן איך געפֿין זיך איצט!.. איך בין זיכער
אין דעם!..

— ב —

מיטן „אַרעסטאַנט 399" וואָס האָט „אויף דער פריי" געטראָגן דעם פאַמיליע־נאָמען ליפשיץ — איז מיר שוין אָנגעקומען שווערער זיך צעגויפרעדן און קריגן זיין צוטרוי אַז ער זאָל אָנהויבן רעדן! איך האָב געוואוסט פון פריער אַז ער האָט איבערגעלעבט אַ גרויסע טראַגעדיע, אַז ער האָט געטריבן זיין פאָטער צו זעלבסטמאָרד און זיין מוטער איז אָנגעקומען אין משוגעים הויז! איך האָב דעם „אַרעסטאַנט 399" געקאָנט זינט ער איז געבוירן געוואָרן, געווען אויף זיין ברית אַריינגעקומען דערנאָך צו זיינע עלטערן אין הויז אין משך פון עטלעכע יאָר אַלס... אידישער לערער! איך האָב געגלויבט אַז ווען ער וועט מיך דערזען — וועט ער מיך דערקענען און באַקומען צו מיר צוטרוי, וועט זיך צושאַרן צו מיר און וועלן האָבן אַ פריינט אין מיר!

איך האָב אָבער אַ טעות געהאַט! ער האָט מיך ניט דערקענט! ער האָט מיך שוין לאַנג ניט געזען און ווען ער האָט מיך יאָ געזען — איז... אין אַן אַנדער הלבשה! איך האָב גאָר פאַרגעסן אַז איך גיי אַרעסטאַנסקע מלבושים און טראָג אַ נומער...

ער איז געזעסן אין אַן אַנדער קאַמער — אויך אַ „אָנשטענדיקע" און באַלד אינדערפרי האָט מען אים איבערגעפירט אין „מיין" קאַמער! ער האָט ניט געוואוסט פאַרוואָס מען האָט אים געביטן זיין „וואוינונג"! איך, אָבער, האָב יאָ געוואוסט! איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָב איך צו פאַרדאַנקען דעם ליבן, האַרציקן, טיורמע־אַלקאַלדע וועלכער האָט מיך געוואָלט פאַרזאָרגן מיט „אַרבעט".

דער טאָג אין „אונזער" קאַמער האָט זיך, היינט, אָנגעהויבן שפּעטער ווי געוויינלעך! נעכטן איז געווען אַ קריסטלעכער יום־טוב, האָט מען ניט געאַרבעט! היינט — איז זונטיק! מען שטייט אויך אויף שפּעטער, און ווער עס וויל גייט אין טיורמע קלויסטער! ווער עס וויל ניט — בלייבט אין קאַמער און קאָן טון וואָס ער וויל: — לייענען, שרייבן, אָדער מאַכן אַ שפּילצייג פאַר... זיינע קינדער וואָס זענען אויף דער פריי...

אַרום 9 אַזייגער האָט זיך געעפנט די טיר און מען האָט אויסגערופן מיין נומער! איך האָב גאָר פאַרגעסן אַז איך האָב שוין ניט קיין נאָמען נאָר אַ נומער און זיך ניט אָנגערופן!.. ערשט, נאָכן דריטן מאָל מיך רופן, האָט דער „אַרעסטאַנט 363" מיר אויפמערקזאַם געמאַכט אַז מען רופט מיך! איך האָב זיך אָנגערופן — לויטן רעגלאַמענט — „איך בין דאָ", האָט מען אויסגערופן אַז... מען רופט מיך צום „פיסקאַל" (פּראָ־

קוראַר) די ערשטע צוויי מינוט בין איך אַ ביסל מבולבל געוואָרן! וואָס וויל פון מיר דער פּראָקוראָר? איך האָב, אָבער, באַלד פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ תירוץ פאַר די אַרעסטאַנטן מיך אַרויסרופן פון קאַמער! איך בין געקומען אין דירעקציע, געטראָפן דעם אַלקאָלדע וועלכער האָט מיך אויפגענומען מיט ביידע הענט און געוואָלט וויסן ווי עס גייט מיר און צו איך נויטיק זיך אין עפּעס? אין איין וועגס, האָט ער באַשטעלט קאַפע מיט מילך און צובייסעכטס!

איך האָב אים, אין קורצן, איבערגעגעבן, מיין „אָפּגעטוענע אַרבעט" פון נעכטן! ער האָט מיר געעצה'ט אַז אויב איך וועל מיטן „אַרעסטאַנט 399" ניט ווערן פּאַרטיק אַזוי שנעל, זאָל איך אים הייסן זאָגן, אַז דער קאָפּ טוט אים ווי — אגב, ער ליידט אָפּט אויף קאָפּ ווייטיק — און איך זאָל זיך אויך קלאָגן אויף ווייטיק אין בויך — וועט ער אונז ביידע איבערפירן אין אַ צימערל פון טיורמע-שפּיטאָל, און דאָרטן וועלן מיר קאָנען זיין רואיק וויפל מיר ווילן אַליין!

איך האָב אויסגענוצט דעם אָנבאָט, און טאַקע דעם זעלבן טאָג, האָט מען אונז ביידע אַרויסגעפירט „קראַנקע" און באַזעצט אין אַ צימערל אין טיורמע-שפּיטאָל! צוליב קאָפּ ווייטיק האָט מען דעם אַרעסטאַנט 399 געגעבן אַ „פּיל" און מיר האָט מען געגעבן אַ... שוואַרצע קאַפע מיט אַ פיין ביסעלע קאָניאַק! צו די קראַנקן שוועסטער האָט עפּעס געוואוסט? — איז פאַר מיר געווען אַ רעטעניש! איך ווייס נאָר, אַז זי האָט זייער שעלמיש געשמייכלט צו מיר און מיר אָנגעזאָגט, אַז אויב דער בויך-ווייטיק וועט ניט איבערגיין — זאָל איך אַ קלינג טון אינ'ם עלעקטרישן גלעקל! איך האָב זי געפּאָלגט און טאַקע געקלונגען אָבער אין... 8 שעה אַרום, ווען מיר, „די קראַנקע", זענען הונגעריק געוואָרן! און ניט קוקנ-דיק אויף מיין בויך-ווייטיק און אויפן קאָפּ-ווייטיק פון „אַרעסטאַנט 399" האָט מען אונז אונטערגעטראָגן אַ אָוונט-ברויט וואָס וואָלט געסטייעט פאַר 10 מענטשן!..

אַז „אַרעסטאַנט 399" זאָל אָנהויבן רעדן, האָב איך אים געדאַרפט דערציילן אַז איך האָב געקאָנט זיינע עלטערן, אַז איך געדענק דעם טאָג פון זיין געבוירן און אַז איך בין לעצטנס געווען אַ סוחר און די גע-שעפטן זענען מיר אַוועק שלעכט און איך האָב געמאַכט אַ „ניט-ערליכן אָנזעץ" און מען האָט מיך פאַרמישפּט אויף דריי יאָר! ערשט דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן באַקומען אַ ביסל צוטרוי צו מיר און אַרום פינף פאַרנאַכט — נאָך עטלעכע שעה זיין צוזאַמען — האָט ער אָנגעהויבן רעדן:

— — — — — — — — — — — — — —

— אויב איר האָט געקאָנט מיינע עלטערן, אויב איר האָט געקאָנט אונזער שטוב, פאַרשפּאָרט איר מיר די אַרבעט, אַז איך זאָל אייך דערציילן ווער איך בין און פון וואַנען איך קום אַרויס! איך קאָן אייך נאָר זאָגן איין וואָרט: איך בין אַ פּחדן, אַ קאַבאַרדע! ווען איר האָב אַביסעלע מוט, ווען איך זאָל זיין אַ שטיקל מענטש — וואָלט איך שוין לאַנג געדאַרפט מאַכן אַ סוף צו מיין נאַריש לעבן! איך האַלט זיך אָפּ עס צו טון, ווייל איך האָב נאָך אַ האָפענונג אַרויס פון דאַנען, ווערן אַן אַנשטענדיקער מענטש, אַנהויבן פאַרדינען אַ ערליך שטיקל ברויט און אַרויסנעמען מיין מוטער — מיין אומגליקלעכע מוטער פון משגעים הויז און זי אויסהיילן אין אַ פּריוואַטער סאַנאַטאָריע!..

איך האָב נאָר איין באַגער אין לעבן:

זיך אָפּרעכענען מיט אַ נידערטרעכטיקער חיה, מיט אַ פאַלשער שמוציקער פרוי וועלכע האָט צעבראָכן מיין לעבן און דאָס לעבן פון מיינע עלטערן! איך וועל ביי איר צונעמען דאָס רעכט צו זעען אירע קינדער, און — אויב איך וועל קאָנען — וועל איך איר באַצאָלן מיין חוב!

אויב עס איז אמת דאָס פאָלקס ווערטל אַז אַ פרוי שטעלט אויף די פיס און וואַרפט פון די פיס — האָט אַ פרוי, אַ חיה אין געשטאַלט פון אַ מענטשן, מיך געוואָרפן פון די פיס און מיך צעטראָטן! איך האָב געלעבט אַ גליקלעך לעבן! איך האָב געהאַט אַ פיינעם פּאָסטן אין אַ באַנק פאַרדינט בכבוד אויסצוהאַלטן אַ פרוי מיט קינדער און נאָך העלפן טאַטע-מאַמע, אויב מען זאָל דאַרפן! האָט זיך מיר אונטערגערוקט אַ שלאַנג, פאַרשטעלט אין דער געשטאַלט פון אַ שיינער פרוי — צום גרעסערן אומגליק — ניט קיין אידישקע — וועלכע האָט מיך פאַרנאַרט אין איר נעץ און אויסגעזויגן מיין בלוט און דערנאָך מיך פאַרגיפטעט אויף אייביק!

איך בין געווען אַ יונגער בחור! עס האָט מיר גאָרניט געפעלט! איך האָב גוט פאַרדינט און האָב געשפּאָרט געלט אין באַנק-ביכל! עסן, טרינקען, אַ ריין, ווייס, געלעגער — האָט מיר די גוטע מאַמע מיינע פאַרזאָרגט! אַ ריין, ווייס, געפּרעסט און געקראָכמאַלעט העמד האָט מיר אויך ניט געפעלט! דאָס איינציקע וואָס איך האָב זיך געדאַרפט קריגן מיט מיין מוטער איז געווען, וואָס זי האָט זיך איינגעשפּאַרט אַז זי וויל האָבן דאָס פאַרגעניגן צו... פוצן מיינע שיך און איך האָב פּראָטעסטירט און געטענה׳ט אַז זי דאַרף זיי ניט פוצן, אַז בעסער איז ווען איך פוץ זיי גאָס! דער סוף איז געווען אַז זי האָט געזיגט! זי האָט אַלע טאָג אָפּגעפוצט מיינע שיך איידער איך בין אויפגעשטאַנען!..

פאַרשטייט זיך, אַז טאַטע-מאַמע האָבן געוואָלט דערלעבן נחת פון

מיר און אַלע טאָג גערעדט וועגן „תכלית“, וועגן אַפּזוכן אַ מיידל און אַ חתן ווערן! זיי פּלעגן אויך אונטערשיקן שדכנים צו רעדן מיט מיר... אָבער — איך האָב נאָך געוואָלט זיין פריי! עס איז מיר געווען געפעלן פריי־בחוריש לעבן ביז אין אַ שיינעם טאָג...

„אַרעסטאַנט 399“ ווערט שטיל, מען פילט אַז ער וואַרגט זיך מיט טרערן! עס געדויערט אַ פּאָר מינוט און ער זעצט פאָר:

אַ שיינעם טאָג? אַ מיאוסער, וויסטער פינסטערער טאָג און נאָך פינסטערער נאַכט פון מיין לעבן איז דאָס געווען, ווען חברים האָבן מיר געמאָלדן אַז היינט ביינאַכט גייט מען אין אַ „נאַכט־קלוב“ צו פּראַווען דעם געבורסטאָג פון אַ חבר! צום ערשטן — האָב איך זיך אָפּגעזאָגט צו גיין אין אָט די „קלובן“. איך בין דאָרט קיינמאָל ניט געווען און ווייטער ניט געוואָלט זיין! אָבער, איך האָב געמוזט נאָכגעבן! זיי זענען געווען אַ צוואַנציק אינגלעך, אַלע לעבעדיקע, פריילעכע און היימישע מיט אָט די קלובן! באַלד האָבן זיך צו אונז צוגעשאַרט מיידלעך און איינע אַ בלאָנדע האָט מיך „אויסגעכאַפּט“! זי איז די גאַנצע צייט געווען בלויז נעבן מיר, געטרינקען פון מיין גלאָז, און מיך באַשאָטן מיט קושן!

האַלב ניכטער־האַלב שכור, האָב איך איר געגעבן מיין טעלעפאָן־נומער און אויפן צווייטן טאָג — זונטיק איז דאָס געווען — האָט זי מיך אָפּגערופן, געשפּאַסט אַביסל און זיך באַשטעלט מיט מיר צו טרעפן אין אַ „קאָנפיטעריא“...

דאָס האַרץ האָט מיר גראַדע געזאָגט אַז איך זאָל ניט גיין! עטלעכע שטרויכלונגען האָב איך געהאַט אין משך פון אַ פּאָר שעה! און שוין פאַרנדיק צו איר, האָט ביי מיר געלאָפנעט אַ ראָד פון מיין קליינעם אויטאָ וואָס איך האָב פאַרמאָגט! און קיין צווייטע די „רעזערוו־ראָד“ האָב איך ניט געהאַט! איך וואָלט געמעגט שווערן אַז גוטע מלאכים האָבן עס געטון, כדי איך זאָל פאַרלירן די באַשטימטע שעה זיך צו טרעפן מיט אָט דער מרשעת — אפשר וועט זי ברוגז ווערן און מיך אָפּלאָזן! ווייזט אויס אַז דער שטן האָט געזיגט! אַלע שטערונגען זענען בלייז שנעל פאַריכט געוואָרן און איך בין געקומען צו איר מיט אַ קליינער פאַרשפּעטיגונג! פון יענעם טאָג אָן, בין איך געוואָרן אויס מענטש! אויס אַנשטענדיקער מענטש! זי האָט געהאַט אויף מיר אַ טייוואָלישן איינפלוס!

די ערשטע צייט איז זי געווען גוט און שטיל ווי אַ טויב! זי האָט גערעדט פון ווערן אַ אידישקע, פון מגיר זיין זיך! זי האָט ערגעץ אָפּגעזוכט אַ אידן מיט אַ צעפליקטער באָרד און פאות ביי וועמען זי האָט זיך געדאַרפט מגיר זיין! דערנאָך, ווען זי האָט געפילט אַז זי האָט מיך שוין גוט אין אירע הענט, אַז איך גיי אַרום פאַרחלומט און פאַרטשאַדעט

פון איר — האָט זי אויפגעהערט רעדן פון ווערן אַ אידיש קינד און גאָר אָנגעהויבן מאַכן פּלענער אַז מיר זאָלן התונה האָבן אין אַ קלויסטער!.. איך דאַרף אייך, אָבער, מודה זיין: ד אָ ס — האָט זי ביי מיר ניט געפּועלט! זי האָט אָבער געפּועלט גרעסערע און שווערערע זאכן! זי האָט געוואָלט האָבן צירונג, בריליאַנטן, די בעסטע קליידער, און מיינע פאַרדינסטן האָבן דערויף ניט געגעבן! האָט זי מיר פריער אויסגעליידיקט דאָס באַנק ביכל מיינס, און דערנאָך האָב איך אָנגעהויבן לייען געלט אויף פּראָצענט! ס'רעדט זיך אַזוי „פּראָצענט” איך האָב געצאָלט צען און פופצן און אַפילע צוואנציק פּראָצענט חדשליך!.. שפּעטער האָב איך געצאָלט... דאָפּלט! ביז איך האָב איינמאָל באַשלאָסן פּטור ווערן פון אַלע חובות! איך האָב אָנגעהויבן גנב'ענען אין באַנק! איך האָב אָנגעהויבן פאַלסיפיקירן און נאָכמאַכן טשעקן פון וויכטיקע קליענטן וועלכע האָבן גרויסע דעפּאָזיטן און זיי באַוועגן זיי ניט! די ערשטע צייט איז מיר געלונגען אַרויסנעמען פון באַנק אַ ז ו י פ י ל געלט, אַז עס האָט מיר געסטייעט אָפּצוצאָלן אַלע חובות!.. קיינער האָט אין באַנק זיך ניט געכאַפּט! איך האָב עס געמאַכט מייסטערהאַפּט!

אין איינעם אַ טאָג בין איך געוואָרן אַ טאַטע פון אַ צווילינג! ביידע מיידלעך! איך האָב געדאַנקט גאָט וואָס ניט קיין אינגלעך... מיינע עלטערן האָבן, פאַרשטייט זיך פון גאָרניט געוואוסט! איך האָב געדונגען אַ גוטן דעפּאַרטאַמענט און דאָרט האָט זי געוואוינט מיין שלאַנג! אויף געלעגן ווערן האָב איך זי אָפּגעפירט אין דער בעסטער סאַנאַטאָריע! איך האָב געפּעלשט גאָר אַ גרויסן טשעק און עס האָט געסטייעט אויף אַלעם! עס האָט אויך געסטייעט אויף אַ דיאַמאַנטענעם רינג פון 20 טויזנטער! אַזוי האָט זי געפאָדערט פון מיר! איך בין געווען זיכער אַז אין באַנק כאַפּט מען זיך ניט אַז עס פעלט געלט! איך האָב פאַר דער צייט שוין אַרויסגעשלעפּט פון מיינע פאַלסיפיקאַציעס אַריבער צוויי הונדערט טויזנט פּעזאָס און אַלעס איז אַריין אין איר און בלויז אין איר! איך האָב זיך אַפילו קיין מלבוש אָדער הוט פון דעם געלט ניט געמאַכט!..

איינמאָל האָב איך באַמערקט אַז אין באַנק איז עפּעס ניט נאָרמאַל! דער דירעקטאָריום מיט די הויפּט בעאַמטע זענען שטאַרק פאַרטון און זוכן אין די ביכער! איך האָב פאַרשטאַנען אַז מען האָט זיך געכאַפּט אַז עס פעלט געלט — אָבער איך בין געווען זיכער אַז צו מיר וועט עס ניט קומען! ווען זיי זענען מיט טויזנט קעפּ וואָלט זיי ניט איינגעפאַלן מיך חושד זיין! חוץ דעם, איך האָב אַזוי באַוואָרנט אַז דעם „געריכטלעכן באַוויז” — אין איצטיקן פאַל — די פאַלסיפיקירטע טשעקן זאָלן שוין

אויף דער וועלט ניט זיין! איך אַליין האָב זיי צעריסן און פאַרברענט!.. אָבער — פאַרזעצן ווייטער אַרויסנעמען געלט — האָב איך מורא געהאַט! איך האָב געדאַרפט וואַרטן אַז עס זאָל ווערן שטילער!

מיין „אומגליק" האָט אָבער ניט געוואָלט וויסן פון גאָרניט! זי האָט, ווייזט אויס, געוואוסט אַז איך גנב'ע געלט אין באַנק! זי האָט בלויז געמיינט, אַז איך גיי צו צו דער קאַסע און ווען מען פאַרקוקט זיך — נעם איך אַן אַ זשמעני אסיגנאַציעס און לייג אַריין אין קעשענע! איך האָב איר דאָך ניט דערציילט, ווי קאָמפליצירט מיין „אַרבעט" איז!.. זי האָט אָבער ניט געוואָלט וויסן! זי האָט מיר פשוט געגעבן אַן אולטימאַטום: „אַן קיין געלט — קום ניט!" און איך האָב קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט! איך האָב געוואוסט אַז איך שטעלט איין! און...

— איך בין אַריינגעפאַלן!

ווי נאָר איך האָב געוואָלט מאַכן דעם „בייט" — אַוועקלייגן דעם טשעק אויף 10 טויזנט פעזאָס אויפן נאָמען פון אַ רייכן קליענט וואָס איז געווען אין אויסלאַנד אָבער זיין געשעפט איז במילא געגאַנגען, ווי נאָר איך האָב געוואָלט, אין מיין קאַבינע וואו איך בין געשטאַנען, אַריינלייגן 10 פאַפירלעך פון טויזנטער יעדער איינע, אין קעשענע — האָט מיך אַ שטאַרקע האַנט אָנגעכאַפט! איך האָב ניט געוואוסט אַז מען שפיאָנירט מיר שוין נאָך אַ פאָר וואָכן! אַז זיי ווייסן שוין אַז איך האָב אַ געליבטע און אַ דעפאַרטאַמענט, אַז איך האָב זי אַוועקגעפירט אין דער רייכסטער סאַנאַטאָריע און באַצאָלט פאַר די פינף טעג — 10 טויזנט פעזאָס! זיי האָבן שוין געהאַט אַלע דאַטעס וועגן צירונג וואָס איך האָב איינגעקויפט! זיי — די פאָליציי אַגענטן, זענען אַרומגעגאַנגען מיט מיין בילד אין אַלע גאָלד געשעפטן און די סוחרים האָבן מיך דערקאָנט אַלס דער קונה פון די דימענטן!.. מיט איין וואָרט: לייקענען איז געווען אומזיסט! מען האָט מיך אַוועקגעפירט אין פאָליציי צירקל און אַהין געבראַכט מיין געליבטע און מען האָט מיטגענומען דאָס גאַנצע גאָלד־וואַרג! דאָרט, אין פאָליציי צירקל האָב איך דערזען ווער זי איז! זי האָט ניט באַדויערט מיין גורל! זי איז ניט צוגעקומען מיך טרייסטן און מיר געבן האָפענונג! זי האָט בלויז געמאַכט סקאַנדאַלן אַז מען נעמט צו איר צירונג אויך! דאָס הייסט — ניט בלויז דאָס וואָס איך האָב איר געקויפט — נאָר אויך וואָס אַנדערע מענער האָבן איר לעצטנס און די גאַנצע צייט געגעבן!.. זי האָט אויף יעדער שטיקל צירונג אָנגעוויזן פון וועלכן מאַן זי האָט עס געקראָגן און... וויפל נעכט זי האָט דערפאַר מיטן מאַן פאַרבראַכט! עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז זי האָט באַקומען מער צירונג פון פרעמדע מענער ווי פון מיר! „איר"

דעפּאַרטאַמענט האָט „געאַרבעט" אין משך פון גאַנצן טאָג וואָס איך בין געווען אין באַנק!.. ווען איך האָב געפּרוּווט רעדן צו איר — האָט זי אַ שפּײַ געטון אויף מיר! זי דאַרף מיך שוין ניט האָבן! זי דאַרף אַזעלכע וואָס קאָנען איר ברענגען געלט! איך — מײַן אַרט — איז אין טיורמע!

— ס'טײַטש, די קינדער? אונזער צוזאַמענלעבן?

באַרואיקט זי מיך! די קינדער זענען זיכער ניט מײַנע! זי געדענקט אַליין ניט ווער עס איז זייער טאַטע! איך — זיכער ניט!..

אין יענער מינוט איז געשען דער אומגליק! מען האָט געבראַכט אין פּאָליציי־צירקל מײַן אַלטן פאָטער! מען האָט אים געבראַכט אַלס עדות! מען האָט געוואָלט וויסן צו איך האָב אים אויך ניט געגעבן פון די געגנב'עטע טויזנטער!.. ווי נאָר מײַן פאָטער האָט מיך דערזען מיט די קייטעלעך אויף די הענט און געוואוירע ווערנדיק אַז אָט די גויקע איז מײַן ווײַב (ער האָט געמיינט אַז מיר האָבן שוין חתונה געהאַט) האָט ער געגעבן אַ פאַל אַוועק און איז...

— מאָמענטאַל געשטאָרבן!

איך וועל עס אייביק ניט פאַרגעסן! ער איז געלעגן אויף דער ערד מיט אָפענע אויגן! דאָס מויל פאַרדרייט אין אַ זייט און זײַן אויסזען! זײַנע אָפענע אויגן וואָס האָבן געקוקט צו מיר! גאָט מײַנער! ווי אַזוי האָב איך עס אויסגעהאַלטן?..

ווען דער פּאָליציי דאָקטאָר וואָס האָט באַשטעטיקט מײַן פאָטערס טויט איז אַרויסגעגאַנגען, בין איך געבליבן אַליין מיטן קאָמיסאַר אין זײַן צימער! דער קאָמיסאַר האָט געקוקט אויף מיר מיט אַזעלכע אויגן אַז זיי האָבן מיך דורכגעשטאָכן דורך און דורך! ער גייט צו צו מיר שליסט אויף די קייטעלעך פון מײַנע הענט און איך בין געבליבן שטיין פאַרסטאַרטשעט! איך האָב קיין וואָרט ניט געקאָנט אַרויסרעדן פון מויל! דער קאָמיסאַר נעמט אַרויס זײַן רעוואָלווער לייגט אים אַוועק אויפן טיש, גיט אַ קוק צו מיר און... גייט אַרויס!

אָבער ניין! איך האָב קיין מוט ניט געהאַט! איך האָב זיך ניט געקאָנט נעמען דאָס לעבן! איך האָב געוואָלט לעבן און אָפּקומען פאַר מײַנע זינד! איך האָב געגלויבט אַז אויף דער עלטער — וועל איך מײַן מוטער באַצאָלן פאַרן שלעכטס וואָס איך האָב איר געטון דורך מײַן נידערטרעכטיקער האַנדלונג!

אין פינף מינוט אַרום קומט אַרײַן צוריק דער קאָמיסאַר גיט אַ

שפּאָטישן קוק אויף מיר, נעמט צו דעם רעוואָלווער פון טיש לייגט אים אַריין צו זיך אין טאַש און גיט אַ ברומקע אַרוים:
— מיזעראַבלער!.. פּחדן! די תליה איז פאַר דיר וויניק!...
איך בין אומגעפאַלן אין חלשות!..

— — — — — — — — — — — — — — —

איך בין געקומען צו זיך ערשט אין עטלעכע וואָכן אַרום! איך בין געלעגן אין אַ שפּיטאָל און נעבן מיר איז געשטאַנען אַ פּאָליציי מאַן! ביי דער טיר פון דער סאַלע איז געשטאַנען אַ צווייטער! איך בין דערגאַנגען געוואוירע געוואָרן אַז איך האָב געהאַט אַ מוח דערשיטערונג! ווען איך בין אַרוים פון שפּיטאָל און מען האָט מיך איבערגעפירט אין דער תּפיסה פון די יעניקע וואָס וואַרטן אויף זייער אורטייל, בין איך שוין אויך געוואוירע געוואָרן אַז מיין מוטער איז געוואָרן גייסטיק קראַנק ווען זי איז געוואוירע געוואָרן וואָס פון איר „מלוכה" איז געוואָרן (אַזוי האָט זי מיך גערופן) זי איז אַראָפּ פון זינען און אַרומגעלאָפן אין גאַס און געשריען! ווען קומט משיח? ווען וועט מיין מאַן אויפשטיין תחית המתים? גיט מיר אָפּ מיין קינד, מיין „מלוכה", מיין קרוין פון קאָפּ!..

— — — — — — — — — — — — — — —

אין עטלעכע חדשים אַרום איז געווען מיין משפּט! מען האָט מיר געגעבן די מאַקסימום שטראָף וואָס עס קומט פאַר אַזאַ פאַרברעכן! דער ריכטער האָט באַדויערט וואָס ער קאָן מיר ניט געבן קיין גרעסערע שטראָף און וואָס ער קאָן מיך ניט משפּטן אַלס מערדער פון מיין פאָטער! איך האָב אויסגעהערט מיין אורטייל רואיק! איך האָב דעם ריכטער געזאָגט אַז איך באַדויער אויך וואָס ער גיט מיר ניט קיין טויט־שטראָף! איך האָב ניט געהאַט קיין פאַרטיידיקער און ניט געוואָלט אַז עמיצער זאָל מיך פאַרטיידיקן! וואָס איך האָט נאָר געטענה'ט — און בין געבליבן ביי מיין טענה — איז געווען:
צו קומט אויך ניט קיין שטראָף מיין מרשעת. אחוץ דער, וואָס מען האָט ביי איר צוגענומען די קינדער און זיי איבערגעגעבן אין אַ אַזיל! איז דאָך זי געווען די יעניקע וועלכע איז געווען די פאַראורזאַכערן פון מיין פאַרברעכערישער אַרבעט! זי האָט דאָך געוואוסט אָדער פאַרשטאַנען, אַז דאָס געלט, דאָס צירונג וואָס איך ברייננג איר — קריג איך ג'ט פון מיין געהאַלט! פאַרוואָס זשע קומט איר ניט קיין שטראָף?
דער געזעץ איז אָבער אַנדערש! מען האָט ביי איר צוגענומען דאָס גאַנצע צירונג, ווייל מען האָט עס געפונען ביי מיר אין דעפּאַרטאַמענט! מען האָט עס געפונען אין אַ וואוינונג וואָס איז געגאַנגען אויף מיין נאָמען, איז אַלעס וואָס דאָרט איז געווען — האָט מען געדאַרפט

צונעמען כדי צו דעקן דעם שאָדן פון דער באַנק! האָט מען פאָלגלעך, צו־גענומען איר צירונג אויך! דאָס, אינגאַנצן, איז געווען איר שטראָף!..
ווען איך וועל אַרויס אויף דער פריי, — און אויב איך וועל זי געפינען — וועל איך איר באַצאָלן דאָס איבעריקע!..
קיין סך וואַרטן דערויף — דאַרף איך שוין ניט!..

— — — — — — — — — — — — — — —

אויפן דריטן פרימאָרגן האָט מען מיך ווידער „גערופן צום פיסקאַל".
מען האָט מיר געהייסן מיטנעמען מיינע זאַכן! איך האָב זיך געזעגנט מיט מיינע „חברים" פון דער קאַמער, זיי האָבן מיר געהייסן זיך האַלטן שטאַלץ! אייניקע האָבן מיר געעצהט וואָס און ווי אַזוי איך דאַרף „דערקלערן"!
דער האַרציקער ליבער אַלקאַלדע האָט מיך אויפגענומען מיט אַ וואַרים שמייכעלע, זיך נאָכגעפרעגט צי מען האָט מיך גוט באַהאַנדלט און צו איך וואָלט אַ בעלן געווען אויף אַ פּאָר יאָר צו זיין דאָ מיט די אַרעסטאַנטן?..
דעם אמת זאָגן, איך האָב שוין געזוכט מיט ליכט די טיר! די עט־לעכע טעג האָבן אויף מיר געמאַכט אַ איינדרוק אַז ווער עס פאַרזוכט איינמאָל צו זיין פאַרשפאַרט דאַרף זיך שוין ניט היטן ניט אַריינ־פאַלן נאָכאַמאָל! איך האָב אָט די מיינונג אויך אַרויסגערעדט פאַרן אַל־קאַלדע! ער גיט אַ שמייכל! צום באַדויערן — זאָגט ער — איז דאָס ניט אַזוי... פאַראַן דאָ אַזעלכע וואָס זיצן שוין צום דריטן מאָל!
דער אַלקאַלדע עצה'ט מיר אַז איך זאָל זיך אומקערן און זיך אויך באַקאָנען מיט דעם לעבן פון די אַנדערע אַרעסטאַנטן; ער גלויבט, אַז עס וועט זיין זייער אינטערעסאַנט פאַר מיר, פאַר מיין אַרבעט, צו האָבן אַ פולשטענדיק בילד פון לעבן פון די אַרעסטאַנטן!
איך פאָלג אים און קער זיך אום אין קאַמער; איך בעט אים אַז מאָרגן זאָל ער מיך רופן צוריק...

— ג —

דריי קלאַפּ אין דער טיר און זי עפנט זיך! דער וועכטער מאַכט אַן אָנשטעל פון ברוגז! איך מעלדע אים אין דער הויך, אויף אַ קול, אַז איך פיל זיך שלעכט! איך וויל גיין אין דער אַדמיניסטראַציע און בעטן אַ דאָקטאָר — פון מיין צוטרוי — פון „דרויסן". ער זאָגט גאָרניט, פאַרשליסט אונטער מיר די טיר און פירט מיך אַריין אין דירעקציע. איך וויל אָנהויבן דערציילן דעם טייערן מענטשן וואָס טראָגט דעם טיטל אַלקאַלדע אַז איך בין שוין פאַרטיק מיט מיין אַרבעט און וויל שוין גיין אַהיים!

דער אַלקאַלדע האָט, אָבער, פאַר מיר אַן אַנדער אַרבעט! בעסער געזאָגט — ער האָט צו מיר אַ ביטע:

ער האָט דאָ אַן אַרעסטאַנט נומער 949. אַן עלטערער איד פון אַריבער די פופציקער! ער איז דאָ ערשט אַ יאָר צייט און האָט נאָך אַ סך יאָרן צו זיצן! וואָס עס רופט שטאַרק די אויפמערקזאַמקייט פון אַלקאַלדע איז זיין פרומקייט! זיין אויסערגעוויינלעכע פרומקייט! ער שטייט אויף פאַרטאָג, טוט זיך אָן די „מאַנטאַ" (טלית) וואָס ער האָט געבראַכט און נאָך עפּעס אויף אַ האַנט און אויפן קאָפּ, עפּעס קעסטעלעך אַזעלכע (תפילין) און שטייט מיטן פנים צו דער וואַנט און זיינע ליפּן שעפּטשען! מען הערט ניט קיין וואָרט פון אים, נאָר די ליפּן שאָקלען זיך אין דער שטיל!.. ער איז אויך אַנדערש מיטן עסן — בעסער געזאָגט — ער עסט כמעט גאָרניט אַ חוץ ברויט און פרוכט! אַמאָל אַמאָל טרינקט ער אויס אַ פּאָר רויע אייער! מיר געבן אים אויך עסן פאַרשיידענע גרינוואַרגן וואָס מען דאַרף ניט קאָכן, ווי מייערן, סאַלאַט און אַנדערע! זינט ער איז געקומען אַהער איז פון אים אַראָפּ 18 קילאָ! איך דענק, אַז דאָס איז פונם ניט-עסן! אָבער, ער וויל ניט נאָכגעבן! מיר האָבן דאָ פאַר אים זייער אַ סך דרך ארץ! מען רופט אים דער „סאַנטאָ" (הייליקער) מיר לאָזן אים ניט אַרבעטן שווער און ווען עס קומט פריייטיק פאַרנאַכט — לייגט ער אַוועק די אַרבעט און ער גייט מיט אַ וועכטער אין אונזער אַלגעמיינער באָד וואו ער באָדט זיך אויס און ביז שבת פאַרנאַכט איז אים ניט צו דערקאָנען! ער איז אַן אַנדער מענטש! איז פריילעך, מונטער, זינגט אונטער צוביסלאַך און קוקט אַריין אין אַ בוך וועלכן ער האָט געבראַכט מיט זיך ביים אָנקומען און האָט אים שוין מן הסתם, הונדערט מאָל איבערגעלייענט!..

זינט ער איז געקומען אַהער איז נאָך קיינער ניט געקומען אים באַזוכן אָדער עפּעס ברענגען! כאָטש, פון זיין „עקספּעדיענטע" ווייס איך,

אַז ער האָט אַ פּרוי, קינדער און אפילו אייניקלעך!.. מיר, דאָ, אין דער דירעקציע האָבן זיך צענויפגעלייגט אַ פּאָר הונדערט פּעזאָס, און אים אַריינגעשיקט זאָגנדיק אַז מען האָט עס אים געשיקט פון דער היים! האָט ער דאָס געלט ניט גענומען! נוץ איך פון דעם געלט און פּריוויטיק פּאַרנאַכט שיק איך אין דער אידישער געגנט און קויף פאַר אים צוויי אידישע געפלאָכטענע ווייסע ברויט (קוילעטשן) קויף פאַר אים סאַרדי־נאָס, אייער און פרוכטן!.. דאָס נעמט ער צו און איז אונז שטאַרק דאַנקבאַר! די אַרעסטאַנטן דערציילן אַז ווען ער דאַרף פּריוויטיק אויף דער נאַכט צעשניידן אַ שטיקל פון אָט דעם געפלאָכטענעם „פּאַן-דול־סע" (קוילעטש) פאַרזשמורעט ער די אויגן, שעפּטשעט עפּעס מיט די ליפּן, דערנאָך שניידט ער אָפּ אַ שטיקל ברויט, טינקט עס איין אין אַ ביסעלע זאַלץ וואָס מיר פאַרזאָרגן אים און שעפּטשעט עפּעס ווידער און ערשט דערנאָך עסט ער און... זינגט! עסט און זינגט!

— דער אַלקאַלדע וויל מיר נאָך עפּעס דערציילן און איך זיי אַז ער קווענקלט זיך! אין אַ פּאָר מינוט אַרום רופט ער זיך אָן:

איך וויל אייך דערציילן איצט אַ סוד! אויב עמיצער זאָל דערפון געוואוירע ווערן, קאָן איך האָבן אַ ניט-אַנגענעמענעם פאַרוואורף — אָבער איך גלויב אַז איר וועט מיך ניט פאַראַטן איך דערצייל עס אייך:

אין אַ טאָג, מעלדעט מען מיר אַז דער „אַרעסטאַנט 949" וויל מיט מיר דרינגענד רעדן! איך האָב אים געהייסן אַריינברענגען צו מיר, עס זענען אויך געווען אין מיין אָפּיסינאַ אַ פּאָר בעאַמטע פון טיורמע! לויט זיינעם אַ קוק האָב איך פאַרשטאַנען אַז... ער וויל מיט מיר בלייבן אַליין! אויף מיינעם אַ וואונק, זענען מיינע געהילפן אַרויסגעגאַנגען! ווי נאָר זיי זענען אַרויס, גיט דער אַרעסטאַנט אַ פאַל אויפן פּאָל און שטעלט זיך אויף די קניעס פאַר מיר און קושט מיינע הויזן, מיינע שיך, מיינע שפּיץ פינגער!..

וואָס וויל ער? וואָס דאַרף איך טון פאַר אים?

איין קלייניקייט! היינט ביינאַכט און מאָרגן אַ גאַנצן טאָג איז ביי זיין ראַסע — ביי אייך אידן — דער טאָג פון משפּט! גאָט זיצט אויבן און משפּט יעדן איינעם פאַר זיינע אָפּגעטוענע מעשים דאָס פאַרגאַנגענע יאָר און באַשטימט זיין גורל אויפן קומענדן יאָר! וואָס זשע וויל ער? איך זאָל אים אַרויסגעבן זיינע קליידער — די ציווילע קליידער מיט וועלכע מען האָט אים געבראַכט אַ הער, און איך זאָל שיקן מיט אים אַ וועכטער! ער וויל גיין אין אַ אידישן טעמפּל און וויל בעטן גאָט! ער וויל בעטן פאַרדאָן פאַר זיינע זינד און רחמנות אויף וויטער!

ער שווערט און שווערט אַז ער וועט ניט פּרוּוון אפילו טראַכטן פון אַנטלויפן!

— איר ווילט וויסן מײַן ענטפער? — איך האָב אים אויפגעשטעלט, אָפּגעווישט מיט מײַן טיכעלע זײַנע טרערן, און אים געזאָגט אַז.. איך גלויב אים אַז ער וועט ניט אַנטלויפן און ברײַנגען אויף מיר אַן אומגליק! און, אַז ער קאָן גיין — אָן אַ וועכטער! איך האָב צו אים צוטרוי!

און אַזוי איז געווען! ער איז פאַרנאַכט אַוועק אַ שטראַלנדער, מיט־גענומען מיט זיך זײַן גראָבן בוך וועלכן ער האַלט אין אײן לייענען און לייענען און ענדיקט ניט, איך האָב אים מיטגעגעבן עטלעכע פּעזאָס פאַר וועלכע ער האָט געקויפט אַ ליכט און דאָרט אין טעמפּל, צעטיילט צווישן אָרימעלײַט (אַזוי האָט ער מיר דערציילט) און דעם צווייטן טאָג איז ער געקומען צוריק און... אַרײַנגעפאַלן אַהער! ער איז געווען האַלב טויט! ער האָט די גאַנצע צײַט ניט געגעסן און ניט געטרונקען! לויט דין — אַזוי האָט ער געזאָגט — האָט ער געדאַרפט פאַסטן! מיר האָבן אים אויפגעמונטערט געגעבן עסן זײַן געפלאָכטענעם ברויט מיט אַ ביסל פּרוכט און איך האָב אים איבערגעפירט אין שפּיטאָל פון טיורמע וואו ער איז געליגן עטלעכע טעג קראַנק! ער איז אָבער זיכער אַז גאָט האָט אים מוחל געווען און ער וועט נאָך הײַנטיקס יאָר באַפרײַט ווערן!.. איך האָב אים געוואָלט זאָגן, אַנשטאָט גאָט זאָל אים מוחל זײַן, זאָל ער בעסער בעטן אַז דער ריכטער, דער פּראָקוראָר און די „פּערדאָן־קאָמיסיע" זאָל אים מוחל זײַן!..

אָט דעם מענטשן, וויל איך אַז איר זאָלט זען! און איר דאַרפט אים זען, ניט אַלס זײַנס אַ קאָלעגע און אַרעסטאַנט — נאָר אַלס איד! אַלס מענטש! איך האָב שוין מיט אים גערעדט וועגן אײַך! ער וועט אײַך אויפנעמען! איך האָב אים ספּעציעל ווידער איבערגעפירט אין טיורמע־שפּיטאָל, אין אײַער „היימיש" צימערל, וואו איר וועט קאָנען זײַן מיט אים רואיק וויפל איר ווילט אַליין! נו! גייט! און פּטר'ט נאָך אַ טאָג!

אך! יאָ! אפשר וועט איר ביי אים קאָנען פּועלן אַז ער זאָל אָנהויבן עסן — טוט עס! עס איז אַ גרויסער רחמנות אויף אים!..

---

ווען איך האָב געעפנט דאָס טירל פון צימערל 17 פון טיורמע־שפּיטאָל און נאָך איידער איך האָב אויפגעהויבן די אויגן אָנקוקן דעם אַרעסטאַנט 949 — איז מיר אויסגעשטרעקט געוואָרן אַ וואַרימע האַנט און אַ היימיש אידיש קול האָט אויסגערופן

— שלום עליכם!.. וואָס מאַכט אַ איד? ביטע! זיצט!

ווען מיינע אויגן האָבן דערזען דעם אַרעסטאַנט בין איך געבליבן שטיין ווי פּאַראַליזירט! איך האָב דערזען פאַר זיך אַ היימישן מענטשן אַ היימישן אידן פון דער היימישער אידישער געזעלשאַפט, אַ אידן וואָס מיר האָבן געטראָפן אויף אַלע אידישע פאַרזאַמלונגען אויף צענד־ליקער פאַרוויילונגס־פלעצער און אויף הונדערטער באַנקעטן!.. אמת! שוין לאַנג אַז איך האָב אים ניט געזען! אָבער — ווער האָט עס גע־קאָנט טראַכטן אַז ער איז אויף אומזיסטע קעסט און ער האָט שוין אויך אומזיסטע מלבושים!..

איך האָב געוואָלט אָנהויבן רעדן! פרעגן און פרעגן! אָבער די צונג איז צוגעבינדן צום גימען!

אָבער! איין מאָמענט! פון ווען אָן טראָגט ער אַ באָרד און פאות? פון ווען אָן איז ער פרום! וויפל מאָל האָב איך אים געזען און געטראָפן עסן טרפות! עסן און טרינקען אין אַ האָטעל! אז דאַכט זיך, פון קיין מקום קדוש האָט ער אויך ניט געהאַלטן — אַ חוץ, אפשר, ראש השנה און יום־כפור!..

דאָס אַלעס ליגט אויף דער צונג צו פרעגן, אָבער די צונג רירט זיך ניט! איך בין איבעראַשט מיט אָט דער באַגעגעניש!..

אַך! יאָ! נאָך אַ זאַך! ער האָט דאָ אַזאַ פאַרצווייגטע פאַמיליע! איך קאָן זיין פרוי, זיינע קינדער! געווען אפילו אויף אַ חתונה ביי זיינס אַ טאָכטער — איך בין געווען פאַרבעטן פון התנם־צד — און די חתונה איז געפּראַוועט געוואָרן מיטן גרעסטן לוקסוס! אין רייכסטן סאַ־לאָן! העכער טויזנט געסט! די טייערסטע מלבושים! און חתן־כלה זע־נען אָפּגעפלויגן קיין אויסלאַנד אויף זייער האָניק־חדש! יאָ! ער האָט שוין אייניקלעך אויך! ער האָט געפּראַוועט אַ ברית ביי זיין ערשט איי־ניקל, האָט דער ברית אָפּגעקאָסט אַ פאַרמעגן!

ווי זשע קומט ער איצט אַ הער? פאַרוואָס „זיצט” ער? וואָס איז מיט אים געשען?

— אַרעסטאַנט 949 פאַרשטייט וואָס איך טראַכט! ער איז צופרידן וואָס איך האָב ניט געוואוסט אַז ער זיצט שוין אַ יאָר און דאַרף זיצן נאָך אַ דריי יאָר! עס האָט אים געקאָסט דאָס לעצטע העמד צו באַ־וואָרענען אַז אין די צייטונגען זאָל מען ניט שרייבן וועגן אים! מען זאָל ניט וויסן וואָס מיט אים איז געשען! אפילו זיינע נאָענטע שכנים פון דעפּאַרטאַמענט הויז, ווייסן ניט וואוהין ער איז אַהין געקומען! מען מיינט אַז ער איז אין אויסלאַנד! ער האָט דערלויבט דעם אַל־קאַלדע — זיין איינציקן פריינט אין לעבן אין וועמען ער פאַרטרויט זיך — ער האָט אים דערלויבט מיר צו דערציילן וועגן אים און מיך אריינ־

פירן אהער! איך דאַרף אים אָבער געבן אַ שבועה באַ אַט דעם ספר — דערביי לייגט ער מיר אַוועק אויפן טישעלע אַ... „שלחן ערוך״ — אַז איך וועל וועגן אים ניט רעדן און ניט שרייבן! ניין! שרייבן — וויל ער יאָ, אַז איך זאָל שרייבן! פונקט פאַרקערט! ער האַלט אַז איך וועל טון אַ גרויסע זאַך מיט באַשרייבן וואָס מיט אים איז געשעען! נאָר וואָס דען? איך טאָר זיין נאָמען ניט אָנגעבן אַפילו דורך אַ רמז! אַ קליין, פּיצעלע סמנ׳דל טאָר איך ניט אָנווייזן!

און — איך האַלט מיין וואָרט! דעם אַרעסטאַנטס 949 נאָמען בלייבט פאַר אונז און אייך: אַ ר ע ס ט אַ נ ט 949!

— — — — — — — — — — — — — — —

ווען איך זאָל אייך וועלן געבן דעם בעסטן ענטפער אויף אייער פראַגע: — ווי אַזוי קום איך אַהער? — וואָלט דער ענטפער געדאַרפט זיין:

— ווייל איך בין געווען אַ ב אַ ר י מ ע ר!

אָט אַזוי ווי איר הערט! איך בין געווען אַ באַרימער, אַ גרויסער אויסשטעלער — און אָט איז דער רעזולטאַט דערפון!

אַ באַרימער בין איך געווען מיין גאַנץ לעבן! ווען איך האָב פאַרדינט אַלס קינד צען גראָשן פאַר אָפּטראָגן עמיצן אַ פּעקל אַהיים — האָב איך זיך פאַר מיינע חברימלעך באַרימט אַז די פּריצע האָט מיר געגעבן פופציק גראָשן! איך האָב ליב געהאַט אַז מען האָט מיך מקנא געווען! שפּעטער, ווען איך בין געוואָרן אַ בחור און אָנגעהויבן אַרומגיין מיט מיידלעך — האָב איך זיי איטלעכן פאַרדרייט דעם קאָפּ מיט מיינע, נישט געשטויגענע און ניט געפלויגענע באַרימערייען! היינט האָב איך זיך באַרימט אַז איך האָב פאַרדינט אַ מאַיאָנטעק און מאָרגן אַז לענין אַליין וויל מיך מאַכן פאַר זיינעם אַ ראַט-געבער, נאָר איך וויל ניט אָנעמען!..

מיין פרוי, וואָס האָט געזאָלט זיין מיין באַשערטע אויפן גאַנצן לעבן — ניט בלויז ביז יענעם טאָג ווען מען האָט מיך אין קייטן אַוועקגעפירט פון די טריבונאַלן — מיין פרוי איז — אַלס מיידל געווען די גליקליכסטע אין אונזער שטאָט ווען איך האָב זיך איר „דערקלערט״! עפּעס אַ קלייניקייט! אַזאַ אדם חשוב ביי אַלע גדולים!..

זעקס חדשים נאָך אונזער חתונה האָב איך — אַ דאַנק מיינע באַרימערייען — געמוזט עוקר זיין פון דער היים! ווייזט אויס אַז עס איז אָנגעקומען אין די„ הויכע פענסטער״ עפּעס פון מיינע באַרימערייען, ווי למשל, אַז איך וועל בעטן לענינען אַז ער זאָל אַראָפּזעצן דעם קאָמיסאַר — איך האָב זיך אַזוי באַרימט — און ווען מען איז מיך געקומען „נעמען״, האָב איך זיך אַרויסגעראַטעוועט ווי דורך אַ נס אַרויסשפּרינ-

גענדיק דורך אַ פענסטער! אַ צווייט גליק מיינס איז געווען, וואָס דער מיליציאָנער וואָס איז מיך געקומען „נעמען" — איז געווען מיין פרוים אַ ווייטער קרוב און ער האָט זיך געמאַכט ניט זעענדיק ווי איך שפּרינג דורך אַ הינטשערשט פענסטער!..

אין אַ יאָר אַרום האָב איך אַרויסגעפּאָדערט מיין פרוי מיט אונזער קינד פון עטלעכע חדשים! איך האָב גענעמען אַ שיפסקאַרטע אויף אויסצאָלן! אָבער, פאַר מיין פרוי האָב איך זיך באַרימט אַז איך בין שוין אַ גאַנצער עושר!..

און אַזוי איז געגאַנגען מיין גאַנץ לעבן! איך האָב — איר'ט מיר מוחל זיין — געשוויצט און גערעשט אַזוי, אַז יעדער איז געווען זיכער אַז איך פאַרדין טויזנטער אַ טאָג! אין דער אמת'ן — בין איך געווען אויף געהאַקטע צרות! איך האָב געדרייט מיט דער וועלט ווי עס דרייט זיך אַ חנוכה־דריידל! איך האָב געהאַט אַ טשעקן ביכל און געשריבן און געביטן! געביטן און געשריבן! איך האָב געדאַרפט האָבן אַ מינים־טאָרישן קאָפּ אויף זיך אויף צו געדענקען אין וועלכער באַנק ווערט מאָרגן פעליק אַ טשעק וועלכן איך האָב אַרויסגעגעבן צוריק מיט אַ חדש!!

עס איז געקומען די צייט וואָס איך האָב געדאַרפט חתונה מאַכן האָב איך עס געמאַכט מיטן גרעסטן טראַסק! ס'הייסט ווי קאָן דען אַנדערש זיין?.. אַז גאָט האָט מיר נאָך געהאָלפן אַזאַ פיינעם, אַזאַ גע־הויבענעם מחותן ווי דער ה' א־ן! נו! ווי זשע קאָן אָנשטיין מיין טאַטן צו פּראַווען אַ חתונה אין די פּראָסטע געוויינלעכע סאַלאָנען און אידי־שע קעלנער זאָלן חלילה סערווירן געפילטע פיש מיט כריין! פע! ניט שיין! איך פּראַווע די חתונה אין גרעסטן אַריסטאָקראַטישן סאַלאָן, עס קאָסט מיך אָפּ אַ פאַרמעגן! עס קאָסט אָפּ אַ צווייט פאַרמעגן דער אויס־שטייער פון דער טאָכטער און די מתנה פאַרן חתן! איך נעם אַלעס: אָדער אויף פּאַגאַרעען אָדער איך געב אַרוים טשעקן! און מיין פרוי? צי האָט זי ניט געוואוסט ווי איך האַלט אין דער אמתן? און די טאָכטער מיינע און די איבעריקע קינדער? זיי האָבן דען ניט געוואוסט אַז איך קאָן אַזוי ניט ווארפן זיך מיט קיין טויזנטער? זיי האָבן דען ניט גע־וואוסט אַז אַלע מיינע באַרימערייען אַז איך האָב היינט פאַר־דינט 50 טויזנט פּעזאָס מעקלעריי ביי פאַרקויפן אַ שטוב, איז בלויז בלאָף און באַרימעריי! צי האָבן זיי דען ניט געוואוסט אַז די לעצטע עט־לעכע חדשים האָב איך קוים אויסגעאַרבעט פּרנסה? צי למשל, איך האָב געלאָזט צירקולירן אַ קלאַנג, אַז די „גראַנדע" פון מיליאָן איז אַריינגע־פאַלן צו מיר! צי האָט דען מיין פרוי און מיינע קינדער ניט געוואוסט

אַז... איך האָב אַפילו קיין צעטעלע ניט געהאַט!.. דאָך האָבן זיי גע־האָלפן פאַרשפּרייטן דעם קלאַנג, כדי זיי זאָלן קריגן אַ גרעסערן קרע־דיט אין די געשעפטן וועלכע האָבן אָפּגעשיקט די סחורה אַהיים, ניט פרעגנדיק אויף קיין געלט!..

וואָלט איך געהאַט אַן אַנדער כאַראַקטער — וואָלט איך אפשר זיך געווען גענעמען אין די הענט און וואָלט פאַרשטאַנען אַז אין אַ ליאַדע טאָג וועט אַלעם פּלאַצן! חוץ דעם, האָב איך גלאַט געדאַרפט אַ טראַכט טון: — וואָס וועט זיין דער סוף? איך האָב אָבער ניט געטראַכט! אַנ־שטאָט זיך אָפּשטעלן — בין איך טיפער געקראָכן! איך האָב אָנגעהויבן שפּילן אין קאָרטן, אין פּאָקער, און זיך באַרימט אַז איך האַלט אין איין געווינען — ווען אין דער אמת׳ן — האָב איך זעלטן געוואונען, ווייל איך בין געזעסן נערוועאיש! איך האָב געצאָלט מיט טשעקן אויף שפּעטערדיקע דאַטעס! אין צווישן צייט האָב איך געביטן דאָ, געדרייט דאָרט, געביטן ביי אַ דריטן און אַזוי געגאַנגען ווייטער! שפּעטער האָב איך זיך גענעמען צו אַ צווייטן פּאַך — שפּילן אין דאָמינאָ! אַ הונדער־טער אַ קאָן! איינמאָל געוואונען, דריי מאָל פאַרשפּילט ביז...

נו! ביז עס איז געקומען דער טאָג! איך האָב שוין ניט געהאַט קיין אויסוועג! אין גאַס זענען געווען מיינע טשעקן אפשר אויף צוויי הונ־דערט טויזנט פּעזאָס! פּאַגאַרעען — אויף ניט ווינציקער! דעם עמפּרע־סאַר פון מיין טאָכטערס חתונה האָב איך געגעבן אַ פּאַגאַרע אויף שפּעטער מיט דריי חדשים! דערפאַר האָב איך אים צוגעשריבן צום פּאַ־גאַרע אַ מתנה פאַר זיין גוט סערווירן... פינף טויזנט פּעזאָס! האָט ער גאָרניט געזאָגט און אָנגענומען דעם פּאַגאַרע! דאָס זעלבע איז געווען מיטן מוזיק־דירינגענט! אַ טשעק אויף שפּעטער מיט אַ חדש און... אַ איבעריקן טויזנטער „טרינק־געלט״! און אַזוי מיט אַנדערע!

איך האָב ניט געוואַרט אַז די אַלע טשעקן מיט די פּאַגאַרעען זאָלן אויף מיר אַרויפפאַלן און די שטאָט זאָל קלינגען מיט מיר! איך בין אַוועק צו אַ קרימינאַל־ריכטער אים דערציילט מיין גאַנצע געשיכטע און אים דערלאַנגט ביידע הענט ער זאָל אָנטון קייטעלעך! צוליב דעם וואָס איך האָב זיך אַליין פּרעזענטירט האָב איך געבעטן בלויז איין באַלוינונג:

ניט מאַכן קיין רעש פון מיין אַרעסט! ניט צעוויסן געבן די צייי־טונגען!

איך האָב שטאַרק געוויינט פאַר אים, געפאַלן אים צו די פיס און געבעטן מיך משפּטן ווי אַזוי ער וויל — נאָר ניט ברענגען קיין שאַנד אויף מיינע קינדער און אייניקלעך!

ער האָט געהאַלטן וואָרט! נאָך מער! ער האָט געטון מיט מיר נאָך אַ גרעסערן חסד! ער האָט מיר... פאַרביטן מיין פאַמיליען נאָמען! אויך דאָ אין טיורמע פיגוריר איך מיט אַ שלעכט-פאַרגרייזטן נאָמען, אַזוי אַז ווען עס קומט צו דער עפנטלעכקייט וואָלט מען פון מיר ניט געוואוסט!

אַרעסטאַנט 949 טראַכט אַביסעלע און זעצט פאָר:

ווען מען האָט מיך געבראַכט אַהער האָב איך — אויף איין מינוט — חרטה געהאַט אויף מיין טאַט! איך האָב, פון ריכטערס קאַבינעט גערעדט טעלעפאָניש אַהיים און געמעלדעט מיין לאַגע, געבעטן די פרוי און קינדער אַז זיי זאָלן זיך קומען געזעגענען מיט מיר! מען האָט מיר געזאָגט אַז מען וועט מיך אַוועקשיקן אין אַ טיורמע ווייט ווייט פון דאַנען ערגעץ אין וויטן דרום! איך האָב געוואָלט זען מיין פאַמיליע איידער איך פאָר אַוועק — אָבער זיי זענען ניט געקומען!.. ווען מען האָט מיך געבראַכט אַהער און איך בין אָפּגעווען די ערשטע עטלעכע טעג אונטער די גראַטעס — האָט מיר באַנק געטון פאַרוואָס איך האָב זיך איבערגעגעבן און בין בעסער ניט אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד!.. אָבער — עס איז מיר באַלד איבערגעגאַנגען! וואָס עס האָט מיך שטאַרק ווי געטון און פון וואָס איך האָב געליטן אומגעהויער איז — פון ניט קאָנען באַצאָלן די יעניקע אָרימע מענטשן וואָס איך האָב באַרויבט און געפּראַוועט אויף זייער חשבון, מיין טאָכטערס חתונה! עטלעכע נעכט האָב איך זיך אויפן געלעגער געקאַטשעט ווי אַ שלאַנג! איין נאַכט בין איך אַנטשלאָפן געוואָרן אַ מידער פון ניט שלאָפן! און איך האָב געזען זייער אַ גוטן חלום! איך בין אויף דער פריי, איך פאַרדין געלט, כ'האָב געקויפט אַ צעטעלע מיט אַ „949" און איך האָב געמאַכט די גראַנדע אַ פערטל מיליאָן פעזאָס! איך האָב מיט דעם געלט באַצאָלט אַלע חובות פון מיין טאָכטערס חתונה! איך האָב נאָר ניט געצאָלט די פאָקער און דאָמינאָ חובות!

דעם אַנדערן טאָג ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט האָט מען מיר גערופן אין דער אַדמיניסטראַציע און געגעבן מיינע טיורמע מלבושים — איך גיב אַ קוק — מען האָט מיר געגעבן דעם נומער „949"! איך האָב אויפגעטאַנצט פאַר פרייד! הייסט עס אַז מיין חלום וועט פאַרווירקלעכט ווערן! ס'איז דאָ אַ גאָט אין הימל! ער האָט רחמנות אויף מיר! אין יענער רגע בין איך אַריינגעפאַלן אין אַ רעליגיעזן עקסטאַז! איך האָב געפילט אַז עפּעס איז מיר געשען! איך האָב זיך אַ נדר געטון זיין פרום! פרום, ווי מיין פאָטער און זיידע — דער רב פון שטעטל און גרויסער גאון — איז געווען! איך האַלט מיין שבועה! איך בין שטרענג פרום איך דאַוון אַלע טאָג און לערן שלחן ערוך! איך האָב געבראַכט אַהער אָט די ,חפצים! נאָך אַ אצבע אלקים איז — וואָס

זיצנדיק אין דעם קאַרצער פון די טריבונאַלן — האָב איך זיי דאָרט געפונען! ווייזט אויס אַז עמיצער האָט זיי דאָרט ספּעציעל איבערגעלאָזט פאַר מיר! אפשר טאַקע אליהו הנביא!..

אָט דאָס איז מיין געשיכטע! די געשיכטע פון אַ אידן אַ גרויסן באַרימער, וואָס זיין באַרימעריי האָט אים געבראַכט צו בייטן זיין נאָמען אויף אַ נומער 949! אויב איר וועט שרייבן וועגן מיר, שטרייכט אונטער וואָס עס קומט אַרויס ווען מען לעבט אָן אַ חשבון, וואָס עס קומט אַרויס ווען מען נאַרט יענעם און מען נאַרט זיך אַליין!.. וואָס עס קומט אַרויס פון... באַרימעריי! זאָלן זיי וויסן וואָס עס קומט אַרויס ווען מען שפּילט אין קאָרטן און מען האָט ניט קיין אייגן געלט צו פאַרשפּילן! און אַז מען האָט שוין אייגן געלט —איז דען בעסער? בלייבט מען ערשט דערנאָך אַן עני ואביון דערפון!..

— — — — — — — — — — — — —

איך שטיי שוין ביי דער טיר איך האָב אים שוין לאַנג געגעבן די האַנט און ער האָט מיר געענטפערט עליכם שלום! ער בעט מיך איך זאָל אים מוחל זיין וואָס ער קאָן ניט נאָכגעבן מיין ביטע און... עסן אַביסעלע מער — ספּעציעל זאָל ער טרינקען מילך, עסן קאַרטאָפל מיט דער שאָלעכץ, עסן געקאָכטע אייער! ער טענה'ט אַז עס איז טרפ'ת אָבער — ער וועט טראַכטן וועגן דעם! שוין ביים אַוועקגיין, געב איך אים אַ פרעג דאָס, וואָס איך האָב געזוכט די גאַנצע צייט אויסצומיידן:

נו! און אייער פרוי? אייערע קינדער? קומען זיי ניט צו אייך? צי אפשר לאָזט איר זיי ניט צו צו אייך?..

— אַרעסטאַנט 949 ווערט ערנסט און טרויעריק! נעמט אַרויס זיין טיכעלע און ווישט זיך דעם שטערן, ווישט אָפּ אַ קאַלטן שוויים און ענטפערט שטיל:

אויף מיין פרוי בין איך ניט ברוגז, וואָס זי האָט זיך אָפּגעוואָרפן פון מיר, באַלד, די ערשטע מינוט, וואָס זי איז געוואוירע געוואָרן אַז איך האָב זיך איבערגעגעבן דעם ריכטער! זי האָט זיכער געגלויבט אַז מען וועט מיר געבן אייביקע טיורמע! וואָס זשע דאַרף זי האָבן אַזאַ מאַן! זי האָט אויפן דריטן מאָנאַט פון מיין אָנקומען אַהער אַרויסגעקראָגן אַ גט ערגעץ פון אַ „ווינקל רב" און מיר אים איבערגעשיקט אַהער מיט אַ „שליח"! איך האָב דעם גט אָנגענומען באהבה! איך האָב דעם אידן, דעם „שליח מצווה" געהייסן זאָגן מיין פרוי אַז איך בין איר מוחל און שענק איר אַוועק אַלעס וואָס איך האָב אין שטוב אַ חוץ מיינע מלבושים וועלכע זי זאָל שיקן אין מושב זקנים און, אידן זאָלן זאָגן אַ

קאַפּיטל תהלים לכבוד מיר צי זי האָט אַזוי געטון — ווייס איך ניט און וויל ניט וויסן!

אָבער די קינדער? ווי קאָנען עס קינדער אַזוי פאַרגעסן אין אַ טאַטן? ווי קאָן מען?.. ווי מעג מען?..

— — — — — — — — — — — — — — — —

ביים אַוועקגיין בעט מיך דער אַלקאַלדע — אין נאָמען פון אונזער געשאַפּענער פריינטשאַפט — אַז ווען איך וועל אָנשרייבן אָט די רעפּאָרטאַזשן וועגן די אַרעסטאַנטן זאָל איך עס אים איבערזעצן אין דער לאַנדעס-שפּראַך און עס אים צושיקן!

איך האָב עס געטון מיט פאַרגעניגן, אויף וועלכע איך האָב באַקומען פאָלגנדע תשובה:

„חשובער שרייבער! געלייענט מיט פאַרגעניגן אייערע געשפּרעכן און די ווידוס פון די אַרעסטאַנטן 363, 399 און 949. איך לייג צו אייער באַשרייבן צו זייער „עקספּעדיענטע". ווען די קאָמיסיע וואָס אינטערעסירט זיך מיט דער אויפירונג פון די אַרעסטירטע וועט עס לייענען — וועט עס אַ סך העלפן צו זייער שנעלער באַפרייאונג!

איין זאַך בין איך זיכער מיט אייך מסכים: ניט בלויז די וואָס זיצן אין טיורמע און וואָס טראָגן אַ נומער, זענען די איינציקע שולדיקע אין באַגאַנגענעם פאַרברעכן פאַר וועלכן זיי קומען אָפּ! די אמת שולדיקע שפּאַצירן אַרום —ליידער — אויף דער פריי"...

# אויב מען וויל וואוינען מיט אויסגעגעבענע קינדער אין איין הויז, דאַרף מען קאָנען: זען, הערן און שווייגן...

דאָס אַלטע און אייביקע פּראָבלעם. די אַלטע און אייביקע פראגע: מישן זיך אין לעבן פון די אויסגעגעבענע קינדער, זאָגן זיי דעות, געבן זיי עצות, ווי אַזוי זיי זאָלן לעבן, ווי אַזוי זיי זאָלן זיך פירן!

וויפל פאַמיליען-טראגעדיעס זענען דערפון שוין אַרויס? וויפל ברוגזע שוויגער — שניר, שווער — איידעמס, און אפילו מאַמע — טעכטער זענען פאַראַן אויף גאַנס ערד, וואָס דער איינציקער מאָטיוו פון זייער רוגז, פון זייער קריג איז:

די עלטערן האָבן זיך געמישט אין דעם לעבן פון די קינדער!

די וועלט האַלט, אַז שטענדיק זענען שולדיק די עלטערן! זיי — ווילן ניט פאַרשטיין, אַז קומענדיק צוריק פון דער חתונה-נאַכט האָט זיך אויפגעהערט זייער „מיסיע” צו זאָגן דעות די קינדער!

פרוי ט. ש. —, וועלכע זיצט איצט מיט אונז און דערציילט איר „טראגעדיע”, — האַלט אַנדערש! זי דענקט אַז זי האָט נאָך איצט — מער ווי פריער — דאָס רעכט זיך צו מישן אין לעבן פון אירעביידע אויסגעגעבענע קינדער! זי האָט „וואָגיקע” מאָטיוון:

איין קינד — איר טאָכטער, וואוינט מיט איר צוזאַמען, זיי — דאָס הייסט טאָכטער און איידעם, צאָלן ניט קיין דירה געלט, — כאָטש דער איידעם פאַרדינט גוט און האָט געלט אין באַנק. אַ חוץ ניט צאָלן קיין דירה געלט — עסן די קינדער ביי איר אַלע שבת און זונטיק און... דריי-פיר מאָל אין דער וואָך — „גלאַט אַזוי”...

אָבער לאָמיר לאָזן רעדן פרוי ט. זי זיצט אַ פאַרטרויערטע, אַ פאַרצווייפלטע, וויל זיך אַראָפּרעדן פון האַרצן, וויל אַז... מיר זאָלן איר צוגעבן גערעכט! לאָמיר הערן וואָס ז י האָט צו זאָגן און דערציילן:

---

איך האָב געלעבט גליקלעך מיין גאַנץ לעבן — הויבט אָן די „אומגליקלעכע” מוטער צו רעדן. איך האָב אַ ליבן מאַן — וועלכער איז טאַ-

קע ניט קיין גרויסער גביר — אָבער מיר האָבן געלעבט זייער באקוועם און אויף אַ ברייטן אויפן. מיר האָבן דריי קינדערלעך און פון קינדווייזאָן, האָט זיי קיינמאָל גאָרניט געפעלט! זיי זענען געוואַקסן געוואָרן ווי די רייכסטע קינדער פון שטאָט! עס איז ניט געווען טייער קיין שפּילצייג פאַר זיי און דערנאָך ווען זיי זענען עלטער געוואָרן האָבן זיי זיך געקליידעט ווי מיליאָנערסקע קינדער!

איך דאַרף אייך מודה זיין! ניט שטענדיק האָט מיין מאַן גוט פאַרדינט! ניט שטענדיק האָב איך געקאָנט נאָכגעבן מיינע קינדערס קאַפּריזן! איך האָב אָבער געטון איבער מיינע כוחות און געזען אַז עס זאָל זיי גאָרניט פעלן!..

מיינט איר אפשר, אַז איך האָב שטענדיק געהאַט פאַרגעניגן פון זיי? איך בין געווען — און בין אפשר געבליבן — אַ נאַרישע מאַמע! טאַמער איז מיין זינדעלע אָדער מיין טעכטערל אַזוי גיך ניט אַהיים געקומען — האָט מיר שוין געקלאַפּט דאָס האַרץ, איך האָב שוין איבערגעטראַכט דער רוח וויים וואָס! מיין מאַן פלעגט פון מיר לאַכן, פלעגט לאַכן פון מיין צו גרויסער געטריישאַפט און אַפט, אָפט, האָט ער מיר געשטעלט די פראַגע, פאַר וועלכע איך האָב שטענדיק געציטערט און וועלכע איך האָב ניט געוואָלט ברייגנען אויף מיינע ליפּן און אפילו ניט צולאָזן אין די געדאַנקען:

— „און וואָס וועט זיין ווען די קינדער וועלן חתונה האָבן און וואוינען באַזונדער, וועסטו דעמאָלט אויך ניט אַנטשלאָפן ווערן, ווייל דו וועסט טראַכטן בלויז וועגן זיי"...

דער געדאַנק, אַז די קינדער וועלן חתונה האָבן, אַז זיי וועלן וואוינען באַזונדער, אַז זיי וועלן ניט זיין אונטער מיין אויפזיכט — האָט מיר שטענדיק געערבערגט מיין מוח! איך האָב זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז איך וועל זיין צעשיידט פון די קינדער, אַז די קינדער וועלן ניט עסן ביי מיין טיש, אַז איך וועל זיי ניט צוגרייטן דעם פרישטיק פאַרן אַוועקגיין צו דער אַרבעט-אָדער די גלאָז הייסע מילך איידער מיין טעכטערל לייגט זיך שלאָפן!.. און איך האָב געגעמען שטרעבן צו אַ זאַך:

אויב ניט אַלע דריי קינדער — איז, לפּחות, מיין טעכטערל מוז וואוינען מיט מיר צוזאַמען! איך האָב אָנגעהויבן רעדן מיט מיין מאַן וועגן דעם — אָבער ער האָט ניט געוואָלט הערן דערפון! ער וויל חתונה מאַכן די קינדער און וויל זיי האָבן פון דער ווייטנס! ער וויל פאָרן צו זיי צו גאַסט! ער וויל... בענקען נאָך זיי! בענקען נאָך די אייניקלעך וואָס וועלן קומען! אַז זיי וועלן וואוינען צוזאַמען מיט אונז — וועט ער אַט דאָס פאַרגעניגן ניט האָבן!.. בכלל — האָט ער געטענה'ט — איז ער מיד

און וויל, אויף דער עלטער, לעבן, אַן רעש און טומל אַרום טיש — סיידן ווען די קינדער וועלן קומען צוגאַסט!

איך דאַרף אייך ניט דערציילן: אויסגעפּירט — האָב איך! ווען מייגע קינדער האָבן נאָך ניט געטראַכט פון חתונה האָבן, האָבן מיר געקויפט אַ אייגן הויז און פון אויבן — צוגעבויט אַ אויבערשטן שטאָק, און ווען אַלעס איז שוין געווען פאַרטיק — האָט מיין טעכטערל אונז אָנגעזאָגט די בשורה אַז זי גייט שוין מיט אַ בחור און וויל אים אונז פאָרשטעלן!

אַ שאָד וואָס איר זענט ניט קיין... פרוי! אַלס מאַן — קאָט איר ניט פילן וואָס איך האָב געפילט אין יענעם טאָג ווען מיין טעכטערל — ליגנדיק בייטאָג מיט מיר אין בעט — האָט מיר — פון פרוי צו פרוי — דערציילט וועגן בחור, וועגן זיינע גרויסע מעלות וואָס ער פאַרמאָגט און ווי זיי זיינען פאַרליבט איינס אין אַנדערן!

ווען זי האָט אונז, אין עטלעכע טעג אַרום, געבראַכט דעם בחור אין שטוב איז ער אונז געפעלן געוואָרן און מיר האָבן געגעבן אונזער צושטימונג! צו אונזער גליק איז קיין גרענעץ ניט געווען, דערהויפּט נאָך, ווען מיר זענען געוואוירע געוואָרן, אַז דער בחור קומט אַרויס פון זייער פיינע עלטערן, אָבער... אָרימעלייט! גרויסע אָרימעלייט! און זייער איינציקער אויסהאַלטער — איז אָט דער בחור!

ווען מיר זענען שוין געוואָרן היימישער מיטן צוקונפטיקן חתן, האָבן מיר אים פאַרזיכערט אַז מיר וועלן זען העלפן זיינע עלטערן זיך שטעלן אויף די פיס און זיי זאָלן ניט דאַרפן אָנקומען צו אים!..

אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָבן מיר געפּראַוועט אַ גרויסאַרטיקע שמחה — אַ קנס'ן־מאָל און אין 8 חדשים אַרום — אַ גרויסאַרטיקע התונה!

אויב עס איז נאָך געווען ווייניק אונזער גליק! האָט אונז אונזער עלטערער זון בעקאָנט מיט אַ שיינער אינטעליגענטער, פריילן און מיר האָבן אים אָפּגעגעבן מזל טוב מיט זיין געלונגענעם זיווּג!

וואָס זשע וואָלט מיר איצט געפעלט אויף מיינע עלטערע יאָרן? דערלעבט נחת ביי אַלע קינדער, כ'לעב זיך, גליקלעך, מיט מיין מאַן, קיין פּרנסה און אַפילו כבוד פעלט אונז ניט, לאָזט זיך אויס אַז... מיין מאַן איז געווען גערעכט! ניט געווען געדאַרפט אַזוי פיל זיך מקריב זיין, כדי די קינדער — מיין טאָכטער זאָל וואוינען מיט אונז צוזאַמען! איך קום אַרויף צו איר, איך וויל זי לערנען זיין אַ בעל הבית'טע, איך וויל זי לערנען ווי אַזוי מען דאַרף זיך פירן מיט איר מאַן, כדי צו האָבן אַ גליקלעך לעבן ווי איך האָב. אָבער — וואָס איך ווייז איר אָן — איז

זי ניט צופרידן! זי טענה'ט, אַז זי איז שוין אַ זעלבשטענדיקע, קאָן שוין איר שטעטל אַליין באַשטיין און, — ניט נאָר זי לאָזט זיך ניט לערנען — נאָר זי ווערט נאָך ברוגז וואָס איך זאָג איר עפּעס!

צוריק מיט אַ פּאָר חדשים איז צווישן אונז פאָרגעקומען אַ ערנס־טער ריס אין אונזערע באַציונגען!

ווען זי איז געווען אונטער מיין אויפזיכט — האָב איך זי ניט געלאָזט עסן קיין געפרעגלטע זאַכן און ספּעציעל האָב איך איר ניט גע־געבן קיין סאַרדינעס, סאַלסעס, און אַנדערע זאַכן וואָס קומען צו מיר אין שטוב אפילו ניט אַריין!

דאַרף זיך פונקט טרעפן אַז איר מאַן איז אַ גרויסער ליבהאָבער פון אָט די זאַכן! אַ גאַנצן טאָג וואָלט ער געגעסן הערינג מיט ציבעלעס אָדער סאַלטשיטשעס מיט זויער קרויט, אָט דאָס, וואָס פאַר מיין טאָכ־טערס מאָגן איז דאָס אַ סם!

האָב זשע שכל, בהמה איינע, דערצייל אים אַז דו טאָרסט עס ניט עסן, און זאָל ער אויפהערן צו ברענגען אָט די זאַכן אין שטוב אַריין! ניין! זאָגט זי ניט, און ביים טיש — עסט זי גלייך מיט אים און דער סוף איז — אַז זי דאַרף לויפן צום דאָקטאָר!..

צי למשל, איר מאַן איז אַ ליבהאָבער פון... קרעפּלעך מיט קעז אָדער אַנדערע מאכלים וואָס מען דאַרף שטיין אין קיך און זיך פּאָרען גאַנצע שעה'ן וואָלט איר געמעגט זען ווי זי שטייט און האָרעוועט נעבעך אויף די קרעפּלעך אַז עס גיסט זיך שוויים פון איר!

נו! וואָס דאַרף אַ געטרייע מאַמע טון? — איך בין אַרויפגעגאַנגען צו איר אויבן, אָפּגעוואַרט אַז דער מאַן איז געקומען פון דער אַרבעט און אים פאָרגעוואָרפן, הלמאי, סע גלוסט זיך אים אַזעלכע מאכלים וואָס מאַכן קראַנק אַ געזונטן מענטשן בפרט נאָך מיין טעכטערל וואָס איז ניט אַזאַ גבר... און נאָך אַ פּאָר זאַכן האָב איך אים געזאָגט... מיינט איר, וואָס האָט געטון מיין טעכטערל? זי האָט מיך אָנגענומען ביי דער האַנט און מיך... פּשוט — אַרויסגעפירט פון „איר" שטוב! פּשוט אַרויס־געשטופּט! נאָך, מיט אַ מין כעס, מיט אַזעלכע דבורים... — איך האָב זי קיינמאָל ניט געהערט אַזוי רעדן! קיינמאָל ניט געהערט אַזאַ שפּראַך... איך בין אַוועק אַ פאַרוויינטע! געמיינט, אַז זי וועט מיך באַלד אַראָפּגיין איבערבעטן... ווייסעך! דריי טאָג האָט זי זיך ניט געוויזן פאַר מיר און ווען איך האָב געבראַכן מיין שטאָלץ, מיין אייגנליבע, און איך בין אַרויפגעגאַנגען צו איר — האָט זי מיך אויפגענומען קאַלט און גע־בעטן... זיך ניט מישן ווי אַזוי זי לעבט און וואָס זי עסט!..

אוודאי וואָלט איך זיך ניט געמישט ווען מיינע אויגן זעען ניט דעם

אומגליק!.. ווען איר זע ניט אַלע טאָג ווי זי סמ'ט זיך אָפּ מיט „סאַלסעס"
און געפּרעגלטס! ווי זי גייט אַוועק מיטן מאַן אַלע אויפּדערנאַכט אָדער
אין קינאָ אָדער אין טעאַטער, אָדער גלאַט צו חברטעס, פאַרברייינגען און
קומט אַהיים שפּעט נאָך אַ האַלבע נאַכט. זי מיינט אַז איך הער ניט ווען
זיי פאָרן אַרויף מיטן אַסענסאָר צו זיך! איך הער גוט! אַ מאַמעס האַרץ
שלאָפט ניט! איך הער אויך ווען זי שטייט אויף! זיבן אַזייגער איז זי
שוין אויף די פיס! זי שטייט אויף צו מאַכן איר מאַן אַ טרינק איידער ער
גייט אַוועק! האָב איך איר איינמאָל געזאָגט, אַז מיין מאַן האָב איך
קיינמאָל קיין טרינק ניט געמאַכט און פונקט פאַרקערט — ער פלעגט
מיר צוטראָגן — און ביז היינט צו טאָג טראָגט ער מיר צו די קאַווע מיט
מילך אין בעט אַריין! האָט זי מיר געגעבן ווידער אַ ענטפער אָפּ אַז עס
איז מיר געוואָרן פינסטער אין די אויגן! לויט איר מיינונג איז אַ זאַ
פרוי וועמען דער מאַן דאַרף צוטראָגן די קאַווע אין בעט אַריין, אָדער
אַ גרויסע נאַרישע בהמה, אָדער אַ אויסגנוצערן! כדי מיך גיט צו באַליי-
דיקן, האָט זי צוגעגעבן, אַז דאָס רעדט זי וועגן די יונגע, מאָדערנע
פרויען! וואָס איז שייך, ווי אַזוי אַמאָל איז געווען — וויל זי זיך פון
יענע יאָרן און פון יענעם לעבן קיין ביישפּיל ניט אַראָפּנעמען!..

אָט אַזוי פיר איך מיט איר אַ מלחמה און איך זע אַז איך וועל זי
אַזוי לייכט ניט געוואונען!

ערגער האָב איך מיט מיין זון! איך האָב אַ שנור, איז אויף גאָטס
וועלט קיין צווייטע ניטאָ! אַ קלוגע און אַ פיינע און אַ שטילע — קאָן
קיין הויך וואָרט ניט אויסרעדן! און ווען איך קום אַהין און איך ווייז איר
עפּעס, איך לערן זי עפּעס — הערט זי מיך אויס מיט גרויס אינטע-
רעס! איז דאָך גוט? טויג עס ניט! ווער איך געוואוירע, אַז ווי נאָר איך גיי
אַוועק, שפּילט זי אָפּ מיין זון — איר מאַן, די אמתע חתונה! זי וואַרפט
זיך אין בעט אַריין, וויינט און מאַכט סקאַנדאַלן, הלמאי איך זאָג איר
דעות, הלמאי איך ווייז איר אָן, ווי אַזוי מיין זון האָט ליב געהאַט אַז מען
זאָל אים פרעסן די העמדער, אָדער ווי אַזוי ער האָט ליב געהאַט אַז זיין
טיש זאָל זיין געגרייט!..

ווי אַזוי בין איך געוואוירע געוואָרן? טאַקע פון מיין זון! ער איז
געקומען צו מיר מיך בעטן, אַז איך זאָל אים ניט שטערן זיין שלום בית
און זאָל זיין פרוי ניט לערנען ווי אַזוי צו זיין אַ בעל הבית'טע!.. ער האָט
מיר געזאָגט אין אַזאַ טאָן, אַז עס האָט נאָך געפעלט אַז ער זאָל מיך
בעטן אַז... איך זאָל בכלל, אויפהערן קומען צו אים!..

דערפאַר האָב איך נחת פון מיין צווייטן זון! ניט מיין שניר, ניט
מיין זון אַרט, וואָס איך לערן זיי, וואָס איך געב זיי עצות ווי אַזוי צו

יעבן! נאָר וואָס זשע דען? — דערפאַר וואָס זיי הערן אוים מיינע עצות — הייסן זיי זיך „באַצאָלן"! מיט וואָס מיינט איר, דאַרף איך זיי באַצאָלן — איך ניאַנטשע זיי די צוויי קינדערלעך — מיינע טייערע אייניקלעך — וואָס זיי האָבן! אַ פּאָר מאָל אין דער וואָך, גייען זיי אָדער אין קינאָ אָדער אין טעאַטער — בלייב איך מיט די קינדער ביז זיי קומען צוריק!

די ערשטע צייט, פלעגן זיי קומען צו מיר פאַרן גיין אין קינאָ, אָפּעסן אָוונט-ברויט, פאַרשלעפּן די קינדער און זענען אַוועקגעגאַנגען! די קינדערלעך האָבן שוין געגעכטיקט ביי מיר! האָט, אָבער, מיין „אַלטער" אָנגעהויבן פּראָטעסטירן! ער וויל שלאָפן רואיק די גאַנצע נאַכט! ער איז שוין זייגס אָפּגעקומען ווען די אייגענע קינדערלעך זיינען געווען קליין! איצט — זאָלן די קינדער אויך פאַרזוכן דעם טעם פון ניט דערשלאָפן ביינאַכט, פון אויפשטיין אין מיטן דער נאַכט, נעמען דאָס קינד אויף די הענט און עס וויגן!..

איך האָב ניט געוואָלט אָנמאַכן אַ קריגעריי ביי מיר אין שטוב צוליב דעם! איך האָב נאָר פאַרגעוואָרפן מיין מאַן, אַז, ווייזט אוים, ער האָט ניט ליב זיינע אייניקלעך און איך האָב נאָכגעגעבן! ווען די קינדער ווילן גיין אין טעאַטער אָדער קינאָ — ג יי א י ך צו זיי, און — ווי אַ מאָל; אַמאָל, בלייב איך דאָרט נעכטיקן און אַמאָל — קום איך אַהיים! מיר וואוינען ניט ווייט!.. וואָס קומט מיר אַז איך האָב פּאָרט פאַרגעניגן דערפון? דערפאַר אָבער, ווען איך קום צומאָרגן צו מיין זון און שניר און איך לערן זי ווי אַזוי עפּעס צו קאָכן, אָדער איך ווייז איר עפּעס אין בעל־הבתישקייט — הערט זי מיך אוים און גיט מיר אַפילו אַ קוש פאַר דער עצה!..

מיין מאַן זאָגט מיר, אַז זי קושט פאַר... בלייבן נעכטיקן מיט די קינדער, פאַר זיין אַ געטרייע, אומזיסטע דינסט! אָבער — איך גלויב אים ניט! זי איז מיר דאַנקבאַר פאַר מיינע עצות — ניט ווי מיין טאָכטער...

ווי מיינט איר? דאַרף מען זיין אַ געטרייע מאַמע? דאַרף מען זיך מקריב זיין פאַר קינדער?...

— — — — — — — — — — — — — —

עס האָט געדויערט אַ היפּשע צייט ביז ה' —ל־ן איז געקומען צו זיך און... אויפגעהערט לאַכן! ווען מיר האָבן אים געענדיגט דערציילן די צרות פון זיין פרוי — האָט ער אָנגעהויבן לאַכן אַז ער האָט זיך ממש

געהאַלטן ביי די זייטן! די מענטשן אין אַריסטאָקראַטישן קאַפע־הויז אויף דער „פּלאַסאַ אַנסע" וואו מיר האָבן זיך געטראָפן האָבן געהאַלטן אין איין קוקן אויף אָט דעם מאָדנעם מענטשן וואָס לאַכט און לאַכט און הערט ניט אויף לאַכן!

ווען ער האָט זיך באַרואיקט, ווען ער איז „געקומען צו זיך" און ג ע ק אָ נ ט רעדן, האָט ער זיך צוגערוקט נאָענט צום טיש און אָנגע־הויבן רעדן:

— מיין פרוי — אַ האַרציקע געטרייע און איבערגעגעבענע מאַמע און פרוי — האָט אייך ניט דערציילט דעם גאַנצן אמת! זי האָט אייך ניט דערציילט אַז מיינע דריי קינדער פּלאַנעווען זיך אַרויסצוקלויבן פון דער שטאָט און זוכן ערגעץ זייער ברויט אין אינערן פון לאַנד!.. זי האָט אייך ניט דערציילט אַז מיין טאָכטער מיטן איידעם זענען צוריק מיט אַ פּאָר חדשים געפאָרן אין שכנה'שן לאַנד, כדי צו זוכן דאָרט עפּעס אַ געשעפט און איבערפאָרן אַהין!..

עס איז אומעגלעך פון איר אויסצוהאַלטן! און מער פון אַלע — לייד איך! איך בין דער גרעסטער קרבן פון מיין פרוים געטרײשאַפט צו די קינדער! ווען איך קום אַהיים — טרעף איך קיינעם ניט אין שטוב! פרי־ער האָב איך געוואוסט אַז איך דאַרף אַרויפאָרן אויפן אויבערשטן שטאָק און זי זוכן ביי מיין טאָכטער! איצט ווייס איך אַז איך דאַרף פאָרן צו מיינע קינדער! דאָרט וועל איך זי זיכער טרעפן!..

די ערשטע צייט, בין איך געווען אַ גרויסער נאַר און פלעג זי פאָרן אָפּנעמען! די לעצטע צייט בין איך געקומען צום שכל: איך גיין צו צום אייז־קאַסטן נעם אַרויס וואָס עס איז דאָ; עס אָפּ אָוונט־ברויט און... אָדער איך גיי אין קינאָ, אָדער איך גיי ערגעץ אַוועק אויף אַ זיצונג פון אַ פאַ־ריין, אָדער — איך גיי גאָר אין אַ קאַפע אַריין! איך קום שפּעט ביינאַכט אַ היים — איז ווידער דאָס זעלבע: — אָדער איך טרעף שוין מיין פרוי אין בעט שלאָפנדיק, אָדער... זי איז ניט געקומען אַ היים, ווייל... די קינ־דער זענען געגאַנגען אין קינאָ און זי איז געבליבן ביי זיי היטן די אייני־קלעך!..

פאַרשטייט זיך אַז עס פאַרדריסט מיך! מיין פרוי איז שוין ניט קיין יונג מיידעלע און ווען זי שלאָפט ניט אויף איר געלעגער, קומט זי דער־נאָך אָפּ! אָדער זי באַקומט אַ הוסט אָדער עס שטעכט זי גלאַט אין די זייטן! און צו וועמען לאָזט זיך עס אויס? צו די קינדער? — זיי פרעגן בלויז טעלעפאָניש וואָס די מאַמע, די „וויעכאַ" טוט! ווער עס קומט אָפּ

— איז איך!.. נו! הויב איך אָן מיט איר צו רעדן, הויבן מיר אָן דיסקו־טירן און... מיר הויבן זיך אָן צו קריגן! איך וויל ניט אַז זי זאָל איר גאַנץ געזונט און לעבן אַוועקגעבן די קינדער און זי... טוט זיך איר׳ס!

מיינט איר אפשר אז זי איז א נאַרישע פרוי? האָט איר גראדע אַ טעות! זי איז זייער אַ קלוגע און באלערענדע! איר ליבשאַפט צו די קינ־דער פאַרבלענדעט זי אָבער!

וואָס איך האָב מורא איז אַז זי זאָל ניט כאַפּן — אין אַ שיינעם טאָג — אַזאַ מאָראַלישן קלאַפּ אַז עס זאָל זי ניט צוזאַמענברעכן! איך בין אי־בערצייגט, אַז פֿריער אָדער שפּעטער, וועט זי כאַפּן אַזאַ אָפּשניט פון מיין איידעם אָדער פון מיין שניר און אפשר אויך פון מיין טאָכטער — אַז זי וועט פאַרזאָגן אַ צענטן ניט איבערטרעטן זייער שוועל און זיי ניט לערנען ווי אַזוי צו לעבן!

איך פון מיין זייט, טו אַלעס מעגלעכעס איר צו געבן צו פאַרשטיין אַז מען דאַרף זיך ניט מישן צו די קינדערס לעבן ווען זיי האָבן אפילו נאָך ניט חתונה געהאַט, נאָר זענען סתם שוין עלטער געוואָרן, בפרט נאָך, ווען זיי האָבן שוין חתונה געהאַט און לעבן זיך זייער לעבן! איך געב איר אויך צו פאַרשטיין, ווי שלעכט עס איז ווען עלטערן וואוינען מיט זייערע אויסגעגעבענע קינדער, ווי וואָכעדיק אַזאַ לעבן איז! איך האָב האָב איר, — אַמאָל אין אַ שפּאַס — געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אפילו א אייגענע פרוי ווען מען זעט ניט אַ פּאָר וואָכן אָדער אַ פּאָר חדשים, ווערט זי חשובער און... מען באַקומט זי מערער ליב, בפרט נאָך אַ קינד, אַ אויסגעגעבן קינד! ווען איך זע זיי ניט אַזוי אָפט וואָלט איך זיכער זיי מער ליב געהאַט!.. זי איז אויף מיר ניט ברוגז געוואָרן און אַלס סימן אַז זי איז ניט איינשטימיק מיט מיר — איז זי די גאַנצע וואָך ארומגעלאָפן פון איין קינד צום אַנדערן, אומעטום גערעדט געגעבן עצות, אַרויסגע־זאָגט מיינונגען און...

געקומען אַ היים אַ פאַרוויינטע!

ווען איך האָב איר געמאַכט אַ שאַרפן פאָרוואורף פאַרוואָס זי לויפט צו די קינדער, פאַרוואָס זי פאַרנאַכלעסיגט איר שטוב, איר הויז און... איר מאַן, האָט זי מיר פאַרגעוואָרפן אַז... איך בין אייפערזיכ־טיק אויף איר, אייפערזיכטיק אויף די קינדער! מעגלעך אַז קיין ליגן האָט זי ניט געזאָגט! אַ געוויסער אמת איז געווען אין אירע רייד! ניט איינ־מאָל האָט מיר פאַרדראָסן וואָס די גאַנצע ליבע אירע גיט זי אַוועק די קינדער... ניט איינמאָל האָט מיך פאַרדראָסן וואָס זי שאַצט ניט אָפּ מיין

געטריישאַפט צו איר! און דינט מיר ניט אָפּ מיט דער זעלבער געטריי־
שאַפט! אין איינעם אַ טאָג, ווען צופעליק בין איך — ביי מיר אין שטוב
— און מיין זון — ביי זיך אין שטוב, זענען געלעגן אויך דער „גריפּע"
האָט זי מיך איבערגעלאָזט אין דער היים מיט דער אַלטער דינסט און זי
איז עטלעכע טעג אָפּגעווען ביים זונס בעט...

מיין פרוים האַנדלונג, איר איבערגעטריבענער „ליבשאַפט" און גע־
טריישאַפט צו די קינדער, דאָס לויפן צו זיי אַלע טאָג און זיבן טאָג אין
דער וואָך, לאָזט איבער ביי די קינדער אַ מיינונג און מאַכט דעם איינ־
דרוק, אַז... זי, די מאמא, איז די געטרייע! אמת, טאַקע! די קינדער
זענען ניט צופרידן מיט אָט דער געטריישאַפט, עס פאַרשאַפט זיי געניוג
קאָפּ־ווייטיק, דאָך, קינדער בלייבן קינדער! ווען זיי זעען, אַז די מאַמע
איז אַזוי געטריי און דער טאַטע קומט איינמאָל אין וואָך און אַ מאָל
איינמאָל אין צוויי וואָכן, קאָן זיך ביי זיי איינבילדן אַז איך האָב זיי...
ווייניקער ליב!

נו? צו גלויבט איר, אַז זי דאַרף העלפן שאַפן אַזאַ שטימונג געגן
מיר? צו גלויבט איר ניט, אַז זי באַגייט, אַ פאַרברעכן, ניט בלויז
געגן זיך, וואָס זי דערנידעריקט זיך אַזוי — נאָר, נאָך מער, באַגייט זי
אַן עוולה געגן מיר, מיט דעם וואָס זי העלפט, ווילנדיק אָדער ניט ווילנ־
דיק, שאַפן אַ שטימונג געגן מיר?..

זאָגט מיר וואָס איר ווילט:

ווען מען וויל וואוינען מיט קינדער צוזאַמען, דאַרף מען האָבן דריי
וויכטיקע מעלות: מען דאַרף קאָנען זיך קאָנטראָלירן! מען דאַרף קאָנען:
— הערן, זען און שווייגן!

מיין פרוי — אַ סך פרויען צום באַדויערן — האָבן ניט אָט די מעלות
און דערפון קומט אַרויס אַזוי פיל בייז בלוט פאַרביידע צדדים.

— — — — — — — — — — — — —

מיר זענען מיטן ה' ל־ן מסכים געווען!..

## צוליב אַ שטיקל געפילטע פיש, קאָן אויך אַמאָל צע־ שטערט ווערן דער שלום בית!...

שלום בית? צוויי גליקלעכע און גאָלדענע ווערטער!

ווען מען איז יונג, ווען עס איז דאָס ערשטע צענדליג יאָר נאָך דער חתונה, ווייסט מען ניט און מען פאַרשטייט ניט די ווערט פון אָט די צוויי ווערטער „שלום בית"! מען איז יונג! מען איז פאַרנעמען מיטן לעבן! מען איז פאַרנומען מיט די קליינע קינדערלעך, טרעפט אָפט אַז מאַן און ווייב צעקריגן זיך, האַלטן אָן די מלחמה עטלעכע שעה... אַ מאָל אַ מאָל — אַ פּאָר טעג און גאָר זעלטן — אַ פּאָר וואָכן! דערנאָך זוכט מען אַליין אַ מיטל זיך צו דערנענטערן, אָנהויבן רעדן און עס ענדיגט זיך מיט שליסן „שלום" וואָס געדויערט ביז...

ביז נעקסטן צעבוצקען זיך און ווידער ברוגז אויף אַ פּאָר שעה, אַ פּאָר טעג א. א. וו.

ווען מען שפּאַנט איבער די פערציקער און דערנאָך די פופציקער — איז שוין דער ענין „שלום בית" — אַ מער ערנסטער ענין! די קינדער זע־ נען שוין גרויסע! אָפט, אָפט — שוין חתונה געהאַטע! וואוינען שוין באַ־ זונדער, און ווען מאַן און ווייב צעקריגן זיך קומט שוין אָן שווערער דאָס איבערבעטן! חוץ דעם — ווען מען איז „ברוגז" האָבןביידע ניט צו ווע־ מען אַ וואָרט אויסצורעדן אין שטוב — און רעדן דאַרף מען דאָך און רעדן, מוז מען דאָך — הויבט מען אָן פ אַ ר ל אָ ז ן די שטוב, גיין צו די חבר'טעס, אַרומשלייכן איבער די גאַסן און מען קומט אַהיים אָנגעבלאָזן, מיד און נערוועאיש! דער עיקר אָבער — דער שלום בית ווערט אַזוי שנעל ניט צוריקגעשטעלט אויפן פּלאַץ ווייל יעדער איינער פון ביידע צדדים, האַלט אַז ער איז דער „געקריוודעטער", וואַרט אַז דער צווייטער צד זאָל בעטן דעם שלום! דערווייל ליידט מען אַזוי לאַנג, ביז דער צע־ שטערטער „שלום בית" ווערט ערנסטער און...

עס האַלט ביי אַ גט!..

אָט זיצט אַקעגן אונז אַ פרוי איינע פון די קרבנות פון אזא צע־

שטערטן „שלום בית" זי איז אין די מיטעלע יאָרן, טראָגט ברילן, האָט גאָר גאָר אַן אינטעליגענטן אויסזען, און ווען איר רעדט מיט איר די ערשטע עטלעכע ווערטער — דערקאָנט איר שוין אַז איר האָט פאַר אייך אַ באַלעזענע פרוי, אַן אינטעליגענטע פרוי! און דאָך: — דאָך האָט זי ניט געקאָנט אָנהאַלטן אין איר אויסגעלייַדיקט הויז דעם נוי־טיקן „שלום בית" און זי רעדט שוין ערנסט אַז זי וועט זיך מוזן שיידן מיט איר מאַן! ס'הייסט — ניט זי וויל זיך שיידן נאָר... דער מאַן פאַר־לאָזט זי! זי ווייסט ניט פאַר וואָס און פאַר ווען!

— צי גלויבט זי אַז דער מאַן האָט, „אויף דער עלטער", גענעמען זי — די פופציק־יעריקע און אויסגעביטן אויף... 2 צו 25? צי גלויבט זי אַז ער האָט געוואָרפן אויף איר אַ אומחן? צי שוין לאַנג ווי זי האָט באַ־מערקט אַ ענדערונג אין אים?

— ניין! זי איז זיכער אַז ער האָט קיינעם ניט! זי איז זיכער אַז ער האָט אויף איר קיין אומחן ניט געוואָרפן! וואָס יאָ: שוין אַ פאָר יאָר — נאָך פאַר דעם ווי זיי האָבן חתונה געמאַכט זייער מעזיניקן, פלעגט ער ניט קאָנען איינזיצן ביים טיש! געהאַט פרעטענזיעס צום עסן, פלעגט האָבן טענות צו מיר פאַרוואָס איך מאַך אים ניט קיין „מאָדערנע" מאכ־לים און פלעגט, כמעט קיינמאָל ניט ענדיקן דאָס עסן ביים טיש און פלעגט אַוועקגיין אינמיטן!..

שפעטער, ווען מיר זענען געבליבן אין צווייען, האָט ער דריי־פיר מאָל אין דער וואָך אויסגעמיטן צו עסן מיטיק אין דער היים! אַלע מאָל האָט ער געהאַט אַן אַנדערן תירוץ, פאַרוואָס ער מוז „עסן אין גאַס": דאָ — דאַרף ער זיך טרעפן מיט אַ סוחר, מאָרגן מוז ער עסן מיט אַ קליענט וואָס איז געקומען פון דער פראָווינץ און אַן אַנדערש מאָל — ער איז גע־ווען זייער ווייט פון דער היים און עס האָט אים אַ „קלעם" געטון דאָס האַרץ האָט ער זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ רעסטאָראַן און דאָרט איבער־געכאַפּט!

וואָס יאָ! איך האָב ניט געדאַרפט וואַרטן אויף אים מיטן אָנבייסן! ער פלעגט מיר רעדן טעלעפאָניש מיט אַ פאָר שעה פריער אַז ער קומט ניט עסן מיטיק! נו! האָב איך זיך אַליין געזעצט צום טיש און — איך ווינש קיין שונא ניט דעם טעם פון, זיין געוואוינט צו האָבן ביים טיש פינף קינדערלעך און שפעטער — זייערע חתנים אָדער כלות, האָבן אַ רעש, אַ טומל, אַ קלאַפעניש מיט די טעלער, לעפל מעסער און גאָפּלען און פלוצים איבערקומען פון זיצן אַליין ביים טיש, עסן און קוקן אויפן זייגער וואָס הענגט אַנטקעגן!..

איך האָב איינמאָל ניט אויסגעהאַלטן און ווען ער האָט מיר גע־

זאָגט, אַז היינט עסט ער מיטיק מיט אַ חשובן מענטשן אין אַ באַוואוסטן רעסטאָראַן פון „צענטער" — בין איך אַהין אַוועק כדי זיך איבערצייגן צו ער זאָגט מיר דעם אמת! איך האָב אים טאַקע געטראָפן דאָרט זיצן און עסן — אָבער ער איז געזעסן אַליין און האָט געשמאַק געגעסן דאָס מאכל וואָס מען רופט „קאַנעלאָנעס"! איך בין צו אים ניט צוגעגאַנגען און ער האָט מיך ניט באַמערקט! געטראַכט האָב איך, אַז מן הסתם איז זיין „חשובער מענטש" ניט געקומען! אויף דער נאַכט, ווען איך האָב אים דערלאַנגט די וועטשערע — וואָס איז געבליבן פון אָנבייסן — האָב איך אים — גלאַט אַזוי — אַ פרעג געטון צו ער האָט זיך געטראָפן מיט זיין מענטשן אין דעם געהויבענעם רעסטאָראַן פון „צענטער", האָט ער מיר אָפּגעטאָקט אַ ליגן, אַז זיי האָבן געגעסן צוזאַמען און אַז ער האָט געמאַכט געשעפט מיט אים!.. איך האָב געפונען פאַר נויטיק אים ניט אָנווייזן אַז ער זאָגט אַ ליגן! איך האָב טאַקע אָנגעהויבן חושד זיין אַז דער „חשובער מענטש" מיט וועמען ער עסט אַזוי אָפט מיטיק — איז אַ... בלאָנדע אלמנה אָדער גרושה אָדער אפשר האָט זי אַ מאַן וואָס לעבט, איז געזונט און שטאַרק און זי נאַרט אים מיט די זעלבע תרוצים וואָס מיין מאַן נאַרט מיך!.. איך האָב שוין דעמאָלט ערנסט אים גענומען נאָכשפּיאָנירן, און איך שעם זיך אייך צו דערציילן און מודה זיין: ניט ווייניקער ווי צען מאָל האָב איך אים געטראָפן עסן מיטיק אין אַ רעסטאָראַן און — דווקא אַליין! לויט דער רואיקייט מיט וועלכער ער האָט געגעסן האָב איך זיך געגעבן רעכענונג אַז ער וואַרט אויף קיינעם ניט! ער לעקט דיביינדלעך פון עוף מיט אַזאַ רואיקייט, מיט אַזאַ הנאה, גלייך ווי ער זאָל עס עסן דאָס ערשטע מאָל אויף זיין לעבן!..

אַזוי איז געווען ביז צוריק מיט אַ פּאָר מאָנאַטן! די לעצטע עטלעכע וואָכן — איז שוין ניט איבערצוטראָגן! עס קומט מיר אָן מיט שוועריקייטן ביז איך קריג גוט פלייש, קאָך אָפּ דאָס מיטיק און לאָז איבער אויף וועטשערע און... איך וואַרף דאָס עסן אַרויס! אָבער — דאָס אַרט מיך ניט אַזוי! איך האָב אַן אַנדער מאָטיוו ניט צו זיין צופרידן דערמיט וואָס ער עסט אין די רעסטאָראַנען! ער איז ניט געזונט מיטן מאָגן! צוריק מיט עטלעכע יאָר האָט ער זיך געראַטעוועט פון צו קריגן אַ „אולסערא", אַ דאַנק דעם וואָס ער איז איבערגעגאַנגען אויף אַ שטרענגער „דיעטע"! איך האָב אויפגעהערט קאָכן די אַלע געפּרעגלטע מאכלים, די אַלע „זשאַרקאַיעס" און ער האָט זיך אויסגעהיילט! איצט, ווען ער האָט אָנגעהויבן זוכן תרוצים און עסן אין די רעסטאָראַנען, בין איך זיכער אַז ער איז ניט איבערקלויבעריש אין די מאכלים און ער עסט וואָס ער טאָר ניט און דער סוף וועט זיין — ער וועט ווידער קראַנק ווערן!..

די לעצטע פּאָר וואָכן האָבן מיר זיך ערנסט צוקריגט! איך האָב אים געשטעלט אַן אולטימאַטום, אָדער ער קומט עסן אַלע טאָג מיטיק און אָונט-ברויט אָדער איך הער אויף קאָכן פאַר אים! איך האָב געמיינט אַז איך וועל אים איבערשרעקן — לאָזט זיך אויס אַז... ער האָט אָנגענומען מיין צווייטן פאָרשלאַג! ער גייט אַוועק אינדערפרי און קומט אויף דער נאַכט!.. ער קומט צופרידן, פריילעך, און לאַדט מיך צו גיין אָדער אין קינאָ אָדער אין טעאַטער!.. פון מיר צאַפּט זיך בלוט און ער שמייכלט צופרידן! ער איז פּטור געוואָרן פון צו זוכן תּרוצים „וואו ער עסט היינט" און „מיט וועמען ער דאַרף זיך טרעפן מיטיק-צייט"...

דערזעען אַזאַ זאַך, האָב איך אָנגעהויבן אָנקומען צו די פּרוויאישע „מיטלען":... וויינען, מאַכן אַביסל היסטעריקע, זיך לייגן אין בעט אַ קראַנקע! די ערשטע צייט האָבן די מיטלען געווירקט און מיין מאַן איז געבליבן צום מיטיק, וועלכע די דינסט האָט צוגעגרייט און עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן אַז איך בין שוין אויף אַ לאַד מיט אים און... איך בין צוריק געוואָרן „געזונט"! און — אויפן צווייטן טאָג פון מיין „געזונט" ווערן — האָב איך שוין ווידער געגעסן אַליין! דאַן האָב איך שוין מער ניט אויסגעהאַלטן! איך האָב געמאַכט אַ סקאַנדאַל אין גרויסן מאַסשטאַב! אים געזאָגט, אפשר, וואָס איך האָב אים ניט געזאָגט פאַר די 30 יאָר וואָס מיר האָבן חתונה און!

אויף דער נאַכט האָבן מיר זיך דורכגעשמועסט רואיק און באַשלאָסן זיך צוגיין! ער, מיין מאַן, האָט מיר דווקא פאָרגעלייגט אַן אָרגינעלן פּלאַן: מיר זאָלן וואוינען אין אונזער הויז, ער וועט מיר געבן וויפל איך דאַרף אויף מיין לעבן אָן שום באַגרעניצונג! ער וועט מיך קליידן און שיכן! אָבער, מירן זיין צוויי באַזונדערע פרייע מענטשן! יעדער איינער וועט זיך לעבן ווי ער פאַרשטייט און ווי ער וויל און דער צווייטער וועט אים ניט טאָרן אויפמערקזאַם מאַכן! און אַזוי ווי מיר האָבן פריי די קינדערס צימערן — וועלן מיר איינאָרדענען אונזערע שלאָף-צימערן באַזונדער! ער גיט מיר די ברירה אויסקלויבן וועלכן צימער איך וויל! נאָכמער!! אַזוי ווי מיר האָבן חתונה געהאַט אין דער אַלטער היים (ניט לויטן היזיקן לאַנדס-געזעץ) איז אונז לייכט זיך צו גט'ן! מיר דאַרפן אַריינגיין אין ראַבינאַט און מיר גייען אַרויס פון דאָרט פרייע מענטשן! נעמט ער אויס מיט מיר, דאָס אויב איך פאַרלאַנג אַ גט, טאָר קיין שום צד פון אונז, ניט חתונה האָבן און אַריינברענגען אין אונזער הויז זיין צווייטע פּאָר — כל זמן עמיצער פון אונז וואוינט נאָך דאָרט!.. דערמיט האָב איך אַרויסגעזען אַז מיין מאַן מיינט ערנסט מיט אָפּגט'ן זיך! איך זע און פיל, אַז ער וועט זיין דער ערשטער צו פאַרלאָזן די שטוב און מיר

געבן פרייע הענט ווידער חתונה האָבן!.. מיין אומגליק איז גרעסער דער־מיט, וואָס איך ווייס ניט פאַרוואָס ער טוט עס! איך בין זיכער אַז ער האָט ניט קיין צווייטע! איך בין זיכער, אַז איך בין אים ניט נמאס גע־וואָרן! וואו זשע ליגט דער סוד אין דעם וואָס ער ווייַכט מיך אויס, וואָס ער וויל ניט זיצן מיט מיר ביי איין טיש!

די פרוי ווערט שטיל אויף עטלעכע מינוט! ווייזט אויס אַז זי וואַרט אויף אונזער ענטפער! אנשטאט אַן ענטפער — שטעלן מיר איר צוויי פראגעס: ערשטנס — צי פילט זי עפעס ניט אין זיך אַזעלכעס וואָס מאַכט איר מאַן צו ווייַכן איר טיש?.. אפשר איז זי — רחמנא לצלן — ניט קיין ריינע אַרום זיך און דעם מאַן עקלט צו זיצן מיט איר ביים טיש!.. אַ צווייטע פראגע: — צו ווייסן די קינדער דערפון און וואָס זאָגן זיי וועגן דעם?..

די ערשטע פאָר מינוט האָט זיך די פרוי געפילט אַביסל באַליידיגט אויף דער ערשטער פראגע. זי האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז מיר פרעגן עס פאַר איר טובה־וועגן, האָט זי מיט אַ ליבלעכן שמייכל אונז געענט־פערט אַז...

— דוכט זיך איר אַז זי איז שוין... צופיל בריה! אין שטוב ביי איר, בלישטשעט אַלעס! די פאַלן זענען שטענדיג געפּוצט! די בעטן פאַרבעט! דער טיש — געדעקט ריין און מיט געשמאַק! איך גלויב אַז פון אָט דער זייט — איז ער אַבסאָלוט צופרידן! וואָס איז שייך די קינדער?.. זיי ווייסן פון גאָרניט! אַבסאָלוט גאָרניט! איך האַלט אַז קינדער דאַרפן ניט וויסן פאַרוואָס טאַטע־מאַמע קריגן זיך! חוץ דעם — שעם איך זיך גאָר פאַר זיי וואָס וועל איך זיי זאָגן? איך בין נמאס געוואָרן זייער פאָטער און ער מיידט מיך אויס!.. חוץ דעם גלויב איך, אַז זיי קאָנען מיר גאָרניט העלפן!..

— — — — — — — — — — — — — — —

אין עטלעכע טעג אַרום:

מיר זיצן אין אַ רואיקן קאַפע און שמועסן געמיטלעך מיטן ה׳ ש. — דער מאַן פון אָט דער אומגליקלעכער פרוי וואָס איז אַזוי „אומשולדיג" און ווייסט ניט פאַרוואָס איר שלום בית ווערט צעשטערט! ער זיצט מיט אונז שוין קרוב צו צוויי שעה! ער האָט שוין אויסגעטרינקען די פערטע קאַווע און ער האַלט אין איין רעדן און רעדן און טרערן שטיקן אים!..

ער דערציילט זיין ביטער לעבן:

איך האָב זיך אויף מיין פרוי ניט וואָס צו קלאָגן! זי איז אַ וואוילע אידישע פרוי און מאַמע, איך האָב מיט איר אָפּגעלעבט קרוב צו דרייסיק יאָר און קיין אומכבוד האָט זי מיר ניט פאַרשאַפט אָבער — איך קאָן

שוין מער ניט אויסהאַלטן! איך האָב געליטן יאָרן און יאָרן און עס מוז אַמאָל קומען אַ סוף! איצט — ווען מיר זענען געבליבן אַליין, מוז קומען אַן ענדערונג!

איך וויים! ווען איך וועל אייך דערציילן צוליב וואָס מיין הויז איז מיר נמאס געוואָרן — וועט איר ווענן מיר האָבן ניט קיין געהויבענעם מיינונג, און טאַקע! ווי אַזוי קאָן מען האָבן אַ גוטע מיינונג וועגן אײנעם וואָס צוליבן... עסן, אָדער — ווי זאָגט מיין פרוי — צוליבן פרעס — פאַרלאָזט ער זיין שטוב, זיין טיש, מאַכט זיך צו נאַריש געלעכטער, וואָס איז? — די פרוי וויל ניט קאָכן איינמאָל אין אַ פורים אַ מאכל וואָס אים שמעקט!.. ווען איר — אָדער דער וואָס וועט מיך מש־פּטן צו שלעכטן — זאָלט איבערקומען אין מיין שטאַנד און לאַגע, זאָלט עסן אַלעטאָג, אַלע וואָך, אַלע חדש, און דרייסיק יאָר נאָכאַנאַנד, יויך פון פלייש און פלייש פון יויך און מאָרגן נאָכאַמאָל דאָס זעלבע און איבער־מאָרגן נאָך אַמאָל דאָס זעלבע און אַזוי אייער גאַנץ לעבן! פלייש פון זופּ און געבראָטן פלייש (אַסאַדאָ) וואָלט איך געזעען ווי אַזוי איר וואָלט געהאַנדלט!.. האָב איך אַמאָל געוואָלט אַז זי זאָל מאַכן אַן אַנ־דער מאכל — איז זי געוועזן אַ גאַנצע דאָקטערשע און דערוויזן ווי איינס און איינס איז צוויי אַז דאָס שאַדט צום מאָגן און פון דעם באַקומט מען די און די קראַנקהייט!

זענען אָבער פאַראַן מאכלים פון וועלכע מען באַקומט ניט קיין קראַנקהייט, ווי למשל... קרעפּלאך פון קעז אָדער קאַרטאָפל, אָדער אַזאַ אידיש מאכל ווי... געפילטע פיש — האָט זי געהאַט אַן אַנדער תירוץ: זי קאָן ניט שטיין אין קיך ווייל... עס איז איר קאַלט אָדער שטאַרק הייס אָדער — זי וויל זיך גלאַט ניט פאַרען מיט אָט די זאַכן!

איך האָב אָבער, פאַרט, געוואָלט בייטן מיין טאָג־טעגלעכן מעניו — כאָטש איך לעב ניט צוליבן עסן — אָבער איך עס דאָך כדי צו קאָנען לעבן — האָב איך צו איר קיין טענה ניט געהאַט נאָר איך פלעג אַוועק־גיין אין אַ רעסטאָראַן און איינקויפן פאַרטיקע געפילטע פיש אָדער פאַר־טיק צוגעגרייטע אַנדערע מאכלים און פלעג זיי ברענגען אין שטוב אַריין און געוואָלט אַז זי... זאָל אויך עסן! נו! האָט זי געמאַכט אַ „באַי־קאָט" אויף דעם און ניט געוואָלט זיך צורירן צו די געבריינגטע זאַכן! זי איז אָבער דערמיט ניט אָפּגעקומען! זי פלעגט מיך נעמען יאדען פאַר־וואָס איך ברענג פון רעסטאָראַן! עס איז זיכער ניט פריש!.. עס וועט זי־כער שאַדטן! און טאָמער האָט מיר טאַקע עפּעס געשאַדט — איז זי אַרומגעגאַנגען אַ שטראַלנדע! זי האָט געזיגט! זי האָט געזאָגט פריער! עס זאָל איר איינפאַלן, דאָס אנשטאָט זיך פרייען וואָס מיך דרייט אין

בויך, זאָל זי אליין צוגרייטן אָט די מאכלים — וועגן דעם האָט זי ניט געטראַכט!

איך וויל אַז איר זאָלט מיר גלויבן, פריינט! איך בין ניט קיין זולל וסובא! איך בין ניט קיין פרעסער, איך לעב ניט צוליבן עסן! אָבער ווען דאָס עסן וואָס מען דערלאַנגט אייך אין משך פון דרייסיק יאָר, הויבט אייך אָן — זייט מיר מוחל — קריכן צוריק, ווען איר באַקומט אָן „אַלער־כיע" צום זופּ מיט פלייש און צו דער צוגעבערענטער „אַסאַדאָ", וואָס איז אויך געמאַכט אָן געשמאַק ווייל לויט איר „טעאָריע" דאַרף מען דאָס פלייש ניט „פּראַווען" מיט גאַרניט! בלויז מיט זאַלץ... ווען איר פילט אַז אַז איר קאָנט שוין מער ניט קוקן אויף אייער טיש וואו אָט די מאכלים שטייען — קאָנט איר אַנדערש ניט האַנדלען ווי איך טו?...

אויב אַ פרוי פאַרשטייט, אַז איידער זי זאָל זיך „מקריב" זיין און זיך אָפּגעבן מיט איר טיש, מיט איר קיך אַז מען זאָל הנאה האָבן פון ביסל לעבן — זאָל בעסער איר מאַן גיין איבער די רעסטאָראַנען און זוכן דאָרט בייטן זיין טעגלעכע שפּייז! אויב זי פאַרשטייט אַזוי — האָב איך איר געגעבן אַ פרייע האַנט זי זאָל טון ווי זי פאַרשטייט! איך בין ניט גרייט צו עסן, די נעקסטע יאָרן וואָס מיר איז באַשטימט צו לעבן, מיין פרוים צוויי מאכלים!..

און נאָך אַ בלימעלע פון מיין פרוים בעל הבתישקייט: אַלע יאָרן האָט זי די זעלבע טבע און עס איז מיר שווער זי אָפּגעוואוינען דערפון. נעמלעך: זי קאָכט אָפּ דעם מיטיק און קאָכט אַזוי פיל אַז עס סטייעט אויף אָוונט־ברויט און אָפּט אָפּט — אויפן צווייטן טאָג! פּאַזי־טיוו: פון יעדע הונדערט טעג וואָס זי קאָכט מיטיק האָט זי אין ניין און ניינציק פאַלן איבערגעלאָזט אַ טייל פון מיטיק אויף אויפדערנאַכט!

מיינט ניט חלילה אַז זי טוט עס מחמת פוילקייט! פונקט פאַרקערט! מיין פרוי איז אַ בריה און שוין צופיל בריה! כאָטש זי האָט שטענדיק אַ דינסט — האָרעוועט זי גלייך מיט דער דינסט און מערער פון דער דינסט! איך זע עס און וויל ניט ליידן, איך פּראָטעסטיר, אָבער עס העלפט מיר ניט! זי הייסט מיר אָטענדירן מיינע „ביזנעס" און אירע איבערלאָזן פאַר איר! אָבער — אַרבעטן אויף דער נאַכט אַ איבערי־קע שעה און צוגרייטן אַ פרישע שמעקנדיקע וועטשערע — דאָס וועט זי ניט טון! לאָזט איבער פון מיטיק און אויב מען האָט עס אויפדערנאַכט ניט אויפגעגעסן — עסט מען עס מאָרגן אָדער איבערמאָרגן! נשקשה! אין עלעקטרישן אייז־קאַסטן ווערט עס ניט קאַליע!..

דער מאַן ווישט זיך אָפּ דעם שוויים פון שטערן און זעצט פאָר:

איך ווייס, פריינט מיינער, מעגלעך אז איר וועט מיך שלעכט פאַר־שטיין און שלעכט משפטן! טאַקע, ווי קאָן מען עס באַנעמען מיטן גלייכן שכל, אַז אַ מאַן פאַרלאָזט זיין איינגעאָרדנטע שטוב, זיין פרוי מיט וועל־כער ער האָט שוין חתונה דריי צענדליג יאָר, און בלויז דערפאַר ווייל זיין פרוי וויל ניט... קאָכן קיין געפילטע פיש אָדער, וויל ניט אָנפילן אַ העל־דזעלע פון אַ עוף, אָדער וויל ניט קאָכן איין מאָל אין יאָר אַ זשאַרקאָיע! צוליב אַזעלכע זאַכן צעברעכט מען ניט קיין שלום בית, צוליב אַזעלכע נאַרישקייטן, מאַכט מען זיך ניט צו קיין לייטיש געלעכטער און... מען גט זיך ניט מיט דער פרוי!

איך בין מסכים מיט אייך! איז ייאָס זשע דאַרף איך טון? אפשר גאָרניט טון און אַזוי פאַרזעצן דאָס לעבן, ביז... נו, ביז די לעצטע שעה׳ן!

שווער אייך אַז איך וואָלט עס געטון! מען דאַרף נאָר פועלן ביי מיינע נערוון זיי זאָלן זיין רואיק און ניט פלאַצן! פלאַצן, פונקט דאַן ווען ווען איר זעצט זיך ביים טיש און מען דערלאַנגט אייך — טאָג און נאַכט, נאַכט און טאָג, אַ פּאָלימעסיק מיט „פוטשראָ" אָדער אַ שטיקל צוגע־ברענטע און פאַרטריקנטע, אָנטעמידיקע „אַסאַדאָ". איך וואָלט געוואָלט זען ווי אַזוי אַן אַנדערער וואָלט אויסגעהאַלטן — ניט קיין דרייסיק יאָר — נאָר דרייסיק טעג!

איך גלויב ניט אַז איך דאַרף זיין אַ קרבן פון מיין פרוים קאַפּריז אָדער — דעסאינטערעס צו איר טיש! בכלל איז מיר נמאס צו הערן מיין פרוים „דאָקטאָרסקע" מיינונג אַז:

דאָס — פאַרשאַפט „גאַזן"
יענץ פאַרשאַפט „זויערקייט"
פון דעם — הויבט מען אָן ליידן אויף די לעבער!
פון יענעם באַקומט מען אַ קאַנסער!

א חוץ, פאַרשטייט זיך, די פאַרוואורפן אַז:

איך עס צו שנעל, צו היים, איך טרינק צו קאַלט! צו פיל! א. א. וו. פון דער מינוט פון זעצן זיך ביים טיש — ביזן אויפהויבן זיך — בלויז טענות און באַמערקונגען! און ווען גאָט העלפט, איר קומט פון דער גאַס אָדער פון אייער אַרבעט נערוועאיש, צערודערט, דאָס — האָבן די קליי־ענטן ניט געהויבן די וועקסלען — יענץ האָבן די אַרבעטער קאַליע גע־מאַכט אַ שטיק סכורה און פאַדערן... אַ העכערונג — און ווען איר זעצט זיך אַוועק ביים טיש און דערזעט דעם גרויסן טעלער מיטן זופ־פלייש מיט די קאַרטאָפל, מיט די מאַרך־ביינער און צום פלייש איז ניטאָ קיין שום „פּאָפּראַווע" אַ פעפערל אָדער זויערע אוגערקע, ווייל לויט אייער פרוים „דאָקטאָרסקע" טעאָריע מאַכן די פעפערלעך און אוגערקעס

שלעכט און מען באַקומט פון זיי „זויערקייט” — ווען איר זעט דאָס אַלעם — וואָלט איר אַ וואָרף געטון דעם טעלער אויפן פאָל און וואָלט אַוועק ערגעץ אין עק וועלט אַפּעסן אַן אַנדער אַנביימן!..

איך האַנדל פיינער, בעל הבתישער! איך ווייס פריער וואָס מען וועט מיר שטעלן אויפן טיש — קום איך באַלד ניט עסן! איך גיי אַוועק אין ערשטן בעסטן רעסטאָראַן, באַשטעל דאָרט וואָס מיר גלוסט זיך, עס קאָסט טאַקע טייער, אָבער איך האָב דאָך קיין אַנדער ברירה ניט — עס אָפּ, האָב הנאה פון מיין לעבן, און קום אַהיים אַ רואיקער און צופרידענער!

אויב מיין פרוי וועט מיך וועלן האָבן אין שטוב, ביים טיש — דאָרף זי קיין סך ניט האָרעווען! דאָרף ניט היסטערעווען! דערמיט וועט זי מאַכן ערגער און וועט מיך אינגאַנצן פאַרטרייבן פון דער שטוב און פון איר! זי דאָרף בלויז ווערן אויס עגאָאיסטקע און פאַרשטיין אַז אַ צווייטער האָט אַ רעכט צו לעבן ווי ער וויל! איך וויל ניט, אַז עס זאָל הייסן אַז איך האָב געזיגט איבער איר און אויסגעפירט מיינס! איך וויל גאָרניט אויספירן, איך וויל בלויז אַז זי זאָל אָנהויבן פאַר־שטיין אַז...

זי איז ניט גערעכט!..

— — — — — — — — — — — — — —

אונזער אינטערוועניץ האָט געווירקט! די פרוי — אַ טייערע אידי־שע בעל הביתטע — האָט פאַרשטאַנען אַז זי איז ניט גערעכט! זי איז איצט גליקלעך — פונקט ווי דעם ערשטן מאָנאַט נאָך דער חתונה!..

— — — — — — — — — — — — — —

# וועגן דער אייביקער „קראַנקהייט" ביי פרויען — זוכן אין מאַנס קעשענעס!...

דוכט זיך אַז זינט די וועלט שטייט — טאַקע, פון אדם הראשונ'ס צייטן אָן, האָט, אַט די „שלאַפקייט" עקזיסטירט! און זינט די וועלט שטייט און זינט עס זענען דאָ אויף גאָטס וועלט רופאים און דאָקטוירים, „זנאכערס" און פראָפעסאָרן, האָט מען נאָך קיין רפואה צו אַט דער „קראנקהייט" ניט געפונען!

און אַז מען רעדט וועגן קראנקהייטן איז טאַקע כדאי אַ טראַכט צו טון, צי די גרויסע כאָליערע אין אָדעם אָדער די עפידעמיע פון דער „שפאַנישער גריפע" האָט אָנגעמאַכט אַזוי פיל צרות אין פאַמיליען היי־זער — ווי עס האָט אָנגעמאַכט אַט די אַלטע שלאַפקייט וואָס הייסט: „זוכן ביים מאַן אין די קעשענעס"...

— — — — — — — — — — — — — —

דער מאַן וואָס זיצט איצט אַקעגן אונז ,זעט אויס צו זיין פון אַ יאָר פופציק! ער איז שוין אַ סך יאָרן אין לאַנד, איז אַ אייגנטימער פון אַ גרויסער פירמע שוין קרוב צו 20 יאָר, האָט זייער אַ אינטעלעגענטנעם אויסזען און ווען ער רעדט צו אייך, מישט ער אריין אַ סך העברעאישע און רוסישע ווערטער און פסוקים...

ער נעמט אַראָפּ פון טיש דעם קליינעם שטייענדיקן קאַלענדאַר, שפּילט זיך מיט אים און רעדט!..

ער וואָלט געווען דער גליקלעכסטער מענטש אויף דער וועלט! האָט פּרנסה מיט דער ברייטער האַנט, מאַכט זייער גוטע געשעפטן, האָט אַ וואוילע פרוי, האָט טייערע קינדערלעך, איז שוין אפילו אַ זיידע! זיין טעכטערל האָט זיך באַקאַנט מיט אַ וואוילן בחור — אַ סטודענט און אין זעקס חדשים אַרום נאָך זייער באַקאַנטשאַפט זיינען זיי געשטאַנען אונטער דער חופּה! ער האָט דעם איידעם ניט געדאַרפט העלפן זיך איינאָרדענען ווייל זיינע עלטערן זענען רייכע מענטשן און זיי האָבן אים שוין פאַרזאָרגט! צום יאָר איז געבוירן געוואָרן אַ „מויד" און ער איז

געוויינלעך אָבער, שטייט זי אויף פ אַ ר אים! זי איז די יעניקע, וואָס געוואָרן אַ זיידע און זיין פרוי, וועלכע איז יונגער פון אים מיט אַ צענד־לינג יאָר, איז געוואָרן אַ יונגע „באָבע"! אמת! זי וויל ניטליידן אַז מען רופט איר באָבע! אָבער — פאַרפאַלן! זי מוז אַראָפּשלינגען אָט די „ביטערע פּיל"!

אַלזאָ! ער וואָלט זיך געלעבט גליקלעך, ווען ניט זיין פרויס „שלאָפ־קייט"! איר אייביקע טבע זינט ער קאָן זי, זינט זיי זענען געוואָרן חתן־כלה!..

אין וואָס באַשטייט איר שלאָפקייט? און אויב ער האָט געוואוסט, נאָך אַלס חתן־כלה אַז זי איז שלאָף — צו וואָס האָט ער געדאַרפט פאַר איר חתונה האָבן? צי איז דאָס אפשר אַ קרענק, וואָס מען דאַרף פאַרן קיין אויסלאַנד זוכן אַ גוטן פּראָפעסאָר?

חלילה! אַזוי, קערפּערלעך, איז זי ב"ה געזונט אויף אַלע אברים! זי האָט אַן אַנדער שלאָפקייט! זי...

— זוכט אין זיינע קעשענעס!

ווי נאָר ער קומט אַ היים, ווי נאָר ער לייגט זיך שלאָפן, איז זי שוין דאָ, מיט אירע הענט אין זיינע קעשענעס! אויב ער קומט פון דער אַר־בעט מיד און לייגט זיך פריער פון איר — זוכט זי אין די קעשענעס ווי נאָר ער ווערט אַנטשלאָפן! אויב זיי לייגן זיך אין איין צייט, איז זי ניט פויל, שפּעט אין דער נאַכט, אויפשטיין און זוכן אין די קעשענעס!.. גרייט אים אָן אַ טרינק איידער ער גייט אוועק! ווען ער שלאָפט נאָך, שטעלט זי צו וואַסער און מילך אויף אַ טרינק, גייט אַראָפּ אין געוועלב קויפן פריש ברויט, און ווען זי קומט אַרויף וועקט זי אים ערשט אויף! אָבער, איידער זי וועקט אים, איידער זי גייט נאָך אַראָפּ אין געוועלב — איז זי שוין געווען צו גאַסט אין זיינע קעשענעס!..

צו נעמט זי עפּעס אַרויס פון דאָרט? — נו! געוויס! אַ ר יי נ־ל יי ג ן — לייגט זי גאָרניט אַריין! זייער זעלטן אַז זי זאָל ניט אַרויס־נעמען קיין גרויסע אָדער קלענערע אסיגנאַציעס! אָבער, דאָס געלט אַרט אים ניט! זי קוקט איבער אַלע זיינע בריף וואָס ער טראָגט אין קעשענע, אַלע זיינע פּאַפּירן און פּאַפּירלעך! און ווי, אויף צו להכעיס — איז ער אַ „צעטראָגענער מלאך", האָט אַ סך קעשענעס, און ווי אַ פּאַפּירל — שטופּט ער עס אין קעשענע אַריין!.. נו! קומט זי צוגיין און מאַכט, דאָרט, אין די קעשענעס אַ גאַנצע „רעוואָלוציע"! דערנאָך זוכט ער אין די קעשענעס, זוכט אַ וויכטיק פּאַפּירל און קאָן ניט געפינען ווייל, מן הסתם האָט זי, די פרוי זיינע, ביים זוכן און איבערקערן די קעשענעס — דאָס פּאַפּירל אַרויסגעוואָרפן!..

צוליב אָט דעם זוכעניש איז די קעשענעס איז שוין געקומען ביי זיי צו גרויסע קריגערייען און ברוגזן! זיי האָבן, אַמאָל ניט גערעדט צווישן זיך קיין דריי חדשים און אַלץ ווייל זי האָט געזוכט אין זיין קעשענע און אַרויסגענומען אַ גרעסערע סומע געלט וואָס ער האָט אָנגעגרייט צו „הויבן" אַ וועקסל! אינדערפרי ווען ער איז אויפגעשטאַנען האָט ער זיך ניט געכאַפּט אַז עס פעלט אים דאָס געלט! חוץ דעם, עס האָט אים ניט געקאָנט איינפאַלן אין קאָפּ אַריין אַז זי וועט אַרויסנעמען אַזאַ גרויסע סומע! ערשט בייטאָג, ווען ער האָט געדאַרפט גיין אין באַנק אַריין, ער גיט זיך אַ נעם צו דער קעשענע — דאָס געלט איז ניטאָ! צו ערשט האָט ער געמיינט אַז ער האָט עס פאַרלוירן! דערנאָך האָט ער גערעדט טעלעפאָניש אַ היים צו פרעגן די פרוי אפשר האָט ער עס געלאָזט אין שטוב, אפשר אין אַ *אנדער* מלבוש! ערשט, די פרוי זאָגט אים אַז דאָס געלט האָט זי *אַרויסגענומען* פון דער קעשענע און... זי האָט עס שוין פאַרטון!..

אויב ער האָט דעמאָלט ניט באַקומען קיין פּאָפּלעקציע — וועט ער שוין מער קיין פּאָפּלעקציע ניט באַקומען!.. ער איז געקומען צולויפן אַ היים, געשריען, געקלאַפּט אין טיש אַריין! אָבער — גיי קלאַפּ אַז עס איז שוין במילא *פאַרפאַלן*! דאָס געלט איז שוין פאַרטון אויף אַן אַנדער זאַך!..

אָבער געלט-שמעלט! דאָס אַלעס אַרט אים ניט! וואָס אים פאַרדריסט איז, וואָס זי קוקט איבער זיין „קאָרעספּאָנדענץ", וואָס זי זוכט „פּאַפּירלעך" אין זיינע קעשענעס? וואָס דענקט זי, אַז אויב ער האָט ערגעץ אויף דער לבנה, אַ געליבטע וואָס פירט מיט אים אַ ליבע דורך... קאָרעספּאָנדענץ — וועט ער, אָט די ליבע בריוועלעך, האַלטן ביי זיך אין קעשענע?..

אמת! צוריק מיט עטלעכע יאָר האָב איך איר געגעבן אַ „לעקציע" ווי אַזוי, צו זוכן ליבע בריוועלעך ביים מאַן אין קעשענע! איך האָב געהאַט אַ פריילן ביי מיר אין געשעפט! זייער אַ שיינע און אַזעלכע וואָס ווערט באַטיטלט מיטן נאָמען „וואַמפּיר". מיין פרוי האָט געוואוסט אַז זי אַרבעט ביי מיר און איינער האָט איר שוין מן הסתם צוגעטראָגן אַ רכילות'ל אַז דאָס מיידל וואַרפט אויגן צו מיר אָדער איך צו איר! פלעגט מיין פרוי מיך אַלע טאָג איבערפרעגן אויף איר און אַזוי צווידייטיק אַז עס פלעג מיך אַזש פאַרדריסן! טאָמער בין איך געקומען שפּעטער פון דער געוויינלעכער שעה אַהיים אָדער טאָמער האָב איך געדאַרפט, געשעפטלעך, בלייבן עסן אין גאַס, *אַליין* אָדער מיט אַ סוחר — האָט זי, מיין פרוי, דערנאָך מיך געפרעגט כלומרשט שמייכלדיק:

סוסי (אַזוי האָט זי געהייסן) האָט כּמעט געוואוסט וואָס'ע מאַכ־לים דו טאַרסט ניט עסן?..

איך פלעג ווערן ברוגז! די ערשטע צייט פלעג איך איר זאָגן, מיט וועמען איך האָב געגעסן — דערנאָך האָב איך, אויף צו להכעיס, איר ניט געזאָגט! זאָל זי טאַקע מיינען!

איינמאָל איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק אין קאָפּ, ווי אַזוי מיין פרוי אַנלערנען אַז זי זאָל ניט זוכן ביי מיר אין די קעשענעס! איך האָב געבעטן סוסין אַז זי זאָל מיר אָנשרייבן עטלעכע „ליבע־בריוועלעך"! איך האָב איר דערציילט דעם אמת וועגן מיין פרויס טבע צו זוכן אין די קעשענעס! נו! זאָל זי איינמאָל פּאַקן אַ שרעק!..

געזאָגט און געטון! סוסי שרייבט מיר אָן אַ פּאָר זיסע ליבע בריווע־לעך, ס'הייסט, כּלומרשט, אַז זי גיט זיי מיר אין געשעפט איבער פער־זענלעך! וואָס יאָ! אונטערגעשריבן — איז זי ניט! אָבער, מען דאַרף שוין פאַרשטיין אַז דאָס האָט זי געטון!..

איר ווילט וויסן וואָס עס איז געוואָרן דער סוף? מיין פרוי האָט „געפונען" אָט די בריוועלעך אין אַ פאַרטאָג! גאָרניט געזאָגט! נאָר, באַלד אינדערפרי, קומט זי אין געשעפט אַריין, גייט צו צו סוסין, פּאַטשט זי גוט אויס און טרייבט זי אַרויס פון געשעפט!..

די געשיכטע האָט מיך אָפּגעקאָסט אַ שיינע פּאָר טויזנטער! היינט דער בזיון! די חרפּה פאַר די איבעריקע אָנגעשטעלטע! וויפל איך האָב איר געוואָלט דערווייזן אַז דאָס איז געווען אַ שפּיצל — האָט ניט גע־האָלפן! איך האָב געמוזט אָפּזאָגן אַלע פרויען־אָנגעשטעלטע און...

זי זוכט אַלץ אין די קעשענעס! איך בין שוין ניט קיין יונגער מאַן! איך האָב שוין איבערגעשפּאַנט די פופציקער! איך האָב שוין ניט אינזי־נען קיין נאַרישקייטן! אָבער — זי זוכט אַלץ אין די קעשענעס!

איז טאַקע ניטאָ קיין מיטל, קיין רפואה צו אָט דער קראַנקהייט?..

— — — — — — — — — — — — —

פרוי סאַריטאַ, די פרוי פון דעם זייער חשובן געשעפט־אייגנטימער, איז זייער סימפּאַטיש און מען קאָן זי אויסהערן מיט פאַרגעניגן, אפילו זי זאָל רעדן שעה'נווייז! אַ באַלעזענע אין דער אַלטער און נייער ליטע־ראַטור, אַ קענערן פון העברעאיש, שפּאַניש און ענגליש, זעט מען אַז זי קומט אַרויס פון אַ הויז וואָס האָט איר געגעבן אַ פיינע דערציאונג! די פרעמדע שפּראַכן האָט זי זיך שוין אויסגעלערנט אַליין, אַ גרויסע שוין, און זי האָט געהאַט אַן אַמביציע צו ווערן אַ לערערן!

פון איר מאַן האָט זי די בעסטע מיינונג! ער איז זייער אַ וואוילער, זייער אַ געטרייער, אָבער...

אויב זי זאָל ניט זוכן ביי אים אין די קעשענעס — וואָלט זי גע־שטאָרבן פאַר הונגער! אַלנפאַלס — וואָלט זי קיין קליידל אויף זיך ניט געהאַט!..

זי ווייסט, פרוי סאַריטאַ, אַז זוכן אין די קעשענעס, איז די אַרבעט פון אַ „יאַכנע“! אַז פאַר אַזאַ פרוי ווי זי איז — פּאַסט ניט קריכן צום מאַן אין די קעשענעס און דאָרט אַרויסנעמען געלט!.. זי ווייסט, אַז אַ קעשענע — איז דער אַבסאָלוטער פּריוואַט־סעקרעט און פּריוואַט אייגנטום, פון אייגנטימער פון קעשענע!.. אָבער — זי האָט קיין אַנדער ברירה ניט!..

עס וועט אייך זיין שווער צו גלויבן! אָבער עס איז אַ פאַקט! זינט איך קען אים, נאָך ווען ער איז געווען אַ אָרימאַן און האָט געאַרבעט ביי יענעם אַלס אַנגעשטעלטער, האָט ער אין שטוב אַריין ניט געגעבן געגוג צו לעבן! אַזאַ נאַרישע און מיאוסע טבע האָט ער שוין! ער צאָלט אויס דעם סענט ביז צו לעצט! ער רעכנט אויס ביז צו די לעצטע פינף סענט, וויפל איך דאַרף אויף ברויט, אויף מילך, אויף פלייש, און גרינ־וואַרג, און אַזוי פיל לאָזט ער איבער! אַיי, טאָמער איז די מילך געוואָרן און מען האָט געדאַרפט קויפן אַנדערע, טאָמער איז געקומען אַ גאַסט און איך האָב געדאַרפט קויפן עפּעס „כבוד“ — פון דעם אַלעם האָט ער ניט געוואָלט וויסן!..

דאָס אַלעס איז געווען ווען „ער האָט ניט געהאַט“! ווען ער איז געווען אַ אַנגעשטעלטער! דער אמת איז, אַז שטענדיק האָט ער גוט פאַרדינט — נאָר וואָס דען? — ער האָט געטראָגן אין באַנק אַריין! למען האמת — אויף זיך, האָט ער אויך ניט אויסגעגעבן קיין איבעריקן סענט! ער האָט געטראָגן איין מלבוש, עטלעכע יאָר! ער איז געגאַנגען עטלעכע יאָר אין די זעלבע שיך און אין די זעלבע העמדער! אַ מאַן — איז אָבער עפּעס אַנדערש! אַ מאַן, וואָס ער טראָגט און ווי אַזוי ער גייט — וועט מען זיך ניט אומקוקן אויף אים און אים ניט באַרעדן! חוץ דעם האָב איך שוין געהיט אַז ער זאָל גיין ריין און ציכטיק און די העמדער האָבן געגלאַנצט! איך האָב אַליין געוואַשן, געפּרעסט, גע־קראָכמאַלעט, און מען האָט דעם „קבצן“ ביי אים ניט אַרויסגעזען!

ביי מיר, ביי אַ פרוי, איז עפּעס אַנדערש! ביי אים — האָבן די הויזן פאַרשטעלט די פיס און מען האָט ניט געקאָנט זען צי ער טראָגט שיינע אָדער מיאוסע זאָקן! ביי מיר, האָב איך געמוזט אַרויסגיין מיט גאַנצע זאָקן, און פאַרשטייט זיך — זיידענע! און ווי אויף צולהכעס — בין איך אַ רייסערין פון זאָקן — און ער, מיין מאַן, האָט עס ניט פאַר־

שטאַנען און ניט געוואָלט פאַרשטיין!.. נו! ביי וועמען זשע האָב איך געקאָנט און געדאַרפט נעמען געלט אויף מיינע באַדערפענישן!..

עס זענען אונטערגעוואַקסן קינדערלעך, זיי האָבן געדאַרפט גיין אין שולע, זיי דאַרפן ווייסע אויבערמאַנטעלעך, (גוארדאַפאַלוואַס) האָט מיין מאַן אויסגערעכנט, אַז יעדער קינד דאַרף בלויז צוויי „גוארדאַפאַל־וועלעך"! איינס — אויף צו גיין און איינס אויף אויסצוואַשן! אַיי, טאָמער איז אַ רעגן (מען גייט דאָך אין שולע ווינטער צייט) און דאָס אויסגעוואַשענע פאַרטעכל איז נאָך ניט אויסגעטריקנט, און דאָס, וואָס עס גייט אָנגעטון, איז שוין אומריין און קאָן שוין מיט דעם אין שולע ניט קומען! גיי דערצייל אים אַז יעדער קינד דאַרף נאָך אַ מאַנטעלע — וויל ער דערפון ניט וויסן!.. און — עס איז אונז שוין דעמאָלט ניט גע־ווען שלעכט! מיר האָבן שוין געהאַט אַ געשעפט און גוט געלייזט און גוט פאַרדינט! אַרויסרייסן, אָבער, אַ סענט ביי אים — אויפן גלייכן וועג — איז געווען אומעגלעך!.. וואָס זשע האָב איך געזאָלט טון? — איך האָב געמוזט אַליין נעמען! איך האָב שטענדיק אויסגענוצט זיין צעטראָגנקייט, ער ווייסט קיינמאָל ניט וויפל געלט ער האָט אין קעשענע און איך האָב אַרויסגענומען אַ ביסל געלט אויף מיינע ספּע־ציעלע הוצאות!..

יאָ! איך, אַ פרוי, האָט ספּעציעלע הוצאות! איך בין אַ מיטגלי־דערן אין דער „וויצא" און צאָל מיטגלידערשאַפט אין פאַרשידענע אַנשטאַלטן! דאַרף אַמאָל געבן אויף אַ קאַמפּיין! און צע וואָס לייקענען? — וויל זיך אַמאָל קויפן זאַכן צו מיין פרויען טואַלעט אָדער געבן אַ מתנה אַ חברטע אָדער קינד! אויף אָט די אַלע זאַכן קריג איך ביי אים קיין סענט נימ! צוריק מיט עטלעכע יאָר, האָט ער מיר באַשטימט אַ „וועכנטליכע" סומע אויף הוצאות פון דער שטוב! וועט איר לאַכן ווען איך וועל אייך זאָגן, אַז היינט צאָלט ער מיר, מיט קיין סענט ניט מער, ווי צוריק מיט דריי־פיר יאָר! ווען איך זאָל וועלן גרייטן צום טיש מיט אָט דער סומע וואָס ער גיט מיר אויף דער וואָך — וואָלט קוים געקלעקט אויף.. צוויי טעג! אַ דאַנק זיין קעשענע צו וועלכער „איך קריך" — ווי ער זאָגט, סטייעט אויף אַ שיינעם אָנבייסן די גאַנצע וואָך! קלעקט אויף צו מאַכן אַ מיטיק פאַר געסט וואָס קומען צי, און פאַרוואָס מיין פאָטער לאַדט איין אויף אַ זונטיק!..

און מיין מאַן? ער איז דאָך אַ קלוגער פּראַקטישער סוחר און מענטש! זאָל ער איינמאָל פרעגן ווי אַזוי איך קום אויס מיט דער הוצאה? ווי אַזוי עס קלעקט מיר זיין „געהאַלט"? ניין! ער פרעגט ניט! ער גיט מיר מיט קיין סענט ניט מער ווי צוריק מיט עטלעכע יאָר! וואו זשע

זאָל איך נעמען צו דערלייגן אויב ניט זיינע קעשענעס וועלכע זענען שטענדיק פול?..

די געשיכטע מיט דער גרויסער סומע וואָס איך האָב אַרויסגענומען — איז אויך ניט קיין ליגן! איך האָב אויף אַט דער געלעגנהייט צו קאָנען קריגן ביי אים אַזאַ „אפּויתקה” לאַנג געוואַרט! גלויבט מיר אָבער, אַז איך האָב דאָס געלט ניט פאַרשפּילט אין „פּאָקער”! איך האָב עס פאַרטון אויף אַ וויכטיקער זאַך! איך בין געגאַנגען מיט אַן אָפּגעריבענער „טאַפּאַדאָ” שוין עטלעכע יאָר! איך האָב אים געבעטן ער זאָל מיר באַשטעלן אַ פוטערנעם מאַנטל! עס איז מיר פּשוט ניט אָנגעשטאַנען וואָס אַלע מיינע באַקאַנטע און חבר'טעס טראָגן אַזעלכע פיינע פוטערנע מאַנטלען און בלויז איך טראָג אַ „קאַרטענעס” מאַנטל, אי דאָס איז ער שוין אַלט אַ יאָר זעקס! יעדער מאָל וואָס איך פלעג עס זאָגן מיין מאַן, האָט ער געפונען אַ נייעם תירוץ. דאָ — לייזט מען ניט! מאָרגן — ער האָט גרויסע צאָלונגען! איבערמאָרגן — ער מוז קויפן סחורה אויף מזומען כדי צו קויפן ביליקער און קאָנען קאָמפּעטירן מיט אַנדערע „פירמעס” און אַזוי אַלע טאָג! ביז איך בין אַוועקגעגאַנגען אין אַ היגער גרויסער פוטער-געשעפט און זיך באַשטעלט אַ מאַנטל! אַ ביסל געלט האָב איך געהאַט און דאָס איבעריקע האָב איך געדאַרפט איינצאָלן ווען דער מאַנטל וועט פאַרטיק ווערן! און שטעלט אייך פאָר מיין צער! מען מעלדעט מיר אַז מיין מאַנטל איז שוין פאַרטיק, איך זאָל אים קומען אָפּנעמען און... איך האָב קיין געלט ניט! איך בין געווען פּשוט פאַרצווייפלט! איך האָב שוין געהאַט באַשטימט גיין אין פוטער געשעפט, אָפּנעמען דעם מאַנטל און הייסן צושיקן דעם חשבון מיין מאַן! איך האָב געוואוסט אַז מען וועט מיר געטרויען, ווייל מיין מאַן איז אַ באַוואוסטער סוחר ווען מען קאָן גוט! איך האָב אויך געגלויבט אַז מיין מאַן וועט ניט מאַכן קיין לייטיש-געלעכטער און וועט מוזן באַצאָלן פאַרן מאַנטל! דאָך, האָב איך געציטערט! ווער ווייסט וואָס ער קאָן טון? און — גאָט איז מיר געקומען צו הילף! איך גיי צו צו מיין „אייזערנע קאַסע” — צו זיין קעשענע און געפין אַ פּעקל טויזנטער! עס איז מיר ליכטיק געוואָרן אין די אויגן!.. איך האָב אַרויסגענעמען וויפל איך האָב געדאַרפט, איך האָב אויך „אָפּגענומען” מיין געלט וואָס איך האָב אויסגעלייגט אַלס האַנט געלט פאַרן מאַנטל און איך האָב שוין אויך אַרויסגענומען אַ איבעריקן טויזנטער אויף שפּעטערדיקע הוצאות

— טאָמער וועט ער אַ שטיק צייט ניט האַלטן קיין געלט אין קעשענע!

— מיט איין וואָרט: איך האָב זיך אָפּגענוקמט מיט אַמאָל! און דאָס איבעריקע — נאָך אַלץ אַ היבשע סומע — האָב איך אים געלאָזט!

ער איז אַוועק אין געשעפט אַריין! איך — בין אינדערפרי נאָך, אַוועק אין פוטער געשעפט און אָפּגענעמען מיין מאַנטל!.. און הערט דעם וויץ פון אַט דעם אַלעמען! פון פוטער געשעפט בין איך גייענדיק אָנגעטון דעם מאַנטל — אַוועק אין אונזער געשעפט! מיין מאַן האָט מיך געזען אָנגעטון דעם מאַנטל, אים באַוואונדערט! געזאָגט מבינות אַז ער איז גוט, אַז די סחורה איז אַ „לעגיטימע"! אָבער פרעגן מיך, ווי איך האָב אים גענומען? ווי האָב איך גענומען געלט אויף אים? — דאָס פרעגט ער ניט! אַ געדאַנק איז מיר אַריין אין קאָפּ: אפשר מיינט ער אַז איך האָב עמיצן וואָס גיט מיר, וואָס „האַלט מיך אויס" מיט אַזעלכע טייערע מתנות!.. און שטייענדיק ביי מיין מאַן אין זיין אָפּיסינע פון געשעפט — האָב איך זיך צעוויינט און בין אַרויס פון געשעפט און אַוועק אַ היים!..

מיין מאַן, מיין קלוגער און פראַקטישער מאַן, דער גרויסער סוחר, האָט ניט געפונען פאַר נויטיק מיך פרעגן וואָס איך וויין! ערשט דערנאָך, אין עטעכע טעג אַרום נאָך יענעם שטורם, האָט ער מיר מודה געווען אַז ער האָט געמיינט אַז דעם מאַנטל האָב איך אָפּגעשפּאָרט פון... די צענערלעך וואָס איך שלעפּ פון זיין קעשענע!.. אַיי, וויפל יאָר דאַרף איך „שלעפּן" צענערלעך כדי אָפּשפּאָרן אַ מאַנטל פון... צוויי צענדליק טויזנטערס — דאָס האָט ער קיין חשבון ניט געמאַכט!

דעם חשבון האָט ער ערשט געמאַכט ווען ער האָט צוועלף אַזייגער זיך געלאָזט גיין אין באַנק אַריין און זיך געכאַפּט אַז עס פעלט אים דאָס געלט!.. ווען ער איז געקומען צולויפן אַ היים — איז שוין געווען צו שפּעט! איך האָב אים דערלאַנגט דעם חשבון פון פוטער געשעפט...

— — — — — — — — — — — — — —

דאָס „קאַפּיטל" פון איבערקוקן זיינע בריוועלעך איז אַ געשיכטע פאַר זיך! באמת, האָב איך ניט געוואָלט רעדן וועגן דעם, נאָר אַז ער האָט שוין גערעדט — וויל איך שוין אויך עס ניט פאַרשווייגן!..

איך האַלט, אַז עס איז נאָך גיט געבוירן געוואָרן דער מאַן, וואָס זאָל זיין אַ גאַנצער „צדיק" בנוגע דעם ווייבלעכן געשלעכט! עס איז נאָר די פראַגע פון געלעגנהייט! מיין מאַן איז ניט בעסער און ניט ערגער פון אַנדערע! און אויב איך האָב אָפּט איבערגעקוקט זיין קאָרעספּאָנדענץ — איז בלויז פאַר זיין טובה וועגן! ער האָט אַ טבע, אַז געשעפטס בריף וואָס דער פּאָסט-טרעגער, גיט אים אָפּ פערזענלעך, שטייענדיק אויף דער טיר פון געשעפט, אָדער איידער די בעאַמטע קומען — לייגט ער זיי אַריין אין די קעשענעס און... פאַרגעסט אין זיי עס האָט שוין ניט איינמאָל געטראָפן אַז אין די בריף וואָס ער האָט

אָפּגענומען ביי דעם פּאָסט-טרעגער און געהאַלטן אין קעשענע — זע-נען געלעגן גרעסערע טשעקן אָדער באַשטעלונגען אויף סחורה! ווען איך זוך ניט — עפּעס אַנדערש פאַרשטייט זיך — און געפין ניט אָט די בריף — וואָלט ער געהאַט א סך שאָדן!..

אַ חוץ די בריף, האָט אָבער מיין מאַן — אויף דער עלטער — אָנ-געהויבן אָפּט, זוכן אַוואַנטיורעס! זעט איר: דערויף — זשאַלעוועט ער ניט!.. און זוכנדיק אין די קעשענעס האָב איך, ניט איינמאָל געפונען ביי אים פאַרצייכנט „טעלעפאָן-נומערן" וואָס האָבן זיך גאָרניט אָנגע-קערט מיט זיינע געשעפטס-ענינים!

אַן אַנדערע אויף מיין אָרט, וואָלט געמאַכט סקאַנדאַלן! אַן אַנדערע אויף מיין אָרט — וואָלט אפשר צעשטערט איר שלום בית צוליב אָט די נאַרישע „טעלעפאָן-נומערן"! איך — בין געווען פאָרזיכטיקער! איך האָב גענומען די פאַרשידענע נומערן און... צעריסן! איך האָב קיין וואָרט ניט געזאָגט! איך האָב זיך אויך געמאַכט „ניט-זעענדיק" ווען איך האָב באַמערקט ווי ער קערט איבער זיינע קעשענעס און זוכט עפּעס! איך האָב פאַרשטאַנען אַז ער זוכט דעם „פאַרלוירענעם" נומער! און האָב זיך אויך געמאַכט „צום נאַר" ווען ער האָט מיר געזאָגט אָדער „גערעדט צו זיך אַליין", זוכנדיק, אַז עס פעלט אים אַ צעטעלע, אַ טעלעפאָן-נומער פון אַ באַקאַנטן סוחר פון פּראָווינץ וואָס שטייט איין אין אַ האָטעל און ווען ער דאַרף אָנרופן!.. איך — האָב אים געהאָלפן זוכן, באַדויערן, כאָטש — איך האָב שוין געקוקט אין דעם „גרינעם" טעלעפאָן בוך, און שוין אויסגעפונען, אַז דער טעלעפאָן-נומער איז ניט פון קיין האָטעל נאָר פון אַ פרוי... איך האָב צוליב שלום בית, צוליב אונזערע קינדער, צוליב זיך ניט מאַכן צו געלעכטער — אַראָפּגע-שלונגען אָט די באַליידיגונג און אים געהאָלפן באַדויערן!..

מיט זיין „סעקרעטאַרשע" סוסי, איז ער, אָבער, אַוועקגעגאַנגען צו ווייט! איך האָב שוין אָפּגענומען גרוסן פון אַלע זייטן, אַז ער פירט זי, מיט זיין אויטאָמאָביל, אָפּ אַלע טאָג אַהיים! אַז מען האָט זיי שוין געטראָפן צוזאַמען עסן אָדער שפּאַצירן אין פּאַרק! איך האָב שוין גע-פילט אַז איך דאַרף, אָט די אַוואַנטיורע איבערייסן! עס קאָן אַוועקגיין צו ווייט! און, איך האָב טאַקע געטראָפן די בריוועלעך אין קעשענע און איר קאָנט זיין זיכער אַז עס איז ניט געווען קיין באַשטעלטע זאַך, ווייל דער דאָזיקער פויגל, די סוסי, וואָלט ניט איינגעגאַנגען אויף אַזאַ שטיקל אַרבעט אַז איך זאָל געפינען אירע בריוועלעך ביי מיין מאַן אין קעשענע! דאָס זענען געווען אויטענטישע בריוועלעך, וואָס מיין מאַן האָט געדאַרפט צערייסן און אַוועקוואַרפן! איז ער דאָך אָבער א

צעשטרייטער — האָט ער זיי אַריינגעלייגט אין קעשענע און פאַרגעסן!

עס איז אמת! איך האָב געטון, ווי ער האָט עס אייך דערציילט! ער האָט בלויז איין דעטאַזשע ניט דערציילט: ווען איך האָב אָט די אויסנוצערן, אָט די אומאַנשטענדיקע פרוי וואָס האָט געזוכט צונעמען דעם מאַן ביי אַ צווייטער פרוי, ניט ווייל זי האָט אים ליב, נאָר ווייל זי נוצט אויס זיין רייכטום, ווען איך האָב אָט די סוסי אויסגעפּאַטשט און אַרויסגעוואָרפן פון דער קלייט — האָבן אַלע אָנוועזנדע בעאַמטע, צוואַנציק אין צאָל.. הילכיק מיך אפּלאָדירט!..

זיי, אָט די אָנשטענדיקע אָנגעשטעלטע, מיידלעך און פרויען, אינגלעך און מענער, האָבן, די גאַנצע צייט געזען ווי אַזוי מיין מאַן פאַלט אַריין אין די נעגל פון אָט דער אויסנוצערן! זיי האָבן געזען ווי זי גראָבט אַ גרוב אויף זיין רואיק פאַמיליען לעבן און טאַקע אויף זיין פאַרמעגן! זיי האָבן, אָבער, גאָרניט געקאָנט טון אַ חוין... שיקן אַנאָנימע בריוועלעך צו מיר און צו איים אויך, אָנווייזנדיק, ווער אָט די סוסי איז!.. מען האָט אים אָנגעוויזן אויף אַ פּאַקט, אַז זי — אָט די אויסגעלאַסענע ;מויד, באַקומט מתנות — ניט נאָר פון אים — נאָר פון אַנדערע געליבטע אויך!.. אין איין בריוועלע — וואָס איך האָב געפונען אין זיין קעשענע, עס איבערגעלייענט און צוריק אַריינגעלייגט, האָט מען אים אָנגעוויזן אויף דעם גאָלד-געשעפט וואו מיט אַ טאָג פריער איז דאָרט געווען סוסי מיט איר׳ס אַ „חתן" — אַ מאַן פון אַ יאָר... זעכציק און דער אַלטער האָט איר דאָרט געקויפט אַ בריליאַנטענעם רינג!.. ער — מיין מאַן, האָט זיך געמאַכט ניט ווויסנדיק און זי ניט משלה געווען! עס האָט אים ניט געאַרט זיין „שותפות" מיט די אַלטע און יונגע וואָס סוסי האָט אויסגענוצט! נו! האָב איך דראַסטיש געמאַט אַ סוף דערצו!.. איך האָב צעבראָכן זיין אַוואַנטיורע, אָבער ניט מיין שטוב! איך האָב אים דערנאָך דערציילט וואָס איך האָב געוואוסט פון אָט דער סוסין און אים באַלד געמעלדעט אַז איך בין אים מוחל! אַן אַנדער ברירה האָב איך דען געהאַט?..

יאָ! אמת! איך בין ניט „קולטורעל"! איך בין „אַלטמאָדיש"! איך „זוך" אין מיין מאַנס קעשענעס! איך האָב — זאָגט ער — אַ שלאַפּקייט אַזאַ! נו! אַדרבא! זאָגט איר:

— ווער צווינגט דער פרוי צו זוכן אין איר מאַנס קעשענעס?

— ווער איז שולדיק, אויב די פרוי זוכט אין מאַנס קעשענעס?

מעגלעך! מעגלעך אַז עס זענען פאַראַן אַזעלכע „יאכנעס" וואָס דאַרפן ניט זוכן — און זוכן יאָ! אָבער, משפּט זיי ניט צו שלעכטן! ווער ווייסט ווער עס איז שולדיק אין זייער „קראַנקהייט" פון איבערקערן דעם מאַנס קעשענעס?

——— ——— ——— ——— ——— ——— ——— ——— ———

# ער האָט געהאַט איין צוועק אין זיין לעבן — ניט איבערלאָזן זיינע קינדער קיין ירושה!..

— צו וואָס שטרעבט אַ מענטש, אַ פאַמיליען מאַן?
— וואָס איז דער חלום פון יעדן איינעם, וואָס האָט אָנגעהויבן בויען זיין הויז, זיין פאַמיליען לעבן און זיין צוקונפט?
פרעגט ביי יעדן איינעם וועט ער אייך ענטפערן:
מען וויל גוט דערציען די קינדער, ברייגנען זיי צו „לייט", התונה מאַכן און באַשטאַטן מיט אַ צוקונפט, און לסוף: — טאָמער חלילה, — אַ מענטש לעבט דאָך ניט אייביק — איז ווי אַ זאַך מאַכט זיך, באַוואָרענען, אַז פרוי און קינדער, זאָלן ניט ליידן קיין נויט! מען זאָל זיי ניט דאַרפן מאַכן קיין נדבה אָדער שכנים און קרובים זאָלן ניט דאַרפן רחמנות האָבן און העלפן.
משה-מענדל זילבערמאַן האָט געהאַט אַן אַנדער ציל אין זיין לעבן!
ער האָט געוואָלט מאַכן געלט! אַ סך געלט! אוצרות מיט געלט! און — „טאָמער, ווי אַ זאַך מאַכט זיך" — האָט ער געוואָלט אַז פון זיין געלט זאָלן זיינע קינדער קיין הנאה ניט האָבן! קיין ירושה זאָלן זיי ניט קריגן פון אים! — האָט ער דאָס געלט געטיילט און געטיילט ביים לעבן און האָט זיין ציל — כמעט ווי דערגרייכט!..
וואָס זשע איז געשען מיט משה-מענדלען? האָט ער אפשר פיינט געהאַט די קינדער זיינע? זענען זיי אַפשר ניט געווען ווירדיק אים צו ירשענען? האָבן זיי זיך אפשר, ביים לעבן ניט פאַרדינט אַז זיי זאָלן גענִיסן פון זיין גוטס? צי אפשר האָבן זיי אים פאַרשאַפט בזיונות ביים לעבן, אפשר האָבן זיי זיך אויסגעקליבן ,ניט קיין פאַסיקע שדוכים אפשר האָבן זיי אים — מיט זייערע האַנדלונגען, מביש געווען און דערפאַר האָט ער באַשלאָסן זיי עובר זיין אויף זייער חלק ירושה וואָס קאָן זיי קומען איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר?
ניין! חלילה! משה-מענדל האָט פיינע און האַרציקע און בכבידיקע קינדער! ער האָט צוויי טעכטער מיט וועלכע מען קאָן זיך איבערנעמען

און צוויי איידעמס — פון די שענסטע און בכבודיגסטע פאַמיליעס! חוץ דעם האָט יעדער איינער געוואוסט אַז די קינדער געבן אָפּ פיל כבוד דעם פאָטער און באַשיינען אים ביי יעדער געלעגנהייט, וואו און ווען נאָר, עס קומט זיי אוים עס צו טון.

פאַרוואָס זשע האָט משה־מענדל באַשטימט אַזוי אומענטשלעך צו האַנדלען? פאַרוואָס זשע האָט ער געטון אַלעס אין דער וועלט צו ענדיקן די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן אַלס אָרימאַן און אויב מעגלעך — אין מושב זקנים? פאַרוואָס האָט ער געטיילט אַזוי פיל צדקה פאַר אינסטיטוציעס און יחידים און זיינע קינדער האָט ער געזשאַלעוועט דאָס מינימאַלסטע:

אויבערפלעכלעך בלייבט ער אַ רעטעניש! אָבער, רעדנדיק מיט משה־מענדלען, דיסקוטירנדיק מיט אים וועגן צוועק אין לעבן פון אַ מענטשן — האָט איר זיך געשאַפן אַ שטיקל באַגריף וועגן משה־מענדלס האַנדלונג אין אָט דער פראַגע און... „כבוד בנים" (אַנשטאָט „כבוד־אָב")!

און וויסן זאָלט איר. משה־מענדל איז געווען אַ איד מיט וועמען מען האָט געקאָנט דיסקוטירן! ער איז געווען א בן תורה, אַ איד אַ תלמיד חכם, איז אַרויסגעקומען פון גדולים און גאונים און איז געווען אַן איידעם פון אַ אידן אַ גאון! אויך זיינע קינדער האָבן זיך משדך גע־ווען מיט תלמידי חכמים און ער, משה־מענדל, האָט געהאַט מיט וועמען צו דיסקוטירן!..

דערמיט, ווילן מיר אונטערשטרייכן, אַז משה־מענדל איז ניט גע־ווען פון יענע פשוטע אידן וואָס עס פאַלט זיי איין אַ קאַפּריז אין קאָפּ אָדער סתם אַן אַמביציע, איז — יבוא עלי מה — מוז ער עס אויספירן און דורכפירן! משה־מענדל האָט געהאַנדלט אויסגערעכנט און דערפאַר טאַקע, איז זיין טאַט פון מעביר נחלה זיין זיינע קינדער, געווען אַ רע־טעניש פאַר איטלעכן אַ חוץ פאַר...

— — — — — — — — — — — — — — —

עס איז כדאי זיך צו באַקאַנען מיט משה־מענדלס קינדהייט, יוגנט און לעבן! אפשר דערפון וועלן מיר קומען צו אַ ריכטיקן שלום פון זיין אומפאַרשטענדליכער האַנדלונג:

משה־מענדל איז געבוירן געוואָרן ביי זייער פרומע און זייער אָריי־מע עלטערן! זינט ער געדענקט זיינע ערשטע קינדער יאָרן, דערמאָנט ער זיך אַז ער האָט קיינמאָל קיין שטיקל ברויט צו זעט ניט אָפּגעגעסן! ער געדענקט גוט, ווי ער איז מקנא געווען זיינע חברימלעך אין חדר וואָס פלעגן ברענגען מיט זיך „איבערבייסן" פון בעסטן וואָס אַ קינד קאָן גלוסטן: נחומצי איטשע־מאירס האָט געבראַכט אַ שטיק ברויט

מיט דריי פרישע פייגן! שלום-בערעלע דעם באַנדערס האָט געבראַכט ברויט באַשמירט מיט פּאָווידלע! חיים-פּסח׳ל האָט געבראַכט צוויי שטיקער ברויט מיט אַ גאַנץ האַרט איי!.. און אַזוי די אַנדערע קינדער! בלויז ער פלעגט ברענגען אַ פּאָר טריקענע סעכערלעך וואָס ער פלעגט איינווייקן אין וואַסער אָדער ריזען אַזוי! אַך! ווי ער פלעגט דאַן ליידן דערפון!

שפּעטער האָט ער געפונען אַן עצה ווי אַזוי צו פאַרזוכן פון אָט די גוטע זאַכענישן! ער האָט אַ גוט קעפּעלע! געווען דער בעסטער תלמיד אין חדר! האָט ער אָנגעהויבן „האַנדלען" מיט זיין מוח! געהאָלפן די „גראָבע" קעפּ ביים חומש מיט ר״שי, ביים פּעניץ גמרא וואָס זיי האָבן אָנגעהויבן לערנען צו זיבן יאָרן, און גענומען דערפאַר „גוט באַצאָלט"! פאַר אַ שטיקל חומש איבערחזרן — אַ פייג! פאַר איינלערנען אַ שטיקל גמרא מיט תוספות —ווען דער רבי איז ניט געווען — צוויי פייגן! און אַזוי פלעגט ער, „נאַשן" פון אַלע גוטע זאַכן וואָס די קינדער האָבן געבראַכט!..

אויב עס זענען ניט געווען קיין „קונים" אויף זיין מוח — האָט ער פאַרקויפט זיין „גוף"! ער איז געוואָרן דאָס „פערדל" אויף וועלכן מען איז געפאָרן רייטנדיק! ער איז געוואָרן דאָס „אייזעלע" וואָס כאַפּט אַריין שמיץ און וויל זיך ניט רירן פון אָרט!.. פאַר אָט די זאַכענישן האָט ער באַקומען אַ טייל פון עסן, וואָס איז די רייכע קינדערלעך שוין במילא נמאס געוואָרן און זיי האָבן עס „פאַרקויפט" פאַר אַ ביסל פאַרגעניגן פון... שלאָגן אַ קבצניש קינד!..

אָט, דעמאָלט, ווען ער איז געווען אַן „אייזעלע" און געכאַפּט שמיץ פלעגט ער טראַכטן אין זיינע אָרימע עלטערן, און ווערן אין כעס אויף זיין טאַטן, וואָס האָט נאָר אינזינען צו זיצן אין שטיבל ביים רבין, און ניט ווערן אַ גביר ווי שלום-בערלס אָדער חיים-פּסח׳ס טאַטע, וואָס זענען גבירים און געבן די קינדער אַלע טאָג, אַ חוץ אַ גוטן „איבערבייסן" — אויך אַ פּאָר גראָשן אויף נאַשערייען!.. ער איז געווען אין כעס אויף זיין טאַטן וואָס אינטערעסירט זיך, אַזוי ווייניק אין די ליידן פון זיינע קינדער — די עלטערע שוועסטערלעך זיינע, וואָס גייען אַרום באָרוועס און נאַקעט, וואָס קאָנען, אַפילו, שבת ניט אַרויסגיין שפּאַצירן ווייל זיי האָבן ניט קיין בעל הבתיש קליידל אויף זיך און אַלע דריי שוועסטערלעך טראָגן... איין פּאָר צעריסענע שיך, וואָס טוען זיי אָן, לויט אַ „טורנע" און לויט... די טרערן וואָס איין שוועסטערל פאַרגיסט ווען זי מוז אַרויסגיין מיט אַ חבר׳טע וואָס איז זי געקומען זוכן!.. ער, משה-מענדעלע, האָט, אפשר, אין יענע קינדערשע יאָרן באַצייטנס גע-

ירשנט די „אידעע” אַז מען דאַרף פאַר די קינדער ניט זאָרגן, אַז מען דאַרף אינזיניגען האָבן בלויז די אייגענע עולם הבא, אָט ווי זיין טאַטע זיצט ביים רבי־ן, לערנט טאָג און נאַכט און עס אַרט אים ניט וואָס זיינע קינדער הונגערן!..

משה־מענדל איז עלטער געוואָרן, געוואָרן אַ בחור פון קרוב צו צוואַנציק יאָר! געדאַרפט זיך שטעלן צום פּריזיוו! קיין גרויסער גבר איז ער ניט געווען און איז זיכער געווען, אַז מען וועט אים אַרויסבראַקירן! זיין טאַטע האָט ווייניק וואָס געטראַכט פון אים! דער רבי ז״ל האָט צוגעזאָגט אַז „דער איבערשטער וועט זיך מרחם זיין” און דער איבערשטער האָט ווייזט אויס — דאָס מאָל — זיך ניט געוואָלט מרחם זיין און... מען האָט משה־מענדלען צוגענומען פאַר אַ סאָלדאַט, אים אָנגעטון אַ שינעל מיט אַ ביקס און אים געגרייט אויף שנעל, צו שיקן „אויפן פראָנט” פאַרטיידיקן זיין „פאָטערלאַנד”! משה־מענדל איז געווען איבערצייגט אַז זיין טאַטע איז שולדיק וואָס ער איז אַ סאָלדאַט! ווען דער טאַטע זאָל געווען זיין אַ... גביר, וואָלט ער — מיט געלט — אים געווען אויסגעקויפט פון גויאישע הענט און פון געפאַר פון געהרג׳ט ווערן ערגעץ ביי דער עסטרייכעשער אָדער דייטשער גרעניץ!.. ער איז נאָך מער געקומען צו דער איבערצייגונג אַז „אדם קרוב לעצמו” — יעדער איינער דאַרף זיך זאָרגן בלויז פאַר זיך!.. און — עס האָט זיך נאָך מער איינגעקריצט ביי אים אין מוח דער געדאַנק:

„קינדער? — זאָלן זיי זיך אַליין פאַרזאָרגן:

זיינע עלטערע ברידערלעך און שוועסטערלעך, וועלכע זענען גע־ווען פיזיש און מענטאַל מער אַנטוויקלט ווי ער — האָבן טאַקע זיך פאַרזאָרגט אויף זייער אייגענעם חשבון! איין ברודערל איז אויף דער עלטער געוואָרן אַ.. בונדיסט און מיט דער צייט פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר! דער טאַטע האָט אים באַגלייט מיט אַ... קללה: ימח שמו! עפּעס אַ קליינינקייט! געוואָרן אַ „ציציליסט” וויל מורד במלכות זיין, אויפגע־הערט גלויבן אין הקב״ה און איז געוואָרן אַ מחלל שבת בפרסיה!..

דאָס צווייטע ברידערל איז געוואָרן אַ „ציוניסט”! איז אַוועק קיין ארץ ישראל, — אָבער ניט כדי דאָרט אַריין אין אַ ישיבה און... שטאַרבן און טאַקע באַגראָבן ווערן נאָענט פון הר הזתים, אָדער נעבן כותל המערבי! ניין! ער איז גאָר אַוועק אַהין כדי צואיילן דעם „ביאת המשיח” און אויפשטעלן — ניט מיטן אויבערשטנס הילף נאָר דורך אייגענע כוחות אָדער דורך דער שווערד — די מלכות ישראל! אויף אים, איז משה־מענדלס טאַטע, דער פאַרברענטער חסיד, גאָר גאָר גע־ווען אין כעס! עפּעס אַ קליינינקייט! גיין קעגן דעם ווילן פון בורא עולם

וואָס האָט אַליין פאַרטריבן זיינע קינדער אין גלות, און דאַרף זיי אַליין איינזאַמלען צוריק ווען די גוטע שעה וועט קומען!

און גראָדע מיט אים, מיט זיין ברודער דעם „ציוניסט" האָט משה־מענדל מער סימפּאַטיזירט, און זיך געגעבן דאָס וואָרט, אַז ווען ער וועט האָבן די מעגלעכקייט וועט ער אויך פאָרן קיין ארץ ישראל און העלפן זיין ברודער „איינעמען דאָס לאַנד"! כל זמן, ער האָט אָבער ניט געקאָנט פאָרן — האָט ער אָפּגעשפּאָרט פון ביסן פון זיינע מאגערע פאַרדינסטן וואָס ער האָט געהאַט אַלס מלמד און האָט געשיקט צו זיין ברודער דעם „ציוניסט" אַלס הילף פאַר דער אַרבעט פון אויפשטעלן אַן אידישע מלוכה!

אַ שטיק בעל־החלומות איז משה־מענדל געווען! און ווען ער פלעגט באַקומען אַ בריף פון זיין ברודער דעם ציוניסט, און יענער האָט אים געשריבן ווי אַזוי ער אַרבעט אין אַ אידישן „פּרדס" און ווי אַזוי ער רייסט וויינטרויבן פון אידישע בוימער אָדער ווי אַזוי ער ציפּט די פּאָמעראַנצן און לייגט זיי אין קאַסטנס און מען שיקט זיי אַרויס אויף דער וועלט — ווען ער האָט דאָס געלייענט, פלעגט ער זיך פאָרשטעלן אַז ער איז שוין אויך אין ארץ ישראל, האָט אַ „פּרדס" פון טויזנטער און טויזנטער ביימער, און אידישע אַרבעטער, אָנגעטון אין יאַרמלקעס, שטייען אויף לייטערלעך און רייסן וויינטרויבן, רייסן פּאָמעראַנצן, רייסן באָקסער און טייטלען, פּאַקן זיי אין קאַסטנס און שיקן זיי אין זיין געבורטס שטאָט. אויף די קאַסטנס איז צוגעקלעפּט אַ צעטל:

די פּירות פון די פּרדסים פון משה־מענדל'ן!..

---

פון זיינע שוועסטערלעך — האָט אויך זיין טאַטע קיין גרויס נחת ניט געהאַט! די עלטסטע איז אַרויס „לתרבות רעה" און האָט חתונה געהאַט פאַר אַ בעל מלאכה! אַ פּשוטן שוסטער־יונג! געווען אַ „ליובאָווי" אַזאַ צווישן זיי, און דער שוסטער־יונג איז געווען דער בעסטער טענצער אין שטעטל! האָט זיך זיין שוועסטער איינגעליבט אין אים, — אין אַ ערב פּסח איז דאָס געווען — ווען דער שוסטער־יונג איז געקומען אַראָפּנעמען אַ מאָס אויף אַ פּאָר נייע שיך וואָס דער טאַטע האָט איר באַשטעלט ביי זיין — דעם בחורס — בעל הבית! דער שוסטער־יונג האָט דערנאָך דערציילט צווישן זיינע חברים, געזעלן, אַז ער האָט שוין אָפּגענומען טויזנטער מאָס'ן ביי מיידלעך, שוין געהאַלטן טויזנטער מיידלשע פיס אין די הענט, נאָר ווען ער האָט אַ נעם געטון שרה'קעס פיסעלע אין דער האַנט איז אים דורכגעלאָפן אַ עלעקטרישן שטראָם איבערן גאַנצן גוף, און — ער האָט זיך מאָמענטאַל פאַרליבט אין איר!..

ער געדענקט משה-מענדל, ווי דער טאַטע האָט געשלעפּט זיין שוועסטערל ביי די צעפּ, ווי ער האָט זי געממית׳ט! ס׳הייסט! אַ בעל מלאכה אין דער משפּחה און נאָך דערצו אַ שוסטער יונג! אָבער עס האָט גאָרניט געהאָלפן! די שוועסטער האָט געזאָגט „ליובאָוו ניע קאַר־טאָשקאַ”! דער טאַטע האָט זי אַרויסגעטריבן פון שטוב, געריסן „קריעה” און זיך געזעצט שבעה!

שפּעטער — ער האָט עס לאַנג געדענקט משה-מענדל — האָט מען זיין שוועסטערס מאַן צוגענומען אין דער מלחמה און ער האָט זי אי־בערגעלאָזט מיט אַ צווילינג אויף די הענט! אין עטלעכע וואָכן אַרום האָט דער סטאַראָסטאַ געבראַכט אַ מעלדונג אַז דער שוסטער-יונג איז געהרג׳ט געוואָרן! שרה׳קע האָט זיך געוואָלט נעמען דאָס לעבן! אי־בערגעבליבן אויפן וואַסער מיט צוויי „ווערים”! דער פאָטער האָט איר אָבער ניט מוחל געווען! זי ניט אַרויפגעלאָזט אויף דער שוועל! זי האָט ביידע קינדערלעך אָפּגעגעבן אין בית יתומים און אַליין איז זי אַוועק דינען!.. דעם פאָטער משה-מענדלס — האָט גאָרניט געאַרט וואָס זיינע אייניקלעך געפינען זיך אין אַ בית יתומים, וואָס זיין טעכטערל איז געוואָרן אַ דינסט!.. עס האָט אים ניט געאַרט קיין שום קינד! ער איז אַוועק צום רבי׳ן זונטיק אינדערפרי און דאָרט אָפּגעווען ביז ערב שבת!..

פון דער צווייטער שוועסטער איז אויך קיין „לייט” ניט געוואָרן! זי איז געוואָרן אַ „פּריידיקערן” און האָט נאָר געוואָלט אַרונטערזעצן דעם קעניג! אין איינעם אַ ערשטן מאי, איז געווען אַ גרויסע אַרבעטער מאַניפעסטאַציע! עס זענען געפאַלן קרבנות פון ביידע צדדים! אַ סך געהרג׳טע און פאַרוואונדעטע פּאָליציי לייט! אַ סך געהרג׳טע און פאַרוואונדעטע אַרבעטער און אַרבעטערנס און צווישן די קרבנות — איז געווען משה-מענדלס שוועסטער!..

דער פאָטער משה-מענדלס — איז אַפילו צו דער לויה ניט גע־גאַנגען!..

פון דער דריטער שוועסטער, האָט שוין משה-מענדלס פאָטער יאָ געהאַט אַביסעלע נחת! ער האָט זי פאַרשלייערט פאַר אַ ישיבה בחור, געפּראַוועט אַ שיינע חתונה, צוגעזאָגט דעם ישיבה בחור 10 יאָר קעסט און אים געגעבן בלויז... זעקס חדשים! מער — האָט ער ניט דערלעבט צו עסן „קעסט”! געווען נעבעך אַ יאַדעשליווע און זיינע לונגען זענען שוין לאַנג געווען צעגעסן פון טשעכאָטקאַ!..

דאָס אַלעס האָט זיך משה-מענדלען איינגעקריצט אין זכרון!

משה-מענדל איז לאַנג קיין סאָלדאַט ניט געווען! אויפן דריטן טאָג וואָס ער האָט זיך אָנגעהויבן „לערנען דאָס פאַך" פון זיין אַ סאָלדאַט, איז ער... אַוועקגעפאַלן און מען האָט אים אָפּגעפירט אין מיליטערישן שפּיטאָל וואו ער איז אָפּגעלעגן אַ פּאָר וואָכן און מען האָט אים אַהיים געשיקט מיט אַ „ווייסן" בילעט! זיין פאָטער האָט געזען אין דעם אַ „אצבע אלוקים" און נאָך מער — אַז דעם רבינ'ס ברכה איז מקוים גע־וואָרן!.. ער האָט אין קלייזל געשטעלט בראָנפן און טרינקענדיג לחיים מיט די חסידים — האָט דער פאָטער זיך... משדך געווען מיט אַ צווייטן חסיד! ניט ער האָט געפרעגט משה-מענדלען, ניט מען האָט געפרעגט דעם חסיד'ס טאָכטער...

— — — — — — — — — — — — — —

ווען משה-מענדל האָט זיך באַקאַנט מיט זיין „באַשערטער" האָט ער געפילט אַז זי איז ניט פאַר אים און ער ניט פאַר איר! אַ וואוילע אידישע טאָכטער אָבער — זייער אַ פּראָסטע! אַ צנועה אָבער, קיין צורת אות קאָן זי ניט! משה-מענדל, דער בעל החלומות האָט געוואָלט פּראָטעסטירן! אָבער, אַ געדאַנק איז אים אין קאָפּ געקומען! אויב ער וועט נעמען אַ געבילדעטע, אַ אויפגעקלערטע, וועט זי ניט וועלן פאָרן מיט אים קיין ארץ ישראל און אַרבעטן אין אַ „פּרדס"! זי וועט זיך פּוצן די נעגל — אָט די אויפגעקלערטע — און וועט ניט וועלן וויסן פון ערד־אַרבעט! האָט ער באַשטימט: — אפשר איז טאַקע אַזוי מן השמים? און — ער איז געגאַנגען מיט איר אונטער דער חופה!..

און — ווידער זעט ער, אַז דעם פאָטער זיינעם, אַרט ניט און עס אינטערעסירט אים ניט, פון וואָס וועט ער מאַכן אַ לעבן! עסן קעסט ביים פאָטער איז געווען אַן אומעגלעכע זאַך! דאָס קליינטל מיט דעם בוי־מעלע סחורה וואָס זיי פאַרמאָגן און וואָס די מאַמע זיינע פאַרקויפט און האַנדלט — סטייעט ניט — אפילו פאַר טאַטע-מאַמע אַליין! אויך זייער וואוינונג איז ניט צוגעפּאַסט אַז נאָך אַ „פּאָר פאָלק" זאָלן דאָרט קאָנען וואוינען! ווען די שטוב איז געווען פול מיט קינדער זענען זיי אַלע געשלאָפן אויפן גרויסן און באַקוועמען „אויפן אויוון" און טאַטע־מאַמע — אין בעט!

אָט דער „צימער" דער „אויפן אויוון" איז ניט צוגעפּאַסט פאַר אַ יונג פּאָר פאָלק — ווי אָרים מען זאָל ניט זיין! און דער טאַטע? ער האָט אפילו פון דעם ניט געטראַכט און ניט געוואָלט טראַכטן! ער איז באַלד אַוועק צום רבין אָדער אין „שטיבל", און זאָל די שטוב גיין „חאָדאָראָם"!

ביי משה-מענדל'ן האָט זיך, אַל'ץ מער, פאַרפעסטיגט די מיינונג

און דער געדאַנק, אַז: די עלטערן דאַרפן ניט פאַרזאָרגן די קינדער! זיי דאַרפן זיך אַליין פאַרזאָרגן!..

משה־מענדל לעבט אָפּ מיט זיין פרוי אַ פּאָר יאָר! ער האָט ניט קיין גוטן טאָג! ס'איז ניט קיין פּאַרל מן השמים! זיי קריגן זיך טאָג און נאַכט! שוין פאַראַן צוויי קינדערלעך, אָבער — אַנשטאַט זיי פאַראייניקן — דערווייטערט עס זיי! משה־מענדל וויכט זיין הויז! קאָן דאָרט קיין אָרט זיך ניט געפונען ניט ביי טאָג, ניט ביי נאַכט!

אין איינעם אַ טאָג, שיקט ער אַריין זיין ווייבל אַ גט, לאָזט זי איבער מיט ביידע קינדער און פאַרשווינדט! ער קומט אין אַן אַנדער שטאָט, אין אַ שטאָט פון אַ סך אידישע וועבער־פאַבריקן! קומט אָן אין אַ פאַבריק „אויף דער לערע", פאַרדינט בלויז אויף אַ טרוקן שטיקל ברויט! זיין שאַרפער מוח קומט אים איצט צו הילף! ער לערנט זיך שנעל אויס דאָס פאַך, קריגט אַרבעט אין צווייטער פאַבריק, פאַרדינט שוין פרנסה מיט דער ברייטער האַנט און מען רעדט אים אַ שידוך! שדכנים האָבן אָנגעשמעקט אַז אָט דער חסידישער בחריל מיט די געקרייזלטע פייקעלעך, וואָס פאַרדינט שטיקער גאָלד, וויל חתונה האָבן! מען פרעגט זיך נאָך אויף זיין משפחה און מען רעדט אים אַ שידוך אַ טאָכטער פון גאָר גאָר אַ געהויבענעם שטאָט־בעל הבית, און אַ נאָענטער מקרוב צום גערער רבין! אַ סברא — טאַקע זיינס אַ משפחה!

משה־מענדל ווערט געבראַכט צום רבין! דער רבי ז"צל גייט אַריין אין אַ טיפן שמועס מיט אים, פאַרהערט אים און ער ווערט נתפּעל פון משה־מענדלס שאַרפזיניקן מוח! ער גיט זיין הסכמה אויפן שידוך און מען פּראַוועט אַ חתונה כדת וכדין!..

— — — — — — — — — — — — —

עס קומען אָן די רעוואָלוציעס, די איבערקערענישן, די אַנטיסעמיטישע אָנפאַלן און דאָס שווערע לעבן, דאָס ניט קאָנען האָבן קיין פרנסה, קיין רואיק לעבן!.. משה־מענדל נעמט זיין פרוי און זיין ערשט געבוירן קינד און וואַנדערט אויס אין דער נייער וועלט אַריין!

אויף דער שיף אויף וועלכער משה־מענדל איז געפאָרן, זענען געפאָרן עטלעכע הונדערט אידישער עמיגראַנטן! געווען צווישן זיי יונגע מענטשן וואָס זענען אַנטלאָפן פון באָלשעוויסטישן קאָשמאַר און פון די פוילישע שלאַכטשעס וואָס זענען אויפגעשטאַנען תחית המתים און גענומען אויספּרואוון זייער גבורה אויף אידיש בערד! געווען אַ סך עלטערע אידן, אפילו רבנים צווישן זיי! דאָך ווען עס איז אויסגעקומען צו מאַכן אַ מנין כדי צו דאַוונען בציבור — האָט מען אויסגעקליבן משה־מענדלען פאַר בעל תפילה! געווען אַ סך, וואָס האָבן אים דערקענט אַלס

רב נחומ׳צים אײדעם, און מען האָט געוואוסט אַז רב נחומצי — אַ מקורב צום גערער הויף — וועט ניט נעמען פאַר אַ אײדעם אַבי וועמען! אַגב, האָט מען שוין געהערט פון אים, אַז ער איז אַ וואַזשנער בן תורה, קאָן אָפּלערנען אַ בלאַט גמרא און קאָן אויך אַ קאַפּיטל תנ״ך און איז אפילו בקי אין דקדוק!..

משה־מענדל האָט גיך געהאַט אַרום זיך אַ גאַנצע גרופּע יונגעלייט, מיט וועמען ער האָט פאַרבראַכט די גאַנצע טעג וואָס ער איז געפאָרן אויף דער שיף, שטאַרק הנאה געהאַט פון דיסקוטירן מיט זיי אָדער זיך פאַרנעמען אין אַ טיפן פּלפּול וועגן אַ שטיקל תוספות! און... ער האָט גאָר פאַרגעסן אַז אויף דער שיף פאָרט זיין יונג ווייבל, רב נחומצים טאָכטער, און זיין קליין טעכטערל!.. עס האָט אָנגעהויבן טליען אין אים דער פונק ירושה וואָס ער האָט באַקומען בירושה פון זיין פאָטער... — ניט טראַכטן וועגן ווייב און קינד נאָר בלויז וועגן זיך!..

ער איז געקומען אין לאַנד אַריין וואו ער האָט זיך שנעל איינגעאָרדנט! זיין פאַך וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט איז אים גוט צונויץ געקומען! ער האָט די ערשטע עטלעכע יאָר געאַרבעט ביי יענעם, צונויפגעזאַמלט אַ ביסל געלט און זיך געשטעלט אַרבעטן פאַר זיך! עס איז אים געגאַנגען ניט שלעכט, אָנגעהויבן גוט פאַרדינען, אויסגעשריבן ספּעציעלע מאַשינען פון אויסלאַנד און איינגעפירט אַ גרויסע, אייגנאַרטיקע אינדוסטריע! זיין חלום וועגן אַוועקפאָרן קיין ארץ ישראל האָט ער ניט אויפגעגעבן! זיין ברודער האָט אים געשריבן שלעכטע בריף!.. פון איין זייט די אַראַבער, פון דער אַנדערער זייט — די ענגלענדער, לאָזן דעם קאָפּ ניט אויפהויבן, לאָזן ניט קויפן קיין ערד צו פאַרזעצן פרדסים און אין די אַלטע פרדסים איז שווער צו אַרבעטן! די אַלטע קאָלאָניסטן ווילן ניט צונעמען קיין אידישע אַרבעטער, ווייל די אַראַבישע קאָסטן אַ סך ביליקער... אָבער — ער האָט אַלץ געהאָפט צו פאָרן קיין ארץ ישראל!

משה־מענדל האָט זיין האָפענונג ניט פאַרלוירן! פונקט פאַרקערט! ווי יעדער חובב ציון איז ער נאָך מער צוגעבונדן געוואָרן פון דער אידעע פאָרן, זיך באַזעצן אין ארץ ישראל! מען דאַרף נאָר האָבן געדולד און אָפּוואַרטן דעם גינסטיקן מאָמענט!

מיט דער צייט איז צוגעקומען נאָך אַ קינד! ער איז ניט איבעריק געווען צופרידן מיט אָט דעם נייעם קינד! .ער האָט געוואָלט אַ בן זכר! ער האָט געוואָלט אַ... קדיש! אַ פאָרזעצונג פון זיין פאַמיליען־נאָמען! און דאָ קומט גאָר אַ מויד!

שפּעטער ווערט ער געוואוירע עפּעס טראַגישעס! זיין פרוי קאָן

שוין מער קיין קינדער ניט האָבן!.. דער לעצטער קימפּעט האָט איר שיער דאָס לעבן ניט געקאָסט!.. משה־מענדל איז ניט צופרידן אָבער — ער גלויבט אַז מן הסתם איז דאָס מן השמים! ער איז נאָך אַלץ אַ גלויביקער! ער איז נאָך אַלץ אַ גערעכטער חסיד! ער גיט זיך דאָס וואָרט, אַז ווען זיינע צוויי טעכטער וועלן אויסוואַקסן זאָל ער זען קריגן פאַר זיי אַזעלכע איידעמס וואָס וועלן זאָגן, — וואָס וועלן קאָנען און וועלן זאָגן — קדיש נאָך אים!.. ער האָט אַלץ אינזינען געהאַט פון די נוצן וואָס ער וועט האָבן פון זיי, פון זיינע איידעמס! ער האָט אָבער קיין איין מינוט ניט געטראַכט אַז ער וועט זיי — אויך דאַרפן געבן אַז זיי וועלן אויך דאַרפן האָבן נוצן פון אים!... און...

יאָרן גייען! יאָרן לויפן! קינדער וואַקסן! און אַט זענען שוין זיינע צוויי קינדער גרויס! זיי זענען שיין, קלוג, געלערנט! גראָדע דאָס, האָט משה־מענדל ניט געזשאַלעוועט! ווען מען קוקט אַריין צו אים אין האַרצן וואָלט מען דערזען, אַז ער לערנט זיי, ער גיט זיי די בעסטע דערציאונג, ניט צוליב זייער נוץ — נאָר כדי... זיך אויסשטעלן, כדי מענטשן זאָלן וויסן, אַז ביי משה־מענדלען זענען פאַראַן צוויי געראָטענע טעכ־טערלעך מיט וועלכע מען קאָן שטאַלצירן!.. ער האָט געוואָלט באַשיינט ווערן פון זיינע קינדער פון דעם פיינעם נאָמען וואָס זיי האָבן אַלס — נאַציאָנאַלע אידישע טעכטער, אַלס בנות ציון!.. און עס האָט זיך אין אים דערוועקט די „ירושה״ שלאַפקייט פון זיין אַלטן טאַטן! — אינדרויסן — האָבן די קינדער געשיינט און אינעווייניק האָבן זיי, צו מאָל, צו דער זאַט ניט אָפּגעגעסן!..

עס ברעכט אויס די צווייטע וועלט מלחמה! משה־מענדל ווערט אָפּגעריסן פון דער אַלטער וועלט! ער ווערט אָפּגעריסן פון ארץ ישראל! ער באַקומט אַ ידיעה אַז זיין ברודער דאָרט, איז געשטאָרבן! ער באַ־ווײנט אים ניט! ער האָט ניט קיין נאַטור צו וויינען! ער קאָן בלויז ווײ־נען ווען... ער אַליין זאָל זיך צעשניידן אַ פינגער אָדער פאַרשטעכן אַ נאָדל אין אַ פוס! ווייטער פון זיין גוף, פון זיין „איך״ — נעמט ער זיך ניט שטאַרק צום האַרצן!.. אַ שאָד בלויז וואָס ער האָט ניט — דורך ווענען — אַנקויפן ערד אין ארץ ישראל, אַנקויפן פּרדסים, און ווען עס וועט זיך ענדיקן די מלחמה וועט ער איבערפאָרן אַהין! ער וויל דאָרט ענדיקן זיינע יאָרן!.. אָבער! ער וועט שוין געפינען דורך ווענען איבערשיקן אַהין זיין געלט! ער וועט איבערשיקן אַהין דאָס גאַנצע געלט זיינס! ער דאַרף דאָ קיין געלט ניט האָבן!.. דערהויפּט נאָך איצט! ער האָט געפונען צוויי וואוילע בחורים פאַר זיינע טעכטער, צוויי טייערע אידי־שע בחורים פון די שענסטע פאַמיליעס פון לאַנד! בחורים צו גאָט און

צו לייט און איצט, איצט וועט ער זען מאַכן אַ סך געלט און עס אי־בערשיקן קיין ארץ ישראל מען זאָל קויפן „פּרדסים", גערטנער, אַ סך גערטנער, אַ סך ביימער! ער וועט קומען קיין ארץ ישראל, זיצן אונטער אַ שאָטן פון אַ בוים — אַ אייגענעם בוים, און וועט אַריינקוקן אין אַ ספר!..

און די קינדער? וואָס דאַרף ער זאָרגן וועגן זיי? זיי נ ע עלטערן האָבן אַ סך געזאָרגט וועגן אים?.. וואָס אינטערעסירט אים צי די קינ־דער האָבן פּרנסה? צי זיי זענען באַזאָרגט מיט ברויט? וואָס זשע? זיין טאַטע האָט זיך געזאָרגט וועגן אים?..

פאַר דער צייט, האָבן די געשעפטן אָנגעהויבן גיין שלעכט! ער האָט דערלייגט אַ סך געלט! גאָר אַ סך געלט! ער האָט זיך פאַרחוב'עט און פאַרבאָדן! עס האָט אים אָבער ניט געאַרט! ער האָט געוואוסט אַז זיין פאַבריק, זיינע מאָדערנע מאַשינען וועלן אים אַרויסשלעפּן פון אַלע צרות! דער עיקר, וואָס דאַרף ער? ער דאַרף בלויז האָבן נאָך אַ ביסל געלט, כדי צו קאָנען קומען קיין ארץ ישראל ניט מיט ליידיקן! איבער־לאָזן פאַר די קינדער? דאָס טראַכט ער ניט און דאָס וויל ער ניט!..

צו האָט ער די קינדער פיינט געהאַט? צו האָט ער די איידעמס פיינט געהאַט? חלילה! די טעכטער זענען געווען זיין גאַנץ לעבן! ער האָט שטאָלצירט מיט זיי און דאָס גרעסטע פאַרגעניגן זיינס איז געווען, אַז ביי אַ עפנטלעכן אַקט וואו ער, משה־מענדל איז געווען אָדער אַ מסיבה וואָס ער האָט אָרגאַניזירט אָדער וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן לכבוד אים — זאָלן זיינע טעכטער מיט די איידעמס זיין נעבן אים!.. אים ב אַ ש יינ ע ן! די וועלט זאָל זען אַז זיינען קינדער געבן אָפּ כבוד זייער טאַטן! אמת! געווען אַ צייט ווען אַ קינד האָט ניט געקאָנט גיין „באַשיינען דעם טאַטן" ווייל... עס האָט ניט געהאַט וואָס אָנצוטון! די פאַרדינסטן פון מאַן זענען ניט געווען גענוג צו מאַכן זיך מלבושים און די גרעסטע טייל פון דעם ביסל חתונה מלבושים וואָס דער טאַטע האָט מיטגעגעבן, האָט מען: אָדער שוין אויסגענוצט, אָדער.. פאַרקויפט כדי צו קאָנען צאָלן דירה געלט! דער טאַטע האָט געוואוסט וועגן דעם, געוואוסט וועגן שלעכטן עקאָנאָמישן מצב פון טאָכטער און איידעם! וואָס אַרט עס אים אָבער? האָט דען זיין טאַטן, מער געאַרט ווען ער האָט געוואוסט, אַז ער, משה־מענדל האָט ניט קיין מיטיק פאַר זיך און פאַר זיין (ערשטע) ווייב?.. און ווי אויף צו נוקמ'ן זיך אין ז יי ן יוגנט, אין ז יי ן טאַטן, נעמט ער אַרויס — יענעם טאָג ווען די טאָכטער פאַרקויפט אַ מלבוש און דער איידעם עטלעכע ספרים זיינע, כדי צו צאָלן

דירה געלט און האָבן אויף עטלעכע מיטיקן — אין יענעם טאָג, ווי אויף צו ·להכעיס — נעמט ער אַרויס אַ קופּע מיט געלט פון זיין אייזערנער קאַסע, אַ זשמעניע מיט טויזנטער און איז מנדב אויף קהלישע זאַכן! מנדב אויף פּרדסים אין ארץ ישראל!..

— — — — — — — — — — — — — —

משה-מענדל האָט געהאַט גאָר אַ וואַזשנע אידעע! ער האָט אפילו זיך שוין צוגעגרייט די אידעע דורכפירן אין לעבן! ער וועט פאַרקויפן זיין גאַנץ פאַרמעגן, נעמען דאָס געלט, נעמען זיין אַלטיטשקע, און אָן דעם וויסן פון עמעצן — אַוועק קיין ארץ ישראל! איי, טאָמער וועט די אַלטיטשקע ניט וועלן פאַרלאָזן די טייערע קינדער, די געראָטענע איי־ניקלעך — טאָ, וועט ער זי אויך איבערלאָזן און וועט אַליין אַוועק! זיין אידעע איז שוין ביי אים געווען פאַרטיק! ער האָט אַ האַלב פון פּלאַן שוין געהאַט דורכגעפירט! די צווייטע העלפט איז אים געשטערט געוואָרן!

דער וואָס לעבט אייביק — און אין וועלכן משה-מענדל האָט אַזוי פיל געגלויבט — האָט ניט געקאָנט פאַרליידן אַזאַ עוולה פון מעביר נחלה זיין אייגענע קינדער און אים גערופן צו זיך צו אַ דין תורה!..

— — — — — — — — — — — — — —

משה-מענדל וועט זיכער אַרויס אַ באַפרייטער פון דער דין תורה של מעלה! עס וועלן אים פאַרטיידיקן די טויזנטער און טויזנטער פּרדסים וואָס ער האָט געפלאַנצט אין וויסטן ארץ ישראל! מער פון אַלע, וועט זיין סנגור (פאַרטיידיקער) אָנווייזן אַז שולדיק איז — ניט ער! שולדיק איז די ירושה וואָס ער האָט געקראָגן פון זיין טאַטן און אויב משפּטן דאַרף מען זיין טאַטן וואָס האָט אים געגעבן אַזאַ ביישפּיל אין לעבן! אויב משפּטן — דאַרף מען — ניט שטענדיק די קינדער נאָר — די עלטערן וואָס האָבן די קינדער אַזוי שלעכט דערצויגן!..

— — — — — — — — — — — — — —

# זי איז געזונט און שטארק און דארף אפלעבן איר לעבן אין...

## משוגעים־הויז...

...אנו! אדרבא! פרואוו! זיי אין אט דעם הייל־אנשטאלט, צווישן עטלעכע הונדערט גייסטיק־קראנקע, זיי מיט זיי דריי טעג, וועלן מיר זען וואס דו וועסט דעמאלט זאגן!..

איך נעם זיך אונטער צו זיין! אדרבא! איך גלויב אז די פרוי — ר־ק, איז ניט די איינציקע דא, וואס איז געזונט געווארן און האט ניט ווער עס זאל זי ארויסנעמען פון דאנען! איך האב געכאפט א בליק, — אין דער צייט ווען זיי האבן געהאט זייער שפאציר — און איך האב באמערקט א סך געזונטע און נארמאלע פרויען!.. דוכט זיך אז איינציקע האב איך אויך דערקענט!..

— נו! גוט! הייניטיקע וואך בין איך די גאנצע וואך „דיזשורנע” דא. איך וועל דא זיין א גאנצן טאג און א גאנצע נאכט, אויב דו ווילסט — וועל איך קריגן א דערלויבעניש פון מיינע עלטסטע און וועסט בלייבן, דא מיט מיר, אויף עטלעכע טעג, אויף וויפל צייט דו וועסט נאר וועלן און אויסהאלטן... וועסט קאנען רעדן מיט וועמען דו ווילסט, וועסט זיך קאנען טרעפן מיט פרוי ר־ק, וועסט זיך באקאנען מיט דער געשיכטע פון איינציקע קראנקע און דערנאך וועל איך וועלן הערן דיין מיינונג! אגב! אפשר וועט עס דיר טאקע אינספירירן צו שרייבן עפעס וועגן אט די אומגליקלעכע קראנקע און נאך אומגליקלעכערע... געזונט געווארענע וואס קאנען ניט ארויס פון דאנען!

— אבער, איך פארשטיי ניט! ס׳הייסט זי קאן ניט ארויס? איז דען ניט גענוג אז איר, דאקטוירים, באשטעטיקט אז די קראנקע איז שוין געזונט און זי קאן זיך גיין?

— ניין! ס׳איז ניט גענוג! ד ע ר וואס האט זי אהער געבראכט — ד ע ר — דארף זי קומען ארויסנעמען! און, אויב ער באווארנט זיך נאך און לאזט איבער א געשריבענע אנווייזונג, אז בלויז ע ר קאן

זי אַרויסנעמען, מעגט איר שוין זיין זיכער, אַז קיינעם — אַ חוץ אים — וועט זי ניט אַרויסגעגעבן ווערן!..

נו! און אַז דער מאַן אירער, וויל זי ניט אַרויסנעמען?

— איז טאַקע ניט גוט!..

— איז ניטאָ קיין מיטל צו צווינגען אים זי אַרויסנעמען?

— כמעט ווי ניטאָ!..

— איז די פרוי ר־קי טאַקע שוין פולשטענדיג געזונט?

— אויף אַזוי פיל געזונט, אַז מען קאָן זי שוין אַרויסנעמען און אַוועקשיקן ערגעץ אין אַ קאַמפּ אַריין, וואו עס איז פאַראַן פרישע לופט, וואו עס זענען דאָ ביימער, גרין גראָז, פריי פעלד! זי דאַרף בייטן דעם געוויינלעכן, שטענדיקן אָרט לעבן! אַוועקפירנדיק זי אין פעלד אַריין, קאָן מען גאַראַנטירן אַז זי וועט שוין בלייבן געזונט! אָבער! לאָמיר פאַרענדיקן דעם פאַריקן אַפּמאַך: דו בלייבסט דאָ אויף עטלעכע טעג?..

— איך בלייב!

— — — — — — — — — — — — —

אַט דער שמועס איז, אין אַ טאָג, געפירט געוואָרן צווישן מיר, דעם שרייבער פון אַט די שורות מיט אַ נאָענטן פריינט וואָס איז פון די אָנגעזונסטע מעדיקער פון אַ באַרימטן הייל־אַנשטאַלט פאַר גייסטיק־קראַנק ע־פרויען. — דער מעדיקער, איז, חוץ אַ גרויסער דאָקטאָר — אויך אַ גרויסער מענטשן־פריינט! דער שמועס איז פאָרגעקומען צווישן אונז ביידע צוליב אַמאָדנעם פאַל:

אין אַ טאָג פּרעזענטירן זיך צו מיר צוויי פרויען, איינע — אַ עלטערע און די צווייטע — נאָך גאָר אַ יונגע! זיי קומען עפּעס בעטן און... אנשטאַט רעדן — וויינען זיי! וויפל איך באַרואיק זיי, וויפל איך בעט זיי, זיך זעצן און זאָגן וואָס זיי ווילן — עס העלפט ניט, זיי וויינען! ערשט אין אַ גוטער שעה אַרום, האָבן מיר געהאַט די מעגלעכקייט צו זיצן ביים טיש, אַביסעלע באַרואיקטע און אויסהערן וואָס זיי דערציילן:

אַ שוועסטער זייערע, זייער אַ טייערע נשמה, די בעסטע פון די אַכט ברידער און שוועסטער וואָס זיי זענען — איז צוריק מיט אַ פּאָר יאָר גייסטיק קראַנק געוואָרן! זיי גלויבן אַז דאָס איז געקומען פון אַ קימפּעט! זי איז נאָך אַ יונגע פרוי און אַ מאַמע פון... פינף קינדער! דער לעצטער קימפּעט איז געווען זייער אַ שווערער און זי איז אויפגעשטאַנען פון בעט מעלאַנכאָליש שוואַך און עפּעס ניט מיט אַלעמען! נאָך עטלעכע טעג אַרום האָט מען באַמערקט אין איר, ניט קיין נאָרמאַלע סמנים! ספּעציעל האָט זי גערעדט אַ סך! ביז צום חדש איז זי שוין געווען פולשטענדיק קראַנק! דער מאַן — זיי האָבן צו אים גאָרניט! — ער האָט

געטון וואָס ער האָט געקאָנט, ער האָט זי אַריינגעגעבן אין אַ פּריוואַטער סאַנאַטאָריע וואו זי איז אָפּגעווען אַ יאָר צייט! ער האָט געצאָלט פאַר איר איבער זיינע כוחות, ווייל ער איז אַ אָרימער קליינטניק, זיי האָבן געלעבט זייער באַשיידן! דאָס איינציקע גליק זייערס איז געווען וואָס זיי האָבן געהאַט אַ אייגענעם דאַך איבערן קאָפּ, אַ שטיבל פון צוויי צי־מערן צוגעטשעפּעט צום קלייטל און אַזוי האָבן זיי געשלעפּט פרנסה!..

אגב, זייער פאָטער האָט, אָט די שוועסטער שטאַרק ליב געהאַט — מער פון אַלע קינדער, זי איז געווען זייער אַ געראָטענע, זייער אַ גוטינ־קע! ספּעציעל האָט ער זי ליב געהאַט צוליב דעם, וואָס זי איז געווען זייער אַ באַלעזנדע און פלעגט ליב האָבן, אין די אויפדערנאַכטן, פאַר־לייענען פאַר טאַטע־מאַמע אידישע מעשה׳לעך פון שלום עליכם־ן, פון פּרצ־ן און טאַטע־מאַמע האָבן שטאַרק אָנגעקוואָלן! ווען זי האָט שפּע־טער געפונען איר באַשערטן און עס איז אַוועק שלעכט, האָט דער טאַטע אים — דעם מאַן אירן, זייער אַ סך אַרויסגעהאָלפן! ער האָט ניט גע־וואָלט אַז זי זאָל ליידן!... ווען זי איז געוואָרן שלאַף האָבן טאַטע־מאַמע זיך שטאַרק גענומען צום האַרצן און — אין ווייניקער ווי אין אַ יאָר צייט — זענען זיי אַוועק פון דער וועלט! וואָלטן זיי געווען געוואוסט אַז אונזער שוועסטער וועט נאָך אַמאָל קומען צו זיך, אַז זי וועט נאָך געזונט ווערן, וואָלטן זיי אפשר, ניט געווען אַזוי שנעל געשטאָרבן...

נאָך אַ יאָר צייט פון אויסהאַלטן זי אין אַ פּריוואַטער סאַנאַטאָריע, און נאָך דעם, ווי איטלעכער איז געווען איבערצייגט, אַז זי איז שוין פאַרלוירן אויף אייביק — האָט זי דער מאַן אַרויסגענומען פון סאַ־נאַטאָריע און זי אַריינגעגעבן אין אַלגעמיינעם הייל־אַנשטאַלט! זי איז שוין דאָרט אַ יאָר פינף! מיר האָבן זיך שוין פון איר מיאש געווען, מיר פלעגן זי אָבער ניט פאַרלאָזן, און עטלעכע מאָל אין חדש קומען צו איר, איר ברענגען פרוכטן און זיסקייטן און זיין נעבן איר!

צוריק מיט אַ שטיקל צייט האָבן מיר אָנגעהויבן באַמערקן אַ ענדע־רונג אין איר! זי האָט אָנגעהויבן אונז דערקענען! זי האָט אפילו, אָנגע־הויבן פרעגן אויף טאַטע־מאַמע וואָס קומען ניט!.. איר אויסזאָגן אַז זיי זענען שוין אויפן עולם האמת — האָבן מיר ניט געוואָלט — האָבן מיר איר אַלע מאָל געזאָגט אַן אַנדער תירוץ! איינמאָל האָט זי אפילו גע־מאַכט אַ „שטרייק"! זי האָט אונז ניט געוואָלט זען, ניט געוואָלט אַרויסקומען צו אונז, אויב... טאַטע־מאַמע וועלן ניט קומען צו איר!.. מיר האָבן קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט און אויף דער עצה פון דאָקטאָר ק. — אָט דער וואָס האָט זי געהיילט די גאַנצע צייט, אָט, דער, גוטער מלאך אין אַ מענטשלעכן געשטאַלט — האָבן מיר איר געזאָגט דעם

אמת! ווען מיר האָבן עס איר געזאָגט, איז דער דאָקטאָר געווען דערביי, ער האָט אָבסערווירט פון דערווייטנס דעם איינדרוק וואָס עס וועט אויף איר מאַכן! זי האָט שטאַרק געוויינט! זי איז געלעגן, אפשר, אַ שעה צייט אין מיינע אָרעמס און געוויינט און וויינענדיק האָט זי געזאָגט אַז, זי ווייסט אַז... זי איז שולדיק אין זייער טויט! צוליב איר, צוליב איר שלאָפקייט זענען זיי פון דער וועלט געגאַנגען!..

אויף דער עצה פון דאָקטאָר האָבן מיר איר דערציילט אַז זי האָט אַ טעות! עס האָט גאָר געטראָפן מיט זיי אַן אַקצידענט! זיי זענען אומגעקומען — מיט נאָך 18 פּערזאָן — אין אַ אָמניבוס אַקצידענט און דאָס האָט זי אַביסל באַרואיקט! דער דאָקטאָר האָט אונז דערנאָך געזאָגט אַז ווען זי זאָל דענקען אַז צוליב איר, זענען די עלטערן געשטאָרבן — וואָלט זי ערגער קראַנק געוואָרן!

אין אַ טאָג האָט מען אונז — מיך מיט מיין שוועסטער און ברודער — גערופן אין הייל-אַנשטאַלט און אונז אָנגעזאָגט די בשורה:

אונזער שוועסטער איז פולשטענדיג געזונט געוואָרן! מען דאַרף זי, וואָס שנעלער, אַרויסנעמען פון דאַנען!

ווער קאָן זי אַרויסנעמען? — אָט דער וואָס האָט זי אַריינגעגעבן! איר מאַן! אָבער! ווי קאָן איר מאַן זי אַרויסנעמען און זי ברייגגען צו אירע קינדערלעך, — אַזוי טענה'ט ער — ווען ער, דער מאַן, האָט אַרויסגעקראָגן אַ אידישן גט... און ניט בלויז אַ גט האָט ער — נאָר ער האָט שוין אויך חתונה געהאַט — ביים זעלבן רב, וואָס האָט אים געגעבן דעם גט — און האָט שוין מיט זיין נייער פרוי צוויי קינדער!.. ער אנטזאגט זיך קאַטעגאָריש זי אַרויסנעמען פון דאָרט! עס העלפט ניט אונזער בעטן און וויינען!.. מיר פאַרזיכערן אים, אַז אונזער שוועסטער וועט צו אים ניט קומען! מיר האָבן פריינט אויף דער פּראָווינץ און מירן זי אַהין שיקן! מיר האָבן שוין גערעדט מיט אונזער שוועסטער! זי ווייסט שוין דעם אמת פון איר מאַנס חתונה! און... זי וויל צו אים במילא ניט גיין, זי איז גרייט אַפּילו די קינדער ניט צו זען, אַבי אַרויס פון דאָרט, פון יענעם ערדישן גיהנום!..

— יאָ! וואָס זשע קאָן איך אייך דאָ העלפן? זאָל איך רעדן מיטן מאַן? אים בעטן אפשר וועט ער מיר צוליב טון? אפשר וועט זיך אים דאָס האַרץ אַ ריר טון? אפשר?..

— דאָס — און נאָך עפּעס וויכטיקערס! דער דאָקטאָר ק. פון הייל אנשטאַלט, האָט אונז דערציילט אַז איר זענט זיינער אַ נאָענטער פריינט און — אויב איר וועט זיין איינשטימיק — איז ער גרייט צו פועלן ביי דער דירעקציע פון הייל-אַנשטאַלט, אַז מען זאָל זי... אייך

געטרויען אויף עטלעכע טעג און אפילו אויף עטלעכע וואָכן! עס איז אַ רעגלאַמענט אַזאַ, אַז מען קאָן אַרויסגעבן אַ קראַנקע אויף „אָבסער־וואַציע", ביז אויף אַ צייט פון 90 טעג! דער מענטש וואָס נעמט אַרויס די קראַנקע איז בלויז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר איר! אויב עס פּאַסירט עפּעס מיט איר — איז דער „דעפּאָזיטאַנט" יורידיש פאַראַנטוואָרטלעך! ווילן מיר אַז איר זאָלט זי אַרויסנעמען צו זיך אויף אַ פּאָר וואָכן! מיר גאַראַנטירן אייך, אַז זי וועט אייך ניט באַלעסטיקן! מיר גאַראַנטירן אייך אַז איר וועט ניט האָבן קיין שום אומאַנגענעמענהייט — אַ חוץ אַ גרויסע מצווה! מיר בעטן אייך, האָט רחמנות אויף איר, אויף אונז, האָט גאָט אין האַרצן און נעמט זי אַרויס פון דאָרט — מעג זיין, אפילו, אויף בלויז אַ פּאָר טעג אָדער אויף אַ וואָך! מיר ווילן זי שוין זען אָנגעטון אין אירע קליידער, פון וועלכע זי פלעגט אַרויסשיינען, און זי האָבן אביסל „צווישן מענטשן"...

— אָבער! צו ווייסט איר וואָס איר רעדט? ווי קאָן איך נעמען אויף זיך אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט? ווי קאָנט איר עס מיר אפילו פאָרלייגן? איר פאַרשטייט דאָך אַליין, אַז אַ פרעמדער מענטש קאָן עס ניט טון!..

— מיר פאַרשטייען אַלעס! און מיר האָבן געוואוסט אַז מיר וועלן עס ביי אייך ניט קאָנען פועלן! אָבער, מיר טוען עס אויף דער עצה פון אייער פריינט... דר' ק.! ער האָט אונז געהייסן אייך בעטן!..

— — — — — — — — — — — — — —

ווען איך האָב זיך, דעם צווייטן טאָג געלאָזט פאָרן צום הייל־אַנ־שטאַלט וואו די פרוי געפינט זיך — האָב איך באַשלאָסן ביי זיך — ערנסט זיך צוקריגן מיט מיין טייערן פריינט דעם דר' ק.. טאַקע! ווי נעמט עס אַ פריינט און וויל מיר „נאַראַיען" אַזאַ „פעקל"! ער פאַרשטייט דען אַליין ניט, אַז עס איז ניט קיין אַרבעט פאַר מיר, ווערן אַ שומר פון אַ פרוי וואָס האַלט זיך ביי אויסהיילן פון איר גייסטיקע דערשיטערונג! און וואָס טו איך ווען זי באַקומט ווידער אָן אַטאַקע און דווקא דעמאָלט ווען איך בין אין הויז ניטאָ! וואָס פאַר אַ שרעק קאָן איך פאַרשאַפן מיין פאַמיליע! און בכלל — ווי פלעגט זאָגן דאָס פאָלקס־ווערטל: „שאָ מעני מיקיטאַ זאַ ניעמעץ" — וואָס קער איך זיך אָן מיט איר?.. איך וועל דאָך ניט קאָנען אַרויסגיין פון דער שטוב ווייל איך וועל דאָך שטענ־דיק מורא האָבן טאָמער... טאָמער טרעפט עפּעס מיט איר!.. ניין! דר' ק. דאַרף זיין אביסעלע... געררירט פון זינען מיר פאַרצולייגן אַזאַ „גע־שעפט"!.. ער האָט זיך זיכער אָנגעשטעקט פון די קראַנקע!..

דר' ק. באַגעגנט מיך מיט אַ שמייכעלע! ער האָט זיך געריכט אויף

אַ „שטורם”! ער האָט געגלויבט, אַז איך וועל קומען צו אים מיט... אַ רעוואָלווער אין האַנט! ער זעצט מיך אַוועק! ער דערלאַנגט מיר אַ גלעזעלע קאַפע, און, נאָך איידער איך וויל עפענען דאָס מויל — רעדט ער שוין:

איך ווייס! איך פאַרשטיי! אָבער, איך וועל איצט קיין שום וואָרט ניט אַרויסרעדן און דיר ניט ענטפערן! דאָס ערשטע — מוזטו גיין זיך באַקאַנען מיט דער קראַנקע! אַנטשולדיגט! — מיט דער געוועזענער קראַנקער! איך האָב איר געגעבן איצט אַ בעטל אין דער „סאַלע” פון די לייכט-קראַנקע! זי איז דאָרט, און וואַרט אויף דיר! זי ווייסט אַז דו דאַרפסט קומען!.. פריער — רעד מיט איר, דערנאָך — וועלן מיר רעדן!..

— — — — — — — — — — — — — —

ווען איך האָב זיך פּרעזענטירט צו דער קראַנקן-שוועסטער פון דער „דריטער סאַלע” און איר געמעלדעט אַז איך וויל רעדן מיט דער און דער קראַנקער, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז די אויגן פון דער קראַנקן-שוועסטער האָבן געוועדט צו מיר, האָבן מיך געבעטן:

טו עפּעס! טו עפּעס פאַר אָט דער פרוי! מען דאַרף זי אַרויסנעמען פון דאַנען! זי וועט דאָ קראַנק ווערן!..

אין אַ פּאָר מינוט אַרום פירט מען מיך אַריין אין אַ חדר׳ל פון דער „סאַלאַ”, אין חדר׳ל זענען פאַראַן אינסטרומענטן. ווייזט אויס אַז דער דאָקטאָר באַטראַכט דאָ די קראַנקע, וואָס ער רופט אַרויס צו זיך!.. עס עפנט זיך די טיר, עס קומט אַריין... אַ סקעלעט פון אַ פרוי! גאָט מיינער! פאַרוואָס זעט זי אויס אַזוי שלעכט! זי שטייט דאָך קוים אויף די פיס! אפשר איז זי, גלאַט פיזיש קראַנק און זי דאַרף גאָר ליגן אין בעט!.. איך גיי צו צו דער פרוי, דערלאַנג איר די האַנט, שטעל זיך פאַר און בעט זי זיצן!

ענדלעך וואָרט מיר היימליכער אַביסעלע! די פרוי האָט... אַ שמייכל געטון! עס איז אַראָפּ פון איר פּנים דער אומעט, דאָס טראַגישע, די מרה שחורה! זי וויל זיך ניט זעצן אויב איך וועל זיך אויך ניט זעצן! פאַראַן צוויי שפּיטאָל-שטולן און מיר זיצן שוין!..

— איך ווייס! אייך קאָן וואונדערן וואָס איך זע אויס אַזוי! איר קלערט, מן הסתם, אַז — ערשט איצט דאַרף איך אַ שפּיטאָל, אַן אַנ-דער שפּיטאָל!

— אַזוי הויבט זי אָן רעדן צו מיר מיט אַ שמייכעלע אויף די ליפּן. פרעגט, וועט מען אייך זאָגן, אַז אזא — אַזאַ פּנים האָב איך ערשט אַ פּאָר וואָכן ניט מער! ווען איך בין געווען קראַנק אויפן קאָפּ, בין

איך געווען געזונט אויפֿן קערפּער! ווען איר קוקט מיך אָן צוריק מיט דריי חדשים, גלויבט איר ניט אַז איך בין די זעלבע! זינט איך בין צוריק צו מיין פֿאַרשטאַנד געקומען, האָב איך פֿאַרלוירן... 28 קילאָ! בלויז דער שרעק אַליין, אַז טאָמער וועל איך דאָ דאַרפֿן בלייבן, נעמט ביי מיר צו דאָס גאַנצע געזונט! ספּעציעל — שלאָף איך ניט דורך די נעכט! מען גיט מיר שאַרפֿע פּילן — אָבער עס העלפֿט ניט! איך קאָן ניט שלאָפֿן! איך האָב מורא! איך האָב מורא אַרויסגיין פֿון מיין צימערל וואו איך געפֿין זיך איך האָב מורא צו קוקן די קראַנקע אין פּנים אַריין!! ווען איך דערזע אַ קראַנקע, ווען איך דערזע ווי אַזוי זי זעט אויס — דערמאָן איך זיך אַז אויך איך האָב אַזוי אויסגעזען און... אַז איך וועל, אפשר, ווידער אַזוי אויסזען — אויב איך וועל דאָ בלייבן לענגער!

און, פֿאַרוואָס זאָל איך דאָ בלייבן? וואָס האָב איך געזינדיקט וואָס איך זאָל זיין פֿאַרמשפּט צו אַזאַ לעבן אויף אייביק? בין איך דען שולדיק וואָס איך בין קראַנק געוואָרן? בין איך דען שולדיק וואָס מיין מאַן האָט מיך אַהער אַריינגעגעבן? צו אפשר בין איך שולדיק וואָס ער האָט שוין חתונה געהאַט פֿאַר אַ צווייטער?..

איך שווער אייך! איך שווער אייך ביים אָנדענק פֿון מיינע עלטערן וואָס האָבן באַקומען אַזאַ גרויזאַמען טויט! איך שווער אייך ביים טייערסטן — ביי מיין געזונט — אַז איך בין מוחל מיין מאַן! איך וויל צו אים צוריק ניט גיין! און — עס וועט אייך זיין שווער צו גלויבן — איך וויל אפֿילו, די קינדער ניט זעען! עס וועט זיין גלייכער פֿאַר זיי ווען זיי וועלן בלייבן ביים גלויבן אַז איך בין טויט!.. איך וויל בלויז אַרויס פֿון דאַנען! זאָל ער מיך אַרויסנעמען און פֿאַרשיקן אויפֿן „טייוול־אינדזל” — עס אַרט מיך ניט! דאָ קאָן איך לענגער ניט בלייבן!.. עס איז שווידערליך פֿאַר אַ געזונטן מענטשן דאָ צו זיין! ספּעציעל — ווען דער מענטש איז פֿריער אויך געווען קראַנק און ער דערמאָנט זיך, אויף טריט און שריט, אַז אַזוי האָט ער אויך אויסגעזען!..

פֿרוי ר—קי באַהאַלט דאָס פּנים צווישן די הענט און וויינט שטיל!.. מען הערט זי רעדן, שעפּטשען די ווערטער: גאָט מיינער! פֿאַרוואָס קומט עס מיר? פֿאַרוואָס שטראָפֿסטו מיך? וואָס האָב איך געזינדיגט קעגן דיר?.. איך לאָז איר זיך אַביסעלע אויסוויינען! כ׳בין זיכער אַז עס וועט איר גרינגער ווערן!.. אוודאי וואָלט דאָס בעסטע געווען אַז איך זאָל איר זאָגן דאָס זי וועט אין גיכן באַפֿרייט ווערן פֿון דאַנען — אָבער, ווי קאָן איך איר צוזאָגן אַזאַ זאַך? ווי מעג איך זיך קאָמפּראָמעטירן?..

— פרוי ר—קי זעצט פאָר:

— ווען מיין מאַן איז דאָ געוועזן ביי מיר, צוריק מיט עטלעכע טעג, האָב...

—וואָס? אייער מאַן איז געווען ביי אייך? אייך געזען ווי, קיין עין הרע, געזונט איר זענט? גערעדט מיט אייך?..

— יאָ געווען ביי מיר! דר׳ ק. האָט אים אַרויסגערופן מיט אַ ברי־וועלע! אַזוי איז דער רעגלאַמענט! ער דאַרף אים מעלדן אַז דער פּאַציענט וועמען ער האָט אַ ר ײ נ ג ע ג ע ב ן — איז געזונט געוואָרן! איז מיין מאַן געקומען! איך האָב מיט אים גערעדט אין אָט דעם זעלבן צימער ווי מיר זיצן! ער איז געזעסן אויפן זעלבן בענקל וואָס איר זיצט איצט! דער איינציקער חלוק פון דעמאָלט ביז היינט איז, וואָס דעמאָלט איז אויפן בענקל געזעסן אַ קאַלטער אכזר, אַ מענטש אָן אַ האַרץ, אַ מענטש אַ עגאָאיסט, וואָס האָט געהאַלטן אין איין טענה׳ן צו מיר פאַרוואָס... בין איך געזונט געוואָרן?.. ער האָט געהאַט אַ טענה צו די דאָקטוירים וואָס האָבן אים אָפּגענאַרט! זיי האָבן אים צוגעזאָגט אַז איך בין שוין אַ „פאַרפאַלענע" און דאָ, ווער איך גאָר געזונט! אַזאַ אומגליק! איך האָב גערעדט מיט אים ערנסט! איך האָב אים געזאָגט אַז איך פאַרשטיי זיין לאַגע און איך לאָז אים פריי מיט זיין נייער פרוי! זאָל ער בלויז מיך אַ ר ו י ס ל אָ ז ן ! איר הערט — נ י ט אַ ר ו י ס נ ע מ ע ן ! ער איז געבליבן האַרט ווי אַ שטיין און ווען ניט דער דאָקטאָר ק. וואָס האָט מיר געגעבן אַ וואונק אַז איך זאָל שווייגן — עס וועט גוט זיין — ווער ווייסט ,וואָס מיט מיר וואָלט געשען! איך האָב געהאַט גרויס חשק אים... אויסגראַבלין די אויגן און אים מאַכן פאַר אַ קאַליקע כאָטש!.. אַזאַ אכזר!

— יאָ! טייערינקע! איר האָט, אָבער, אויך אַ טראַכט געטון אין וועלכער לאַגע אייער מאַן געפינט זיך! אַז, נאָך אַלעמען, איז ער דאָך פאַרט ניט שולדיק וואָס אייך האָט זיך פאַרגלוסט.. געזונט צו ווערן!.. וואָס זאָל ער טאַקע איצט טון מיט זיין ג ע ז ע צ ל ע כ ע ר פרוי און נייע צוויי געזעצלעכע קינדער! אים האָט מען דאָך געגעבן אַ לעגאַלע חופה וקדשין אויפן סמך פון דעם, וואָס די דאָקטוירים האָבן באַשטע־טיגט אַז איר געפינט זיך אומהיילבאַר קראַנק! איי, עס זענען פאַראַן נסים אויף גאָטס ערד — וואָס איז ע ר שולדיק?..

— איך האָב אייך שוין געזאָגט: איך באַשולדיק אים ניט! איך געב אים צ ו רעכט! איך — די מוטער פון זיינע פינף קינדער — פאַדערט פון אים אַ ב י ס ע ל ע צוטרוי און אַ ס ך רחמנות!.. אָדער אפשר פאַרקערט! אַ ס ך צוטרוי און אַביסעלע רחמנות!.. גלויבט מיר איך האָב עס פאַרדינט! די שטוב אין וועלכער ער וואוינט איז געקנאָטן פון

מיין בלוט און פון מיין פּאַטערס שוויים! אָבער איך בין אים אַלץ מוחל! איך וויל פון אים גאָרניט! איך וויל אַרויס פון דאַנען און אַוועק ווייט, ווייט ערגעץ אין אַן אַנדער שטאָט, אַן אַנדער לאַנד! איך קאָן מיין פּרנסה געפינען אומעטום! מיין פּאַטער האָט מיך פאַרזאָרגט! איך קאָן אפילו סטענאָגראַפיע — געעגדיקט אַזאַ קורס מיט אַ אויסצייכענונג! לאָמיך נאָר זיין אויף דער פריי — וועל איך קריגן אַרבעט פאַר זיך!..

איך געב איר ד אַ ך האָפענונג! אַ סך האָפענונג. ווען איך געזעגן זיך מיט איר! ביים אַוועקגיין געשעט אַ שטיקל אינצידענט צווישן אונז! געבנדיק איר די האַנט נעמט זי זי — און, איידער איך כאַפּ זיך וואָס זי וויל טון — קושט זי די האַנט און באַנעצט זי אויך מיט טרערן! איך כאַפּ אַרויס די האַנט, ווער אַנגערוגזט און לאָז זי איבער אין צימער! איך שפּאַן צו דער אַדמיניסטראַציע, צום דאָקטאָר ק. איך האָב אַ פּלאַן: אפשר זאָל זי דאָ בלייבן אַלס אַ פ ר י י ע קראַנקנשוועסטער! מיר קאָנען אַן אַנדער הייל-אַנשטאַלט פאַר מענער, וואו, כמעט, אַלע באַדינער — זענען עקס קראַנקע! פאַרוואָס זשע זאָל זי ניט אַרבעטן דאָ אַלס קראַנקנשוועסטער, אָט ווי די פרייליין וואָס האָט מיך אויפגענומען אין דער סאַלע. זאָל זי אויסטון אירע „בגדים“, אָנטון אַ ווייס פאַרטוך און טאַקע קאָנען מאַכן — ווען ניט ווען — אַ שפּאַציר אין שטאָט אַריין!.. און

— — — — — — — — — — — — — —

אָט דאָס איז געווען אונזער שמועס — מיט וועלכן איך האָב אָנגעהויבן אָט די באַשרייבונג! דר' ק. האַלט, אַז ד אָ , אין הייל-אַנשטאַלט איז ניט קיין פּלאַץ פאַר קיין געזונטע מענטשן סיידן פאַר די דאָקטוירים, פּראַקטיקאַנטן, קראַנקנשוועסטער, וועכטער און וועכטעריגס, וועלכע זענען שוין אַזוי פאַרהאַרטעוועט, אַז עס רירט זיי ניט קיין שום סצענקע פון די גייסטיק-קראַנקע! דאָ, די וועכטער באַהאַנדלען זיי ווי... שטיקער פלייש וואָס האָבן אויגן, אַ מויל, הענט און פיס און דאַרפן פאָלגן וואָס מען הייסט זיי! אָבער, צו וואָס מיך איבערצייגן און מיר איינרעדן: איך האָב אַ געלעגנהייט צו פאַרבלייבן מיט אים אַ פּאָר טעג, וועל איך זיך איבערצייגן אַז ער איז גערעכט!..

— — — — — — — — — — — — — —

פאַרוואָס עס זענען פאַראַן מענטשן וואָס לאַכן פון גייסטיק-קראַנקע? איז ניט צו פאַרשטיין! פאַרוואָס לאַכט מען ניט פון מענטשן וואָס ליידן אויף די... לעבער, אויף די נירן, אויף רעאומאַטיזם, אָדער אַנדער קראַנקהייט? פאַרוואָס האָט מען אַזוי פיל מיטלייד מיט אַ מענטשן, ביי וועמען גאָט האָט צוגענומען די אויגן און מען לאַכט אָפּ פון יענע קראַנקע ביי וועמען גאָט האָט צוגענומען דעם שכל?..

אין משך פון די דריי טעג וואָס איך האָב באַגלייט דעם דר' ק. ווען ער איז געווען „אין טורנאָ" אויף זיין פּאָסטן אין באַרימטן שפּיטאָל פאַר גייסטיק-קראַנקע פרויען, אין משך פון אָט יענע דריי טעג, וועלכע וועלן מיר בלייבן אייביק אין זכרון, האָב איך מיטן דר' ק. דיסקוטירט אָט די פראַגע און קיין קלאָרע תשובה האָט ער מיר ניט געקאָנט געבן! לויט זיין מיינונג, נעמט זיך עס דערפון, וואָס מענטשן זעען איי-נעם מיט הענט און פיס, מיט קאָפּ און בויך, מיט אַ מויל, אויגן און אויערן, וואָס איז געזונט אויף אַלע אברים און... טוט אַלעם פאַרקערט! רעדט ניט צו דער זאַך, לאַכט ווען מען דאַרף ניט, וויינט ווען מען טשע-פּעט אים ניט און דאָס איינציקע צו וואָס ער ווייזט צו האָבן יאָ שכל — איז... צו דער אכילה! דאָס עסן זייערס איז אויך ניט נאָרמאַל! ווען מען גיט זיי עסן אַ גאַנצן טאָג וואָלטן זיי געהאַלטן אין איין קייען!.. דערפאַר טאַקע זענען די מערסטע קראַנקע... געזונט! זיי זענען קראַנק אויפן פאַרשטאַנד און געזונט אויפן קערפּער!.. דער עולם זעט אַזעלכע און... לאַכט! ווען מען ליגט אָבער אין בעט, קראַנק, שוואַך, אומבאַ-האָלפן — האָט מען רחמנות...

און נאָך וועגן אַ זאַך האָבן מיר דיסקוטירט מיטן ליבן דר' ק.: פאַרוואָס שעמט מען זיך אַז מען האָט אַ גייסטיק-קראַנקן אין דער משפחה? פאַרוואָס שעמט מען זיך ניט ווען אַ פרוי אָדער דער מאַן, אַ קינד אָדער קוזין איז קראַנק אויף דעם אַפּענדעסיט אָדער אויף די לעבער, אַז אַ אייגענער ליידט אויף די אויגן אָדער איז טויב ווי אַ שטיק האָלץ! מיט אַזעלכע קראַנקע — שעמט מען זיך ניט! און ווען דער מאַן אָדער די פרוי, אַ קינד אָדער אַ שוועסטער איז קראַנק אויף אַ צווייטן אבר פון קערפּער — אויפן קאָפּ — פילט מען עפּעס אַ בושה, גלייך ווי מען איז שולדיק אין אָט דער קראַנקהייט און גלייך ווי אָט די קראַנק-הייט, איז עפּעס ניט „אָנשטענדיק" ווי דער, וואָס איז קראַנק אויפן האַרץ!..

אין משך פון די דריי טעג זיין דאָרט, האָב איך זיך איבערצייגט אַז... איך קאָן נאָך ניט די וועלט! איך האָב שוין געזען שפּיטעלער מיט קראַנקע, איך האָב שוין געזען קראַנקע אין סאַנאַטאָריעס, איך האָב אויך געזען ווי מען גייט: — אָדער לשם יוצא זיין, אָדער טאַקע ווייל מען אינטערעסירט זיך — מבקר חולה זיין אַ קראַנקן אין שפּיטאָל!

דאָ, אין דעם גרויסן און באַרימטן הייל-אַנשטאַלט פאַר גייסטיק-קראַנקע! דאָ, וואו די קראַנקע דאַרפן האָבן מער מענטשן, אַ סך נייע פּנימער זאָלן צו זיי קומען — אַהער... קומט מען אַזוי זעלטן!..

דר׳ ק. גלויבט, אַז דער פּאַראָרטייל קעגן גייסטיק־קראַנקע נעמט זיך פון טויזנטער יאָרן צוריק, אַז מען וואָלט געדאַרפט קעמפן קעגן אַט דעם פאַראורטייל! אָבער — עס בלייבט ביים אַלטן!..

— — — — — — — — — — — — — —

דר׳ ק. האָט געוואָלט אַז מיין באַזוך אין אַט דעם הייל־אַנשטאַלט זאָל מיר געבן אַ פולשטענדיג בילד פון קראַנקע און די מאָטיוון פון זייער קראַנק ווערן! שמייכלדיק זאָגט ער מיר:

אויב דו וועסט אַ מאָל וועלן שרייבן פון אַט די „דריי טעג" — זאָלסטו נ י ט דאַרפן שרייבן „פון קאָפּ"! אַט, נאַ דיר מאַטעריאַלן און נאַ דיר אויך די מענטשן וואָס שטעלן צוזאַמען אַט דעם מענטשן־מאַטעריאַל וואָס הייסט:

— גייסטיק־קראַנקע:

— — — — — — — — — — — — — —

מיר שפּאַצירן איבער די „גאַסן" און זאַלן פון הייל־אַנשטאַלט און דר׳ ק. ווייזט מיר אָן אויף איינער און דערציילט מיר:

1) אַט איז די קראַנקע פון זאַל נומער... בעט נומער... אַ יונג מיידל! קוים 18 יאָר אַלט! זי איז אין הייל־אַנשטאַלט שוין דריי יאָר! זי איז געקומען אַהער צוליב איר „שלעכטער אַנטוויקלונג"! ווען זי איז אַלט געוואָרן 13 יאָר האָבן די עלטערן ניט באַמערקט אַז זי אַנטוויקלט זיך שלעכט, אַז זי איז געוואָרן צו פרי, צו יונג אַ... פרוי! צו 14 יאָר איז זי געוואָרן אביסעלע ערגער! די עלטערן האָבן אָבער... אַנגעקוואָלן וואָס דאָס טעכטערל זייערס ווערט, קיין עין הרע, גרויס און פולברוסטיק! זיי האָבן ניט באַמערקט — אָדער אפשר קיין צייט ניט געהאַט צו באַמערקן, אַז די „מויד" וואַקסט ניט נאָרמאַל! זיי האָבן איר בכלל, ניט נאָכגעקוקט וואוהין זי גייט און וואָס זי טוט! זיי האָבן ניט באַמערקט אַז איר מיידלשאַפט, אירע בלוטן, קלאַפּן איר צו שטאַרק אין קאָפּ אַריין! ווען זיי האָבן עס שוין דערזען — איז דאָס שוין געווען צו שפּעט! מען האָט זי געבראַכט אַהער פון... פּאָליציי צירקל! זי האָט אויף דער גאַס אָפּגעטון זאַכן וואָס קיין נאָרמאַלער מענטש טוט ניט, און מען האָט זי אָפּגעפירט אַהער!

2) אַט איז די קראַנקע פון זאַל נומער... בעט נומער... אַן עלטער מיידל פון אַ יאָר 35! זי איז אַ קרבן פון סעקסועלער ניט באַפרידיגונג! ווען מען זאָל איר געוועז חתונה מאַכן באַצייטנס — וואָלט זי ניט געקומען דערצו! נאָכמער! זאָל זי א י צ ט זיין מיט אַ מאַן אַ חדש צייט

— ווערט זי געזונט! נו! ווי זשע נעמט מען אַזאַ מאַן זאָל וועלן ברייננגען אַזאַ קרבן, ספּעציעל ווען דאָס מיידל איז אָרים און... מאָוס ווי די נאַכט!..

3) אָט איז די קראַנקע פון בעטל נומער... פון דער זעלבער זאַל! זי איז געקומען אַהער נאָכדעם ווי זי האָט געטראָפן איר מאַן מיט זיין געליבטער ביי... איר אין שלאָף צימער! אנשטאט צו כאַפּן אַ הייסן טאָפּ וואַסער און זיי ביידע אָפּבריען אויף טויט, האָט זי געכאַפּט אַן אַטאַקע און... מען האָט זי געמוזט ברייננגען אַהער! זי איז שוין דאָ העכער צוויי יאָר! זי גייט שטענדיק אָרום מיט פאַרמאַכטע קולאַקעס און אַ חוץ מיך — איר דאָקטאָר — לאָזט זי קיין שום מאַן ניט צו צו זיך!.. פאַראַן זייער אַ סך מאָמענטן וואָס מיר מוזן איר אָנטון דאָס צוואַנגהעמדל! אָבער... מיר האָבן האָפענונג זי זאָל געזונט ווערן!..

4) אַ צווייטע פרוי בעטל נומער... פון דער זעלבער זאַל! זי איז געקומען אַהער, נאָך אָפּזיין אַ פּאָר יאָר אין אַ פּריוואַטער סאַנאַטאָריע, זי איז קראַנק געוואָרן צוליב אייפערזוכט! ווי דו זעסט — איז זי נעבעך אַ מיאוסקייט אַז עס איז העסלעך צו קוקן אין איר פּנים! איר מאַן, איז הויך, שלאַנק און שיין אַז ער קאָן איינליבן אפילו אַ פּרינצעסין! ווי אַזוי אָט דאָס פּאָרל האָבן זיך גענעמען — בלייבט פאַר מיר אַ סוד! ווייזט אויס אַז דאָ האָט געשפּילט געלט אַ גרויסע ראָל אָדער אפשר... צו להכעיס, אַ געליבטער וואָס האָט אים פאַראַטן! נו! פאַרשטייט זיך, אַז זי, די דאָזיקע פרוי, האָט געהאַט מאָטיוון צו זיין אייפערזיכטיק, און אפשר טאַקע האָט איר, דער מאַן, געגעבן אָט די מאָטיוון! עס איז קיין ספק ניט אַז ער — אַזאַ שיינער און צוציענדער — האָט זיך ניט געקאָנט באַשליסן אָפּלעבן אַ לעבן מיט אַזאַ העסלעך מיאוסער פרוי! און, אין אַ שיינעם טאָג, נאָך אַ קריג צווישן זיי, ווען ער האָט געגעבן אַ קלאַפּ מיט דער טיר און איז אַוועקגעגאַנגען, האָט זי אויסגעבראָכן דאָס גאַנצע געפעס פון דער שטוב און דערנאָך... אונטערגעצונדן דאָס מעבל! ווען מען האָט זי געבראַכט אַהער — איז זי געווען היפּשע אָפּגעשרפה'ט און נאָך היפּשער.. געריררט פון זינען! אויך זי האָט האָפענונג! עס גייט איר אַ סך בעסער!..

גאָר, גאָר אינטערעסאַנט איז די געשיכטע פון אָט די צוויי פרויען פון זאָל נומער... און זייער בעטל איז איינע נעבן דער צווייטער:

אָט איז די געשיכטע פון פרוי בעטל נומער...

זי איז געווען פאַרהייראַט זייט עטליכע יאָר! זי האָט געהאַט מיט איר מאַן פיר קינדער! איר מאַן איז געווען אַ גוטער אַרבעטער אָבער אַ גרויסער שכור און נאָך אַ גרעסערער דעספּאָט! ער פלעגט זי שלאָגן

מכת רצח! ער האָט זי געשלאָגן ווען ער איז געווען שכור און האָט זי געשלאָגן ווען ער איז געווען ניכטער! ער האָט זי געשלאָגן ווען ער האָט געהאַט אַ גוטן טאָג און... איז ניט געגאַנגען אַרבעטן און האָט איר דער־לאַנגט קלעפּ ווען ער האָט געהאַט אַ שווערן טאָג, געאַרבעט איבער־שטונדן און געקומען שפּעט אַהיים! ווען ער פלעגט זי טרעפן שלאָפן שוין — האָט ער זי ביי די צעפּ אַראָפּגעריסן און געשלאָגן! טאָמער איז זי אויפגעשטאַנען מאַכן עסן — האָט ער זי ווידער געשלאָגן, פאַרוואָס עס געדויערט אַזוי לאַנג דאָס צוגרייטן דאָס עסן!

ער פלעגט זי אויך שלאָגן אין דער אַנוועזנהייט פון די קינדער! נו! איז, אַז די אינגלעך זענען געווען קליין — זענען זיי אָפּגעקומען מיט מאַכן אַ געוויין און... אויך כאַפּן קלעפּ! ווען זיי זענען אָבער געוואָרן גרעסער — האָבן זיי אָנגעהויבן פּראָטעסטירן און איינמאָל איז געשען דאָס אויף וואָס מען האָט זיך געדאַרפט ריכטן! דער עלטערער בחור, אַ יונג פון אַ יאָר צוואַנציק שוין, האָט געטראָפן דעם פאָטער שלאָגן די מוטער! צו ערשט האָט ער געוואָלט אָפּרייסן דעם פאָטער, אויסכאַפּן דעם שטעקן מיט וואָס ער האָט געממית׳ט די מוטער! דער פאָטער האָט גענומען דערלאַנגען קלעפּ ביידן! דאַן האָט דער זון — אַ גבר איז ער געווען — געגעבן אַ זעץ דעם פאָטער מיטן קולאַק אין בויך אַריין! דער פאָטער איז געפאַלן און... זיך שוין ניט אויפגעהויבן!..

ווען די פּאָליציי איז געקומען האָט זי געטראָפן דעם פאָטער טויט און די מוטער... געריררט פון זינען! זי האָט געשעפּטשעט בלויז צוויי ווערטער, וועלכע זי האָלט — ביז היינט צו טאָג אין איין איבערחזרן: „גוט אַזוי״! „גוט אַזוי״!..

דער בחור האָט באַקומען 15 יאָר טיורמע! ער האָט געטענה׳ט אַז ער האָט עס געטון אין זעלבסטפאַרטיידיגונג! ניטאָ אָבער קיין עדות דערויף! געווען עדות וואָס האָבן געהערט ווי דער זון האָט געזאָגט: אין אַ טאָג וועל איך אים נאָך הרגענען!... ווען די מוטער זאָל ווערן געזונט, זיך דערמאָנען וואָס מיט איר איז דעמאָלט געשען, דערציילן, ווי אַזוי דער פאָטער האָט זיי ביידע געשלאָגן מיט אַ שטעקן — וואָלט דער זון זיך נאָך געקאָנט ראַטעווען פון אַזאַ שווערער און לאַנגער שטראָף!.. מיר טוען דערפאַר אַלעס מעגלעכעס זי געזונט צו מאַכן! פאַראַן אַ סך האָפענונג!..

איינע פון די מיטלען אַז זי זאָל געזונט ווערן, איז — זי זאָל אָפט זען דעם זון! האָבן מיר זיך געווענדעט צו דער יוסטיץ און אַרויסבאַ־קומען אַ דערלויבעניש אַז דער זון זאָל — אין ציווילע קליידער — קו־מען אָפט באַזוכן זיין מוטער! ער רעדט צו איר און זיין אַנוועזנהייט

ווירקט אַז זי זאָל זיך דערמאָנען וואָס מיט איר איז געשען יע־נעם טראַגישן טאָג! זי געדענקט שוין אַז דער זון האָט אים דערלאַנגט אַ קלאַפּ און דאָך — גלעט זי אים און קושט אים!...

פּונקט דער היפּוך איז געשען מיט איר שכנה — מיט דער קראַנקער פון בעטל נומער...

זי איז אויך געווען פאַרהייראַט צו אַ מאַן! זי האָט אויך פיר קינ־דער! נאָר דער דעספּאָט, דער מערדער איז... זי געווען!

איר מאַן איז קראַנק געוואָרן ביי דער אַרבעט! אַ סברא אַז ער האָט באַקומען טובערקולאָזיס און שפּעט געגאַנגען צו אַ דאָקטאָר זיך היילן! ער האָט ניט געקאָנט אַרבעטן און האָט ניט געדאַרפט אַרבעטן, ווייל פּרנסה האָבן זיי געהאַט איבערן קאָפּ! זי, די פרוי, האָט געירשנט אַ גרויסע ירושה פון אירס אַ פעטער וואָס איז געשטאָרבן אין שפּאַניע, און פאַרן געלט האָט זי געקויפט דאָ הייזער און געלעבט פון דירה געלט! דער מאַן איז געווען דער פאַרוואַלטער פון די הייזער און דער איינמאָנער פון דירה געלט! זי האָט אים געצאָלט אַ קליינעם גע־האַלט ער זאָל האָבן אויף זיינע קליינע הוצאות און אין שטוב — האָט זי אים געזשאַלעוועט אַ איבעריקן שטיקל ברויט אַפּצועסן!

ניט בעסער האָט זי באַהאַנדלט אירע פיר קינדער, צוויי טעכטער און צוויי זין! זי האָט זיי געפירט אָנגעטון ווי דעם ערגסטן אָרימאַנס קינדער! פּשוט אין שמאַטעס זענען זיי געגאַנגען, און ווען זיי האָבן גע־וואָלט אַ פּרוכט אָדער אַ פּשוט שטיקל ברויט האָבן זיי עס געדאַרפט אָדער אויסוויינען אָדער... צוגנבענען ביי דער מוטער!..

זי איז געווען פון יענע פרויען וואָס די קאַריקאַטוריסטן שטעלן פאָר מיט דער קאַטשעלקע אין דער האַנט! אַזוי קעגן מאַן און אַזוי קעגן די קינדער!

עס האָט אַמאָל געטראָפן מיט אירע קינדער אַ שיינער פאַל! זיי האָבן נאָכגעמאַכט דעם שליסל — ניט פון דער קאַסע וואו דאָס געלט און גאָלד איז געלעגן בעהאַלטן — נאָר פון דער שאַפע וואו דאָס ברויט און אַנדערע עסנווארג איז געווען פאַרשלאָסן! און, ווען די מוטער איז ערגעץ אַרויסגעגאַנגען פון דער שטוב — האָבן זיי זיך צוגעכאַפּט צו דער שאַפע און זיך אָנגעגעסן צו זאַט!..

אַזוי איז געווען איינמאָל, צוויי מאָל און דריי מאָל! ביז די מוטער האָט געמאַכט אַ סימן אין... ברויט און אויסגעפונען אַז עס פעלט אַ שטיק! זי האָט זיך געמאַכט אַז זי גייט אַוועק אין דער אמת'ן האָט זי זיך בעהאַלטן און... געפּאַקט די גנבים ביי דער האַנט! אַלע פיר קינדער מיטן מאַן צוזאַמען האָבן געקייעט אויף ביידע באַקן! זי האָט דעמאָלט

אַזוי דערלאַנגט די קינדער אַז דאָס עלסטע קינד — די „אייגנטימערן" פון צוגעמאַכטן שליסל, איז געלעגן אַ פּאָר וואָכן מיט היץ!..

דער פּאַטער איז געוואָרן ערגער קראַנק פון טאָג צו טאָג, די קינדער האָבן געבעטן דער מוטער אַז זי זאָל אים אָפּשיקן אין די בערג וואו ער וועט זיך אפשר, קאָנען אויסהיילן — אָבער די מוטער האָט ניט געוואָלט הערן פון אַזאַ הוצאה!

דער פּאַטער האָט זיך אַריינגעלייגט אין בעט אַריין און... איז שוין ניט אויפגעשטאַנען! ווען מען איז געגאַנגען צוריק פון דער לויה, זענען די קינדער מיט דער מוטער אַהיים ניט געקומען! די קינדער זענען אַוועק צו זייערס אַ מומע און פון דער מוטער ניט געוואָלט וויסן! די מוטער האָט געפּרואווט, דאָס ערשטע — מיט בייזן! זי איז געקומען צו דער שוועגערן און געוואָלט מאַכן אַ סקאַנדאַל, האָט זי געטראָפן דעם פעטער פון די קינדער — טאַקע אַ ברודער פון געשטאָרבענעם, זי האָט אויך געטראָפן די קינדער דאָרט, ווען זי האָט געוואָלט שלעפּן צו זיך!.. אויף אַ וואונק פון די קינדער האָט איר דער פעטער... דערלאַנגט גוטע עטלעכע פּעטש און זי אַרויסגעוואָרפן פון שטוב און איר פאַרזאָגט, אַז אויב זי וועט נאָך איינמאָל וואַגן צו קומען צו די קינדער — וועט מען איר צעברעכן די פּיס!..

ווייזט אויס, אַז דעמאָלט האָט זי באַקומען דעם ערשטן נערוועאישן „שאָק"! פון דעמאָלט אָן, ווען זי איז געבליבן איינע אַליין איבער איר גרויסער ליידיקער שטוב, ווען זי איז געבליבן אָן איר דינסט, וועלכע האָט ניט געוואָלט דינען ביי איר, ווען זי האָט געפּרואווט צונעמען אַן אַנדער דינסט וואָס זאָל זיין מיט איר און קיינער האָט ניט געוואָלט גיין צו איר — דעמאָלט — האָט זיך אָנגעהויבן איר קראַנקהייט! זי האָט מורא געהאַט צו שלאָפן אַליין אין שטוב, זי פלעגט זאָגן אַז „פאַנטאַזמען", גייסטער, אַנגטון אין ווייסן קומען צו איר!... מערקווירדיק! זי, די שטאַרקע, דער קאָזאַק — האָט מורא באַקומען פאַר אַ שאָרך אין מיטן דער נאַכט!..

די פּאָליציי האָט טאַקע געהאַט אַ פאַרדאַכט אַז עמיצער — און דער „עמיצער" מוז, מן הסתם, זיין איר שוואָגער — טוט איר אָפּ אָט די שפּיצלעך און קומט זי שרעקן!.. מען האָט די „פאַנטאַזמא" ניט געפּרואווט כאַפּן! מען האָט געוואָלט אַז זי, די מרשעת, זאָל באַקומען אַ גוטע לעקציע ווי אַזוי צו באַהאַנדלען אירע קינדער און אויף די קניעס זאָל זי קומען בעטן ביי זיי פאַרצייאונג...

זי איז צו זיי ניט געקומען! דערפאַר איז זי „געקומען" צו אונז! בעסער געזאָגט — מען האָט זי געבראַכט! מען האָט זי געטראָפן... זיך

וועלן אויפהענגען אויפן הענטל פון דער טיר אָדער אויף אַ בענקל! ווען מען האָט זי געבראַכט צו אונז, איז זי שוין געווען פולשטענדיק קראַנק! זי רעדט קיין וואָרט ניט אַרויס! שווייגט און שווייגט און רעדט בלויז אַמאָל!..

זי וועט שוין דאָ ענדיקן איר ביסל יאָרן! קיין געזונטע וועט זי שוין פון דאַנען ניט אַרויס!..

אינטערעסאַנט איז: די קינדער — וועלכע וואוינען שוין ביי זיך אין הויז, האָבן איר יאָ מוחל געווען, און קומען אָפט צו איר! זי דער־קענט אָבער קיינעם ניט, טרייבט יעדערן פון זיך, וויל אויסדראַפּען די אויגן יעדן איינעם וואָס דערנענטערט זיך צו איר — אירע קינדער אויך!..

— — — — — — — — — — — — — — — —

מיר זיצן ביידע צוזאַמען! איך און דער ה׳ ר־קי, דער מאַן פון אַט דער אומגליקלעכער קראַנק־געזונטער פרוי! ווען איך האָב אים אַרויס־גערופן צו זיך, האָב איך אים טעלעפאָניש פאַרויס געזאָגט: — איך וויל אייך העלפן!

ווען מיר האָבן זיך געטראָפן און אָנגעהויבן רעדן, איז די ערשטע עטלעכע ווערטער מיינע זענען געווען:

יעדער איינער וואָס וועט זיך באַקענען מיט אייער ענין, מיט אייער טראַגעדיע און מיט אייער אומגליק וועט זאָגן:

— איר זענט גערעכט!..

איר האָט אייער פרוי ניט פאַרלאָזט ווען זי איז געוואָרן קראַנק! איר האָט זיך אויסגעבראַכט אויף איר איבער די כוחות! איר האָט אָבער, ניט געקאָנט ווערן קיין ניאַנקע צו די קליינע קינדער וואָס זי האָט אייך געבראַכט אויף דער וועלט, וויסנדיק און גלויבנדיק די דאָק־טוירים, אַז זי איז אַ פאַרפאַלענע אויף אייביק!..

ניט פאַראַ קיין שום ריכטער אויף דער וועלט וואָס זאָל אייך וועלן און קאָנען משפּטן און פאַרמשפּטן! אָבער; יאָ! עס איז פאַראַן אַ גרוי־סער „אָבער״! אדרבא! זאָגט איר:

דאַרף אייער געוועזענע פרוי — די מוטער פון אייערע קינדער — דאַרף זי, איצט, ווען זי איז שוין געזונט געוואָרן! ווען אַ נס — און בלויז אַ נס — האָט עס געקאָנט דערגרייכן! נו! דאַרף זי אויף אייביק בלייבן אין אָט דער שרעקליכער סביבה, צווישן אָט די קראַנקע — מענטשן, וואָס יאָגן אָן אַ שרעק מיט יעדן ריר זייערן, מיט יעדן קוק זייערן?..

מוז זי, אייער געוועזענע פרוי, דאָרט בלייבן פאַרשלאָסן, באשר, בכן דער מאַן האָט מורא אַז זי וועט קומען צו אים און פאָדערן איר רעכט אויף דעם הויז, איר רעכט אויף זיינע — אירע קינדער? שטעלט

איר זיך פאַר וואָס עס הייסט איינשפּאַרן אַ געזונטן מענטשן צווישן גייסטיק-קראַנקע?..

דער מאַן טאַנצט אויף! ער שרייט, פּשוט, אויס:

— יאָ! פריינט מיינער! אָבער וואָס זענען מיר שולדיק? — וואָס איז שולדיק מיין איצטיקע פרוי און מיינע צוויי קינדער וואָס זי האָט מיר שוין געבוירן! זי! אָט די נאָבעלע פרוי, איז דאָך געקומען צו מיר, וויסנדיק מיין צרה, וויסנדיק אַז איך האָב פינף פּיצלעך קינדער וועלכע זי דאַרף נאָך באַוואַשן און באַריינקן, דערציִען און צום לעבן פירן! פאַרוואָס זשע קומט איר איצט אַזאַ שטראָף, אַז איך זאָל איר הייסן גיין מיט אירע קינדער — ווי אברהם אבינו האָט געהייסן גיין זיין דינסט הגר און איר קינד ישמאל! מעגלעך, אַז הגר האָט זיך פאַרשולדיקט פאַר אונזער מוטער שרה! אָבער מיין פרוי, אָט די איידעלע נשמה, וואָס איז געוואָרן אַ מוטער פון פינף פרעמדע קינדער — זי האָט זיך מיט גאָרניט פאַרזינדיקט און איך וויל זי ניט באַשטראָפן!..

— אָבער, לאָמיר זיך איינפאַרשטייען: ווער זאָגט אייך, אַז אייער געוועזענע פרוי וויל קומען צוריק צו אייך? ווער זאָגט אייך אַז זי פאַרשטייט ניט און באַנעמט ניט אייער לאַגע? גלויבט מיר, אַז אַזעלכע פרויען ווי אייער געוועזענע פרוי — זענען פאַראַן זייער ווייניק! און די עטלעכע מאָל וואָס איך האָב מיט איר גערעדט, האָט זי אייך פאַרטיידיגט — מער ווי איר אַליין טוט עס און קאָנט עס טון! ווען מען ברייגנט אייך צו אַ משפט און זי איז אייער ריכטער — וואָלט זי אייך תיכף באַפרייט! איר זענט טויזנט פראָצענט גערעכט! מען טאָר אייך ניט באַלעסטיקן! אָבער... יאָ! אָבער! זי טאָר דאָרט לענגער ניט בלייבן! זי מוז פאַרלאָזן דעם הייל-אַנשטאַלט, די שטאָט, דעם רעש, און דאַרף אָפּפּאָרן ערגעץ אויף אַ פאַרם וואו זי זאָל קאָנען קומען צו זיך! זי בעט ניט אייער הילף! זי בעט ניט אַז איר זאָלט איר העלפן קומען צו זיך! זי בעט אפילו ניט זען אירע קינדער! זי ווייסט אַז איר האָט די קינדער איינגערעדט אַז זייער מוטער איז געשטאָרבן! גוט אַזוי! זי איז צופרידן! זי וויל בלייבן טויט פאַר זיי! זי וויל אָבער בלייבן לעבן פאַר זיך! פאַר אירע שוועסטער און ברודער! זי איז געוואָרן געזונט און וויל ניט בלייבן צווישן די קראַנקע! בלייבן דאָרט, דערפאַר און בלויז דערפאַר, ווייל... איר ווילט אַזוי!.. ווייל איר האָט מורא, אָדער... ווייל איר זענט אַ שלעכטער, אַ רשע! דאָס — וועט אייך קיינער ניט מוחל זיין און זי — אוודאי ניט!..

ביים געזעגענען זיך מיט אים זענען מיר זיכער געווען אַז מיר האָבן ווייכער געמאַכט זיין האַרץ. מיר האָבן זיך אפילו געאיילט איר, דער געזונט-געוואָרענער פרוי, אָנזאָגן די בשורה, אַז אַט, קומט איר מאַן און נעמט זי אַרויס, אָדער לפּחות, שרייבט אונטער, אַז ער דערלויבט דאָס אַנדערע זאָלן זי אַרויסנעמען!...

עס איז, אָבער, אַזוי — ניט געשען!...

— — — — — — — — — — — — — —

די פרוי ר—קי הייסט היינט פרוי שטילמאַן! זי איז שוין לאַנג אויף דער פריי! האָט חתונה געהאַט פאַר אַ מענטשן וואָס איז עלטער פון איר מיט... 26 יאָר! איר מאַן איז זייער רייך און זי לעבט ווייט פון דער שטאָט, ווייט פון רעש — ווייט ווייט פון דאַנען און פון דאָרט — אין אַ פּאַלאַץ ממש!.. און איז דאַנקבאַר אירע באַפרייער!

איר מאַן, איז... ניט געווען צווישן די באַפרייער אירע...

— — — — — — — — — — — — — —

# ניט שטענדיק איז גליקלעך אַ אַלטע מאַמע, וואָס האָט זיבן קינדער!...

דוכט זיך, אַז דער פּראָבלעם פון אַלטע טאַטע־מאַמע, איז אַזוי אַלט, זינט די וועלט שטייט! אָנהויבנדיק פון אונזער גאָר, גאָר, אַמאָליקן זיידן... יעקב אבינו, האָט שוין אָט דער פּראָבלעם עקזיסטירט! די קינדער זיינע, האָבן „געאַרבעט" געפּיטערט זיינע שאָף און רינדער און ער, דער אַלטער האָט זיך אָפּגערוט!.. און, ערגעץ, שטייט טאַקע געשריבן, אַז ווען ניט דער „צאַרן" פון זיין זונדעלע יוסף וואָס האָט זיך אויף אים אויסגעגאָסן — וואָלט ער געוועזן רואיק און געהאַט אַ גוטע עלטער!..

שפּעטער האָבן, ווייזט אויס, אונזערע חכמים און תנאים, געהאַט צרות אויף דער עלטער. מעגלעך אַז זיי האָבן געהאַט שלעכטע קינדער וואָס האָבן זיי ניט געוואָלט העלפן, האָבן זיי פאַרפאַסט אַ תפילה וואָס מיר זאָגן זי מיט אַזוי פיל ציטערניש, אַ תפילה ביי וועלכער דער טאַטע האָט זיך איבערגעדעקט דעם טלית איבערן קאָפּ און שטייענדיק געבעטן — אין די טעג פון ימים נוראים — ביים אויבערשטן: אל תשליכני לעת זקנה! וואַרף מיך ניט אַוועק אויף דער עלטער!..

גאָר שפּעטער האָבן אידן צוגעטראַכט אַ מיטל קעגן דעם „אל תשליכני" — זיי האָבן אויפגעבויט אַזעלכע באַקוועמע הייזער, זיי אַ נאָמען געגעבן: מ ו ש ב ז ק נ י ם, און אַן אַלטער אָדער אַן אַלטע, וואָס האָבן ניט וואו צו זיין אויף דער עלטער, וואָס האָבן ניט קיין קינדער וואָס קאָנען זיי אויסהאַלטן, זאָלן אָט די אַלטע לייט אַוועקגעשיקט ווערן אין אָט יענע „היימען פאַר אַלטע" און דאָרט, בכבוד און אין זייער סביבה, זיך אויסלעבן זייערע יאָרן, וויפל עס איז זיי בשערט צו לעבן!..

איז, דוכט זיך, שוין אַלעס אין אָרדענונג! זענען שוין די אַלטע — וואָס נויטיקן זיך אין אַ היים — פאַרזאָרגט! אויף דער עלטער — מאַרש אין מושב זקנים! לאָזט זיך אויס אַז דער ענין איז נאָך ניט אין גאַנצן דערליידיקט!

ניט אלע אלטע װילן גײן אין מושב זקנים, ניט אלע קינדער װילן שיקן טאטע אדער מאמע אין מושב זקנים און װאס װיכטיקער איז — ניט אלע מושב זקנים אנשטאלטן, קאנען אַרײַננעמען צו זיך אלע אלטע װאס מען װיל זײ אַרײַנגעבן אדער װאס װילן אלײן אהין אנקומען!..

איז דאך װידער דא א עצה! די פארװאלטונגען פון אזא מושב זקנים, אינטערעסירן זיך מיטן „קאנדידאט", מיט זײן פאמיליע און מיט דער מעגלעכקײט אז... די קינדער זאלן אים אױסהאלטן! יעדע פאר־װאלטונג פון יעדער מושב זקנים, טוט אלעס מעגלעכעס צו זען אז דער זקן אדער זקנה זאלן אױסגעהאלטן װערן פון זײערע קינדער! ערשט, אין ערגסטן פאל — נעמט מען דעם זקן אדער זקנה אַרײַן אין אנשטאלט!..

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס זיצט איצט פאר אונז א זקנה, א פרױ אין די הױכע זיבעציקער א פרױ װאס האט נאך... אײגענע צײן און לײענט נאך אן ברילן, און אט די פרױ האט אלע קאנדיציעס צוזאמען:

— זי האט זיבן קינדער — דארף מען זי אין מושב זקנים — ניט אַרײַננעמען!

— זי קאן בײ די קינדער ניט זײן — מוז מען זי — יא אַרײַננעמען!

איז זי שױן אין מושב זקנים יא אױפגענומען געװארן און איז... שױן פון דארט אַרױס!..

די „אלטע" זיצט, רעדט. דערצײלט און פון אירע רײד דערקענט מען אז... זי איז ניט גערעכט! אז זי האט זיבן קינדער און זי פארשאפט זײ בלױז צרות און קאפױיטיק! בלױז אַרבעט און אפילו... בושה! מען דארף ניט גײן פרעגן די קינדער, האבן צו זײ טענות, הלמאי זײ האלטן ניט אױס זײער אלטע מאמע? פארװאס, זײ, זיבן קינדער, האבן ניט קײן װינקעלע פאר זײער אלטער מאמע! זי, די אלטע דערצײלט, און פון אירע רײד, װערט קלאר אז ניט שטענדיק זענען די קינדער שולדיק!

עס װערט קלאר אז עס זענען פאראן אלטע לײט װאס קאנען האבן זיבן אױסגעגעבענע קינדער און זײן אזױ קאפריזנע — אז מען זאל, ניט נאר ניט, קאנען זײן בײ אײנעם פון זײ — נאר אפילו אין מושב זקנים — אױך ניט!..

אמת! אױף דער עלטער איז מען קאפריזנע, מען איז ניט צופרידן װי אזױ מען װערט באהאנדלט פון די קינדער און בכלל פון דער זינדי־קער װעלט! אױף דער עלטער, בענקט מען אפשר נאך יענע יארן װען מען האט געהאט א אײגענע הײם, א מאן װאס האט געארבעט און אַרײַנגעבראכט פרנסה אין שטוב אַרײַן, א הײם מיט א סך לעפל,

גאָפּל, מעסער, טעלער, און סתם בעל הבתישקייט און איצט מוז מען זיך באַנוגענען מיט איין לעפל, איין גאָפּל, איין מעסער אַ פּאָר טעלער און — אָבער, לאָמיר לאָזן רעדן די פרוי! זי וועט אייך שוין אַלע דערציילן!..

מיר ברענגען, אייך, דאָ אַ פולשטענדיקע באַשרייבונג פונ'ם שמועס מיט דער אַלטער!.. עס לוינט זיך אָט דעם שמועס... שטודירן!

— — — — — — — — — — — — — — —

ווי איר קוקט מיך אָן, פעלט מיר אַ פּאָר יאָר צו די אַכציקער! דאָך — האַלט איך זיך נאָך פּאַר אַ יונגעטשקע! מיין מוטער, ע"ה האָט גע־לעבט 98 יאָר און מיין באָבע — דעם ליכטיקן גן עדן זאָלן זיי ביידע האָבן — האָט געלעבט אַריבער די הונדערט! דערפון, דרינג איך, אַז, לכל הפחות, האָב איך נאָך אַ פּאָר צענדליג יאָר זיך צו מוטשען אויף גאָטס וועלטל!

אויף מיין לעבן האָבן מיך געטראָפן צוויי אומגליקן! דער ערשטער אומגליק — איך בין געוואָרן צו יונג אַן אלמנה! איך בין קוים אַלט גע־ווען אַ פּאָר און פערציק יאָר! וואָלט איך געווען דעמאָלט חתונה גע־האַט, וואָלט איך איצט געווען אַ בעל הבית'טע ווי אַלע עלטערע בעל הבית'טעס, וואָלט געהאַט אַ אייגענעם טיש מיט בענקלעך, אַ אייגע־נעם קאָמאָד וואו צו האַלטן מיין „פּאַסודע" און דער עיקר — איך וואָלט געפירט אַ כשר'ע שטוב און וואָלט ניט געדאַרפט מורא האָבן אַז איך וועל עסן טרפות!

מיין צווייטער אומגליק איז געווען, וואָס איך האָב זיך אַנגעזעצט אויף מיינע קינדער, און ספּעציעל אויפן מעזינעק און מעזינקע, אַז זיי זאָלן חתונה האָבן! וואָלט איך זיך ניט געאיילט צו ווערן אַזוי שנעל אַ באָבע און... עלטער באָבע פון אור־אייניקלעך, וואָלט איך געווען גע־וואוסט און פאַרשטאַנען דעמאָלט וואָס איך פאַרשטיי איצט — וואָלט איך נאָך געווען אַ בעל הבית'טע, איך וואָלט נאָך געהאַט אַ פּאָר קינדער „ניט חתונה געהאַטע, ביי מיר אין שטוב, זיי וואָלטן גע־אַרבעט און איך וואָלט געפירט די הויז ווירטשאַפט! ספּעציעל, מיין מעזינעק האָט ניט געהאַט חשק חתונה צו האָבן און איך האָב אים מיט גוואַלט צוגעשטופּט צו דער חופּה! איצט, איז ער אַ טאַטע פון צוויי קינדערלעך, וואוינט ביי זיך — אמת ניט איבעריק גראָס און ברייט, און איך?.. איך דריי זיך אַרום אויף גאָטס וועלט און אויף צו להכעיס מיינע קינדער — וויל איך ניט שטאַרבן!..

צו בעטן די קינדער אויף מיר דעם טויט? חלילה! איך בין זיכער אַז ניין! אָבער, ווען עס טרעפט זיך די „גוטע שעה" וואָלטן זיי, גאָר גאָר, אומגליקלעך — ניט געווען!..

— ווי אַזוי קאָן מען האָבן זיבן קינדער און ניט האָבן ביי וועמען צו זיין?

— איך אַליין ווייס אויך ניט ווי אַזוי דאָס געשעט! אָבער דער פאַקט איז אַזוי:

צוויי טעכטער האָב איך אין די פאַראייניגטע שטאַטן! מיינט איר, אַז ביי זיי בין איך שוין ניט געווען! איך בין שוין דאָרט אויך געווען! די קינדער האָבן מיך אַהין געשיקט און — זיי זענען דען בעסער ווי די היגע קינדער?..

— וואָס זענען דען אַזוי שלעכט די היגע קינדער?

— ווער זאָגט אַז זיי זענען שלעכט? איך, קאָן אָבער ניטליידן ווי אַזוי זיי פירן זיך און ווי אַזוי זיי לעבן!.. איך האָב מיין גאַנץ לעבן געגעסן כשר׳ס! זיי, אָבער, עסן טרפות! חזיר! און מען קאָן זיך צו קיין לעפל און טעלער זייערן ניט צורירן!..

— נו! האָט מען אַ אייגענעם טעלער און לעפל, אייגענע טעפלעך און מען קאָכט זיך אַליין!..

אייך איז גוט צו זאָגן „זיך אַליין קאָכן"! איר פאַרגעסט אַז איך בין שוין ניט קיין יונג ווייבעלע! ערשטנס: — איז שווער צו קריגן כשר פלייש און צווייטנס: מען איז נאָך ניט מער ווי אַ מענטש, פאַלט מען איין אין בעט און אַ צווייטער דאַרף אייך אָפּקאָכן דאָס ביסל געקעכץ! מעגט איר שוין זיין זיכער, אַז אייער עסן איז טריף! מען האָט זיכער „אָפּגעשוימט" די יויך מיט איר לעפל, אָדער האָט ניט אויסגעזאַלצן און אויסגעווייקט דאָס פלייש וויפל מען דאַרף!..

— און, אפשר, טוען זיי עס יאָ?..

— איך גלויב זיי ניט! אַ סימן, ווען איך האָב געבעטן אַז זיי זאָלן... כשר מאַכן דאָס פלייש ביי מיר אין צימער, נעבן מיין בעט, — האָבן זיי ניט געוואָלט!..

— פאַרוואָס זאָלן זיי וועלן? דאָס הייסט דאָך, דייטלעך זיי אויס־דרוקן אייער אומצוטרוי! דאָס הייסט דאָך זיי פשוט באַליידיקן! חוץ דעם, היינט וועט איר הייסן אַז מען זאָל זאַלצן דאָס פלייש נעבן אייער בעט! מאָרגן וועט איר וועלן אַז מען זאָל אַריינטראָגן דעם אויוון צו אייך אין צימער, כדי איר זאָלט זען צו מען „שוימט" ניט אָפּ די יויך מיט זייער לעפל און איבערמאָרגן וועט איר הייסן ברענגען דעם קצב מיט שוחט מיט דער בהמה צו אייער בעט ווייל איר ווילט זען צי דאָס פלייש וואָס אייער טאָכטער ברענגט אייך — איז טאַקע — כשר!..

— וואָס זשע מיינט איר? אַ געטריי קינד, אַ געטרייע טאָכטער, וואָס וויל אַז די מאַמע — די קראַנקע אַלטע מאַמע — זאָל קאָנען עסן

א לעפל געקעכץ, טומ אַלעס אַז די מאַמע זאָל האָבן צוטרוי צו איר קאָכן! אַלנפאַלס — פאַר דער צייט וואָס די מאַמע איז ביי איר אין שטוב — מעג עס געדויערן, חדשים און אַפילו יאָרן — פּירט מען אַליין איין אַ כשר׳ע שטוב און טיש!..

— באַבעניו! איר האָט פאַרגעסן צו מאַכן אַ חשבון אַז אייער טאָכטער איז... נאָך ניט קיין אלמנה! זי האָט אַ מאַן, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, וואָס האָט אויך אַ דעה אין הויז, און וואָס האָט אַ רעכט צו לעבן ווי אַזוי אים געפעלט, ניט ווי אַזוי די שוויגער וויל... עס אים קומען אַ יישר כוח וואָס ער האַלט אַ קראַנקער שוויגער אין שטוב מיט די געוויינלעכע קאָנסעקווענצן וואָס אַ קראַנקע בכלל און אַן אַלטער מענטש בפרט ברייגגט אַריין אין שטוב אַריין!..

— זעט איר! דאָס בין איך ניט איינשטימיג מיט אייך! אויב מען דאַרף האַלטן אַ קראַנקן טאַטן אָדער מאַמען ביי זיך אין שטוב, דאַרפןביידע צדדים — ווען מען עלטערן עס זאָלן ניט זיין — דאַרפן זיי זיין איינשטימיג אַז מען זאָל זיי האַלטן!..

— יאָ! אוודאי אַזוי! אויב אָבער דער אַלטער אָדער אַלטע ווילן זאָגן דעות ווי אַזוי די יונגע זאָלן זיך פירן — קומט אַרויס אַ קריג צוליב דעם צווישן די קינדער און מען הויבט זיך אָן וואַרפן מיט די טאַטע-מאַמע!

— שייך צו זאָגן מישן! אַט, האָב איך ניט געקאָנט לײדן ווי מיין טאָכטער אין אַמעריקא גייט נאָך אַרבעטן, כאָטש זי האָט שוין אויס-געגעבענע קינדער! איך האָב ניט געקאָנט לײדן ווי ביי זיי איז שבת קיין שבת ניט און יום-טוב קיין יום-טוב ניט און שטענדיג איז מען נאָר פאַרטון אין אַרבעטן און טראָגן אין באַנק אַריין!.. אַז איך האָב געפּרואווט זאָגן, רעדן, האָט מען מיר געהייסן שווייגן, זיך ניט מישן! נו!, וואָס זשע האָב איך געטון? אַ שפּיי געטון אויף אַמערטשקע זיך געזעגנט מיט מיינע קינדער און אייניקלעך און געקומען צוריק!..

— נו! דאָ, איז דען ביי אייערע קינדער שבת און יום-טוב אָפּגעהיט?

— ווער זאָגט אייך אָפּגעהיט? אָט דערפאַר קאָן איך דאָך ניט זיין ביי זיי!.. חוץ דעם — ליג איך מער ווי איך גיי אַרום, און מען מוז מיך באַדינען! איז פון אַזוי פיל קינדער און אייניקלעך — איז ניטאָ ווער עס זאָל זיין ביי מיין בעט און איך מוז זיין אַליין! אמת! איין טאָכטער, ביי ווען איך בין אַמערסטן געווען, האָט צוגענומען אַ דינסט, איר געצאָלט אין טאָג אַריין אַבי זי זאָל זיין נעבן מיר! וואָס זשע טוט די דינסט? נאָכדעם ווי זי האָט אויפגעראַמט, נעמט זי אַ זשורנאַל, זעצט זיך אַוועק אין אַ ווינקל און לייענט שעה׳ן ווייז!

— אָבער, ווען איר רופט זי — קומט זי צו?

— וואָס זשע, נאָך דאָס האָט איר געוואָלט אַז איך זאָל זי רופן און זי זאָל ניט קומען?

— וואָס זשע ווילט איר אַז זי זאָל טון ווען זי איז פריי?

— ס'הייסט וואָס? זאָל זי רעדן מיט מיר, מיר עפּעס דערציילן, פאַרלייענען! איך ליג דאָך אין בעט!..

— יאָ! אָבער, אייער ליגן איז דאָך ניט אויף אַ טאָג אָדער וואָך! איר ליגט דאָך שטענדיק! זאָל זי האַלטן אין איין רעדן צו אייך! פון וואָס זאָל זי מיט אייך רעדן?

— אָט דאָס איז דאָך מיין טענה! ווען מיין טאָכטער זאָל זיצן נעבן מיר, אָדער אַ צווייט קינד זאָל אַלע טאָג קומען צו מיר, וואָלטן זיי שוין געהאַט פון וואָס צו רעדן מיט מיר!..

— באבעניו! אָבער איר פאַרשטייט דאָך אַליין אַז איר פאָדערט אומעגלעכע זאַכן!

— ווען אַ מאַמע פאָדערט — דאַרף מען זען נאָכקומען איר פאָדערונג אויב מען וויל מקיים זיין דעם כבוד אב ואם!..

— איך ווייס, באבעניו! פאַר אייך וואָלט געווען דאָס בעסטע — גיין אין מושב זקנים: דאָרט וועט איר האָבן אייער סביבה, אייער כשרות, אייערע פרויען מיט וועמען צו רעדן! בכלל, דאָרט, וואָלט איר געווען ביי זיך אין דער היים!.. דער אומגליק איז, וואָס אייך, אַ מאַמע פון זיבן קינדער, פון אַזעלכע וואָס קאָנען אייך אויסהאַלטן, וועט מען אין מושב זקנים ניט אויפנעמען! דער מושב זקנים איז באַשאַפן געוואָרן פאַר אַזעלכע אַלטע לייט וואָס האָבן ניט קיין קינדער זיי אויסצוהאַלטן!..

— האָט איר שוין גראָדע אַ טעות! האָבן די קינדער דערלאַנגט אַ ביטע אין מושב זקנים און... מען האָט מיך יאָ אויפגענומען! און איך בין שוין דאָרט געווען און בין שוין... פון דאָרט אַרויס! איך קאָן דאָרט ניט זיין!..

— וואָס זשע? דאָרט איז, אפשר, אויך ניט כשר? צו איר האָט ניט קיין צוטרוי צום קצב, צום קוכער און צום בעקער?..

— לאַכט ניט פון מיר! פון אונז, אַלטע, איז לייכט חוזק צו מאַכן! דאָרט איז כשר — אַזוי זאָגן זיי — אַז רב מעג דאָרט עסן! ווען איך בין געקומען אַהין, האָב איך זיך שוין מיאש געווען און באַשלאָסן צו עסן וואָס מען וועט מיר געבן! אָבער — איך האָב דאָרט ניט געקאָנט זיין! ערשטנס — האָב איך דאָרט אויך געמוזט ליגן, און איך האָב נעבן מיין בעט קיינעם ניט געהאַט! צווייטנס:, זענען די שכנות פון מיין בעט, ווייבער, ניט פון מיין גלייכן און שטאַנד! ניט, אָט די ווייבער,

קאָנען זיין מיינע חברטעס פאַר מיין גאַנץ לעבן! זאָל מיך גאָט ניט שטראָפן פאַר די רייד! יעדער אידישע טאָכטער איז ביי מיר היייליק! אָבער, איידער צו האָבן אַזעלכע יאַכנעס אַלס מיינע שכנות מיט וועל־כע איך דאַרף רעדן בייטאָג און ביינאַכט — איז בעסער צו שלאָפן אין דרויסן — אויב מען קאָן ביי קיין קינדער ניט זיין! אויפן דריטן טאָג זענען מיר געפלויגן אַ פאַר טעלער אין קאָפּ אַריין און, על פי נס, האָב איך זיך געראַטעוועט, ניט געניזוקט צו ווערן!..

— גיט אַ טראַכט, באַבעניו! ביי די קינדער אין אַמעריקע האָט איר ניט געקאָנט זיין און זיי האָבן אייך אָפּגעשיקט צוריק! ביי אייערע קינדער דאָ, קאָנט איר אויך ניט זיין! אין מושב זקנים — קאָנט איר אויך ניט זיין! גיט אַ טראַכט! אפשר זענט איר ניט מיט אַלעמען!.. אפשר האַנדלט איר אַזוי, אַז איר זאָלט אין ערגעץ ניט קאָ־נען זיין! דער חלוק נאָר איז, וואָס ביי אייערע קינדער, האָט מען אייך דאָך אָפּגעגעבן כבוד, און אין מושב זקנים, זענען אייך באַלד געפלויגן טעלער אין קאָפּ אַריין!.. קוקט אייך אום, אפשר זענט איר ניט גערעכט!..

— — — — — — — — — — — — — — — —

אין עטלעכע טעג אַרום, רעדנדיג מיט איינע פון אירע טעכטער: אַ פרוי פון אַ יאָר פופציק, היפש גרוי, דאָס פּנים שטאַרק צעקנייטשט און אויסגעמוטשעט און זי מאַכט אַ איינדרוק דאָס אויף איר, איז מער רחמנות ווי אויף איר אַלטער מוטער...

— איך בין שוין ניט קיין יונגע פרוי. איך בין שוין אַ באַבע פון אַ פּאָר אייניקלעך און, ניט איינמאָל דערמאָן איך זיך, אַז ווער ווייסט, וואָס פאַר אַ עלטער מיר איז באַשערט צו האָבן! איך גלויב, אָבער, אַז ווען חס וחלילה, מיר מיט מיין מאַן זאָל אויסקומען צו זיין ביי קינדער אויף דער עלטער — וואָלטן מיר זיי, אַזוי, ניט דערגאַנגען די יאָר!

מען טאָר ניט רעדן! עס איז אַ אייגענע מאַמע! אָבער, איך מוז אייך זאָגן, זי האַנדלט בנוגע אירע קינדער זייער ניט קלוג און זייער ניט טאַקטיש! און, דער ווייטיק איז, וואָס גראַדע איז זי זייער אַ קלוגע, זייער אַ באַלערנדע און האָט אויסגעלייענט אויף איר לעבן הונדערטער און טויזנטער ביכער און צענדליגער טויזנטער צייטונגס־אַרטיקלען וועגן פאַמיליען־לעבן, וועגן קינדער און זייער באַציאונג צו טאַטע־מאַמע און פאַרקערט!..

אַזוי ווי איר קוקט זי אָן, אָט די אַלטע מאַמע אונזערע, איז דאָס איינציקע גליק אונזערס איז... וואָס עטלעכע שעה אין טאָג איז זי פאַר־נומען מיט לייענען! ווען ניט די עטלעכע שעה וואָס זי לייענט און די

שעהן פון שלאָף — וואָלט זי געהאַלטן אין איין רעדן (איך זאָג רעדן — ניט „וואָרטשען" צוליב כבוד אם) אַלע 24 שעה אין מעת לעת! און דאָס רעדן אירס באַשטייט פון בלויז... האָבן טענות! טענות צו... די קינדער! גלייך ווי מיר, די קינדער זענען שולדיק וואָס זי האָט אַ שלעכטע עלטער וואָס די דאַרף ליגן אַ סך צייט אין בעט, וואָס זי קאָן אַליין ניט גיין צום קצב און וואָס זי קאָן אַליין ניט גיין צום שוחט!..

ווי צו להכעיס, וואוינען מיר, אַלע קינדער אירע, ווייט פון אידישן געגנט, ווייט פון אַ פּלאַץ וואו עס איז פאַראַן אַ קצב וואָס פאַרקויפט כשר פלייש אָדער אַ שוחט זאָל שעכטן אַ עוף. זי מוז דאָך פאַרט האָבן אַלע טאָג אַביסעלע יויך און אַ שטיקעלע פלייש אָדער עוף — ברייינגען עס די מענער אונזערע פון שטאָט, פון אידישן געגנט! נו! איז אַלע טאָג דאָס זעלבע! זי וויל ביי זיי אַ שבועה אַז זיי האָבן געקויפט ביי אַ אידישן קצב: אויב ניט קיין שבועה — כאָטש אַ שריפטלעכע באַשטעטיגונג!.. מיינט איר דאָך, אפשר, אַז זי האָט עס ניט געפּועלט? אונזערע מענער, זענען מלאכים ניט קיין מענטשן! זיי ווילן האָבן אַ רואיקע מינוט ווען זיי קומען אַהיים, זיי ווילן ניט הערן אירע טענות — איז, ווען די מאַמע איז ביי איינע פון אונז — מיר האַלטן זי לויט אַ טורנא און לויט איר... חשק — יעדער איינע עטלעכע וואָכן — האָבן די איידעמס — אונזערע מענער, געפאָדערט אַ צייגניש ביים קצב אַז זיי קויפן ביי אים איין דאָס כשר'ע פלייש פאַר איר!...

וואָס טוט די מאַמע ווען זי ווערט נאָר עטוואָס געזונט און קאָן אַרויסגיין אין דרויסן! זי בעט אַ אייניקל זאָל זי פירן... צום קצב, ווייל זי וויל באַשטעטיקן, צי דאָס בריוועלע איז אַ אויטענטיש!.. דער קצב דערציילט עס דערנאָך מיין מאַן אָדער מיינע אַ שוועסטערס אַ מאַן — לויט ווי זי געפינט זיך — און אַנשטאָט אונזערע מענער זאָלן ווערן אויף איר ברוגז פאַרן אומצוטרוי — לאַכן זיי פון איר, חכמה'נען זיך מיט איר און... האָבן פון וואָס צו פאַרברייינגען!...

וואָס איך פאַרשטיי ניט איז אָט וואָס: אונזער מוטער, איז אין די יונגע יאָרן, ווען מיר זענען געווען פיצלעך קינדער, גאָרניט געווען אַזוי פרום! זי האָט טאַקע קיין חזיר ניט געגעסן, נאָר אַ שטיקעלע וואורשט פון אידישן קלייטל, אַ שטיקעלע געדויכערט פלייש, און למשל, ניט אָפּהיטן די זעקס שעה פון פליישיקס צו מילכיקס, איז ביי איר געווען אַ געוויינלעכע זאַך! אויך די תעניתים האָט זי אַ חוץ תשעה באב און יום-כפור — ניט אָפּגעהיט! זי פלעגט גיין אויף אַ שמחה, אַ חתונה ביי באַקאַנטע, און, כאָטש זי האָט געוואוסט אַז די חופה וועטשערע איז ניט קיין כשר'ע — דאָך, האָט זי אַלעס געגעסן! ערשט איצט — אַ

יאָר צען אין דעם — איז זי געוואָרן שטרענג פרום און... דערגייט אונז די יאָר!

מיר האָבן זיך דורכגעשריבן מיט אונזערע שוועסטער פון אמעריקא און זיי האָבן איינגעוויליגט זי אריבערנעמען צו זיך! זיי, דאָרט אין אמעריקא, פירן אַ כשר'ע קיך און האָבן בעסערע באַקוועמלעכקייטן ווי מיר דאָ. חוץ דעם, וואוינען זיי נאָענט פון... אַ מקום קדוש, אַ שול, נאָך וועלכער זי בענקט, זי וויל אַלע שבת גיין דאַווענען! דאָ, ביי אונז קאָן זי עס ניט אויספירן! האָבן מיר זי אַפּגעשיקט אַהין!

אין עטלעכע וואָכן אַרום האָבן אָנגעהויבן אָנקומען בריף פון די שוועסטער, וואָס זענען געווען דורכגענעצט מיט טרערן! די בריף האָבן געהאַט אַלע איין אינהאַלט:

ראַטעוועט אונז! נעמט צוריק די מאַמען!... איר מיינט חלילה זי איז אַ שלעכטע אַ ביטערע אידענע און האָט זיך גענעמען קריגן מיט די טעכטער אָדער איידעמס? חלילה! זי האָט דאָרט נאָר געפּראַוועט די זעלבע שטיק וואָס דאָ ביי אונז! דער חלוק איז, וואָס מיר — וועלכע זע־נען געווען מיט איר אַלע יאָרן — האָבן זיך צוגעוואוינט צו אירע קאַפּ־ריזן, און זיי, דאָרט, די אַמעריקאַנער א י י ד ע מ ס, האָבן עס ניט גע־קאָנט אַראָפּשלינגען און עס האָט געהאַלטן דערביי, אַז זיי זאָלן אי־בערלאָזן די „רבצן" מיט די טעכטער און אַליין זאָלן זיי די מענער, אַוועק פון שטוב!..

ענדלעך האָבן מיר אָנגענעמען אַ באַשלוס, מיט וועלכן מיר האָבן זיך „געוואָרגן" אַ סך צייט און ניט געוואָלט טראַכטן אפילו וועגן דעם!

מיר האָבן באַשלאָסן זי אריינגעבן אין מושב זקנים! מיר האָבן עס פאַרשטייט זיך, געטון מיט א י ר ווילן און איינשטימיקייט! זי אַליין האָט מסכים געווען אַז דאָרט וועט זי האָבן איר סביבה, דאָרט איז אַלס כשר! פאַראַן דאָרט אַ שוחט, אַ שול אַלע טאָג, פאַראַן פרויען מיט וועמען זי וועט קאָנען ווערן אַ חבר'טע און קאָנען פאַרברייינגען און בכלל — פאַר אַ פרוי נאָענט צו די 80-ער — איז דאָרט די לופט געזונטער ווי דאָ, אין די ענגע דעפּאַרטאַמענט-הייזער אין וועלכע מיר וואוינען! עס איז ניט צו דערציילן, ווי שווער עס איז אונז אָנגעקומען איבערצייגן די פאַרוואַלטונג פון מושב זקנים אין דער גוטוועגדיקייט זי אויפנעמען אין אויבנדערמאָנטן אנשטאַלט! און, לשבח אָט די וואוילע אידן וואָס פירן אָט מיטן אַנשטאַלט, און... געבנדיג אַ שיינע ביישטייע־רונג פאַרן אנשטאַלט — האָט מען אונז אָנגעזאָגט די בשורה אַז מען קאָן זי ברייינגען אַהין!

עס איז, אונז, קינדער, ניט לייכט אויסגעקומען זיך צוגעוואוינען

צום געדאַנק אַז די מאַמע אונזערע דאַרף זיך געפינען אין אַ מושב זקנים! עס איז אונז געווען אַ בושה און עס האָט געקאָסט געזונט! מיר האָבן, אָבער, קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט! אַ חוץ דעם, וואָס מיר, די קינדער זענען שוין געווען מיד, אויסערגעוויינלעך מיד פון... אירע קאַפּריזן — האָבן די איידעמס און די שנירן שוין אָנגעהויבן צו... רעבעלירן!

זיי — זענען ניט מחויב אַזוי פיל צו ליידן פון אירע קאַפּריזן! זיי זענען שוין אויך ניט קיין יונגעטשקע, און מוזן — נאָך דער אַרבעט האָבן אַ רואיקע היים, ניט קיין נערוועאישע און שטענדיק מיט טענות!.. מעגליך, אַז זיי זענען שוין געווען גערעכט!.. ספּעציעל קאָן איך קיין טענות ניט האָבן צו מיין מאַן וועלכער האָט יוצא געווען פאַר איר לכל הדעות! געווען צייטן, ווען מיין מאַן איז געווען קראַנק, מיר האָבן גע־וואוינט אין צוויי צימערלעך! אין איין צימער זענען געשלאָפן די קינדערלעך און אין צווייטן צימער, — אין אונזער שלאָף־צימער — האָט מען אַריינגעשטעלט אַ בעט און מיר האָבן דאָרט געהאַלטן די מאַמע! מיין מאַן איז געווען קראַנק, געליטן פון אַ שלאַפקייט צו וועל־כער עס האָט זיך גענויטיקט ער זאָל האָבן אַ סך לופט! ספּעציעל — ביינאַכט! מען האָט געדאַרפט האַלטן אָפן די טיר פון אונזער שלאָף־צימער די גאַנצע נאַכט, כדי ער זאָל שלאָפן „מיט לופט"!

די מאַמע ווידער, האָט געליטן פון אַ שטאַרקן... הוסט! און פאַר איר, איז לופט געווען שעדליך! און עס וועט אייך זיין שווער צו גלויבן — מיין מאַן האָט געהיימן האַלטן פאַרמאַכט די טיר ביינאַכט, און אַליין האָט ער זיך אויפגעהויבן, זיך אָנגעטון, און... איז אַוועקגעגאַנגען אַ נאָענטן פּאַרק און דאָרט איבערגעשלאָפן דעם סוף פון דער נאַכט!.. כ'ווייס! ס'וועט אייך זיין שווער צו גלויבן — אָבער דער אמת איז פּאָרט אַזוי!

אָבער, דאָס איז געווען, אַמאָל, ווען מיין מאַן איז געווען יונג! היינט, ווען ער איז שוין אַ זיידע פון צוויי אייניקלעך, ווען ער קומט פון זיין שווערער אַרבעט אַ היים, וויל ער זיך אָפּרוען, נעמען אַ בוך אין האַנט און זיין רואיק!..

האָבנדיק די מאַמען אין שטוב — אין איר איצטיקן צושטאַנד — איז אומעגלעך געווען פאַר אים צו זיין רואיק אַ מינוט און — צו מעג איך טאַקע איינשטעלן מיין שלום בית צוליב דער מאַמעס קאַפּריזן?..

די מאַמע האָט אייך שוין דערציילט! זי איז אין מושב זקנים לאַנג ניט געווען! ערשטנס איז איר דאָרט ניט געפעלן געוואָרן וואָס מען לאָזט ניט צו די קינדער... אַלע טאָג זיך זען מיט זייערע עלטערן —

נאָר צוויי מאָל אין מאָנאַט! צווייטנס האָט זי זיך פאַרטשעפעט מיט אַנדערע אַלטעטשקע, איר איז ניט געפעלן געוואָרן דאָס־יענץ! זי האָט זיך ניט געוואָלט רעכענען מיטן פאַקט אַז דאָ, דאַרף זיין איר היים און מען דאַרף זיך צופּאַסן אַהער! זי —די קלוגע פרוי — האָט באַלד מיג־דערגעשעצט אירע שכנות פון בעט, זיך באַלד צוקריגט מיט דער אָדער מיט יענער און, האָט פון איינער באַקומען... מיט אַ טעלער אין קאָפּ אריין! איך זאָג ניט אַז מיין מאַמע איז געווען שולדיק — דער פאַקט איז, אָבער, אַז זי איז געווען די איינציקע פרוי, וואָס האָט, באַלד ביים אָנקומען אַהין — שוין „אָפּגעלייזט" איר שכר!..

איצט? — איצט האָט זי אַ שוועסטער מיינע איבערגעפירט אין אַ שפּיטאָל־צימער און זי האַלט זיך דאָרט! צוריק אין מושב זקנים וויל זי ניט גיין! און, אין דעם טאָג וואָס איך ברייננג זי צו מיר — וועט מיין מאַן פאַרלאָזן די שטוב! צי גלויבט איר, אַז איך קאָן עס דערלאָזן?..

— — — — — — — — — — — — —

און וואָס זאָגן די צוויי זין — וואָס די אַלטע פאַרמאָגט?

ביידע זין זענען... האַלבע קבצנים! ביידע זענען אַרבעטער, און לעבן אַ באַשיידן לעבן! ביידע האָבן ניט קיין באַקוועמלעכקייט אַריינ־צושטעלן אַ בעטל אין זייער וואוינונג און האַלטן די מאַמע! אגב, קיי־נער פון זיי, איז ניט גרייט זיך מקריב זיין, אַריינשטעלן אַ בעטל אין שלאָף־צימער — ווי עס האָט געטון דער איידעם — און אַליין גיין דערשלאָפן אַ שטיקל נאַכט אַף אַ באַנק אין פּאַרק! און, אויב די זין וואָלטן, אפילו, געוואָלט טון אַזאַ זאַך — וואָלטן די שניר'ן ניט דער־לאָזט דערצו! די איידעמס זענען אַנדערע! די שניר'ן — אַנדערע!..

דער זון איז... ניט צופרידן וואָס מען האָט די אַלטע מאַמע אַריינ־געגעבן אין מושב זקנים! ער פּראָטעסטירט! ער האַלט אַז זי דאַרף זיין ביי די... קינדער, ביי... די טעכטער! וואָלט ער געקאָנט — וואָלט ער זי געהאַלטן ביי זיך! אַזוי ווי ער קאָן ניט — וויל ער זי האַלטן ביי... די שוועסטער! ער שעמט זיך פאַר זיינע לאַנדסלייט וואָס זענען געוואוירע געוואָרן אַז זיין מאַמע איז אין מושב זקנים! און... פאַראַן אַ חשד, דאָס אויב די אַלטע האָט פאַרלאָזט דעם מושב זקנים, איז ווייל דער זון האָט איר געגעבן צו פאַרשטיין אַז... די טעכטער וועלן זי מוזן צוריק אויפ־נעמען! איי, טאָמער שטייט אין קאָן דער שלום בית פון אירע טעכ־טערס הייזער? — דערוויף איז זי צופיל עגאָאיסטקע צו טראַכטן! און די זין? — וואָס אַרט עס זיי! דערהויפּט נאָך, ווען עס שפּילט אויך אַ ראָל אַ שטיקעלע קנאה, דער „פאַרוואָס איז מיין שוועסטער רייך און

איך אָרים", דער — „דער רוח וועט זיי ניט נעמען ווען זיי וועלן זי האַלטן און זיך מוטשען מיט איר"...

דער זון ווייסט אויך, אַז אַ טאָכטער האָט געדונגען אַ דינסט פאַר איר און דאָך האָט זי זי פאַרטריבן און ניט ער, ניט זיין פרוי, זענען געקומען אַפּט, צו פאַרבייטן די דינסט! ער ווייסט עס און... עס פילט זיך אין זיין ענטפער אַז ער וויל, גלאַט, נעמען „נקמה" פון דער רייכע-רער שוועסטער! (דאָס גבירעשאַפט פון דער שוועסטער באַשטייט אין דעם, וואָס דער מאַן איז... אַ בעאַמטער אין אַ אינסטיטוציע, נעמט אַ שיינעם געהאַלט און האָט שוין... אָפּגעשפּאָרט אַ אייגן שטיבל) זאָל זיך די שוועסטער „באַלאַמוטשען" מיט דער אַלטער! ס'וועט פון איר גאָרניט אראָפּפאַלן!..

אַ! פאַראַן נאָך אַ אָרט צו האַלטן די מאַמע — אין אַ צימערל פון... אידישן שפּיטאָל! אַזוי ווי זי איז פערמאַנענט קראַנק, וועט זי דאָרט... געזונט ווערן!

איז אָבער פאַראַן אַ פּאָר „אונמעגליכקייטן"! ערשטנס! — קאָסט אַזאַ פאַרגעניגן צו טייער און ווער קאָן עס אויסהאַלטן? צווייטנס! דאַרף דער שפּיטאָל האָבן די צימערלעך פאַר... קראַנקע, ניט פאַר זקנות צו וועלכע די דאָקטוירים גייען אפילו ניט צו, ווייל צו איר שלאָפקייט — די עלטער — איז ניטאָ קיין רפואה!.. דריטנס — איז זי דאָרט געווען אַ מאָנאַט צייט און מען האָט זי משלח געווען! זי האָט אַזוי פיל דערקוטשעט די קראַנקן-שוועסטער, אַז עס האָט געהאַלטן דערביי אַז זיי זאָלן דערקלערן אַ שטרייק — אויב מען וועט זיי צווינ-גען זי צו באַדינען!..

— — — — — — — — — — — — —

ניט גוט צו זיין אַלט.. ניט גוט, אויף דער עלטער האָבן בלויז אויס-געגעבענע קינדער!.. עס איז, אָבער, אויך ניט גוט ווען די „אַלטע" וויל ניט פאַרשטיין דער דרך העולם, און קאַפּריזעווען אַזוי, אַז עס זאָל ניט זיין קיין פּלאַץ פאַר זיי אויף אונזער זינדיקער וועלט!

מען ווייסט, אַז שטענדיק זינדיקן די קינדער קעגן די עלטערן!
שטענדיק זענען די קינדער ניט יוצא קעגן אַלטע טאַטע-מאַמע!
עס טרעפט אָבער, אויך פאַרקערט!
אָט די אַלטע — איז דער בעסטער באַווייז!..

— — — — — — — — — — — — —

# ווען געלערנט אינטעליגענטע קינדער האָבן פּשוטע און פּראָסטע טאַטע־מאַמע

דער מינהג העולם איז:

טאַטע־מאַמע טוען אַלעס וואָס זיי קאָנען, און אָפּט, אָפּט, איבער די כוחות, אַז זייערע קינדער זאָלן לערנען, און זאָלן דערגרייכן אַ נאָמען און אַ צוקונפט דורך זייער לערנען!

ביי אונז, אין דער אַלטער היים, האָבן געשיקט אין חדר אַריין זייערע קינדער, ניט בלויז שלום בער דער נגיד, ניט בלויז דער רייכער קלייטניק, און דער גרויסער סוחר, — נאָר אויך דער אָרימער אַרבעטער און אפילו נחמן וואַסערטרעגער וואָס האָט ניט געקאָנט רעכט דאַווענען, האָט געשיקט זיינע קינדער אין תלמיד תורה אריין!

און — אַזוי איז דאָס פאַרבליבן ביי אידן לדור דורות: אידן תלמידי חכמים און אידן פּשוטע ,האָבן געשיקט זייערע קינדער פון מלמד צו מלמד, פאַרזעצט אַ קישן און געצאָלט „שכר למוד" און כמעט שטענדיק האָט זיך אויסגעלאָזט אַז: דער פּשוטער טאַטע, וואָס האָט געקאָנט בלויז דאַווענען — האָט געהאַט קינדער גאונים! קינדער וואָס האָבן געקאָנט גוט לערנען, געקאָנט גמרא מיט תוספות, געקאָנט אַ קאַפּיטל תנ"ך א. א. וו. שפּעטער מיט יאָרן זענען שוין געווען קינדער ביי פּשוטע עלטערן, וואָס האָבן געלערנט רוסיש, געלערנט אין גימנאַזיע און די עלטערן... זענען געבליבן ביי זייער פּראָסטקייט! האָבן זיך ניט געקאָנט אונטערשרייבן, ניט אויף רוסיש און ניט אויף אידיש! דאָך — עס האָט זיך ניט געמערקט, אַז קינדער זאָלן זיך שעמען מיטן טאַטן וואָס איז אַן עם הארץ, אָדער עלטערן זאָלן זיך שעמען פאַר די קינדער מיט זייער אומוויסנהייט!

פּונקט פאַרקערט! אָט, די, טאַטע־מאַמע פון די געלערנטע — און שוין אינטעליגענטע קינדער, האָבן זיך מיט זיי באַרימט אויף טריט און שריט! געשטאָלצירט מיט זיי, און זיך אָפּילו געגרויסט!.. דאָס אַלעס איז געווען אין אונזער אַלטער, ליבער, היים, וואו מיר האָבן געהאַט,

גאָר, אַן אַנדער באַגריף וועגן לערנען און וועגן שיקן קינדער לערנען!

דאָ, אין דער נייער וועלט, איז פאַראַן אַ גרויסער קאָנטראַסט צווישן די גרעסטע טייל עלטערן און קינדער — פון עלטערן און צווייטן דור! די אימיגראַנטן וואָס זענען געקומען צוריק מיט דריי אָדער פיר צענדליג יאָר האָבן געבראַכט מיט זיך אַ גרויסן באַגאַזש פון אידישן וויסן, פון תורה און תלמוד, פון פרץ און שלום עליכם, האָבן געקאָנט דיסקוטירן וועגן וועלט-ענינים און וועלט-פּאָליטיק! זייערע קינדער, אָבער, האָבן שוין באַקומען אַן אַנדער סאָרט „תורה"! זייערע קינדער זענען שוין געגאַנגען אין די לאַנדס-שולעס, אין אוניווערזיטעטן, און א סך „פאַרטונקלט" די קענטעניש פון זייערע עלטערן — מיט זייער מאָדערנער תורה און מאָדערנע קענטעניש!

א סך קינדער פון אַט דעם צווייטן דור, האָבן געוואוסט ווי אַזוי אָפּצושאַצן זייער פאָטערס קענטעניש און האָבן אויך געוואוסט ווי אַזוי צו רעספּעקטירן זייער פאָטערס תורה!

פאַראַן, אָבער, אַנדערע קינדער וואָס פאַרשטייען עס ניט, אָדער, ווילן ניט פאַרשטיין די לאַגע פון זייערע פשוטע, אומגעלערנטע עלטערן...

און אַט האָבן מיר פאַר אונז אַ יונגערמאַנטשיק, אין די אָנהויב צוואַנציקער יאָרן! ער איז שוין — אַזוי צו זאָגן — פון דריטן דור! זיין זיידע איז געקומען אַהער צוריק מיט עטלעכע און פערציק יאָר, גע־בראַכט אַהער זיין פאָטער און זיינע פעטערס — דעם פאָטערס ברידער, אַלס קליינע יונגלעך! זיי האָבן זיך געזאָלט קאָלאָניזירן, דערנאָך איז געוואָרן אויס — און זיי זענען געבליבן אין שטאָט!

— לויט ווי מיין פאָטער פלעגט מיר דערציילן — זאָגט אונז דער יונגער בחור — האָט ער אָנגעהויבן אַרבעטן זייער פרי! עס איז זיי ניט געגאַנגען גוט, די נייע אימיגראַנטן, זיי האָבן זיך זייער שווער איינ־געאָרדנט און ווען דער פאָטער האָט שוין געוואָלט עפּעס לערנען — איז ער שוין געווען אַ בחור פון אַ יאָר צוואַנציק, האָט גאָר געטראַכט וועגן „תכלית" וועגן אַ שידוך און אַזוי איז ער פאַרבליבן ממש אַן... אַנאַלפאַבעט! דאָס איינציקע וואָס ער קאָן איז — לייענען אַ אידישע צייַ־טונג אי דאָס — לייענט ער זי מיט שוועריקייטן! קומט ער צו אַ העב־רעאיש וואָרט — ווערט ער אַזש בייז אויף די שרייבער פון די צייטונ־גען!.. וואָס איז שייך די לאַנדס-שפּראַך קאָן ער זיך קוים קוים אונ־טערהאַלטן!

אָבער ניט דאָס אַליין איז דער אומגליק מיט אונז — די קינדער און מיט אונזערע עלטערן! איך שעם זיך אייך צו דערציילן אָבער —

איך וויל דאָך אייערס אַ מיינונג, אייערס אַ עצה — מוז איך אייך אויסדערציילן אינגאַנצן!..

מיין פאָטער האָט דאָ חתונה געהאַט פאַר זיינע אַ לאַנדסמאַנקע, אויך אַ פּשוטע פּראָסטע פרוי, וועלכע האָט אַ ברייטש האַרץ, ניט בלויז פאַר אירע קינדער נאָר פאַר יעדן וועמען זי קאָן העלפן! אָבער... אונ־טערשרייבן זיך — קאָן זי אויך ניט! און, אָט דאָס פאָר פאָלק, האָט געבראַכט אויף דער וועלט, מיך, מיט מיינע צוויי שוועסטער, און אָט דאָס פּשוטע פאָר פאָלק — אונזערע עלטערן — האָבן אונז געשיקט אין שולע, דערנאָך אין מיטל־שול און יעצט גייען מיר אַלע אין אוניווער־זיטעט!.. אונזערע עלטערן זענען שטאַרק צופרידן מיט אונזערע דער־גרייכונגען! עס וואַקסט ביי זיי אַ זון אַ דאָקטאָר, אַ טאָכטער אַן אַפּ־טייקערן, אַ צווייטע טאָכטער — אַן אַדוואָקאַטן! זיי האָבן דריי וואַש־נעביימעלעך פאַרפלאַנצט, וואָס וואַקסן גוט און וועלן געבן גוטע פרוכט אָבער, קיין גוטע, געטרייע, קינדער זענען מיר פאָרט ניט און קאָנען ניט זיין! ספּעציעל זענען שטאַרק דערשלאָגן מיינע שוועסטערלעך, וועלכע ווייסן פון אונזער היימישן שמועס!..

מיר האָבן אין די שולעס, אין די קרייזן וואו עס איז אונז אויסגע־קומען אָפט אַריינקומען — צוליב מאַכן צוזאַמען לעקציעס אָדער לייען אַ בוך — זיך דערוואָרבן, זייער וואוילע, און זייער אָנגעזעענע חברים און חברטעס! מיר קומען אָפט אַריין צו זיי אין שטוב און מיר קאָנען זייערע עלטערן — אַלע געלערנטע — אַלע באַלעזנדע און אַלע אינ־טעליגענטע! מיר זענען אונזערע חברים און חברטעס שטאַרק מקנא! מיינע שוועסטער ערגערן זיך זייער שטאַרק וואָס זיי קאָנען ניט איינלאַדן זייערע חברטעס צו אונז אַ היים, ניט דערפאַר וואָס מיר באַ־וואוינען זיך ניט שיין — פאַרקערט! מיר האָבן זייער אַ שיינע וואוי־נונג מיט אַ פּיאַנאָ און אַ גרויסע זאַל צו פאַרברייינגען! אָבער — אונזע־רע עלטערן פאַרשוואַרצן אונז דאָס פּנים!

וואָלטן זיי שכל געהאַט, וואָלטן זיי פאַרשטאַנען אַז ווען חברים און חברטעס קומען צו אונז, זאָלן זיי זיין אין זייערע צימערן, זאָלן ניט אַריינקומען, און מיר זאָלן זיי מוזן באַקענען מיט אונזערע חברטעס! וואָלטן זיי, לפּחות, ניט געוואָלט אייננטייל נעמען אין אונזער שמועס, ספּעציעל, — מיין פאָטער — וועלכער וויל אַרויס־ווייזן „גאונות" אין... פּאָליציי־נייעס וואָס ער האָט געלייענט אין זיין צייטונג — וואָלט נאָך געווען אַ האַלבע צרה! ווילן זיי אָבער זיך באַ־קאָנען מיט זייערע קינדערס געהויבענע געסט, קומען זיי אַריין און מיר קרענקען עס דערנאָך אָפּ!

מיר האָבן צו אונזערע עלטערן גאָרניט! מיר פאַרשטייען אַז זיי האָבן געטון פאַר אונז דאָס בעסטע וואָס געטרייע עלטערן קאָנען טון! מיר קאָנען אויך איצט ניט זאָגן אונזערע עלטערן: טאַטע! מאַמע! מיר שעמען זיך מיט אייער פּראַסטקייט, מיט אייער אומוויסנהייט! מיר קאָנען זיי אויך ניט הייסן גיין איצט אין אַ נאַכט-שול און זיך נעמען קנעלן! צו שפּעט פאַר זיי! אָבער, פאַרוואָס האָבן אונז אונזערע עלטערן — אַזעלכע פּשוטע אידן — דווקא געוואָלט מאַכן פאַר דאָקטוירים? און ווען חלילה, מיר זענען אַזעלכע סוחרים ווי אונזער פאָטער איז, אָדער ווען די שוועסטערלעך האָבן געענדיקט די אָנפאַנגס-שול, ווען זיי גייען בעסער זיך לערנען, קאָכן, וואַשן, נייען, פּרעסן, וואָלטן זיי דען ניט אויסגעוואַקסן קיין וואוילע פרויען און צוקונפטיקע מוטערס! צו וואָס האָט דער פאָטער געדאַרפט ברייננגען צו אַזאַ שטאַנד אַז... מיר זאָלן זיך דאַרפן שעמען מיט זיי!..

און וואָס וועט זיין ווייטער? אָט, האָט זיך מיין שוועסטער באַקאַנט אין אוניווערזיטעט מיט אַ בחור, וועמענס פאָטער איז איינער פון די פיינסטע פאַמיליעס וואָס מיר האָבן דאָ! ער האָט זיך איר שוין „דערקלערט” און האָט זי שוין פאַרגעשטעלט פאַר זיינע עלטערן — מענטשן מיט אַ הויכער געזעלשאַפטליכער און עקאָנאָמישער פּאָזיציע! מענטשן וואָס רעדן עטלעכע שפּראַכן, זענען שוין אויסגעוועזן אַ וועלט און ווען איר רעדט מיט זיי עטלעכע ווערטער זעט איר אַרויס זייער איידלקייט און זייער פיינע באַנעמונג!..

דאָס זעלבע איז מיט מיר! איך האָב שוין אויך געפונען מיין באַשערטע! אויך אַ חברטע פון פאַקולטעט, אַ צוקונפטיקע מעדיצין-דאָקטאָרן! אירע עלטערן זענען זייער רייך און זי לערנט מעדיצין, ווייל זי האָט ליב אָט דעם באַרוף! זי האָט זיך עס געשטעלט אַלס ציל אין לעבן: זי וועט ענדיקן אויף דאָקטאָר, וועט עפענען אַ „קאָנסולטאָריע”, וועט אַטענדירן בלויז אַרימעלייט און בלויז אומזיסט!..

פאַרשפּאָרט אייך צו זאָגן, סיי מיין שוועסטערס בחור, סיי, מיין מיידל, גייט אויס דאָס חיות צו קאָנען אונזערע עלטערן! זיי האַלטן שטאַרק פון אונזער קענטעניש און לערנען און זיי גלויבן אַז דאָס איז מן הסתם אַ... ירושה-זאַך פון אונזערע עלטערן!.. נו! גיי, דערצייל זיי אַז ווען מיין פאָטער דאַרף אָנשרייבן אַ טשעק, קומט אים נאָך אָן מיט שוועריקייטן! גיי דערצייל זיי אונזערע צרות!.. מיין שוועסטער איז אַזוי פאַרצווייפלט אַז זי האָט שוין גערעדט מיט מיר וועגן... זעלבסטמאָרד!...

איך טו אַלעס זי צו באַרואיקן! איך האָב איר פאַרגעלייגט, דאָס

בעסטער איז, מיר זאָלן איבערעדן מיט די עלטערן און זיי אויפקלערן אונזער לאַגע! וואָס וועלן מיר זיי בעטן? אַ קלייניקייט! מיר וועלן זיי אויסלערנען ווי אַזוי זיך צו האַלטן ווען מיר וועלן ברענגען אונזערע באַשערטע צו זיי! מירן מיט זיי „איינשטודירן" ווי אַזוי צו רעדן מיט די מחותנים! בעסער געזאָגט — וואָס ניט צו רעדן!.. עס איז ניט קיין בזיון אַזאַ אויסלערנעניש! אין די גרעסטע קעניגליכע הייף, ביי די רייכסטע פּריצים, זענען פאַראַן „צערעמאָניע־מייסטערס" וואָס לערנען, דעם קעניג, צו קעניגן, די פּרינצעסן, ווי אַזוי צו גיין! מען לערנט אפילו די דינער ווי אַזוי צו טראָגן די טעלער און ווי אַזוי צו דערלאַנגען דאָס עסן!..

איצט גייט נאָך אין אַ קלייניקייט ביי אונז! איך זאָג, אַז מיין שוועסטער זאָל מיט זיי רעדן און מיין שוועסטער זאָגט אַז... איך זאָל מיט זיי רעדן!.. לסוף האָבן מיר באַשטימט זיך ווענדן צו אייך און אייך בעטן אַז... איר זאָלט רעדן מיט אונזערע עלטערן! איר קאָנט זיי אַ סך יאָרן, זיי האָבן אַ סך צוטרוי צו אייך, מיין פאָטער. לייענט אייך שטענדיק, און ער וועט זיך, זיכער, צוהערן צו אייערע רייד!...

— — — — — — — — — — — — —

— איך באַטראַכט אָט דעם מאָדערנעם „קרבן" פון וויסנשאַפט און תורה! דער מענטש רעדט פון „זעלבסטמאָרד"!... אַך! ווי פאַרשידן עס איז דאָס לעבן פון אונז, די זיידעס — ביז זיי — די אייניקלעך! עס שוועבן דורך פאַר מיינע אויגן צענדליגער געשטאַלטן פון בעקאַנטע פּנימער, וועמענס קינדער זענען דאָקטוירים, אינזשעניערן, אַדוואָקאַטן און זיי? — זיי קאָנען אַ בלאָט קוים איבערלייענען! גאָט מיינער! אפשר האָבן זיי אויך געליטן הן די קינדער הן די עלטערן — און מען האָט זיך גאָר ניט געכאַפּט אויף אָט דעם פּראָבלעם!..

— איך רעד צו מיין „אומגליקלעכן" צוקונפטיקן דאָקטאָר און חתן־בחור:

— פריינט מיינער! האָט איר אַ טראַכט געטון: און וואָס וועט זיין אַז איך וועל רעדן מיט אייערע עלטערן, זיי דערמאָנען ווי פּראָסט זיי זענען, זיי אָנדייטן אַז איר שעמט זיך מיט זיי און — אַנשטאָט אייך — וועלן זיי... טראַכטן וועגן זעלבסטמאָרד!..

— מיין מיטשמועסער ווערט פאַרציטערט! ווייזט אויס, דערויף האָט ער זיך ניט געריכט! ער ווערט צעטומלט און שטאַמלט אַרויס:

— נו! אויב אַזוי — זאָל שוין זיין! מירן שוין זען ווי אַזוי מיר וועלן איינאָרדענען זייער באַגעגעניש!... דער בחור וויל שוין אוועקגיין! איך פאַרשטיי, אַז איך טאָר אים, אין אַזאַ שטימונג, ניט אַרויסלאָזן

פון מיין שטוב... יונגע קינדער! זיי קאָנען נאָך באַגיין אַ נאַרישקייט! אַ פאַרצווייפלטן שריט! איך באַרואיק אים:

— ניט געזאָרגט! איך וועל רעדן מיט אייער פאָטער! ער איז טאַקע ניט שולדיק, אָבער א י ר זענט אויך ניט שולדיק! איר זענט ניט שולדיק, וואָס אייערע פראָסטע עלטערן האָבן אייך אַזוי פיל געלערנט! און איר זענט אויך ניט שולדיק וואָס איר האָט זיך פאַרליבט אין קינדער פון אָנגעזעענע משפּחות... איך וועל אייך שוין געבן צו וויסן! גייט רואיק!..

— — — — — — — — — — — — —

אין עטלעכע טעג אַרום:

עס איז מיר ניט לייכט אָנגעקומען דאָס... צוטראַכטן די ווערטער מיט וועלכע איך האָב געדאַרפט רעדן מיט מיין פריינט — ג—ן, דעם פאָטער פון אָט די געלערנטע קינדער! דעם ה' ג—ן געדענק איך שוין אַ סך יאָרן! איך דערמאָן זיך טאַקע, אַז צוריק מיט אַ דריי צענדליג יאָר האָבן מיר זיך ביידע געטראָפן אויף אַ אַקט וואו מען האָט זיך געדאַרפט... אונטערשרייבן און איך דערמאָן זיך, ווי שווער עס איז אים אָנגעקומען אַוועקלייגן זיין חתימה!.. מיט דער צייט איז ה' ג—ן אָפּט געקומען אין דער געזעלשאַפט, אַקטואירט אפילו אין פאַרשידענע אַנשטאַלטן און אומעטום האָט מען געהאַט וועגן אים די בעסטע מיינונג! איך געדענק, אַז אין איין פאַריין איז ער אפילו געוועזן דער קאַסיר!.. ווי אַזוי ער האָט געפירט זיין „שאַך־קאַמער"? מן הסתם אַהיים גענומען, און די קינדער האָבן אים געמאַכט דעם חשבון וויפל געלט דער פאַריין פאַרמאָגט אָדער וויפל געלט דער פאַריין איז אים שולדיק!.. ער איז געוועזן זייער אַ וואווילער און געטרייער כלל טוער און זיך געלאָזט קאָסטן ביד רחבה!.. ווי אַזוי זשע הויבט מען אָן רעדן מיט אַזאַ אידן? ווי אַזוי זאָגט מען אים: פעטער! אייערע קינדער שעמען זיך מיט אייך!.. אָבער! איך האָב פאַרשטאַנען אַז איך מוז עפּעס טון! און...

— — — — — — — — — — — — —

איך זיץ מיטן ה' ג—ן אין אַ קאַפע! איך האָב אים אַרויסגערופן טעלעפאָניש וועגן אַ וויכטיקן ענין! ווען מיר האָבן אָנגעהויבן רעדן „צום ענין" — האָב איך אים געמאָלדן אַז...

איך וויל פאַרדינען ביי אים... שדכנות געלט! צו אַלע מיינע „פּרנסות" בין איך אַ שטיקל שדכן אויך!.. איך האָב פאַר אים אַ שידוך פאַר זיין טאָכטער! ניין! ניט קיין איין שידוך — נאָר גאַנצע צוויי! איך אַרבעט אין „הורט"! אַ שאָד וואָס זיין צווייטע טאָכטער איז נאָך צו

יונגג! איך וואָלט געקאָנט „רעדן״ דריי שדוכים! דערווייל, אָבער, באַ־נוג איך זיך מיט צוויי!

ער וויל וויסן ווער זענען די מחותנים? ער זוכט ניט פּאָר זיי־נע קינדער קיין רייכע שדוכים! מעגן זיי זיין אָרימע, פּראָסטע מחו־תנים, אַבי פיינע מענטשן!..

איך פיל, אַז מיין מיסיע ווערט שווערער — אָבער פּאַל ביי זיך ניט אַראָפּ!.. איך פרעג אים, — אַזוי זיך — ניט מאַכנדיק דערפון קיין גרויסן וועזן:

— נו! אַז עס וועט זיך אייך פּרעזענטירן דווקא רייכע און דווקא — ניט קיין פּראָסטע מחותנים וועט איר זיך דען וואַרפן מיט זיי?...

— חלילה! איך וועל זיך נאָר פילן שלעכט! איך בעט ביי גאָט אַז ער זאָל מיר ניט באַשערן קיין מחותנים העכערע פון מיר! נידע־ריקערע — אַרט מיך ניט!..

— נו! האָב איך מורא אַז, אָדער־אָדער! אָדער מיין מיסיע מיט אייך איז שוין פאַרענדיגט און איך וועל שוין קיין שדכנות ניט פאַרדי־נען, אָדער... גאָט וועט ניט הערן אייער תפילה און וועט אייך צושאַרן אַזעלכע מחותנים אויף וועלכע איר האָט טאַקע ניט געחלומט! „דער וואָס לעבט אייביק״, האָט פאַרשטאַנען אַז איר האָט זיך פאַרדינט ביי אים, אַז ער זאָל אייך באַשיינען מיט די שענסטע מחותנים פון אונזער קאָלעקטיוויטעט און אייערע קינדער זאָלן האָבן די איידלסטע שדוכים וואָס מיר פאַרמאָגן!.. אַלזאָ! אויב איר „גיט זיך אונטער״ — ווועלן מיר פאַרזעצן דעם שמועס! אויב ניט — טאָ בלייבט מיר געזונט!..

ה׳ ג—ן איז געבליבן זיצן געפּלעפט! ער האָט טאַקע ניט געוואוסט ווי אַזוי צו האַנדלען! ער געפינט אַ אויסוועג:

— מעג איך וויסן ווער זענען עס די שדוכים? מעג מען וויסן צו איר האָט שוין גערעדט מיטן צווייטן צד? צו ווייסן זיי שוין ווער איך בין? כ׳מיין, אַז איך בין ניט אַזוי איידל און אַריסטאָקראַטיש דערצויגן!

— איך וועל אייך ענטפערן פון אונטן־אַרויף: איך האָב שוין גע־רעדט מיט יענעם צד! זיי ווייסן מער ווייניקער, אַז איר האָט קיין או־ניווערזיטעט ניט געענדיקט! מען האָט מיך צו אייך געשיקט! און אויב איך האָב אָנגענומען די מיסיע, איז ווייל איך האָב געוואוסט אַז איר זענט אַ קלוגער מענטש, איר וועט זיך קאָנען צופּאַסן צו אייערע מחותנים! איר וועט זיך באַמיען, איר וועט האַנדלען אַזוי, אַז אייערע קינדער זאָלן ניט פאַרשעמט ווערן! עס איז געווענדעט אין אייך, זיך משדך זיין מיט די שענסטע משפּחות אונזערע און באַקומען דעם שכר וואָס איר האָט פאַרדינט געבנדיק אייערע קינדער אַזאַ פיינע דערציאונג!

איך גלויב אַז דאָס בעסטע וואָלט געווען, ווען עס וועט האַלטן ביי עפּעס ערנסט, אַז איר זאָלט שטילערהייד איבערעדן מיט אייערע קינדער און געוואוירע ווערן ווי אַזוי מען באַגייט זיך אין אַזאַ פאַל ווען מען דאַרף אויפנעמען אין שטוב געהויבענע געסט אָדער קומען צו גאַסט צו יע־ענעם!.. נשקשה עס איז ניט קיין בושה! דעם קיסר׳ס קינדער לערנט מען אויך ווי אַזוי זיך באַגיין צווישן מענטשן...

איין זאַך בין איך מיט אייך מסכים — זעץ איך פאַר מיין שמועס, און „קלאַפּ דאָס אייזן — כל זמן עס איז היים"! א י ר, וואָלט זיכער ניט געגאַנגען זוכן אַזעלכע מחותנים פאַר אייערע קינדער! אָבער, אַז מען ז ו כ ט  א י י ך — אייערע קינדער — טאָרט איר עס מיט די הענט ניט אַוועקמאַכן! עס איז זיכער אַזוי באַשערט! אַך! יאָ: איך האָב אייך נאָך ניט געזאָגט די נעמען פון די „מחותנים", איך מיין פון די וועלכע ווילן זיין אייערע מחותנים, וועלכע ווילן זיך מיט אייך משדך זיין און צעוואָס לייקענען — איר מעגט עס וויסן! ווער עס וויל אייערע קינדער פאַר אַ שניר און איידעם! אָט זענען זיי:

— — — — — — — — — — — — —

ה׳ ג—ן איז געבליבן זיצן ווי פאַרשטיינערט! ער האָט דערהערט די נעמען פון די מחותנים און ער איז געבליבן זיצן מיט אַן אָפן מויל און קיין וואָרט ניט געקאָנט אַרויסרעדן!.. ד ע ר ו י ף — האָט ער זיך ניט געריכט! ער, דער פּשוטער, פּראָסטער „חי וקים", ער, וואָס לייענט ניט קיין שום צייטונג אַ חוץ אַ אידישע ווייל ער איז שטומפּיק אויף דער עברי! ער, און זיין פּשוטע אידענע וואָס קאָן נאָך ווייניקער פאַר אים, ער ווערט זיך משדך זיין מיט אַזעלכע „צילינדער"-אידן! נאָך מער! ז י י — אָט די „צילינדער-אידן" שיקן עס צו אים אַ „שדכן" אַ שליח און זיי ווילן זיך משדך זיין מיט אים! זיי ו ו י ל ן זיינע קינדער און עס אַרט זיי ניט וואָס ער איז א ז א פּשוטער, אומגעלערנטער מענטשן!.. ניין! ער ווערט די קינדערס גליק ניט צושטערן! ער ווערט טון אַלעס אַז די קינדער זיינע, זאָלן ניט פאַרשעמט ווערן! אויב זיי האָבן יאָ געקאָנט דערגרייכן אַזאַ פּאָזיציע אַז אַזעלכע געהויבענע משפּחות זאָלן זיי וועלן פאַר זייער שניר און איידעם — דאַרף מען זיי ניט פאַרשעמען! ה׳ ג—ן, שעמט זיך! ער וואָלט זיך צעוויינט אביסל, נאָר עס איז אין אַ עפנט־ליך פּלאַץ — אין אַ קאַפע! קומט ער אָפּ בלויז דערמיט, וואָס ער ווישט זיך די נאָסע אויגן און... דריקט מיר די האַנט! ער האַלט זי מיט ביידע הענט זיינע און לאָזט זי ניט אָפּ!.. ער וויל בלויז וויסן וואָס דאַרף ער טון? ווי אַזוי דאַרף ער זיך האַלטן? וואָס דאַרף ער טון אַז זיינען קינדער זאָלן ניט פאַרשעמט ווערן?..

— איר וועט מוזן נעמען אַ פּאָר לעקציעס ביי אייערע קינדער! די בעסטע לעקציע — רעדן וואָס ווייניקער! זאָל מען ניט אַרויסזען אַז איר האָט אַזוי ווייניק געלייענט און געלערנט!.. נשקשה! איר דאַרפט אייך ניט שעמען! הלוואי האָבן מיר אַ סך אַזעלכע אידן ווי איר!.. אייערע קינדער האָבן זיך ניט מיט וואָס צו שעמען מיט אייך! איר זענט טאַקע פּשוטע — אָבער זייער ערליכע און גוטהאַרציקע מענטשן! און דאָס איז גענוג! ניט בלויז איר טוט אַ גוטן שדוך — אייערע מחותנים טוען אויך אַ פיינעם שדוך!

—יאָ! דער עיקר! מען דאַרף דאָך אָבער נאָך פרעגן די קינדער! עס איז דאָך ניט געוועגדעט אין גאַנצן אין מיר און אפילו ניט אין מיינע קינדער! מען דאַרף דאָך נאָך פרעגן יענע קינדער אויך!..

— איך זע, אַז איר זענט נאָך ניט פּראַקטיש אין לעבן! די קינדער קאָנען זיך שוין און... מען האָט זיך שוין פאַרליבט! אויך יענע מחו־תנים קאָנען אייערע קינדער! עס איז געווען געוועגדעט בלויז אין אייך! מען וואַרט אויף אייער צושטימונג! און, איר מעגט עס וויסן! עס איז געוועגדעט בלויז אין אייך! ווען איר זאָגט ניין — ווערט אויס ליבע! אויס שדוך! אייערע קינדער ווילן אייך באַצאָלן וואָס אייך קומט פאַר אייער טרחה, פאַר אייערע קרבנות, זיי צו געבן אַזאַ דערהויבענע און נאָבעלע דערציאונג! פאַר ניט לאָזן זיי אַרבעטן, אום כדי זיי זאָלן זיך קאָנען אָפּגעבן בלויז מיט לערנען! און איצט ווען זיי האָבן שוין זיי־ערס כמעט ווי דערגרייכט, ווילן זיי ניט אייך אָפּצאָלן מיט שטיינער! אויב איר זאָגט איין וואָרט אַז איר זענט ניט מסכים — ווערן אי־בערגעריסן די פאָדים וואָס פאַרבינדן שוין זיי!..

— חלילה! ס׳הייסט איכ׳ן זאָגן ניין! פאַרוואָס זאָל איך זאָגן ניין? אדרבא! אַזאַ כבוד! אַזאַ כבוד! אמת דעם כבוד האָב — איך ניט פאַרדינט! דעם כבוד האָבן מיינע קינדער כשר פאַרדינט! איר ווייסט דען, וואָס פאַר קינדער איך האָב? אויף גאָטס וועלט זענען קיין צווייטע ניטאָ! נו! איז איצט, ווען איך קאָן זיי העלפן גליקלעך ווערן — זאָל איך זיי שטערן!.. איך... איך... איך וויל אייך נאָר פרעגן איין זאַך! זענען האָטש, די באַשערטע זייערע... שיינע! האָבן זיך מיינע קינדער אויסגעקליבן, לפּחות, אַזעלכע שיינע מאַן און ווייב ווי זיי זענען? צי... צי האָבן זיי זיך חלילה, ניט „פאַרקויפט" פאַר קיין געלט? פאַר אַ געהויבענער משפּחה?.. פאַר חשובע מחותנים פאַר זייערע טאַטע־מאַמע?..

— זייט רואיק! אַט וועלן זיי די טעג ברענגען צו אייך זייערע באַ־שערטע וועט איר שוין זען און... איבעראַשט ווערן!..

— — — — — — — — — — — — — —

ווען דער גרויסער עולם איינגעלאַדענע געסט אויף דער חתונה ביי ג—ו'ם טאָכטער וואָס איז פאָרגעקומען אין איינעם פון די שענסטע האָטעל־זאַלן, ווען די געסט האָבן באַמערקט ווי דער מחותן ג—ן, מו־טשעט זיך מיטן... האַרטן קאָלנער וואָס קוועטשט אים, ווען זיי האָבן זיך דערמאָנט ווי אַזוי דער „צילינדער" האָט זיך אים געדרייט, שטייענ־דיק אונטער דער חופה און ער האָט אַלע מאָל אים געמוזט אויסגלייכן — ווען זיינע געסט, וועלכע קאָנען אים און ווייסן אַז אויף זיין לעבן איז ער ניט געגאַנגען אין ווייסע הענטשקעס און אין אַ „פראַק" און ווי אַזוי ער זעט אויס — האָבן זיי, אין זיך שטיל געלאַכט און חוזק געמאַכט! אַ סך האָבן געלאַכט און... עס האָט זיי געשטאָכן! פאַרט זיך משדך געווען מיט איינע פון די פיינסטע פאַמיליעס! גענומען אַ מיליאָנער און עס וועט איר שוין גאָרניט פעלן כל זמן זי וועט לעבן! געלאַכט פונם... האַרטן קאָלנער ביים מחותן און מקנא געווען אויפן גליק!..

ביי דער צווייטער חתונה — ביי דער חתונה פון זיין זון — האָט ער שוין פונ'ם „צילינדער" אַזוי ניט געליטן! דער „פראַק" איז אויך געלעגן בעסער! די הענטשקעס האָבן אים אויך מערער געפּאַסט, און דער עולם געסט — האָט שוין ווייניקער געלאַכט פון אים!.. ווייניקער געלאַכט און... מער מקנא געווען!..

שפּעטער, ביים חתונה מאַכן דאָס לעצטע קינד, און כאָטש די מחותנים זענען שוין ניט געווען פון דער הויכער אַריסטאָקראַטיע אָבער דאָך גרויסע גבירים, פאַבריקאַנטן — האָט ער שוין געפּאַדערט, אַז דער מחותן זיינער זאָל... טראָגן אַ „צילינדער" אַ „פראַק" און די ווייסע „הענטשעקעס" זענען געווען ווי צוגעפּאַסט צו זיינע פּשוטע האָרע־פּאַשנע הענט!..

ביי דער חופה וועטשערע, האָט ער מיר — איינעם פון זיינע הויפּט־געסט — איינגערוימט אַ סוד:

וווייזט אויס, אַז מען ווערט ניט צוגעוואוינט — בלויז צו צרות! אויך צו פריידן געוואוינט מען זיך צו, און מען קאָן זיך פון זיי ניט שיידן! אַט, קוקט אָן, מיין „פראַק" מיט די הענטשקעס!.. ווער וועט עס זאָגן אַז איך בין ניט געבוירן געוואָרן אין זיי!..

— — — — — — — — — — — — — —

## ווען מען האָט חתונה פאַר דער צווייטער פרוי דאַרף מען פאַרגעסן אין דער ערשטער...

חתונה האָבן צו צווייטן מאָל — ווי וואָלט זיך אויסגעדרוקט די באבע ע"ה — אויף אַלע אונזערע שונאים געזאָגט געוואָרן!..

איך געדענק ניט וואו איך האָב עס אַמאָל געלייענט, איז געווען געשריבן, אַז מען האָט געמאַכט אַן „אנקעטע" צווישן הונדערט פאַר־לעך וואָס האָבן חתונה געהאַט צום צווייטן מאָל — די פּאָרלעך זענען געווען אלמנ'ס און אלמנות — און עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז בלויז... 20 פּראָצענט לעבן זיך גליקלעך! די איבעריקע אַכציק פּראָצענט, האָבן צרות, קריגן זיך, און... רעדן שטענדיק פון „צעגיין" זיך.

די אויבנדערמאָנטע סטאַטיסטיק האָט אויך אַרויסגעבראַכט אַ אינטערעסאַנטען פאַקט: פון די אַכציק פּראָצענט חתונה־געהאַטע פּאָרלעך צום צווייטן מאָל און וואָס לעבן זיך שלעכט — איז זעכציק פּראָצענט — דער מאָטיוו פון זייער קריג — די קינדער! אָדער זי איז אַ שלעכטע שטיפמאַמע, אָדער ער — איז אַ שלעכטער שטיפאָטער!

און, אָט האָבן מיר פאַר אונז אַ פאַל וואָס... גייט ניט אַריין און וואָס ווערט ניט דערמאָנט אין יענער סטאַטיסטיק, אין יענעם חשבון, פאַרוואָס חתונה געהאַטע צום צווייטן מאָל — לעבן זיך שלעכט!..

— — — — — — — — — — — — —

עס זיצט פאַר מיר אַ פרוי אין די אָנהויב פערציקער! איר אויסזען ביז גאָר אינטערעסאַנט, טראָגט „פּענסנע" וואָס פּאַסן צו איר שיינעם געזיכט און צו איר שיין־פאַרקעמטן קאָפּ בלאָנדע האָר. איז אופן רעדן, איר אופן פון אויסדריקן זיך, איר ריין־געטאָקטע שפּראַך, גיט אייך אַ באַגריף אַז איר האָט פאַר זיך אַ קלוגע און אינטעליגענטע פרוי. אויבנאויף, ווייזט זיך אויס, אַז די פרוי איז זייער גליקלעך, איר לייכט שמייכעלע אויף די ליפּן, ווייל עס אייך אַזוי איינרעדן! ווען זי הויבט אָן רעדן און דערציילן איר לעבן, איבערצייגט איר זיך, אַז ניט אַלעס וואָס

עס שיינט איז גאָלד, און ניט יעדער שמייכעלע — איז אַ סימן פון צו־פרידנהייט און גליק!..

פרוי ר. שמועלט זיך פּאָר. זי איז די פרוי פון באוואוסטן פּאָברי־קאַנט פּ—ן. די צווייטע פרוי! די ערשטע פרוי זיינע איז געשטאָרבן צוריק מיט זעקס יאָר און שוין 2 יאָר ווי זי האָט חתונה געהאַט מיט אים...

איר ערשטער מאַן? — איך האָב אים געדאַרפט קאָנען! ער איז געווען דער הויפּט פאַרוואַלטער פון אַ גרויסער באַנק!.. ער איז גע־שטאָרבן פון האַרץ-קראַנקהייט און זי איבערגעלאָזט מיט אַ פּיצעלע קינד אויף די הענט! מיט פּרנסה איז זי געווען באַזאָרגט! איר פאַר־שטאָרבענער מאַן האָט איר איבערגעלאָזט אַ גרויסע „פאַרזיכערונגס־פּאָליס", חוץ דעם — געלט אין באַנק און אַ געוויסע פּענסיע פון אַקציעס וואָס ער האָט געהאַט אין אַ קאָמפּאַניע! זי איז געווען פאַרזאָרגט מיטן ביסן אין מויל! אָבער — זי איז געווען עלנט! זייער עלנט! האָט דאָ קיי־נעם ניט און ער — איר פאַרשטאָרבענער מאַן — האָט דאָ בלויז שוועס־טער מיט וועלכע זי איז געווען צוקריגט פון ערב דער חתונה אָן — זיי זענען געווען קעגן שדוך — און זענען ביז היינט צו טאָג פון דערווייטנס!..

איך האָב באַקומען מורא צו זיין אַליין אין שטוב! איך האָב זיך געשראָקן ביי טאָג און ביינאַכט! איך האָב געפילט אַז מיינע נערוון האַלטן ניט אויס! איך האָב אַריינגענומען צו מיר אַ פרוי אין שטוב וועלכע זאָל מיר העלפן ביי דער הויז-אַרבעט און זיין מיט מיר, אָבער עס האָט מיך ווייניק באַרואיקט!

איך דערצייל אייך דאָס אַלעס, ניט כדי צו באַרעכטיקן פאַרוואָס איך האָב אַזוי שנעל חתונה געהאַט צום צווייטן מאָל — כאָטש, דאָס איז געווען איינע פון די הויפּט מאָטיוון! איך דערצייל עס אייך, כדי איר, און טויזנטער ווי איר, זאָלט האָבן אַ שטיקל באַגריף פון אַ לעבן פון אַ פרוי — אַ יונגער פרוי — ווען גאָט שטראָפט אין דער יוגנט און נעמט ביי איר צו איר לעבנס-באַגלייטער און באַשיצער!

אין אַ טאָג, קומט צו מיר מיינס אַ פריינט, אַ עלטערער איד, וואָס האָט געקאָנט מיינע עלטערן פון דער אַלטער היים, און... לייגט מיר פאָר אַ שדוך! ער גיט מיר צו פאַרשטיין אַז „וואָס די ערד פאַרדעקט — מוז מען פאַרגעסן" און נאָך אַזעלכע אַרגומענטן — ספּעציעל איך בין נאָך צו יונג אויף צו בלייבן אַ אייביקע אלמנה! ער לייגט מיר פאָר אַ אַלמן, אַ פיינעם יונגערמאַן, אַ אָנגעזעענער בעל הבית מיט גוטע עקאָנאָמישע פּאָזיציע! דער יונגערמאַן קאָן מיך און איז וויליק צו זיין אַ גוטען געטרייער פאָטער צו מיין קליין טעכטערל אָבער בתנאי —

איך דאַרף אויך וועלן זיין, ניט קיין שטיפמאַמע — נאָר אַ געטרייע מאַמע זיינע צוויי פיצלעך קינדער!..

די ערשטע פּאָר מינוט האָב איך צוריקגעוויזן דעם פאָרשלאָג פון מיין פריינט! אָבער, זיינע אַרגומענטן, אַז קיין בחור וועט דאָך מיך — אַן אַלמנה ניט נעמען! אויך אַ אַלמן אָדער געגעטער, וועט ניט וועלן האָבן אַ פרוי מיט אַ קינד — איז דאָס בעסטע צו מאַכן אַזאַ „שותפות" — איך — אַ גוטע מאַמע דיינע קינדער און דו אַ געטרייער טאַטע מיין קינד! — און — דער שידוך איז געוואָרן געשלאָסן! דער יונגערמאַן איז מיר זייער געפעלן געוואָרן! אַ איידעלער, פיינער און סאָלידער סוחר און מענטש! מיר האָבן אָפּגערעדט אַז נאָך אונזער חתונה זאָל איך ליקווידירן מיין גאַנץ בעל הבתישקייט און דאָס גאַנצע געלט וואָס איך וועל דערפון אָפּמאַכן — זאָל איך עס אַריינטראָגן אין באַנק אַריין אויפן נאָמען פון מיין טעכטערל אַלס איר נדן! ער — דאַרף פון מיר גאָרניט! ער האָט אַ רייכע שטוב און עס פעלט אים גאָרניט! אָך! יאָ! ער האָט אַ מוטער (קיין פאָטער האָט ער ניט) וועלכע וואוינט ביי זיך אין הויז מיט אַן אויסגעגעבענער טאָכטער! די מוטער איז געבליבן אַ רייכע אַלמנה און ביז איצט האָט זי אַכטונג געגעבן אויף זיינע קינדער! איצט — וועט ער זיי איבערנעמען אינגאַנצן צו זיך! ער האָט שלאָף-צימערן פאַר אַלע קינדער! זיין הויז פאַרמאָגט 8 צימערן און עס באַדינען דאָס הויז, פערמאַנענט צוויי דינסטן!

— מיר האָבן חתונה געהאַט! עס איז געטון געוואָרן ווי ער האָט פאַרגעלייגט! איך האָב ליקווידירט מיין גאַנץ הויזווירטשאַפט און געמאַכט אַ היפשע סומע געלט דערפון און עס דעפּאָזיטירט אויפן נאָמען פון מיין קינד! איך האָב געטראָפן ביי אים, צוויי וואוילע, טייערע קינדערלעך וועלכע איך האָבן באַלד ליב באַקומען. למען האמת — ער האָט אויך ליב באַקומען מיין קינד און אַלע דריי קינדערלעך שפּילן זיך זייער פיין און ליבן זיך ווי אייגענע ברידער לעך און שוועסטערלעך!

איך האָב אָנגעהויבן אַ ניי לעבן און וואָלט געוועזן גליקלעך!.. מיין מאַן האָט מיך ליב, אויך מיין שוויגער און זיינע שוועסטער בין איך געפעלן געוואָרן און מיר קומען זייער אָפט צו גאַסט איינער צום אַנדערן!

ווייזט אויס, אַז עס איז מיר ניט באַשערט צו זיין גליקלעך! איך האָב עס דערפילט פון ערשטן טאָג אָן וואָס איך האָב איבערגעטראָטן די שוועל פון מיין נייע היים!.. און שולדיק איז מיין מאַן — כאָטש, ווי איך זאָג אייך, ער האָט מיך ליב און ער וויל מיך גליקלעך מאַכן! ער האָט אָבער איין שוואַכן פונקט!

— ער קאָן זיך ניט אָפּגעוואוינען פון'ם „נעכטן"!

אין דער צייט, וואָס איך האָב אַרויסגעריסן פון מיין האַרצן מיין ערשטע ליבע, מיינע גליקלעכע טעג, וואָכן און יאָרן מיט מיין ערשטן פאַרשטאָרבענעם מאַן — קאָן ער עס ניט טון! אויף יעדן שריט און טריט מאַכט ער מיר דערמאָנען אין אַ „זי“, אין אַ „איר“!..

„זי“ פלעגט אים קאָכן אָט די און די מאכלים!

„זי“ האָט ליב געהאַט אָדער פיינט געהאַט די אָדער יענע „פּער־פומע“!

איינמאָל איז ער ברוגז געוואָרן פאַרוואָס איך האָב גענוצט אַ גרויסן טישטוך! דאָס טישטוך האָט „זי“ אויסגעאַרבעט און עס איז ביי „איר“ געווען דאָס טייערסטע! „זי“ פלעגט עס נוצן בלויז פאַר חשובע געסט!.. און אַזוי איז מיר געווען מיט אַנדערע שטוב־זאַכן...

איך — האָב אַלץ ליקווידירט און פאַרבערענט דעם „נעכטן“ מיינעם, און אים ניט מיטגעבראַכט אין שטוב אַריין, קיין שום אָנדענק פון מיין „נעכטיקן“ לעבן, פון מיין נעכטיקע געוואוינהייטן — מיט איין וואָרט — פון מיין פאַרשטאָרבענעם מאַן!

ער — פאַרקערט, האָט איבערגעלאָזט דעם גאַנצן „נעכטן“! איך שלאָף אויף „אירע“ קישעלעך און ציכלעך! איך עס מיט „איר“ לעפל און גאָפל! איך נוץ אַלעם „איר׳ס“ און, צי ער וויל יאָ צי ער וויל ניט — אויף יעדער טריט און שריט דערמאָנט ער זיך אין „איר“ און אין „זי“!

דאָס ערגסטע, אָבער, באַשטייט אין אַ אַנדער זאַך! ווען איך בין געקומען צו אים אין שטוב אַריין, האָב איך געטראָפן, איבערן בעט, אויף דער וואַנט, הענגען זיין „פאַמיליען־בילד“ וואו ער און „זי“ ע״ה און ביידע קינדער געפינען זיך דאָרט! פון איידלקייט וועגן, האָב איך געגעבן אַ נשקשה׳דיקן קרעכץ און עס האָט מיך פאַרקלעמט ביים האַרצן!.. געגלויבט האָב איך, אַז ער וועט די בילד באַלד אַראָפּנעמען: איך זע אָבער אַז ניין! איך געב אים אפילו אָנצוהערן אַז עס פאַסט ניט אַז „זי“ זאָל הענגען אונז „צוקאָפּנס“, אָבער — ער מאַכט זיך ניט וויסנ־דיק! פאַל איך אויף אַ געדאַנק:

אויפן צווייטן טאָג, ווען ער איז געקומען מיטיק עסן, האָט ער גע־טראָפן אין שלאָף־צימער הענגען מיין פאַמיליען־בילד וואו איך, מיין ערשטער מאַן ע״ה און מיין קינד זענען דערויף פאַראַן!..

ער האָט פאַרשטאַנען דעם „וואונק“ און האָט תיכף אַראָפּגענומען זיין פאַמיליען־בילד און... עס אויפגעהאַנגען ביי זיינע קינדערלעך אין זייער צימער!.. און אַזוי ווי מיין קינד שלאָפט אין אַ באַזונדערן צימער

מיט דער דינסט — האָט ער דאָרט אויפגעהאנגען מ י י ן פאַמיליען־בילד!..

איך האָב אָט דאָס בילד באַלד אַראָפּגענומען און אים ערנסט געזאָגט — דאָס איז טאַקע געווען דער ערשטער אומפּריינדלעכער שמועס אונדזערער:

— איך ווייס ניט ווי אַזוי דו וועסט האַנדלען! — נאָר א י ך וויל, אַז מיין טעכטערל זאָל וויסן אַז דו ביסט איר פאָטער! איך וויל זי ניט דערציען מיטן געדאַנק אַז זי האָט אַ „שטיפאָטער"!.. דו, אָבער, קאָנסט טון ווי דו פאַרשטייסט!

און — ע ר פאַרשטייט טאַקע אַנדערש! עס הענגט דאָרט „ א י ר " בילד, און ער דערמאַנט די קינדער אין זייער מוטער, כאָטש — זיי רופן מ י ך „מאַמאַ" און האָבן מיך שטאַרק ליב — פּונקט ווי איך — זיי!..

און — פון אָט די קלייניקייטן האָט זיך אָנגעהויבן אונזער צעשטערט לעבן! און ווי דער שטייגער איז, האָט זיך זיין מאַמע אויך אָנגעהויבן אַריינמישן! זי דערציילט מיר אַלץ, די גרויסע מעלות פון דער פאַרשטאָרבענער און ווי אַזוי מען האָט זיך שטאַרק ליב געהאַט און ווי אַזוי מען האָט זי „פאַרזעען" — מען וואָלט זי געווען אָפּגעראַטעוועט ווען מען כאַפּט זיך באַצייטנס!.. איינמאָל, ביי אַזאַ שמועס, האָב איך... באַקומען אַ נערוון־אַטאַקע און איך בין געלעגן 8 טעג אין בעט!.. איך האָב געזען אַז די א ל ט ע ווייסט ניט אָדער מאַכט זיך ניט ווויסנדיק פאַרוואָס איך האָב באַקומען די אַטאַקע — האָב איך באַשלאָסן איינמאָל איבער אַלעמאָל מאַכן אַ סוף צו אָט די שמועסן!.. און האָב אין אַ שאַרפן שמועס געזאָגט מיין שוויגער, אַז איך בין ניט שולדיק וואָס „זי" איז געשטאָרבן! א י ך — האָב זי ניט „פאַרזעען"! און איך וויל, אַז אין מיין הויז און אין מ י י ן אָנוועזנהייט, זאָל מען אויפהערן דערמאַנען „איר" נאָמען! איך בין אַרויסגעלאָפן אין די צימערן פון ז י י נ ע קינדער און אַרויסגענומען דאָס בילד מיט „איר" און עם באַהאַלטן!

ווען מיין מאַן איז געקומען אויף דער נאַכט, האָב איך אים געגעבן אַן אולטימאַטום:

— אָדער א י ך — די לעבעדיקע, אָדער „ ז י " — די טויטע! מער אויסהאַלטן קאָן איך ניט! איך וועל פון זינען אַראָפּ! איך קאָן ניט אַרומגיין אין שטוב און פילן „איר" גייסט אונטער מיינע פליִיצער!

מיין מאַן האָט זיך, באמת, דערשראָקן פאַר מיר, פאַר מיין שטרענגער האַלטונג! אָבער — ער האָט אַלעס געמאַכט צו „קליין־געלט"... ער האָט ניט געגלויבט, אַז איך וועל זיין „אייפערזיכטיק" אויף אַ טויטער!..

איך האָב אים געגעבן צו פאַרשטיין אַז איך בין ניט אייפערזיכטיק — נאָר... באַליידיקט! אַזוי ווי מיין מאַן האָט זיך געהאַלטן ביי זיינעם — אַז איך בין אייפערזיכטיק — האָב איך פּלוצים געביטן דעם טאָן און אים געזאָגט אַז... איך צי צוריק מיין אולטימאַטום; עס בלייבט ווי געווען!..

איך האָב פאַרטראַכט זייער אַ שיינעם פּלאַן — און דער פּלאַן איז מיר טיילווייז, געלונגען!.. איך האָב אים אָנגעהויבן אויספירן אויפן צווייטן טאָג, גאַנץ פרי:

מיין מאַן פלעגט שטענדיק אויפשטיין פריער פון מיר. די דינסט האָט שוין צוגעגרייט אַ טרינק, פלעגט ער אָפּטרינקען און אַוועקגיין!

י ע נ ע ם ערשטן אינדערפרי, בין א י ך אויפגעשטאַנען פ אַ ר אים און אים דערלאַנגט אַ טרינק אין בעט אריין! ווען ער האָט מיך געפרעגט, דערשטוינט, וואָס איז מיר געשען? האָב איך אים געענטפערט אַז... אַזוי בין איך אויך געוואוינט געווען ביי... מיין ערשטן מאַן, און איך קאָן זיך ניט אָפּגעוואוינען!..

צו ער האָט פאַרשטאַנען מיין ערשטן אַנדייט? — איך האָב עס ניט געקאָנט וויסן! בייטאָג, ביי מיטיק, האָט ער שוין אָנגעהויבן צו פאַרשטיין!.. ביים טיש האָב איך דערלאַנגט מאכלים וואָס ביז איצט האָבן מיר זיי ניט געגעסן — ספּעציעל — מאכלים אָן אַ... אידישן טעם! ווען מיין מיין מאַן האָט מיך געפרעגט וואָס עפּעס פּלוצים אָט די מאכלים האָב איך אים „אומשולדיקערהייד" געענטפערט:

— כ'ווייס? איך האָב געמיינט אַז זיי וועלן ד י ר אויך געפעלן, סימאָנען (— מיין ערשטן מאַן —) פלעגן זיי שטאַרק געפעלן — און ער האָט געלעקט פון זיי די פינגער!...

און אַזוי אַ גאַנצן טאָג!.. איך האָב געזען אַז מיין מאַן פאַרדריסט עס און דאָס האָב איך דאָך געוואָלט!..

פאַרנאַכט האָב איך זיך אָנגעטון און זיך א ז ו י פ אַ ר ק ע מ ט עפּעס מאָדנע ווילד! און — איך בין אַוועק „צו גאַסט" צו מיין שוויגער!.. ווען זי האָט מיך דערזען מיט מיין מאָדנער „פּריטשאָסטקע", האָט זי געמיינט אַז איך בין פון זינען אראָפּ! וואָס איז דאָס? ווער האָט עס מיך אַזוי פאַרקעמט?

— ס'הייסט ווער? טאַקע איך אליין! וואָס זשע, די „פּריטשאָסטקע" פּאַסט מיר ניט? עס קאָן ניט זיין! מיין גאָטזעליקער מאַן, מיין ס י־מ אָ נ ט ש י ק (און איך האָב גוט, גוט, צעצויגן די ווערטער) פלעגט אָט די „פּריטשאָסטקע" אַזוי געפעלן! ער איז די כפּרה געוואָרן ווען ער האָט מיך געזען אַזוי פאַרקעמט! נו! היינט איז זיין יאָרצייט, האָב איך

זיך, לכבוד דעם און אין זיין אנדענק, אזוי פארקעמט ווי ער האָט ליב געהאַט!..

מיין שוויגער איז די זאַך גאָרניט געוועזן געפעלן! דערהויפּט נאָך, ווען אין אַ פּאָר טעג אַרום בין איך ווידער געקומען צו איר, מיט עפּעס אַן אויסרייד און... מיט דער זעלבער „פּריטשאָסטקע", וואָס דערמאָנט מיך אַזוי אין מיין פאַרשטאָרבענעם מאַן!.. צו מאָרגן איז זי געקומען צו מיר צו גאַסט און איך האָב זי מכבד געווען מיט אַ מאכל וואָס האָט געהאַט אַ גויאישן טעם! מיין תירוץ איז ווידער געווען דער זעלבער:

— טימאָנען איז אַט דאָס מאכל זייער געפעלן געוואָרן!..

— מיין שוויגער האָט זיך תיכף „אונטערגעגעבן"! זי האָט מיר אויפגעהערט צו דערמאָנען איר פאַרשטאָרבענער שניר און איך האָב איר אויפגעהערט צו דערמאָנען מיין געוועזענעם מאַן! זי, אַן עלטערע פרוי, האָט באַלד פאַרשטאַנען דעם אבסורד פון פאַרגיפטן זיך אַליין דאָס לעבן מיט זכרונות וואָס קאָנען קיין נוצן ניט ברענגען!..

מיט מיין מאַן האָב איך שוין געהאַט מערער שוועריקייטן! ער האָט עס ניט געמיינט צו שלעכטן, איך בין געוועזן זיכער און בין עס ביז היינט צו טאָג, אַז ער האָט מיך, באמת, ליב און האָט מיר ניט געוואָלט פאַרביטערן דאָס לעבן! גיכער פון אַלעם איז זיין „ניט-אונטערגעבן" זיך, געווען אַלס קאָנסעקווענץ פון זיין... עקשנות און עגאָאיזם! ער האָט געטענה'ט, אַז ער וויל ביי זיינע קינדער ניט צונעמען זייער אמת'ע מוטער! די געשטאָרבענע וועט ניט ליגן רואיק אין קבר — אויב עס איז דאָ אַ „יענע וועלט" — אויב זי וועט וויסן אַז מען האָט ביי איר „צוגענומען" אירע קינדער און זיי — אַן „בויך-ווייטיק" אָפּגעגעבן אַ צווייטער פרוי!

עס האָט ניט געהאָלפן מיינע טענות אַז „בויך-ווייטיק" ביי אַ מוטער, איז ניט בלויז דאָס געבוירן קינדער — נאָר זיי צו דערציען! און אַט דעם „בויך-ווייטיק" — האָב איך איצט! עס האָט ניט געהאָלפן מיינע געגן-אינזשעקסיאָנען פון דערמאַנען מיין פאַרשטאָרבענעם מאַן; עס האָט אויך ניט געהאָלפן מיין וויינען און בעטן זיך ביי אים! זיין פאַרשטאָרבענער פרויס גייסט האָט געהערשט אין יעדער ווינקעלע אונזערס! האָבן מיר געדאַרפט גיין אין טעאַטער — האָט ער אויסגעקליבן אַ טעאַטער-שטיק וואָס פלעגט געפעלן „איר"! אין סינע — פלעגט ער וועלן גיין בלויז צו דראַמאַטישע זאַכן! „זי" האָט אויך פיינט געהאַט די „קאָמיקער" וואָס ביי יעדער ריר זייערן שיסט מען אויס מיט אַ געלעכטער!.. אויך מיינע קליידער פלעגט ער וועלן איך זאָל זיי צופּאַסן ווי... „זי" פלעגט טראָגן! ביז אין אַ טאָג...

איך האָב שוין מער ניט געקאָנט אויסהאַלטן! אין אַ טאָג, װען ער איז געקומען עטן װעטשערע — האָט ער מיך און מיין קינד שוין ניט געטראָפן ביי זיך! איך האָב גענעמען בלויז מיין הלבשה! איך האָב אי־בערגעלאָזט דאָס גאַנצע צירונג װאָס האָט מיר איינגעקויפט פאַר דער צייט! איך האָב אויך אַרויסגערופן טעלעפאָניש זיין מוטער און איר געהייסן קומען צו די קינדערלעך, כדי זיי זאָלן ניט בלייבן אַליין! — איך האָב מיין שװיגער ניט געזאָגט אַז איך פאַרלאָז מיין מאַנס היים! — איך האָב איבערגעלאָזט אַ בריף צו אים און זיך געזעגנט מיט אים װינטשנדיק אים גליק צו זיין... צוזאַמענלעבן מיט זיין פאַרשטאָרבע־נער פרוי! איך האָב אים פאַרגעװאָרפן, הלמאי ער האָט צעבראָכן מיין לעבן! װיסנדיק אַז ער קאָן ניט פאַרגעסן זיין פרוי האָט ער ניט בע־דאַרפט חתונה האָבן! איך האָב אים אויך צוגעזאָגט, אַז אויב... דאָס קינד װאָס איך טראָג איצט אונטער מיין האַרצן, װעט געבוירן װערן אַ מיידעלע — װעל איך עס אַ נאָמען געבן נאָך זיין פאַרשטאָרבענער פרוי! טאָמער װערט, אָבער, געבוירן אַ אינגל — װעט ער הייסן סימאָן! נאָך מיין מאַנס נאָמען!

אַזוי װי איך האָב ניט געהאַט װאוהין צו גיין, און אַזוי װי קיין געלט האָט מיר ניט געפעלט, — איך האָב געהאַט גענוג געלט װאָס זאָל מיר סטייען דאָס גאַנצע לעבן — האָב איך אָפּגעדונגען אַ צימער אין אַ שיינעם האָטעל װאו איך האָב זיך פאַרשריבן אויף מיין מיידעלשער פאַמיליע!..

איך בין עטלעכע טעג פון מיין צימער ניט אַרויסגעגאַנגען! איך האָב מורא געהאַט זיך צו טרעפן מיט אַ באַקאַנטן! איך האָב אָנגע־הויבן טראַכטן פון מאַכן אַ רייזע קיין אויסלאַנד! איך װעל אַרויספאָרן עטלעכע חדשים און זיך פאַרגעסן!.. איך װעל אייך זאָגן דעם ריינעם אמת! איך האָב מיין צװייטן מאַן ערנסט און אויפריכטיק ליב באַקומען און דאָס שיידן זיך מיט אים האָט מיך געקאָסט אַ סך געזונט! נאָך מער — האָב איך ליב באַקומען די קינדער! איך האָב שטאַרק געבענקט נאָך זיי! איך האָב פשוט מורא געהאַט פאַר זיך, אַז איך זאָל ניט חרטה האָבן, און פרייװיליק זיך אומקערן צו אים!.. איך האָב ניט געהאַט װאָס צו טון אַ גאַנצן טאָג און אַ חוץ צייטונגען און זשורנאַלן האָב איך ניט געהאַט װאָס צו לייענען! און אויפן אַכטן טאָג פון װאוינען אין האָטעל, לייענענדיק די צייטונגען טרעף איך דאָרט אַזאַ אַנאָנס:

„אַכטונג פרוי ר. אַכטונג פרוי ר.!

זי װערט פון איר מאַן דרינגענד און מיט טרערן אין די אויגן געבעטן זיך אומקערן אַ היים!ביידע קינדערלעך,טשאַטשאַ און ליליא

האָבן זיך אַזוי פאַרבענקט נאָך איר, אַז זיי זענען ערנסט קראַנק גע־וואָרן און זייער לעבן שטייט אין געפאַר! עס בעט זי זייער פאָטער, זייער באָבע און זיי — די קינדער — מער פון אַלע! דרינגענד! יעדע מינוט איז טייער!״

ווען איך האָב איבערגעלייענט דעם אַנאָנס בין איך דערציטערט געוואָרן! די קינדער! איך האָב זיי דאָך אַזוי ליב! זייער לעבן אין גע־פאַר! מען טאָר קיין מינוט ניט פאַרלירן! מען דאַרף שוין גיין!..

איך האָב אַ פּאָר מאָל איבערגעלייענט דעם אַנאָנס און אים גוט צעקייעט! ניט, ע ר, דער מאַן מײַנער, בעט מיך איך זאָל זיך אומ־קערן אַהיים! נאָר די קינדערס קראַנקהייט! ניט ע ר האָט חרטה אויף זײַן אומטאַקטישער האַנדלונג — נאָר, די ג ע פ אַ ר פאַר די קינ־דערס לעבן!..

אין א יי ן מינוט איז מיר דורכגעלאָפן אַ געדאַנק ניט צו גיין! וואָס גער איך זיך אָן מיט אים? וואָס גער איך זיך אָן מיט זײַנע קינדער? וואָס אינטערעסירן זיי מיך? און — ווי מורא האָבנדיק אַז אָט די געדאַנקען וועלן... זיגן און מיך ניט לאָזן גיין צו די קינדער, האָב איך געכאַפּט מײַן קינד, זיך אַפילו געהעריק ניט אָנגעטון, און כאַפּנדיק אײַנ־דרויסן דעם ערשטן טאַקסי — בין איך אַוועק צו די קראַנקע קינדער! צו מײַן מאַנס וואוינונג!..

---

אַכט טעג צייט בין איך פון די קינדערס בעטל ניט אָפּגעטראָטן! אויך מײַן מאַן האָב איך געטראָפן אין בעט אַ קראַנקן מיט אַ סך היץ! אָבער צו אים — האָב איך געשיקט זײַן מוטער! איך בין בלויז אַ פּאָר מאָל אין טאָג אַרײַנגעגאַנגען אין זײַן צימער געוואוירע צו ווערן וואָס ער טוט? בײַנאַכט האָב איך גענעכטיקט בײַ די קינדער, זיצנדיק אויף אַ שטול! מען האָט במילא ניט געקאָנט שלאָפן קיין גאַנצע שעה! מען האָט זיי געדאַרפט אַלעמאָל עפּעס דערלאַנגען! און, כאָטש עס איז גע־ווען אַ קראַנקן־שוועסטער דאָך, האָב איך זיך ניט פאַרלאָזט אויף קיי־נעם און זיי אַליין געגעבן די רעצעפּטן!

אויפן אַכטן טאָג זענען די קינדער שוין געווען אויסער געפאַר! זיי האָבן זיך שוין געשפּילט אין צימער און איך האָב שוין געקאָנט שלאָפן עטלעכע שעה רואיקע! מײַן מאַן איז שוין אויך אַרומגעגאַנגען אָבער — איך בין געווען צו אים אַ פרעמדע! ווי נאָר ער איז אַראָפּגעגאַנגען פון בעט און געוואָלט מיט מיר רעדן, האָב איך אים געוואָרנט, דאָס ער זאָל מיך באַטראַכטן, ווי... נאָך איין קראַנקן־שוועסטער וואָס היט די קינדער! דער איינציקער חילוק פון מיר ביז דער צווייטער קראַנקן־

שוועסטער וואָס איז פֿאַראַן אין שטוב ביי די קינדער איז, — וואָס איך וויל ניט און באַקום ניט קיין שום געצאָלט פֿאַר מיין טירחה!.. דער צווייטער חילוק, — וואָס איך האָב די קינדער ליב ווי אַ מאַמע — ווען ביי דער פּראָפעסיאָנעלער קראַנקן-שוועסטער, זענען זיי... ניט מער ווי פּאַציענטן!..

מיין מאַן האָט געוואָלט מיט מיר רעדן, מיר געבן אַ דערקלערונג! אויך מיין שוויגער האָט מיר געוואָלט אויפמישן די טעמע „היים" און האָט געוואָלט וויסן וואו מיינע זאַכן זיינען כדי זיי צו ברייינגען „אַ היים"! איך האָב אָבער קאַטעגאָריש זיי דערקלערט אַז מיין היים איז שוין ניט דאָ! איך האָב דערווייל ניט קיין היים! איך וועל די טעג — ווי נאָר איך וועל זיך באַפרייען פֿון די קינדער — אַנהויבן טראַכטן וועגן אויפשטעלן אַ היים פֿאַר מיר און מיין טעכטערל! אים, מיין מאַן, באַפריי איך! איך נעם אָן אַ גט ווען נאָר ער וועט אים מיר איבערגעבן! ער און זי — מיין שוויגער, וועלן קאָנען דערנאָך פריי אויסגראָבן די פֿאַרשטאָרבענע און איר קאַסטן — אַריינשטעלן אין שלאָף-צימער! מיט מיר האָט מען געענדיקט!..

— — — — — — — — — — — — —

שוין דריי חדשים ווי איך לעב אַליין! דערווייל — אין זעלבן האָטעל! מיין מאַן און מיין שוויגער האָבן שוין וועלטן איבערגעקערט אַז איך זאָל זיך אומקערן צו זיי! זיי ברייינגען מיר דריי מאָל אין וואָך די קינדער אויף עטלעכע שעה! מיר שפּילן זיך גוט אָן און מען נעמט זיי צוריק! דאָס איז אויך דער אָפּהאַלט וואָס איך קאָן ניט מאַכן די רייזע קיין אויסלאַנד! מיין מאַן האָט שוין געוויינט פֿאַר מיר און זיך געשוואוירן מיט אַזעלכע שבועות, אַז מען מעג גלויבן אפילו אַזעלכן וואָס איז פֿאַרמשפּט צום טויט! אָבער — איך גלויב אים ניט! צופיל עקשנות האָט ער מיר אַרויסגעוויזן אין אָט דעם זינען! צופיל בלוט האָט ער מיר פֿאַרצאַפּט! ער דאַרף גוט גוט זיך אָנליידן, אויב ער האָט מיך באמת ליב, און אויב ער דענקט טאַקע באמת, צו מאַכן אַ סוף און ניט וועלן פֿאַרגעסן וואָס די ערד האָט צוגעדעקט!

צוריק מיט עטלעכע טעג איז געקומען צו מיר די שוויגער און מיך געבעטן צופֿאָרן מיט איר — אויף אַ פּאָר שעה — צו מיין מאַנס הויז! די קינדער קאָנען אַהער ניט קומען און זיי ווילן מיך דרינגענד זען! איך האָב פֿאַרשטאַנען אַז מען וויל מיך „פֿאַרנאַרן" אַהין — אָבער, עס האָט מיך ניט געאַרט! איך האָב זיך ניט אָפּגענאַרט! איך בין געקומען אַהין און די שטוב ניט דערקאָנט! דאָס גאַנצע מעבל איז געווען געביטן! אַלעס,

אַלעס: אפילו די ציכן אויף די בעטן! די טעלער, לעפל, גאָפּלען, דאָס גאַנצע קיך־געשיר, די פאָרהאַנגען אויף די פענסטער אפילו די הענג־לאָמפּן! אַ נייע שטוב!

נאָך איידער איך האָב געוואָלט פרעגן מיין שוויגער דעם מאָטיוו פון אָט דעם בייט — האָט זיך באַוויזן אין צימער מיין מאַן — עס איז שווער געווען אים צו דערקאָנען, אַזוי שלעכט האָט ער אויסגעזען — און רופט זיך אָן צו מיר:

איצט, טייערע, זעסט שוין אַז דו ביסט אין אַ נייער שטוב אין אַן אַבסאָלוט נייער, וואָס דערמאָנט ניט אין קיינעם! די דאָזיקע שטוב איז דיינע! בלויז דיינע! קאָנסט קומען צו איר, ווען דו וועסט געפונען פאַר נויטיק! מיר, דאָ, זענען שוין אונזער שטראָף גענוג אָפּגעקומען!..

— — — — — — — — — — — — —

איך בין צוריק אין מיין היים! עס פעלט מיר גאָרניט! דאָך בין איך ניט גליקלעך! מיר דוכט אַז מיין גליק האָב איך געקראָגן אויפן חשבון פון אַ צווייטנס אומגליק!.. איך נאָך אַלץ ניט זיכער צו ער איז אויפריכ־טיק אין זיין חרטה און צו האָט ער באַשטימט „זי״ שוין פאַרגעסן!..

שוין צייט, אָבער צו פאַרגעסן! מען מוז פאַרגעסן!..

## ער, דער מאַן איז אַלט 55 יאָר! זי — די פרוי בלויז 37! איצט האָבן זיי — מאַן און ווייב — דערפילט די דיפערענץ אין יאָרן!..

דוכט זיך, אַז זייער ווייניק טאַטע-מאַמע נעמען אין אַכט די יאָרן פון חתן בחור ווען דער שדכן קומט רעדן אַ שדוך זייער טעכטערל! ער, דער טאַטע און נאָך מער זי — די מאַמע, איז אַזוי צופרידן וואָס עפּעס אַ גוטס, אַ לייטיש, האָט זיך צוגעשאַרט צו איר טעכטערל, אַז מען מאַכט זיך ניט וויסנדיק ווען מען ווערט געוואוירע אַז דער חתן איז... אַביסעלע עלטער פון דער כלה!..

אייגנטלעך — אַזוי טייטשן אויס טאַטע-מאַמע — אייגנטלעך, איז ניט קיין חסרון וואָס דער בחור איז „אַביסעלע" עלטער! זי, די כלה מויד, איז נאָך אַ „יונגע ציגעלע" — אַזאַ קאָמפּלימענט גיט געוויינלעך, די מאַמע — זי טאַנצט אַרום אויף די באַילעס, מיט חברטעס און גלאַט אין אַי־דישן קלוב! וועט ער — וואָס איז שוין אַ באַזאַכטער, אַ עלטערער פון איר, זי אַ ביסל „צוימען"!..

עלטער? ווער קוקט אויף עלטער? און וואָס ווילט איר, אַז אַזאַ בחור, אַ דאָקטאָר, וואָס האָט שוין אויך אַ וואוילע פּראַקטיק, אַז ער זאָל נאָך זיין אַ אינגעלע?

און אַביסעלע דער שדכן וואָס גנבעט אַראָפּ אַביסעלע יאָרן, און אביסל די מאַמע אַליין מאַכט זיך גרינגער אויף דער נשמה, און... עס גייט אַ גאַנג!

און זי דאָס „כלה-מיידל"? וואָס זאָגט זי צו אַ שידוך, צו אַ בחור, וואָס איז אַ סך עלטער פון איר? (געננוי וויפל ער איז אַלט האָט מען זיך ניט גע־גריבלט צו וויסן)!

זי — דאָס „יונגע ציגעלע" איז געוועזן גליקלעך! זי וועט האָבן אַ מאַן אַ דאָקטאָר. זי וועט זיין אַ דאָקטאָרשע. זי וועט גיין אין גאַס וועט מען זאָגן אַז עס גייט „די פרוי פון דאָקטאָר"! אירע קרובים, אירע חברטעס וועלן זי מקנא זיין און וועלן בעטן אַז „ א י ר " דאָקטאָר זאָל זיי באַטראַכטן! זאָל זיי געבן עפּעס אַ „פּיל" צום שלאָפן, צום עסן! אַ רפואה

אויף דיקער ווערן, אויף איידעלער ווערן! מיט איין וואָרט — „די פרוי פון דאָקטאָר"!

חוץ דעם, האָט זי אויך געליטן אויף דעם „קאָנטראַסט-קראַנקהייט" פון וועלכע אַ סך ליידן!

פאַראַן הויכע מענער וואָס זוכן גראַד אַ קליינטשיק ווייבעלע, און פאַראַן, פאַרקערט, קליינע, נידעריקע מענטשן, וואָס גלייכן צו האָבן פאַר זייער באַשערטע — הויכע! דאָס זעלבע איז בנוגע דיקע און איידעלע און דאָס זעלבע — בנוגע יונגע און אַלטע! אָט דאָס „יונגע ציגעלע" דאָס מיידעלע פון קוים, קוים, צוואַנציק יאָר, איז גראַד געפעלן געוואָרן אַלס מאַן איינער, וואָס איז — כמעט — צוויי מאָל עלטער פון איר!.. זי האָט, פאָלגלעך, זיך אָנגעכאַפּט אין שדוך, אין דאָקטאָר, מיט ביידע הענט! נו! און אַז דעם „קינד" געפעלט — פאַרוואָס זאָל טאַטע-מאַמע ניט געפעלן!.. און...

ווען דער שדוך ווערט אין אַ גוטער שעה, און ווען חתן כלה גייט צו דער חופה אין אַ מזלדיקער שעה, און מען דאַרף אַריינשרייבן אין דער כתובה די יאָרן, זעט מען אַזוי פאַרדרייען, אָדער... אונטערפּאַנפּען אונטער דער נאָז ווען מען לייענט די כתובה אַז מען הערט ניט איין גוט אַז:

— זי איז אַלט 18 יאָר און

— ער איז אַלט 35 יאָר!

אמת טאַקע! ער האָט זייער אַ פיינעם אויסזען! שווער צו זאָגן אויף אים אַז ער איז שוין אַ בחור פון 35 יאָר! ער האַלט זיך זייער גוט! דאָס איבעריקע — האָט שוין אים דער „מאַסאַכיסט" צוגעהאָלפן צום פּנים! נו! זיין „טאַליע" איז אויך זייער אַ עלעגאַנטע און — חתן-כלה זענען גילקלעך!

דאָס ערשטע, דאָס צווייטע יאָר נאָך דער חתונה, הויבט זיך יאָ אָן צו פילן אַביסעלע די דיפערענץ פון ביידנס יאָרן! ער — דער מענטש פון 37 יאָר, האָט אַ גאַנצן טאָג שווער געאַרבעט! אינדערפרי — אין שפּיטאָל! ביי טאָג — אין זיין „קאָנסולטאָריע" וואו ער האָט אויפגענומען קראַנקע! אויב קיין סך קראַנקע זענען ניט געקומען — האָט ער געאַרבעט נאָך שווערער! די זאָרג פאַר די טאָג-טעגלעכע הוצאות וועלכע זענען גרויסע! עס קלעקט ניט ביי אים זיינע פאַרדינסטן! זיין יונג „ציגעלע" פאַרשטייט ניט אַז ביי אים שיט זיך ניט פון דאַך קיין גאָלדענע רענדלעך — האַלט זי אין איין אַרומלויפן אין די גרויסע געשעפטן און האַלט אין איין איינהאַנדלען מציאות!.. זי האָט זיך אויסגעלערנט טרייבן אַ אויטאָ און פאָרט אַ גאַנצן טאָג אַרום מיטן אויטאָ וואָס דער שווער האָט אים געגעבן אַ „מתנה" צו זיין חתונה! זי האָט

שוין א פּאָר מאָל מיט דעם אויטאָ צענויפגעשטויסן זיך מיט אַ צווייטן אויטאָ, איז שוין אפילו מיטן אויטאָ אַריינגעפאָרן אין אַ געשעפט אַריין! אָבער — עס האָט זיך אויסגעלאָזט צו געלט... צום שווערם געלט!..

שוין פינף יאָר נאָך דער חתונה! זי, דאָס „יונגע ציגעלע" איז שוין אַלט 23 יאָר! איז שוין אַ מאַמע פון אַ קינד! זי דאַרף עס באָדן, געבן עסן צו דער מינוט און בכלל עס אָפּהיטן! אָבער, דאָס „יונגע ציגעלע" וויל ניט פּטר'ן די יונגע יאָרן ביי „ניאַנטשען" קינדער! בכלל וויל זי איצט מער קיין קינדער ניט האָבן! ווען אָט דאָס קינד וועט אָנהויבן גיין אין שולע אַריין — וועט זי „טראַכטן" פון אַ צווייט קינד!

פונקט פאַרקערט איז דער מאַן אירער, דער דאָקטאָר! ער האָט שוין פיין פּרנסה און האָט שטאַרק ליב קינדער! ער וואָלט אַ בעלן גע־ווען האָבן כאָטש דריי קינדער! אָבער, דאָס „יונגע ציגעלע", דאָס 23 יאָריק ווייבעלע פירט אויס! זי איז שטאַרק פאַרנומען! שפּילן אין פּאָ־קער — דאַרף מען? לויפן נאָך מציאות דאַרף מען? אַלע טאָג ביי אַן אַנדער מאָדיסטקע דאַרף מען גיין? נו! ווען זשע האָט זי צייט פאַר אַזעלכע „נאַרישקייטן"... ווי קינדער!

ווען דאָס קינד זייערס האָט אָנגעהויבן גיין אין שולע — האָט דער טאַטע שוין לאַנג אַריבערגעשפּאַנט די פערציקער!.. ער איז שוין געווען אַ באַזאַכטער און געזעצטער מענטש! מען האָט אים שוין גערופן אויף אַ „מיינונג", אַ „עצה" צו אַ קראַנקער, ווען די פאַמיליע־מענטשן פלעגן ניט גלויבן זייער הויז־דאָקטאָר, אָדער דער דאָקטאָר האָט אַליין צוגע־געבן אַז ער דאַרף נאָך אַ עצה פון אַ צווייטן! ער פלעגט פאָרן אַלע טאָג אָפּנעמען דאָס קינד פון שולע און עס פלעג טרעפן אַז מען האָט אים געפרעגט צו... ער איז דער זיידער פון קינד!

און טאַקע! בחורוויז — ווען ער האָט שטאַרק געהיט דאָס פּנים און 2 מאָל אין וואָך זיך געמאַכט „מאַסאַכעס" אין „שוויץ באָד" וואו ער איז געווען אַ שטענדיקער אַריינגייער, ווען ער האָט אינזינען גע־האַט אַז... „ער דאַרף געפעלן ווערן" — האָט ער געהיט זיין „טאַליע", געגעסן ווייניקער ניט צו ווערן דיק און ער האָט געקאָנט אַזוי אַרום „פאַרלייקענען" אַ פּאָר יאָר פון זיין בחורשאַפט!..

איצט? ניט ער האָט צייט, ניט ער האָט חשק צו אַזעלכע זאַכן! ער וויל מאַכן געלט, אַ סך געלט, כדי ער זאָל ניט דאַרפן אָנקומען אַזוי אָפט צו זיין שווערס „שטיצע" ער וויל גאָר אָפּשפּאָרן געלט און אַוועק־פאָרן קיין אויסלאַנד און זיך לערנען אַ ספּעציאַליטעט! נו! ווי קאָן אים ליגן אין זינען, זיין יונג־ווייבעלעס קינדערשע שטיק...

און — ער האָרעוועט, דער דאָקטער! האָרעוועט און מאַכט געלט!

דאָס קינד זייערס איז שוין אַ „גרויסע” זי איז שוין אַלט 13 יאָר! היינט איז אַ יום-טוב אין שולע, לכבוד דעם ענדיקן דאָס שול-יאָר! עלטערן קומען אין שולע אַריין בייצוזיין דעם יום-טוב! עס קומט אויך אונזער חשובער דאָקטאָר און זיין יונג ווייבעלע! דער דאָקטאָר איז שוין אַ... פּופּציקער! פּאַר דער צייט איז ער היפּש גרוי געוואָרן! אַ ירושה אַזאַ פון טאַטע און זיידע — אַזוי זאָגט ער! די ערשטע צייט האָט ער אָנגעהויבן פאַרבן די האָר, אָבער זיי האָבן אים אָפּגעטון אַ שפּיצל און אָנגעהויבן אויסקריכן! ער איז שיר געבליבן מיט אַ „ליכטיקן פּליך”! ער האָט אויפגעהערט פאַרבן די האָר און געמוזט אָנווייזן דעם תירוץ פון גרויע-האָר אַלס אַ ירושה פון טאַטן און פון דורות!..

אין שולע איז מיט אים יענעם טאָג פאָרגעקומען אַזוינס, וואָס האָט מיט אים אַ ציטער געטון! די פרוי זיינע איז געווען ביי דער „בינע” וואו די קינדער האָבן דעקלאַמירט און געזונגען. די פרוי זיינע איז גראד דאַן, צוגעגאַנגען צו דער בינע, צום קינד און אים גערופן! ער האָט ניט געזען ווי מען רופט אים, געווען פאַרטון אין אַ שמועס מיט אַ שכן! איז צוגעקומען צו אים אַ פריילין אין אַ ווייסן פאַרטוך — ווייזט אוים אַ לערערקע און זאָגט אים:

הער! אָט דאָרט, אויף דער בינע, רופט אייך אייער טאָכטער און אייער איי ניקל!..

ער האָט אַ ציטער געטון! וואָס? ער זעט אוים ווי איר פאָטער? ער זעט אוים ווי זיין קינדס זיידע?..

ווען ער איז געקומען אַ היים, האָט ער — דאָס ערשטע — גע־כאַפּט אַ בליק אין שפּיגל! ער האָט גוט גוט באַטראַכט זיין שטערן, זיי־נע באַקן! יאָ! ער איז אַלט! פופציק יאָר — איז ניט קיין שפּילכל!.. ער קומט דערנאָך אַריין אין עס-צימער! ער טרעפט זיין „יונג ציגעלע” — זי איז שוין אַ פרוי פון אַ דריי און דרייסיק! אָבער, גאָט מיינער! אויף איר זעען זיך ניט אָן די יאָרן! זי זעט אוים א סך יונגער! אפשר איז דאָס דערפאַר, וואָס ער, דער אַלטער, איז נעבן איר! אפשר, ווען זי שטייט נעבן אַ יונגערס פון זיך — וואָלט זי אויך אויסגעזען עלטער...

ער האָט זי ליב זיין פרוי! שטאַרק ליב! ער איז זיך מודה: ווען ער האָט חתונה געהאַט פאַר איר, האָט ער זי, ניט אַזוי ליב געהאַט! ער האָט חתונה געהאַט פאַר איר, ווייל ער האָט זיך גענויטיקט איר פאַ־טערס הילף, אין אַ אויטאָ, אין אַ קאָנסולטאַריע און טאַקע אויף די ערשטע יאָרן פּראַקטיק!.. אמת! עס איז אים אויך געווען איינגענעם וואָס ער — אַ אַלטער בחור — נעמט אַזאַ יונג... עופ'על'ע! עס איז אים געווען געפעלן דער „צונאָמען” וואָס איר מוטער האָט איר געגעבן

„יונג ציגעלע״! איצט ,איז ער שוין אַ אַלטער צאַפּ אָן כוחות באַלד — אָן ציינער! און זי — זי איז נאָך יונג און פריש און זי הויבט ערשט אָן לעבן!..

שייך לעבן! זי פאַרמוטשעט אים! זי וואָלט אַ בעלן געווען אַלע נאַכט צו גיין אין אַ אַנדער טעאַטער אין אַ אַנדער קינאָ! זי איז אַ פריי פייגעלע! זיי האָבן בלויז איין קינד, אי דאָס, איז דאָס מער ביי זיידע־באָבע ווי ביי זיי, און זי האָט צייט, האָט כוחות, האָט יוגנט, האָט דאָס גאַנצע לעבן פאַר זיך, און זי וויל זיך ניט רעכענען אַז ער איז שוין אַן... אַלטער! אַז ביי פופציק יאָר, זוכט מען שוין אביסל רו! ביי פופציק יאָר לויפט מען שוין ניט אַלע נאַכט אין אַ טעאַטער!..

אָבער ניין! ער וועט זיך ניט אונטערגעבן! עס שטייט אים ניט אָן אַז ער „פילט שוין די יאָרן״ אויף זיך! ער גייט מיט איר! ער גייט מיט איר אַלע אויפדערנאַכט וואוהין זי שלעפּט אים! זי איז די, וואָס גרייט אָן דעם פּראָגראַם אויף דער נאַכט! זי איז די וואָס קלויבט אויס דעם רעסטאָראַן וואו זיי וועלן היינט עסן אָוונטברויט! זייער זעלטן אַז מען עסט אָוונטברויט אין דער היים! מען שלעפּט זיך אַרום פון איין רעסטאָראַן צום צווייטן, דערהויפּט דאָרט וואו עס איז פאַראַן מוזיק און וואו מען קען טאַנצן!..

טאַנצן!.. טאַנצן איז איר גאַנץ לעבן! אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט וואָלט זי געטאַנצט! אפשר דערפאַר איז זי טאַקע אזוי „איידל״, אפשר דערפאַר וועגט זי אַזוי ווייניק, ווייל זי האַלט אין איין טאַנצן! ער האָט זי אַפילו געטראָפן טאַנצן אין... קיך ביים צוגרייטן דעם מיטיק מיט דער דינסט! זי האָט אין קיך אַ ראַדיאָ, שטעלט זי אָן די ראַדיאָ און צווישן אָפּשיילן די קאַרטאָפל אָדער „אָפּזייען״ די לאָקשן — כאַפּט מען ביידע — בעל הבית׳טע און דינסט — אַריין אַ טענצל!..

ווען זיי גייען אַרויס אויף דער נאַכט אין די נאַכט־קלובן אָדער רעסטאָראַן, שלעפּט זי אים טאַנצן! יונגערהייד האָט ער זייער גוט געטאַנצט! היינט, נאָך די פופציקער — טאַנצט זיך שוין ניט אַזוי! בלייבט ער זיצן און זי געפינט שוין עפּעס אַ קאַוואַליער וואָס ער נעמט זי אַרויס טאַנצן! נו! אויב ער זעט אַז דער קאַוואַליער האָט זיך צופיל צוגעטשעפּעט צו איר די דאָזיקע נאַכט — ווערט ער אייפערזיכטיק — כאָטש ער זאָגט אַז ניין... — און ער איז זיך שוין אַליין מקריב און טאַנצט מיט זיין „יונג ציגעלע״ די גאַנצע צייט ביז ער פאַרשלעפּט זי אַהיים! זיי גייען אַוועק די לעצטע! דאָס ווייבעלע זיינס וויל ניט אַוועקגיין אַזוי גיך! נאָך, אָט דעם טאַנץ, און דערנאָך נאָך איין טאַנץ ניט מער און אַזוי פאַרציט זיך עס ביז שפּעט נאָך אַ האַלבע נאַכט!.. און אַזוי איז

מאָרגן און אַזוי איז אַלע נאַכט! בייטאָג אַרבעט ער שווער, פאַרדינט א סך געלט! און ביינאַכט „אַרבעט" ער ווידער שווער און... גיט אויס אַ סך געלט! דאָס געלט — אַרט אים ניט! ער האָט גענוג! דאָס געזונט אַרט אים! דאָס געזונט! עפּעס האָט ער אָנגעהויבן פילן ווייטיקן אין... אַ פוס! זיינער אַ קאָלעגע, האָט אים — אין אַ וויץ אַ זאָג געטון — ברוד־דער לעבן! עס איז די עלטער!.. ער האָט אויך געלאַכט! ביינאַכט! ווען רע האָט געדאַרפט טאַנצן מיט זיין ווייבעלע אין אַ רעסטאָראַן — האָט ער, אינמיטן טאַנצן געדאַרפט איבערשלאָגן און זיך אַוועקזעצן!.. איי־דער ער האָט זיך אַוועקגעזעצט האָט ער זייער שלעכט געטאַנצט און האָט געשטערט די איבעריקע טענצער צו טאַנצן! האָט איין טאַנצנדיק פּאָרל, „אַריינגעוואָרפן" אַ וואָרט צו זיין פרוי:

„פריילין! דאָס צווייטע מאָל אַז איר ווילט קומען אַהער טאַנצן, ברענגט אייער חתן אָדער מאַן און ניט אייער טאַטן"...

זי האָט זיך געמאַכט ניט הערנדיק און זיי זענען באַלד אַהיים גע־קומען! ער האָט זיך געלייגט אין בעט אַריין און איז אָפּגעלעגן עטלעכע טעג! זיינע קאָלעגן וועלכע זענען אים געקומען באַזוכן און היילן האָבן אים געוואָרנט אַז:

— שאַמפּיין, וויין און טאַנצן זענען ניט קיין „פּאַר" צו אַ רעאָר־מאַטיזם!..

— — — — — — — — — — — — — —

שוין אַ שטיק צייט ווי ער פירט אַ „רואיקער" לעבן! זיין ווייבעלע האָט אויפגעהערט אים שלעפּן אין די רעסטאָראַנען! זי האָט אָנגע־הויבן, עטוואָס צו פאַרשטיין, אַז איר מאַן איז ניט קיין יונג בחור'ל, האָט ניט קיין אייזערנע כוחות!.. זי האָט איצט אָנגעהויבן אַ ניי לעבן! זי האָט זיך גענומען צו אַ ניי „פּאַך" זי שפּילט אין קאָרטן! זי שפּילט אין ברידזש, אין פּאָקער און אין וועלכע שפּיל מען קאָן שפּילן אין קאָרטן! עס קומען צו איר אַזעלכע „פינטיפליושקעס" ווי זי, זעצן זיך אַוועק זעקס פאַרנאַכט שפּילן אין קאָרטן! אַרום אַכט אַזייגער קומט ער פון דער „קאָנסולטאַריע" אָדער פון באַזוכן אַ שווערן־קראַנקן — שטעלט די „דאָקטאָרשע" פאַר איר מאַן, דעם דאָקטאָר פאַר אירע חבר'טעס! „עס פרייט זי זייער אים צו קאָנען"! ער גייט אַריין אין עס־צימער, עסט אָפּ אַליין זיין אָוונט־ברויט, אַ מאָל איז דאָ דאָס קינד! מערנסטייל איז דאָס ביי דער באָבען! נאָכן אָפּעסן, גייט ער אַריין אין זאַל, ענטשולדיקט זיך וואָס ער קאָן זיי ניט „באַגלייטן" און... ער גייט אַוועק צו זיך אין ביבליאָטעק־צימער! שפּעטער לייגט ער זיך שלאָפן! עס טרעפט אָפּט, ער דרייט ביינאַכט אויף דעם נאַכט־לאָמפּ, גיט אַ קוק

אויפֿן זייגער — שוין נאָך צוויי אָדער גאָר דריי! זיין פֿרוי איז נאָך פֿאַרנומען אין צימער מיט די געסט! מען שפּילט נאָך!

אַזוי היינט, אַזוי מאָרגן! אַזוי עטלעכע נעכט און וואָכן דורכאַנאַנד! ביז איינמאָל האָט ער געמאַכט אַ סוף דערצו! דריי אַזייגער איז דאָס געוועזן דאָס איז שוין געוועזן די פֿינפֿטע נאַכט פֿון היינטיקע וואָך וואָס מען שפּילט ביז פֿאַרטאָג! מילא זיין ווייב שפּילט ביי איר אין שטוב! ווי אַזוי דערלאָזן די מענער פֿון די איבעריקע פֿרויען זייערע „באַשער-טע" צו שפּילן אַזוי שפּעט? מן הסתם, שפּילן די מענער ערגעץ אַנ-דערש!.. בכלל ווער ווייסט ווער די פֿרויען זענען! ער איז אַראָפּ נאַ-קעט אין די אונטערוועש פֿון בעט אַרויס אין זאַל אַריין, וואו די ווייבער זענען געזעסן און געשפּילט און דער רויך איז געווען אַ ז ו י געדיכט אַז מען האָט זיך קוים אַרויסגעזען און מען האָט געקאָנט דערשטיקט ווערן! ער האָט גוט אָנגעזידלט די פֿרויען, זיי אָנגערופֿן מיט די ערגסטע נעמען, און... זיי אַרויסגעטריבן פֿון שטוב!.. ער האָט זיי געזאָגט אַז ער וועט רעדן מיט זייערע מענער...

די פֿרוי איז אַוועק פֿון שטוב. זי איז אַוועק צוזאַמען מיט די „באַ-ליידיקטע" פֿרויען! זי איז אַוועק צו איר מוטער! די אַלטע איז געקומען צעלויפֿן פֿאַרטאָג ווי אַ אָפּגעבריטע. זי האָט נאָך געטראָפֿן די שטוב ווי די ווייבער האָבן זי איבערגעלאָזט — אָנגעוואָרפֿן אָנגעשמוציקט און באַוואָרפֿן מיט ניט אויסגעברענטע פּאַפּיראָסן!.. ס'איז ניט איבערגע-טריבן, אַרום הונדערט „עקן" פֿון פּאַפּיראָסן — דאָס איז דער סך הכל וואָס פֿינף „מאָדערנע" פֿרויען האָבן אויסגערויכערט אין משך פֿון עט-לעכע שעה! ווען די שוויגער האָט דאָס אַלעם דערזען און געוואוירע ווערנדיק וואָס איר טעכטערל — דאָס „יונגע ציגעלע" טוט אויף דורך די נעכט — איז זי אַוועק מיט אַ געוויין און האָט די טאָכטער — ביי די צעפּ געבראַכט צוריק צום מאַן! זי האָט זי פֿון דער שטוב אַרויסגע-טריבן פּשוט!..

— — — — — — — — — — — — —

די יאָרן גייען דערוויל — דערציילט דאָס אַלעם דער דאָקטאָר — איך בין שוין אַלט 52 יאָר! זי — קוים 35! א י ך — וויל שוין אָנ-הויבן אָפּרוען. זי — וויל ערשט אָנהויבן לעבן!

לויט מיין שטאַנדפּונקט — בין איך גערעכט! אַ מענטש פֿון 52 יאָר וואָס אַרבעט נאָך אַ גאַנצן טאָג, קאָן ניט און דאַרף ניט אַרומלויפֿן אַלע נעכט אין אַלע טעאַטערן און קינאָס, אָדער „פֿאַרברענגען" ביי זיך אָדער „צו גאַסט" — ביז נאָך אַ האַלבע נאַכט!

לויט אירע רייד — איז זי אויך גערעכט! אַז זי וועט ניט לעבן איצט, ווען זי איז אין די בליענדע יאָרן, ווען זי וועט ניט לעבן — ווען זי קאָן נאָך לעבן — ווען זשע וועט זי אָנהויבן לעבן?..

טענה איך, אַז זי האָט דאָס געדאַרפט אינזינען האָבן ווען „מיר האָבן זיך אָנגעקוקט”, ווען מיר האָבן זיך באַקענט, און זי האָט דאָך גוט געוואוסט מיט וואָסער אַ צוועק מיר טרעפן זיך „צופעליק” אין אַ „טע-הויז”, און מען באַקאַנט אונז! ווען זי האָט דערזען אַז איך בין שוין אַ אַלטער בחור — האָט זי באַלד געדאַרפט זאָגן: — ניין!

טענה'ט זי: — און דווקא גערעכטע טענות — ווען איך האָב זי דערזען און איך האָב דאָך אויך געוואוסט צוליב וואָס מיר זעען זיך — און איך האָב באַמערקט אַז זי איז נאָך אַ „יונג ציגעלע”, האָב איך — אַלס שוין עלטערער מענטש, אַלס פּראַקטישער אין לעבן און טאַקע — אַלס אַלטער בחור — באַלד געדאַרפט אינזינען האָבן אַז דער סוף וועט זיין אַ ביטערער! אַז אין פאַרלויף פון די יאָרן — וועלכע שטייען ניט אויף איין אָרט — וועט זיך די דיפערענץ שטאַרק מערקן! איך האָב געדאַרפט זיך דערמאָנען אַז ווען איך וועל שוין ווערן אַלט — וועט זי ערשט אָנהויבן ווערן אַ פרוי און וועלן אָנהויבן לעבן... איצט, וואָס וויל איך? זי זאָל זיך צען אַזייגער אויף דערנאַכט לייגן שלאָפן?.. איידער אַזאַ לעבן — בעסער גאָרניט צו לעבן!..

— — — — — — — — — — — — —

די לעצטע צייט בין איך קראַנק געוואָרן אויף אַ געפערלעכער „פאַ-מיליען”-שלאָפקייט! איך בין געוואָרן שטאַרק אייפערזיכטיק! איך ווייס ניט צי איך בין גערעכט צי ניין? איך ווייס ניט צי עס זענען אמת מיי-נע חשדים? איך ווייס נאָר — אַז עפּעס איז ניט גלאַט מיט איר, מיט מיין „יונגע ציגעלע”. זי איז מיר לעצטנס, זייער גוט, זייער פריילעך, זי גייט טאַקע ביינאַכט אין ערגעץ ניט אַוועק. מיר גייען איינמאָל אָדער צוויי מאָל אין וואָך ערגעץ אַרויס — אין טעאַטער אָדער סינע, און די איבעריקע אופדערנאַכטן איז זי אינדערהיים, מיט מיר. זי האָט אָנגע-הויבן טון שטוב-אַרבעט: — נייט, פאַריכט, אַרבעט אויס, אָדער מאַכט מיטן קינד די לעקציעס! דערפאַר אָבער איז זי בייטאָג — קיינמאָל ניט דאָ אין שטוב! איך רעד פון מיין קאָנסולטאַריע אַלע טאָג — איך טרעף זי קיינמאָל ניט!.. איך פרעג זי ניט וואוהין זי גייט? ניט מיין עסק! איך וואָרף סתם אַריין ווערטער, אַז איך האָב גערעדט אַ היים און מען האָט מיר ניט געענטפערט!.. פאַרכאַפּט זי און זאָגט אַז אַלע בייטאָג גייט זי אַרויס! זי האָט וואָס צו טון אין גאַס: באַזוכן אַ חבר'טע, גיין אין די געשעפטן עפּעס איינקויפן, אָדער... גלאַט שפּאַצירן! זי פאָרט אָפט מיט

מיין אויטאָ און דערנאָך לאָזט זי אים שטיין נעבן מיין קאָנסולטאָריע און פאָרט אַהיים מיט אַ טאַקסי! איך האָב געהאַט אַ חשד אַז... זי פאָרט ניט אַליין! אַז נעבן איר זיצט אַ יונגערמאַנטשיק פון אַ יאָר דריי־סיק, טראָגט ברילן און האָט קליינע שוואַרצע וואָנצעלעך!.. דאָס אַלעם בין איך געוואוירע געוואָרן, ווען אַ קאָלעגע מיינער, האָט מיר, אין אַ טאָג געזאָגט אין שפּיטאָל, אַז נעכט האָט ער שיעור געמאַכט אַ צוזאַ־מענשטויס מיט מיין אויטאָ. מיין פרוי קאָן נאָך גוט קיין אויטאָ ניט טרייבן! אגב — פרעגט ער מיך, פון ווען אָן טראָג איך וואָנצעלעך ווען איך פאָר אַרויס שפּאַצירן מיט מיין פרוי...

איך האָב נאָך געהאַט עטלעכע סמנים און „גרוסן” פון אָט דעם יונגערמאַנטשיק מיט די „וואָנצעלעך”. איך האָב זיך געמאַכט ניט וויסנ־דיק, ביז... ביז מען האָט מיר איינמאָל טעלעפאָנירט פון אַ פּאָליציי־צירקל איך זאָל אַהין תיכף קומען!

איך האָב דאָרט געטראָפן מיין פרוי. עס האָט זי געבראַכט אַהין אַ פּאָליציי־אָפיצער. זי האָט געטריבן דעם אויטאָ זייער שנעל! מיט אַזאַ גיכקייט אַז עס האָט געשווינדלט אין די אויגן! האָט ער זי — מיט זיין „מאָטאָסיקלעט” אָנגעיאָגט און באַפוילן צו בלייבן שטיין! זי האָט ניט געוואָלט פאָלגן!.. זי איז וויטער געלאָפן מיט דער זעלבער שנעלקייט! האָט דער פּאָליציי בעאַמטער שוין „אָרגאַניזירט” אַ געיעג אויף איר, עס זענען איר שוין נאָכגעלאָפן נאָך עטליכע פּאָליציי־לייט און מען האָט זי געצוואונגען זיך אָפּשטעלן! צוזאַמען מיט איר איז געזעסן נאָך אַ מאַן, וועלכער האָט זי געבעטן אַז זי זאָל זיך באַרואיקן, אַז זי זאָל רעס־פּעקטירן די פּאָליציי אויטאָריטעט! זי האָט אים אָבער ניט געפאָלגט און געזידלט דעם פּאָליציי־אָפיצער און אַלע פּאָליציי־מענטשן הלמאי מען „לאָזט ניט רואיק פאָרן אַ מענטשן”...

מען האָט זי אַרעסטירט און געבראַכט אַהער! צום מאַן וואָס איז מיט איר געזעסן האָט מען גאָרניט געהאַט און מען האָט אים פריי גע־לאָזן!.. איצט וועט זי פּראָצעסירט ווערן פאַר קעגן־שטעלן זיך דער אוי־טאָריטעט!.. דער קאָמיסאַר איז ניט צופרידן וואָס מען האָט באַפרייט דעם מאַן! ער דאַרף זיין אַ עדות אַז זי איז צו שנעל געלאָפן! אויב ער וועט ניט וועלן זאָגן עדות קעגן איר — וועט מען אים אויך באַשטראָפן אַלס מיטשולדיקער! זיי ווייסן אָבער ניט ווער ער איז און זי — וויל ניט אויסזאָגן זיין נאָמען!..

איך פרעג דעם פּאָליציי־אָפיצער:

דער מאַן האָט געטראָגן ברילן, אַ יונגער פון אַ יאָר 35 און האָט פאַרמאָגט קורצע שוואַרצע וואָנצעלעך?..

— יאָ! יאָ! דער זעלבער!

— נו! וועל איך אים אייך ברייגגען! עס איז אונזערער אַ אייגענער...

— — — — — — — — — — — — —

איך האָב דעם ענין „צעריבן"! איך האָב אויסגענוצט נאָענטע פריינט מיינע וועלכע האָבן געפועלט אַז דאָס מאָל זאָל מען איר מוחל זיין! מען האָט צוגעזאָגט, אַז זי וועט מער קיין אויטאָ ניט טרייבן!.. איך האָב זי פון פּאָליציי־צירקל אַרויסגענעמען און זי אָפּגעפירט... צו אירע עלטערן! איך האָב איר באַפוילן דאָרט צו זיין, אַזוי לאַנג, ביז זי וועט זיך באַרואיקן און קאָנען באַשליסן וואָס זי דאַרף ווייטער טון! — צו אַרומשלעפּן זיך מיט יענעם יונגערמאַנטשיק — וועלכער, אגב, ווייזט זיך שוין מער ניט צו איר — אַזוי זאָגט זי — אָדער ווערן אַ אָנשטענדיקע בעל הבית׳טע און אַ מוטער צו איר קינד! דערווייל איז זי נאָך ביי איר מוטער! איך האָב זי נאָך ניט גערופן, און ווען זי זאָל רופן — וואָלט איך איר נאָך ניט געענטפערט! איך קאָן איר נאָך ניט מוחל זיין!

צו בין איך אָבער גערעכט?..

## ניט גוט ווען דער מאַן איז אַ „דיקטאַטאָר" ביי זיך אין הויז. נאָך ערגער איז... ווען עס איז פאַרקערט!

— א —

ווער געדענקט עס ניט? אין אונזערע שטעט און שטעטלעך פון דער אַלטער היים, איז — צווישן אַנדערע דינים און מנהגים — דער דער דין פון „והוא ימשל בך" — און ער, זאָל געוועלטיקן איבער דיר) אמשטאַרקסטן אָפּגעהיט געוואָרן!

דער מאַן, דער טאַטע, איז געווען דער אַבסאָלוטער הערשער אין שטוב און איבערן הויז-געזונט! די פרוי, די קינדער, די אייניקלעך, אַלע האָבן געהאַט דרך ארץ פאַרן טאַטן, אַלע האָבן געוואוסט, אַז ווען דער טאַטע שלאָפט — דאַרף זיין שטיל אין שטוב! די קינדער האָבן געוואוסט, אַז ווען דער טאַטע איז אין שטוב דאַרף מען ניט „קאָמאַנדעווען" און מען דאַרף... פאָלגן די מאַמע!

ניט בלויז פאַרן טאַטן האָט מען געהאַט דרך ארץ! דער עלטערער ברודער איז אויך געווען אַ יש אין שטוב! דער „בכור" האָט — ווען דער טאַטע איז ניט געווען — אַזוי גע'בעל-הבית'עוועט ווי דער טאַטע אליין! מען האָט אויך פאַר אים געדאַרפט האָבן דרך ארץ!

אונזערע טאַטעס פון דער אַלטער היים, זענען געווען פאַרשידענע! געווען אידן „לעמעשקעס", וואָס האָבן קיין ווערט ניט געהאַט, ניט אין גאַס, ניט ביי מסחר, און נאָך ווייניקער אין קלויז! אַזעלכע אידן האָבן, אָבער, אַרויסגעוויזן זייער „גרויסקייט" ביי זיך אין שטוב, און פלעגן זאָגן אַ דעה דעם ווייב, די קינדער, און בכלל דעם הויז-געזונט! די פאַמיליע — כאָטש מען האָט געוואוסט אַז דער טאַטע איז ניט קיין שטרענגער, ניט קיין טאָן-געבער, קאָן אפילו קיין הויכן געשריי ניט געבן, האָבן אים — דאָך — אָפּגעגעבן כבוד, געהאַט דרך ארץ פאַר אים, אָבער, ניט אַזוי איי, איי איי! און אויב די מאַמע איז געווען אַ

שטרענגערע אַביסעלע האָט מען שוין פאַר איר — מער געציטערט! אירס אַ געשריי, האָט שוין געהאַט אַ גרעסערע דעה!..

געווען אַן אַנדער סאָרט טאַטע ביי אונז, אַ טאַטע וואָס האָט שוין געקאָנט געבאָן אַ קלאַפּ אין טיש, ביים קלויבן אַ סטאַראָסטאַ, האָט אויך געקאָנט זאָגן אַ דעה ביים איינטיילן אַ „פּעטע" עליה, און ביים צונעמען אַ רב, און האָט אויך אין שטוב געלאָזט פילן אַז ער איז ניט קיין „שמאַטע" און... מען האָט טאַקע פאַר אים דרך ארץ געהאַט, אַבי־סעלע, טאַקע מורא געהאַט, און מען האָט זיך געהיט אים ניט צו „פאַרטשעפּען"!

דער דריטער קלאַס איד? — ער איז שוין געווען פון די יעניקע וואָס מען האָט אָנגערופן „תקיף"! ער האָט שוין געזאָגט די גאַנצע דעה, הן אין קלויז, הן אין חברה קדישא, הן אין מרחץ, און הן ביים קלויבן אַ סטאַראָסטאַ אָדער, להבדל אַ רב, און ווען ער איז געקומען אַ היים — איז ער געווען אַ שטיק דעספּאָט: ער האָט „געמאַנדעוועט" מיט דער פרוי, מיט די קינדער, און מיט די איידעמס און שנירן, וועלכע האָבן זיך געהיט ניט „אַריינפאַלן" אין זיין מויל אַריין!.. דאָרט, אין יענער שטוב, איז אזא „טאַטע" געווען דאָס שרעק־מיטל: ביים מלמד „ער זאָל ניט דערציילן דעם טאַטן", דאָס בעסטע מיטל פאַר דער מאַמען — וועלכע האָט, נעבעך, גענוג געליטן פון טאַטנס תקיפות אין שטוב, פון זיין שטרענגקייט, פון זיין דעספּאָטיזם, דאָך — האָט זי אויסגענוצט דאָס מיטל, דעם נאָמען „טאַטע" — „דערציילן דעם טאַטן" ווען זי האָט עפּעס געוואָלט אויספירן ביי די קינדער, ביי קליינוואַרג דערהויפּט! ווען זי אליין, אין איר אייגענעם נאָמען, האָט עס ניט געקאָנט דער־גרייכן!..

אָט, ווענגן אַזאַ מאַן, ווענגן אַזאַ אידן רעדט מען איצט, צו מיר. — דער חלוק איז נאָר, וואָס אָט דער איד האָט דאָ באַקומען, אַ נייעם „מאָ־דערנעם" נאָמען!... ער הייסט „דיקטאַטאָר"! גיי, וויים, אַז דאָס וואָרט „תקיף" וועט מגולגל ווערן אין נאָמען „דיקטאַטאָר"...

— — — — — — — — — — — — —

איך לעב שוין מיט מיין מאַן איין און דרייסיק יאָר! איך האָב אַלע מיינע יאָרן געליטן פון אים, פון זיין „גייסט" אַלס דיקטאַטאָר! באַלד נאָך אונזער חתונה, האָב איך געמיינט, אַז דאָס איז אַ שטיק עקשנות ביי אים — און איך האָב געשוויגן! איך פלעג שטענדיק האַלטן, אַז אַ מאַן קאָן נאָר דאַן פּראַגרעסירן אין לעבן, ווען ער איז אַן עקשן! איך האָב עס ניט געהאַלטן פאַר קיין חסרון! אויך מיך האָט ער גע־קראָגן ווייל ער איז געווען אַן עקשן! איך בין אַרויסגעקומען פון זייער אַ

רייכער פאמיליע! מיינע עלטערן וואָלטן זיך מיט זיינע עלטערן קיינ־מאָל ניט משדך געווען! זיי, מיינע עלטערן — שטאַמען פון גרויסן יחוס, פון גרויסע „גוטע אידן" רבנים און גאונים און מיין מאַנס עלטערן זע־נען געווען בעלי מלאכה'ס! אמת — „אינטעלעגענטנע" פאַך'ן ווי למשל זייגערמאַכעריי! אָבער — דאָך אַ בעל מלאכה! חוץ דעם, איז מיין טאַ־טע געווען אַ חסיד פון אַ רבין און מיין מאַנס עלטערן זענען געווען גע־פערלעכע מתנגדים! און ער, מיין מאַן, איז פאַר זיי געווען אַ גאַנצער „צאַציאַליסט"!

ווען מען האָט מיר אָנגעהויבן רעדן שדוכים בין איך נאָך קיין גאַנצע אַכצן יאָר ניט אַלט געווען! איך בין, אָבער, געווען גענוג קלוג זיך אויסצודרייען פון זיך „לאָזן אָנקוקן". און איין אַ טאָג האָב איך גע־מעלדעט מיין פאָטער אַז פאַר 22 יאָר, דענק איך ניט צו חתונה האָבן! די ערשטע צייט, איז געווען תשעה באב ביי אונז אין שטוב! איך בין אָבער געווען אַ בת יחידקה־עלע, איין מיידל צווישן זעקס בחורים — האָב איך אויסגעפירט אַז מען זאָל מיך ניט באַלעסטיקן!..

זיי — האָבן מיך טאַקע אויפגעהערט צו באַלעסטיקן! אָבער די אינגלעך פון אונזער שטעטל האָבן מיך ניט אָפּגעלאָזט אפילו איין טאָג אויף ניט צו „באַלעסטיקן" מיט ווערלן מיט מיר שפּאַצירן, פאַרברענגען, רעדן, און זיך אפילו „דערקלערן"!... איך האָב זיי אַלע געטריבן פון זיך! געווען וואוילע האַרציקע בחורים פון די אָנגעזעענסטע משפחות ביי אונז — אָבער איך האָב זיך ניט געוואָלט פאַרדרייען דעם קאָפּ צו יונג!.. איך האָב געהאַט אַ סך ביישפּילן פון מיינע חבר'טעס וואָס צו צוואַנציק יאָר, האָבן זיי זיך שוין געניאַנטשעט מיט אַ קינד און ניט אַרויסגעזען די ליכטיקע שיין אויף דער וועלט...

צווישן די צענדליגער אינגלעך וואָס האָבן זיך געדרייט אַרום מיר — איז אויך געווען מיין דוד, מיין איצטיקער מאַן! ער האָט געהאַט וויינ־קער שאַנסן ווי אַלע, פאַרט אַ זון פון אַ בעל מלאכה! טאַטע־מאַמע וועלן ניט וועלן הערן אפילו!.. איך האָב אים — גלייך ווי אַנדערע — ניט דערלאָזט צום געדאַנק אַז זיי קאָנען האָבן האָפענונג!.. כאָטש, אין מיין האַרצן, האָב איך שוין דוד'ן, געגעבן מער פּלאַץ ווי אַנדערע!.. און — וואָלט ער ניט געווען קיין עקשן — וואָלט ער זיך תיכף מיאש געווען און מיך צורו געלאָזט!.. זיין גע‌דולד, זיין עקשנות האָט אים אַרויסגעהאָלפן! ער איז ניט מיד געוואָרן מיך צו „אויכאַזשעווען" און ער... האָט זיך דערוואַרט אַז... מיינע עלטערן זאָלן פאַרלירן זייער פאַר־מעגן, זאָלן ווערן פשוטע אָרימעלייט! פון דער „סטאַדע" אינגלעך וואָס זענען מיר נאָכגעלאָפן, פון די צענדליגער בינען וואָס האָבן זיך — ערשט

מיט אַ פּאָר יאָר צוריק — געקלעפּט צו מיר — איז קיינער ניט געבליבן! בלויז איינער — דוד!

און ווידער זיין עקשנות! ער האָט איבערצייגט מיינע עלטערן אַז זיי זאָלן אים אויפנעמען אַלס איידעם! ער האָט אויך איבערצייגט מיין פאָטער אַז ער זאָל אָנעמען פון אים אַ גרעסערע סומע געלט וואָס ער האָט געהאַט אָפּגעשפּאָרט, און זאָל ווידער אָנהויבן האַנדלען! מיין פאָטער האָט זיך שטאַרק געשטעלט קעגן — אָבער ער האָט אים איבערצייגט! זיין עקשנות האָט אים אַרויסגעהאָלפן! פון אָט דעם געלט, איז מיין פאָטער ווידער געקומען צו זיך, געפּראַוועט אַ שיינע חתונה און תיכף, נאָך דער חתונה, זענען מיר אַוועק פון אונזער היים און געקומען אַהער!

איך וויים ניט ווי אַזוי עס אויסצוטייטשן: צו דערפאַר וואָס, דאָ, אין דער נייער וועלט, וואו איך בין געווען אַבסאָלוט עלנט, אין וועלכן עס איז פריינט און באַשיצער, צו דערפאַר האָט ער אָנגעהויבן אַרויסווייזן קעגן מיר דיקטאַטאָרישע שטיק — אָדער עס איז אַ געוואוינהייט אַזעלכע ביי אים! און ווען איך לעב מיט אים דאָרט אין דער אַלטער היים — וואו „תקיפות״ איז געווען אַ טראַדיציע — וואָלט נאָך ערגער געווען! דער פאַקט איז! איך האָב אַרויסגעזען: אָדער איך דאַרף ענטפערן „באַם״ אויף אַלעם וואָס ער זאָגט און טוט, אָדער... איך דאַרף זיך שטענדיק קריגן מיט אים!..

איך האָב אויסגעקליבן דאָס ערשטע! איך האָב אפילו ניט געפּרואווט קעמפן! וואָס ער האָט געטון — איז געווען גוט געטון! ווי אַזוי ער האָט געהאַנדלט איז געווען גוט געהאַנדלט! מיט דער צייט האָב איך, אינגאַנצן, רעזיגנירט פון מיין זעלבסטליבע, פון מיין אייגענעם „איך״! עס זענען געבוירן געוואָרן אַ פּאָר קינדערלעך און איך האָב ניט געוואָלט צוברעכן מיין הויז! מיין שלום בית! איך האָב אים בלינד געפאָלגט! זאָגסט אַזוי? — זאָל זיין אַזוי! גיין? — וועל איך גיין! ניט גיין? — וועל איך ניט גיין!..

מיט די קינדער איז ער געווען שטרענג! שטאַרק שטרענג! ממש, דעם קאָפּ ניט געלאָזט אויפהויבן! אין אַ געוויסער מאָס האָב איך „עקספּלאַטירט״ אָט זיין שטרענגקייט! איך האָב די קינדער געסטראַשעט מיטן „טאַטן״, פּונקט ווי מען האָט ביי אונז געשראָקן די קינדער אַז „עס גייט דער גוי מיטן זאַק״... איך האָב געפילט אַז איך טו שלעכטס! די קינדער האָבן פאַר אים שטאַרק מורא געהאַט, דערפאַר האָבן זיי אים... ווייניק ליב געהאַט! „טאַטע״ — האָט ביי זיי געהייסן: — שרעק, דעספּאָטיזם! ניט רעדן! ניט שפּילן זיך! ניט לויפן, ניט קריכן! מיט איין

וואָרט — אַלעס דאָס פאַרקערטע דערפון וואָס אַ קינד האָט ליב — פרייהייט!

געווען מאָמענטן ווען איך האָב רעוואָלטירט! איך האָב זיך אַנטזאָגט נאָכצוזאָגן „באָם"! האָט עס ניט געטויגט! איך האָב געהאַט פאַרשטערטע טעג! עס האָט געקאָנט אַוועקגיין טעג און וואָכן אַז ער זאָל צו מיר קיין וואָרט ניט אויסרעדן!.. ער האָט ניט געמאַכט קיין סקאַנדאַלן, ניט געשריען אָדער געקלאַפּט אין טיש — נאָר... געשוויגן! ניט גערעדט צו מיר און ניט צו די קינדערלעך!..

אָט אַזאַ לעבן האָב איך געהאַט ביז די קינדער זענען אונטערגעוואַקסן, זיי האָבן אָנגעהויבן גיין אין די מיטל־שולן! און זייער גיין, האָט מיך, און זיי, געקאָסט אַ סך געזונט! די קינדער, האָבן געוואָלט לערנען אין קאָמערץ־שולע! דער טאַטע האָט אָבער געוואָלט, אַז זיי זאָלן האָבן אַן אַלגעמיינע בילדונג און זיי געשיקט אין דער „נאַציאָנאַלע" שולע! האָבן זיי זיך שלעכט געלערנט! עס איז זיי ניט געקראָכן אין קאָפּ אַריין געוויסע למודים צו וועלכע זיי האָבן אינערלעך, ניט געפילט קיין שום אינטערעס און סימפּאַטיע! דאָס זעלבע איז געשען מיט מיין טאָכטער! ז י — האָט ער געשיקט אין קאָמערץ שולע און דווקא ז י האָט געוואָלט לערנען אין „ליסעאָ". עס האָט ניט געהאָלפן קיין וויינען, קיין בעטן זיך! ער — דער „דיקטאַטאָר" פון דער שטוב, האָט געזאָגט נ יי ן! — האָט געמוזט בלייבן ווי ער האָט געזאָגט און ווי ער האָט געוואָלט!.. ערשט ווען ער האָט געזען, ווי די קינדער לערנען זיך שלעכט! ווי זיי דאַרפן „איבערחזרן דאָס יאָר" — האָט ער פאַרשטאַנען אַז ער האָט געהאַנדלט שלעכט! אָבער אונטערגעבן זיך — דאָס ניט!

ווען די קינדער זענען שוין גרויסע געוואָרן, מען האָט שוין געדאַרפט טראַכטן פון אַ תכלית — איז ער, נאָך אַלץ געשלאָפן אין „הינער פלעט" און נאָך אַלץ געמיינט אַז די קינדערלעך זענען קליינטשיקע וועמען מען קאָן איבערשרעקן מיט אַ געשריי!.. ער איז געוואָרן געוואָרן אַז מיין עלטערער בחור גייט אַרום מיט אַ אַרבעטס־מיידל! אַז ער וואָרט איר אָפּ ווען זי פאַרלאָזט די שטעלע און פירט זי אָפּ אַ היים! ער איז געוואָרן געוואָרן אַז עס האַלט שוין ערנסט ביי זיי! האָט ער צוגערופן דאָס קינד — אַ בחור פון 22 יאָר שוין, אַ סטודענט פון אוניווערזיטעט, און אַנשטאָט רעדן צו אים ווי אַ פאָטער דאַרף רעדן צו אַ קינד, אַנשטאָט אים אויספרעגן וועגן זיינע פלענער מיטן מיידל, — האָט ער אים גענעמען... זידלען און שרייען אויף אים פאַרוואָס ער „שלעפּט" זיך אַרום מיט עפּעס אַ „קבצנישער מויד"!.. מיין זון האָט ג'וואָלט אָנהויבן רעדן, עפּעס דערקלערן! אָבער דער דעספּאָט, דער קליינער „דיק־

טאַטאָר״ האָט אים ניט געלאָזט קומען צום וואָרט! ער וועט אים אַרויסטרייבן פון שטוב!..

ווען מיין מאַן איז, אויף דער נאַכט, געקומען פון דער גאַס, האָט ער שוין געהאַט אין שטוב מיט איין קינד ווייניקער ביים טיש! מיין עלטערער בחור האָט ניט געוואַרט אַז מען זאָל אים אַרויסטרייבן — ער איז אַליין אַוועק! ער האָט זיך אַנגעדונגען קעסט אין אַ „פענסיאָן״ און אַזוי ווי ער פלעגט שוין צופאַרדינען ביי געבן „אינזשעקסיאָנעס״ אָדער ביי היטן אַ קראַנקן ביינאַכט, האָט ער שוין אָפּגעשפּאָרט אַ באַדייטנדע סומע און האָט זיך געקאָנט אַליין איינאָרדענען!..

ערגער האָב איך אָפּגעשניטן מיט מיין טעכטערל! זי איז אויסגע־וואַקסן — קיין עין הרע, שיין ווי אַ בת מלכה, און מיט אַ אָנציענדער פיגור און באַנעמונג צו מענטשן! זי האָט געהאַט אַ סך „פרעטענדענטן״ פון וועלכע בלויז איך, די מאַמע, האָט געוואוסט! זי האָט געענדיקט די קאָמערץ־שולע, און איז אַוועק זיך לערנען... זיין אַ בעל הבית׳טע! זי האָט זיך געלערנט אין אַ אַקאַדעמיע פון קאָכן, אין אַ צווייטער, פון צושניידן און נייען און דערנאָך האָט זי זיך גענעמען לערנען „אויס־העפטן״! זי האָט זיך געקויפט סחורה און איז געזעסן אין דער היים און געהאַלטן אין איין אויסהעפטן שיינע טישטיכער, האַנטוכער און אַנ־דערע בעל הבתישע זאַכן!.. שפּאַצירן מיט די חברטעס איז זי געגאַנגען זייער ווייניק! אויף אַרויסגיין און אַרומגיין אויף עטלעכע שעה אין טאָג — האָט זי געדאַרפט האָבן די דערלויבעניש פון איר פאָטער — דעם „דיקטאַטאָר״! ער האָט געדאַרפט וויסן וואוהין זי גייט און מיט וועמען זי גייט! ער איז אויך ניט געווען פויל צו קאָנטראָלירן צו זי זאָגט דעם אמת! אויב זי האָט געזאָגט אַ זי גייט צו דער און דער חברטע — האָט ער שפּעטער זי אָפּגערופן אַהין מיט אַ תירוץ צו... זי האָט ניט געזען זיינע ברילן וואָס ער קאָן ניט געפינען!... אויב זי איז מיט דער חברטע אַוועק אין „סינע״ — האָט זי געכאַפּט אַ פּסק פאַרוואָס זי האָט ניט געזאָגט אַז זי גייט אין סינע!..

ווען מיין טאָכטער איז אַלט געוואָרן 20 יאָר, איז איר נמאס גע־וואָרן דאָס שקלאַפעריי ביי איר פאָטער! זי האָט אים, איינמאָל, אָפּ־געענטפערט אויף צוריק! אַ צווייטן מאָל האָט זי ניט אויסגעפאָלגט און געגאַנגען און געטון ווי און וואָס זי האָט געוואָלט! און אַזוי ווייטער! זי האָט זיך געקליבן גיין אַרבעטן! עס האָט איר ניט געפעלט קיין אַרבעטס־פלאַץ!

ביז אין איין טאָג איז זי אַוועקגעפאָרן צו אירער אַ חבר׳טע וועל־האָט געפראַוועט איר „געבורטסטאָג״. עס זענען דאָרט געווען אַ סך

יונגטלעכע און צווישן זיי — אַ וואוילער בחור אין וועלכן מיין טעכטערל האָט שוין געהאַט אינטערעס!.. די שמחה האָט זיך פאַרצויגן שפּעט אין דער נאַכט! שפּעט נאָך אַ האַלבע נאַכט! מיין מאַן און איך האָבן געוואוסט וואו אונזער טעכטערל געפינט זיך! מיר האָבן געדאַרפט זיין רואיק אויב זי וועט קומען שפּעט! מיין מאַן האָט אָבער געברענט פאַר כעס! זי האָט לויט זיין מיינונג נאָך, געדאַרפט איבערלאָזן דאָרט אַלעס און אַלעמען, און קומען אַ היים צו דער צייט! ד. ה. פאַר צען אַ זייגער! איידער ע ר לייגט זיך שלאָפן!.. זי האָט ניט קיין שליסל צו דער טיר און „ער איז ניט מחויב” אויפצושטיין איר עפענען!.. מיין פאָרשלאַג, אַז איך וועל זי אָפּוואַרטן און איר עפענען — האָט ניט געהאָלפן! אויך מיין קלענערער זון האָט געוואָלט וואַרטן — אָבער, אַ קוק פון זיין טאַטן! אַ בלויזער בליק זיינער, האָט אים געמאַכט שווייגן! ער האָט אונז געהייסן גיין שלאָפן און ער וועט וואַרטן! ער האָט אויסגעדרייט אַלע לאָמפּן, אָפּגעשניטן די עלעקטרי וואָס פירט צום... עלעקטרישן גלעקל און זיך אַוועקגעשטעלט ביים פענסטער אַרויסקוקן אויף דער טאָכטער! ער האָט געוואָלט זען ווי זי קוועטשט דאָס גלעקל וואָס וועט ניט קלינגען... זי וועט דאַרפן קלאַפּן אין דער טיר און אַז זי וועט גוט אָנקלאַפּן אין דער טיר — וועט ער איר גיין אויפעפענען און, ביי דער טיר, פאַרשטייט זיך, איר מאַכן אַ סקאַנדאַל!..

ער האָט געוואַרט אַ פּאָר שעה און זיך דערוואַרט! מען האָט זי צוגעפירט צו דער טיר! טאַקע איר חברטע מיט איר פאָטער אין זייער אויטאָ, זיי האָבן געוואַרט אַז זי זאָל פריער אַריינגיין און ערשט דערנאָך וועלן זיי אַוועקפאָרן!.. זי שטייט און „קלינגט” און „קלינגט” און קיינער עפנט ניט! זי האָט ניט געהערט אַז דאָס גלעקל קלינגט ניט! זי האָט אויך ניט געוואוסט אַז איר „טייערער” טאַטע, שטייט ביי אַ פענסטער און האָט הנאה פון איר נערוועאישקייט, פון איר פאַרלוירנקייט! ענדלעך... לאָזט מיין טאָכטער איבער דאָס גלעקל, לויפט צו צום אויטאָ און איידער מיין מאַן האָט זיך געכאַפּט וואָס זי גייט טון — איז זי שוין געזעסן אינעווייניק און איז צוריקגעפאָרן צו איר חברטע נעכטיקן!..

זי... איז שוין אַ היים מער ניט געקומען! זי איז אַוועק וואוינען אין זעלבן פענסיאָן וואָס מיין עלטערער זון!.. מיין מאַן האָט איר ניט געוואָלט אַרויסגעבן די זאַכן אירע, די קליידער אפילו, האָט זי געוואָרנט אַז זי גייט... אין די רעדאַקציעס, אַז זי גייט אין פּאָליציי-צירקל, און וועט אָנמאַכן אַ עפנטלעכן סקאַנדאַל! האָט מען די זאַכן איר אַרויסגעגעבן!.. מיין מאַן האָט געוואָלט אַז זי אַליין זאָל קומען זיי אָפּנעמען,

אָבער זי האָט זיך קאַטעגאָריש אַנטזאָגט! זי וויל די שוועל פון אונער שטוב ניט איבערטרעטן! זי איז געוואָרן פון אָפּשניידן די עלעקטרי פון גלעקל! זי האָט באַלד פאַרשטאַנען אַז דאָס איז דעם „אַלטנס" אַ נקמה־אַקט פאַרוואָס זי איז געקומען אַזוי שפּעט — און זי וויל אים מער ניט זעען!..

---

מיין שטוב און מיין לעבן איז צעבראָכן: די עלטערע צוויי קינדער, דער בחור און טעכטערל, האָבן שוין חתונה געהאַט! דער קלענער זון וואוינט ביי מיין טאָכטער! איך בין אַליין מיטן אַלטן אין שטוב און זיין גאַנצע פאַרביטערטקייט, זיין גאַנצע עקשנות, דעם גאַנצן גיפט וואָס ער טראָגט זיך אַרום קעגן די קינדער וועלכע האָבן געמאַכט אַ „רע־וואָלוציע קעגן זיין דיקטאַטור" — זיין גאַנצן כעס, — לאָזט ער אויס צו מיר! ער מאַטערט מיך און איך מוז שווייגן! איך וויל ניט דער־ציילן די קינדער, כדי זיי זאָלן ניט קומען און מיט גוואַלט מיך אַרויס־רייסן פון שטוב פון זיינע הענט! די גאַנצע צייט ווילן זיי אַז איך זאָל אים פאַרלאָזן און גיין וואוינען מיט זיי! זיי זענען זיכער אַז מיט זיינע שטיק וועט ער מיך טרייבן אין דער ערד אַריין! עס איז טאַקע אמת! איך פיל אַז איך וועל אין אַ טאָג פּלאַצן! איצט, אויף דער עלטער, איז ער געוואָרן אומדערטרעגלעך! מען מוז זאָגן בלויז „באַם"! בלויז דאָס וואָס ער זאָגט און וואָס ער טוט איז גוט! איך טאָר ניט איבערפרעגן! איך טאָר ניט זאָגן אַז אַזוי טויג ניט! אַז דאָס — איז ניט גוט!.. ער קומט פון גאָס מיד, נערוועאיש, לייגט זיך שלאָפן ווען עס איז... נאָך ליכטיק אינדרויסן: ווען ער וויל — „מוז מען מאַכן נאַכט"!..

איך וואָלט אים פאַרלאָזט! איך הויב אָן פילן אַז איך וועל לאַנג ניט אויסהאַלטן! אָבער... איך האָב רחמנות אויף אים! איך האַלט אַז ער איז קראַנק! זיין „גרויסהאַלטן" זיך, זיין דענקען, אַז בלויז ער איז גערעכט! זיין אויפן פון צווינגען יעדן איינעם צוגעבן, אַז וואָס ער טוט — דאַרף אַזוי זיין — איז אויך אַ שלאָפקייט! איך בין זיכער, אַז ווען איך לאָז אים איבער און גיי אַוועק וואוינען מיט די קינדער וועט עפּעס שלעכטס מיט אים געשעען! און... איך שעם זיך אייך ניט זאָגן:

מיר האָבן שוין חתונה 31 יאָר און איך האָב אים נאָך אַלץ ליב ווי... זיינענדיק חתן־כלה!

וואָס זשע טוט מען אים אַז ער זאָל פאַרשטיין אַז עס איז ניט גוט ווען אַ מאַן ווערט — אַנשטאָט דער באַליבטער מאַן און פאָטער — דער „דיקטאַטאָר" פון שטוב!..

ווי אַזוי איבערציינט מען אים?..

— ב —

עס איז געווען בלויז אַ צופאַל.

אין דער זעלבער וואָך, וואָס איך האָב אויסגעהערט די טענות פון דער אומגליקלעכער פרוי צו איר מאַן — דעם „דיקטאַטאָר" — אין דער זעלבער וואָך האָב איך אויך אויסגעהערט אַ ענלעכע קלאַגע, ענלעכע טענות אָבער — פאַרקערטע!

די פרוי! „ציפקע פייער"! „מלכה'לע קאָזאַק"! דערגייט אים די יאָרן! פאַרשעמט אים פאַר מענטשן! אַ גליק וואָס דאָ, אין אַמעריקאַ, איז ניט איינגעפירט צו רופן דעם מאַן אויפן... ווייבס נאָמען! אים — וואָלט מען זיכער גערופן:

— משה — חיה ריוועס!

ער הייסט משה! די פרוי זיינע חיה ריוועס! און אַזעלכע חיה ריוועס — לויט זיין מיינונג — זענען קיין סך ניטאָ! ער גלויבט אַז אפילו גאָט האָט ניט אַזאַ חיה ריווע! פאַרוואָס גאָט פאַרזאָרגט זיך טאַקע ניט מיט אַ טייערער חיה ריווע ווי ער האָט? — ווייסט ער טאַקע ניט!..

לאָמיר אים לאָזן דערציילן:

— — — — — — — — — — — — —

אַ שטייגער ווען מען דערציילט איינעם וואָס קאָן מיך, איינעם וואָס האָט מיך געטראָפן ביי מסחר אָדער ביי געזעלשאַפטליכער אַרבעט, איינער, וואָס האָט מיך געהערט „בעטן אַ וואָרט" און האַלטן אַ פיינע דרשה ביי אַ אַקט פון אַ פאַריין, ווען מען דערציילט יענעם, אַז אָט דער „דאָן מאַיסעס", אָט דער גרויסער סוחר, אָט דער אָנגעזעענער אַקציאָנער אין באַנק וואָס זאָגט אַ גאַנץ גרויסע דעה ביי וואַלן, ביי אַ פאַרזאַמלונג — איז אין זיין היים, אין זיין הויז, אָט **אַזוי גרויס!** (דערביי ווייזט ער אָן אויף זיין שפּיץ פינגער!..)

ווער וואָלט זיך געקאָנט ריכטן אויף מיר, אויף דעם גרויסן און שטאַרקן בחור, פאַר וועמען אַ כאַפּטע שקצים האָבן געציטערט! אַ בחור וואָס האָט מיט אַ דישעל פון אַ וואָגן צעטריבן אַ גאַנצע באַנדע גוים וואָס האָבן געוואָלט אויפרייסן אַ אידישע קלייט, אַז אָט דער בחור זאָל ציטערן אימת מוות פאַר זיין אידענע, פאַר זיין „שטיל" ווייבעלע, וואָס האָט כלה־ווייז — אַ מויל ניט געקאָנט אויפעפענען, פאַר זיין חיה־ריווען!..

איך האָב געמיינט אַז איצט, ווען מיר'ן קומען אויף דער עלטער, ווען זי וועט זען אַז איר איינציקער פריינט און באַשיצער, בין איך געבליבן, אַז איצט, וועט זי ווערן בעסער, סטאַטעטשנער און איך וועל קאָנען האָבן אַ שטילע רואיקע עלטער! לאָזט זיך אויס, אַז אויף דער

עלטער איז זי געוואָרן טויזנט מאָל ערגער! זי שרייט און שילט אַז מען קאָן טויב ווערן! פון איר קללות קאָן מען מאַכן אַ גאַנצן בוך! אַ גאַנצן לעקסיקאָן! זי האָט אַזעלכע „נייע" קללות, וועלכע זי מעג „פּאַטענטירן" ווייל קיין שום שטיפמאַמע האָט זיי זיכער נאָך ניט אויסגענוצט!..

דער איד רוקט זיך צו נענטער און רעדט שטילער. אינסטינקטיוו קוקט ער זיך אַרום צו... זי שטייט ניט אין דער זייט!...

טאַטע-מאַמע האָבן מיך, מיט יאָרן צוריק געוואָרנט! די מאַמע ע"ה האָט מיר געזאָגט: זוך בעסער דיין גליקן אויב דו ווילסט האָבן אַ גוטע עלטער... זי, מיין חיה ריווע, קומט אַרויס פון אַ פּראָסטער, גאָר גאָר פּראָסטער פאַמיליע! איר טאַטע איז געווען אַ העקער ביי אַ קצב! קיין צורת אַלף האָט ער ניט געוואוסט! די מאַמע איז געווען אַ מאַרק-זיצערן! פאַרקויפט אייער, גרויפּן, רעשטן-מעל, פּאַסאָליעס און זיך אי-בערגעקריגט מיט אַלע ווייבער אין מאַרק...

מיין טאַטע איז געווען אַ גמרא מלמד און די מאַמע איז געווען די פיר זאָגערן אין שול!..

ווי זשע קום איך צו איר? זאָל איך אַזוי וויסן פון צרות און פון שלעכטס! אַז עס דאַרף טרעפן אַן אומגליק — טרעפט עס!.. אינגלעך, מיידלעך, אין אַ קליין שטעטעלע פון וואָלין, מען שפּאַצירט, מען באַלע-וועט זיך! צווישן די אינגלעך — בין איך געווען. צווישן די מיידלעך — איז זי טאַקע געווען די שענסטע! עפּעס געדענק איך אין אַ שבת צו נאַכט, שפּעט ביינאַכט, אויס דער שטאָט. נאָכן גויאישן צווינטער. מיר האָבן זיך געשפּילט מיטן שניי! געמאַכט שניי-באַלקעס און זיך גע-וואָרפן! דערנאָך האָט יעדער איינער גענומען זיין „באַרישניע" — צען פּאָרלעך זענען מיר געווען — און זיך געגליטשט אויף אַ ברעט! גע-גליטשט און... געקושט! געקושט און געשפּילט זיך! געקומען אַהיים שפּעט אין דער נאַכט!

אין עטלעכע חדשים אַרום, איז געקומען צו אונז אין שטוב חיה ריוועס פאָטער, דער העקער ביים קצב! ער איז געקומען מעלדן אַז זיין טאָכטער שוואַנגערט און זי זאָגט אַז איך בין דער שולדיקער!.. וויפל איך האָב זיך ניט געשוואוירן אַז איך בין ניט שולדיק, אַז עס אַ בלבול — האָט ניט געהאָלפן! ער האָט מיר געגעבן אַ ברירה אויסצוקלויבן: אָדער חתונה האָבן פאַר חיה ריווען אָדער... (ער האָט אַרויסגענומען פון דער באַליווע זיין קצבעש מעסער!..)

נו! איר פאַרשטייט דאָך אַליין, אַז איך האָב בעסער אויסגעקליבן חתונה האָבן! טאַטע-מאַמע, האָבן מ י ר געגלויבט! איך האָב שטאַרק געוויינט פאַר זיי און זיך געשוואוירן, דאָס אויב איך זאָג אַ ליגן, זאָל

איך צו קבר ישראל ניט קומען: זיי האָבן מיר געגלויבט און אפילו גע־עצה'ט אַז.. איך זאָל אַנטלויפן פון דער שטאָט, איך זאָל אַנטלויפן קיין אַמעריקאַ! איך האָב עס ניט געוואָלט טון! ערשטנס! — וואָלט איך מיין טאַטן געוועין געבראָכן פון ברויט! צווייטנס... זי, די מויד, חיה ריווע, איז מיר טאַקע געפעלן געוואָרן! איי, זי איז אַ פּאַדלע, טראַכט אויס אויף מיר אַזאַ בלבול — נו! מן הסתם איז אַזוי באַשערט! אפשר איז דאָס גאָר מן השמים!..

מיר האָבן געשטעלט אַ שטילע חופּה און זענען אַוועק פון דער היים! דער העקער־יונג, איר פאָטער, האָט אונז געגעבן אויף שיפס־קאַרטעס און מיר זענען געקומען אַהער!..

פון ערשטן טאָג אָן פון אונזער חתונה, האָב איך געהאַט ביי איר אַ שלעכט לעבן! האָב איך געזאָגט טאָג — האָט זי — געזאָגט נאַכט! זי האָט מיך קיין ריר ניט געלאָזט טון אין שטוב! מיין גליק איז, וואָס מיר האָבן קיין קינדער ניט געהאַט! איר ממזערוק איז געשטאָרבן ביים געבוירן און ערן און קיין קינדער מיט מיר האָט זי ניט געהאַט! ווען דער דאָקטאָר האָט מיר געמעלדעט אַז לויט די אַנאַליזן, קאָן איך קיין קינדער ניט האָבן, איז דאָס געוועין ביי מיר אַ פרייד!.. איך האָב תיכף דעם אַנאַליז געשיקט... צו מיין טאַטע־מאַמע! זאָלן זיי זען אַז איך בין אומשולדיק! אַז מען האָט געמאַכט אויף מיר אַ בלבול! אַז מען האָט מיך... פאַרגוואַלדיגט!.. דער טאַטע מיינער איז אַוועק מיטן אַנאַליז צום שטעטלשן דאָקטאָר און ווען יענער האָט אים באַשטעטיקט אַז איך בין אַן עקר, אַז איך האָב קיינמאָל ניט געקאָנט און וועל קיינמאָל ניט קאָנען האָבן קיין קינדער, האָט מיין פאָטער באַשלאָסן ניט צו פאַרשווייגן זיין זונס בזיון! ער איז שבת, פאַר לייענען, אַרויף אויף דער בימה. גע־געבן אַ קלאַפּ אין טיש, געבעטן עס זאָל זיין שטיל און געהאַלטן אַ דרשה וועגן... דעם ענין! ער האָט געפאָכעט מיטן אַנאַליז אין דער הויך און געמעלדעט אַז ער רופט זיין מחותן — דעם געוועזענעם העקער ביי אַ קצב און איצט שוין אַ קצב מיט אַ אייגענעם „קלאַץ" און אייגענער יאַטקע — אַז ער רופט אים צו אַ דין תורה!..

ניט וויכטיק וואָס פון דער „דין תורה" איז געוואָרן! דער קצב האָט געטענהט אַז ער איז ניט מחויב צו גלויבן די אַמעריקאַנער דאָק־טוירים מיט זייערע אַנאַליזן! זאָל איך קומען אַהער, וועט מען מאַכן דאָ אַן אַנאַליז און אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן אַז עס איז טאַקע אמת — וועט ער... אָפּלאָזן דעם שידוך!.. וויכטיק איז, אַז ווען מיין חיה ריווע איז געוואוירע געוואָרן פון טומל אין שטעטל מיטן אַנאַליז און ווי אַזוי איר פאָטער איז פאַרשעמט געוואָרן מיט זיין „אויסגעלאַסענער

טאָכטער", האָט זי ערשט אָנגעהויבן נוקמ'ן אין מיר און אַרויסוויזן וואָס זי קאָן!.. זי האָט מיך געזוכט דאָס גאַנצע לעבן נאָר צו פאַרשע־מען! קומט צו מיר אַ מענטשן אין שטוב — אַזוי ווייזט זי אַרויס אַז... בעל הבית'טע איז זי! „אין די הויזן" גייט — ז י! זי איז אויך ד י וואָס זאָגט מיר אַ דעה וואָס פאַר אַ צייטונג איך זאָל לייענען אין וועלכער אינסטיטוציע איך דאַרף זיין אַ מיטגליד! קומט אַ פאָרשטייער פון אַ צייטונג אָדער זשורנאַל און אויב ער האָט דעם שלימזל אַז ז י זאָל אים עפענען די טיר — אַזוי כאַפּט ער שוין אַ אָפּשניט אַז ער פאַרזאָגט אַ צענטן מער ניט צו קומען צו מיר! דאָס זעלבע איז מיט די אינסטיטו־ציעס!.. איך וויל דאָך, אָבער, פאָרט לייענען אַ צייטונג און אַ זשורנאַל, זאָג איך איר אַ תירוץ אַז... מען שיקט מיר אומזיסט, אַז איך האָב ביי דער צייטונג און זשורנאַל ז י ך פ אַ ר ד י נ ט , אַז זיי זאָלן מיר שיקן אומזיסט, און אַליין גיי איך אַוועק אין דער אַדמיניסטראַציע פון דער צייטונג און זשורנאַל און... צאָל דאָרט איין! און אַזוי טו איך, מיט אַלע אינסטיטוציעס — איך צאָל איין אין דער אַדמיניסטראַציע! ס'הייסט אַז „איך וויל ניט אַז אַ „קאָווראדאָר" זאָל זיך באַמיען צו מיר צו קומען!" אָדער... „איך וויל איינשפּאָרן דער אינסטיטוציע די הוצאות פון אינקאַסענט"!..

אָבער, דאָס זענען פּוילע תרוצים! הן אין די צייטונגען און זשור־נאַלן, הן אין די אינסטיטוציעס, ווייסט מען, אַז איך האָב אַ „ווייבעלע" — „מעג זי ברענען אָן שטרוי און אָן נאַפט" — ווי מיין חיה ריווע האָט ליב עמיצן צו „בענטשן"! מען ווייסט אומעטום, אַז ביי מיין טיר איז פאַראַן אַ הונט, אָן אַ קייט, און, בעסער איז, אַז מען עפנט די טיר ניט אויף! דער הונט פאַלט אָן און בייסט!..

מיין „צעטראָטענער" מיטשמועסער בלייבט אויף אַ מינוט שטיל און דערנאָך זעצט ער פאָר:

מילא, אַז איך בין געווען יונג, האָב איך ניט געפילט אַזוי מיין אומ־גליק! איך בין אַ גאַנצן טאָג געווען פאַרנעמען! אויף דער נאַכט האָב איך זיך געקהל'ט! געגאַנגען אויף זיצונגען, פאַרזאַמלונגען און באַנקעטן! די ערגסטע צוויי טעג זענען געווען ביי מיר... שבת און זונטיק! נו! בין איך זיי אויך איבערגעקומען!..

איצט אויף דער עלטער, פיר איך שוין ניט קיין געשעפטן! די כוחות געבן ניט און קיין ירושה דאַרף איך אויך ניט לאָזן! און פאַר אונז ביידע — וועט סטייען וואָס מיר פאַרמאָגן! איך האָב ליקווידירט די געשעפטן כדי צו לעבן פון דירה געלט! האָב איך געטון אַ גרויס נאַרישקייט! פריי־ער, ווען איך האָב געפירט געשעפטן האָב איך שטענדיג געהאַט פריי

געלט און ניט געדאַרפט מיין חיה ריוועז אָפּגעבן קיין חשבון ווען עמעז איך צאָל און אויף וועלכער אינסטיטוציע אָדער קאַמפּיין איך געב אויס!..

היינט, ווען זי ווייסט, וויפל עס פֿעלט אַריין אַ מאָנאַט דירה געלט — איז מיר שווער צו האַלטן אַ סוד פֿאַר איר! חוץ דעם — איז זי די איינמאָנערן פון דירה געלט!.. מיין גליק איז, וואָס איך גיי נאָך אַרויס אין גאַס און כאַפּ אַ פֿאַרדינסטל ביי עפּעס אַ געשעפטל, אַ מעקלעריי אָדער סתם עפּעס אַ קניה'לע! דאַן — כאַפּ איך דאָס געלט און צעצאָל זיך דאָס ערשטע מיט די צייטונגען, אינסטיטוציעס, קאַמפּיינען, באַצאָל יעדערן פֿאַר אַ גאַנץ יאָר! זאָל מען צו מיר אין שטוב אַריין ניט קומען מאָנען!.. אָבער, ווי לאַנג קאָן נאָך אָנגיין אַזאַ לעבן?..

— — — — — — — — — — — — —

אין אַ טאָג, איז מיר נמאס געוואָרן מיין לעבן מיט איר! איך בין, אָבער, ניט קיין זשוליקל! מיין טאַטע איז ניט געווען קיין „העקער יונג" נאָר שלום הערש דער גמרא מלמד — האָב איך באַשלאָסן צו האַנדלען אידישלעך, ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ אידישן מענטשן! איך בין געקומען צו איר און איר פֿאָרגעלייגט אַז מיר זאָלן זיך גטן! מיר'ן זיך צעטיילן מיטן פֿאַרמעגן, מיט די הייזער! איך געב איר אויסקלויבן וועלכע שטוב זי וויל! און אַזוי ווי דאָס גאַנצע פֿאַרמעגן איז פֿאַרשריבן בלויז אויף מיין נאָמען און אַזוי ווי מיר האָבן, דאָ הי, ניט חתונה געהאַט געזעצלעך, דאָך — וועל איך איבערשרייבן אויף איר נאָמען — איר חלק!..

אויסגעהערט מיינע רייד, האָט זי מיר דאָס ערשטע „פֿאָרגעלייגט" אַז איך זאָל „גיין אויפֿן גלייכן וועג, און זיך צעברעכן דעם לינקן פוס אויף אַזוינע קליינע שטיקעלעך אַז מיט קיין שפּאַקטיוו זאָל מען זיי ניט אָנזען"!.. דערנאָך, מורא האָבנדיק טאָמער איז דאָס ווינציק „געווינטשעוועט", האָט זי מיר צוגעגעבן נאָך אַ „ברכה": „דעם רעכטן פיס זאָל איך טראָגן מיט דער לינקער האַנט"!..

נאָך אַזאַ „פֿאַרשלאַג" וואָלט אַן אַנדערער אַ שפּיי געטון אויף איר, אַוועק פון דער שטוב און פֿאַרקויפֿט די הייזער און אַוועק אין דער וועלט אַריין! אַן אַנדערער וואָלט אַזוי געטון! שלום הערש דעם גמרא מלמד'ס זון, קאָן אָבער אַזוי ניט האַנדלען! ער איז ניט קיין הפקר מענטש, קיין „העקער-יונג"! האָב איך אָנגעבויגן דעם קאָפּ און געשוויגן!.. אָבער! וויפל קאָן אַ מענטש שווייגן? ווי לאַנג קאָן מען שווייגן?.. בין איך געקומען צום באַשלוס:

— פֿאַרקויפן מיין חלק פֿאַרמעגן, מאַכן דערפֿון געלט, עס איבער-

געבן דעם מושב זקנים, מיטן באַדינג אַז איך זאָל דאָרט זיין כל ימי, און איך זאָל — אַ חוץ עסן און טרינקען און בכבודיקן צימער, אויך באַקומען פון זיי אַ הונדערטער אַ מאָנאַט! נשקשה! ווען איך זאָל נאָך לעבן הונדערט יאָר, וואָלטן זיי מיר — מיט די הונדערטערס אַ מאָנאַט — ניט אויסגעצאָלט 20 פּראָצענט פון מיין פאַרמעגן וואָס איך וועל זיי אריינטראָגן!..

ווי מיינט איר? איז דאָס ניט דער גלייכסטער וועג ווען מען האָט אַזאַ שלאַנג, אַזאַ חיה ריוועץ, פאַר אַ ווייב?..

ווי מיינט איר?..

— — — — — — — — — — — — —

מיר האָבן דעם געפּייניקטן מאַן געפּרואווט אָפּרעדן פון זיין באַשלוס. לויט אונזער מיינונג — האָבן מיר אים געזאָגט — איז דער מושב זקנים — ניט פאַר יונגע, געזונטע מענטשן — דערהויפּט — ווען מען האָט אַ סך מויזנטער! מיר האָבן אים פאָרגעלייגט, פריער ווערן אַ „קוואַרטיראַנט" אין מושב זקנים „אויף אַ פּרואוו", דערנאָך זאָל ער אָננעמען אַ דעפיניטיוון באַשלוס!..

עס איז אַזוי געווען! ער איז אַפּגעווען אין מושב זקנים אַ פּאָר טעג בלויז! ער איז געקומען — מיטן תירוץ פון אַ סך אַזעלכע ווי ער — זיין דאָרט איבער פּסח! ער איז אַפּגעווען בלויז צוויי טעג און: —

ער וועט זיך שוין אַזוי אָפּמוטשען זיין ביסל יאָרן מיטן העקערס טאָכטער!..

— ג —

און איצט — אַ פּאָר „ליכטערע" פֿאַלן פֿון שלעכטע איינפּאַר־שטענדעניש צווישן מאַן און ווייב. אמת! עס האַלט ניט ביי... גט'ן זיך. עס האַלט אויך ניט ביים פֿאַרלאָזן דאָס הויז! קיין געזונט אָבער — קומט ביידע ניט צו. ס'איז כדאי זיך באַקענען מיט אַ גערעכטער טענה פֿון אַ וואוילער פֿרוי — אַ וואוילע און געטרייע אשת חיל, וועמען דער מאַן „פֿאַרצאַפּט בלוט" — ווי זי זאָגט און מען קאָן עס פֿאַרמיידן:

— — — — — — — — — — — —

פֿרוי ליובאַ וואָס זיצט איצט און דערציילט איר פֿאַמיליען־לעבן, איז זייער אַ אינטערעסאַנטע פֿרוי! אַ באַלעזונע — ספּעציעל אין אידיש! אַ פֿרוי, וואָס ווייסט אַז דער שלום בית איז די באַזע פֿון אייביקן גליקלעכן פֿאַמיליען לעבן. אַ פֿרוי, וואָס האָט געהאָלפֿן איר מאַן אין דער פּרנסה, זינט זיי האָבן חתונה געהאַט, זינט זיי זענען געקומען אין לאַנד אריין! די ערשטע צייט איז איר מאַן געווען אַ אידישער לערער און זי האָט געאַרבעט ביי פֿאַרשידענע אַרבעטן און זייער הויז האָט ניט געליטן פֿון נויט! אַזוי אַרום האָבן זיי אָפּגעשפּאָרט אַ היבשע סומע און געעפֿנט אַ קלייטל פֿון שרייב מכשירים, ביכער פֿאַר אָנפֿאַנגס שילער און שפּילצייגן! ער — איז ווייטער געבליבן אַ לערער און זי האָט פֿאַרוואַלטעט מיט דעם קלייטל! מיט דער צייט, איז פֿונ'ם קלייטל געוואָרן אַ קלייט און איר מאַן האָט איבערגעלאָזט זיין מלמדות און האָט זיך אָפּגעגעבן מיט דער קלייט צוזאַמען מיט איר!

האָט זי שוין געאַרבעט ווייניקער? — ניין! די אַרבעט איז געוואָרן שווערער! זיי האָבן שוין געהאַט עטלעכע קינדערלעך און זי האָט זיי געדאַרפֿט אַטענדירן! זי האָט טאַקע געהאַלטן אַ דינסט אויף אַ האַלבן טאָג, אָבער זי האָט אַלץ שווער געאַרבעט און...

זיי האָבן געמאַכט אַ פֿאַרמעגן!

און דאָ הויבט זיך אָן איר פֿאַרדרוס! איר מאַן, דווקא אַ אינטעליגענט, וועלכער ווייסט גוט וויפֿל זי, די פֿרוי זיינע, האָט בייגעטראָגן צו זייער גוטן מאַטעריעלן צושטאַנד, — רעכנט זיך גאָרניט מיט איר מיינונג! ספּעציעל פֿאַרדריסט זי — ווען אין אַלע זיינע געשעפֿטן ווען זי איז דאָ ניטאָ אָדער דערביי, באַנוצט ער דאָס וואָרט „איך" — אנשטאַט מיר! ער זאָגט ניט: — „מיר האָבן געקויפֿט אַ שטוב", ער

זאָגט ניט: „ביי אונז אין הויז", „ביי אונז אין געשעפֿט" — נאָר ביי מיר אין הויז, אין מיין געשעפֿט! זי — וועלכע איז אַ גלייכע שותּפֿטע צו אַלע געשעפֿטן, און מעגליך — אַ גרעסערע שותּפֿטע, ווייל זי האָט אריינגעלייגט אי אַרבעט אין געשעפֿט אי אַרבעט אין שטוב. אי דער־צויגן די קינדער, זי — ווען זי דאַרף זיך אויסדרוקן וועגן זייער שטוב אָדער געשעפֿט, באַנוצט זי דאָס וואָרט „מיר", „אונזער"! דאַגעגן ער — ער איגנאָרירט זי און שטענדיק — אָן שום אויסנאַם — אפילו ווען ער דאַרף זיך אויסדרוקן אין דער אַנוועזנהייט פֿון די קינדער אָדער מחו־תּנים — זאָגט ער בלויז: „איך", „מיינס"!.. א. א. וו.

זיי האָבן חתונה שוין אַ יאָר דרייסיק! חתונה געהאַט, האָבן זיי אין דער אַלטער היים! דאָ, הי, האָבן זיי נאָך ניט לעגאַליזירט זייער חתונה! וויפֿל מאָל זי האָט אים שוין געזאָגט, אַז צוליב לעגאַלע טעמים איז גלייכער אַז זיי האָבן דאָ חתונה — לויטן היגן לאַנדס־געזעץ — גע־פֿינט ער קיינמאָל קיין צייט ניט דערויף!.. זי איז אים ניט חושד אין גאָרניט! אָבער — זי איז פֿאָרט ניט רואיק! אָט, האָבן זיי צוריק מיט אַ פּאָר חדשים געקויפֿט נאָך אַ הויז! שוין דאָס דריטע וואָס זיי האָבן דאָ! ביים קויפֿן, האָט ער זי גראַדע געפֿרעגט אַ מיינונג — ווי ער טוט עס שטענדיק! מיט איר מיינונג — רעכנט ער זיך זייער אַ סך! דאָס מאָל, האָט זי אינסיסטירט אַז ער זאָל קויפֿן דאָס הויז אויף... איר נאָמען! וואָס איז פּלוצים? — אָן אַ פֿאַרוואָס! אַזוי וויל איך!.. ער האָט איר צוליב געטון און אַזוי געטון! אָבער — ער גייט שוין אַרום אַראָפּגעלאָזט די נאָז!

צוליב וואָס האָט זי טאַקע געדאַרפֿט אים אַרויסווייזן אַזוי פֿיל אומ־צוטרוי, דאַרט ווי מען לעבט זיך אַזוי פֿיין און גוט?..

גאָרניט! זי האָט געהאַט פֿאַר זיך זייער אַ מיאוסן און שרעקליכן ביישפּיל! אירע אַ באַקאַנטע וועלכע וואוינט מיט איר צוזייטן מאַן שוין אַ יאָר פֿופֿצן, האָבן צוזאַמען קינדער! נאָר... זיי האָבן ניט קיין חתונה ביכּל! זיי האָבן חתונה געהאַט בלויז ביי אַ רבֿ! איצט, האָט דער מאַן גע־וואָרפֿן אַ אומחן אויף איר און... ער טרייבט זי אַרויס פֿון שטוב!.. זיי — אָט דער פּאָר פֿאַלק, האָבן מיט די אייגענע הענט אויפֿגעשטעלט אַ שטיבל! זי האָט אַהין אַריינגעבראַכט איר מעבל און אירע אַ נייַ־מאַשין! איצט מוז זי עס אַלעס איבערלאָזן אים! לויטן געזעץ — אַזוי ווי זי האָט ניט קיין שום קבלה, קיין שום אַנווייזונג, אַז דאָס מעבל איז אירס: און אַזוי ווי די שטוב איז אויף זיין נאָמען — איז זי אַ פֿרעמדע! אַ דינסט! די קינדער זענען „אומלעגאַלע" און זי דאַרף אַלעס איבערלאָזן און זיך גיין!..

אָט די פּאַסירונג איז איר געשטאַנען פאַר די אויגן, און כאָטש זי האָט ניט איבערגעטראַכט אַז מיט איר קאָן אויך אַזוי געשען — דאָך... ווייל זי זיך באַוואָרענען!

— איז דאָס אַן עוולה?..

און אויב עס איז אַן עוולה וואָס איך וויל זיך באַוואָרענען — טאָ ווער באַגייט אַ גרעסערע עוולה? איך? — צו מיין מאַן, וועלכער האַנדלט אַזוי עגאָאיסטיש? צו איז ער ניט גורם, — מיט זיין „איך" און „מיינס" — אַז איך זאָל אים ניט חושד זיין, אַז אין אַ שיינעם טאָג וועט ער מיר ניט אָפּטאָן, ווי יענער מאַן, וועגן וועלכן איך האָב אייך נאָר וואָס דערציילט?

צו האָב איך ניט קיין רעכט איבערטראַכטן?..

— — — — — — — — — — — — —

שווער געווען צו דיסקוטירן מיט אָט דער אינטעליגענטנער פרוי! עס איז נעבעך אמת — אַ ביטערער אמת — אַז אַ סך מענער פאַר־געסן אָדער מאַכן זיך פאַרגעסן, אַז דערציִען אַ קינד, צוגרייטן דעם מיטיק, אויפהאַלטן ריין די שטוב, איז ניט קיין קלענערע אַרבעט ווי... לערנען מיט קינדער אין אַ שולע, אָדער שטיין אין קליִיט, אָדער, אפילו, קלאַפּן מיט אַ האַמער אין קאָוואַדלע! ניט אַלע מענער ווילן פאַרשטיין אַז די פרוי קען ווערן „אייפערזיכטיק" — און מיט רעכט — ניט בלויז ווען זיי שמייכלען צו אַ צווייטער פרוי — נאָר אויך אפילו, ווען דער מאַן שאַצט ניט אָפּ זייער אַרבעט און מיינט אַז... אַ דאַנק אים לעבט די פאַמיליע!..

אַ פרוי האָט אַ רעכט אויף... איר רעכט! זי מעג אויך... איבער־טראַכטן!..

— ד —

און, אָט, װעלן מיר בעהאַנדלען אַ צװײטן „לײכטן" פֿאַל — אַ „מע־נערײשן", אַ פֿאַל װאָס איז גורם צו אַ פֿאַרשטערט פֿאַמיליען־לעבן.

אונזער דערצײלער — איז אַן עלטערער מאַן, צװישן פֿופֿציק און זעכציק! ער זעט אױס זײער פֿאַרזאָרגט, גײט רײך געקלײדעט, און לאָזט זײן סיגאַרעט פֿון מױל ניט אַרױס! ער נוצט, כמעט, ניט קײן שװעבעלעך! ער פֿאַרװיכערט אײנעם נאָכן אַנדערן! ער רױכערט אָט די קלײנע סיגאַרעטלעך אָן פּאַפּיר, װעלכע לאָזן אַרױס אַ רױך אױף דער־שטיקט צו װערן!..

ער הױבט אָן דערצײלן:

מיט יענער װעלט, מיט אַ װאױלער קרקע פֿאַר מיר מיט מײן אי־דענע, בין איך שױן פֿאַרזאָרגט; שױן אַ פּאָר יאָר װי איך האָב מיר גע־קױפֿט אַ פּלאַץ, אַ בכבודיק „פּלאַץ" און, װי נאָר איך װעל פֿאַרמאַכן די אױגן װעל איך שױן האָבן אַ „נײ־װאָױנונג" און די חברה קדישא װעט זיך ניט דאַרפֿן דינגען מיט מײנע יורשים פֿאַרן פּלאַץ צי פֿאַר קבורה געלט!.. איצט לאָזט זיך אױס, אַז... דאָס „פּלאַץ" טױג ניט! עס איז צו קלײן פֿאַר אונז בײדע! מײן אידענע קלױבט זיך מיטנעמען אַהין אירע... דרײ פֿאַלן װאָס זענען בײ איר „לוסטרירט" (געפּוצט)!

אַ יאָ, איר פֿאַרשטײט ניט! איך — װאָלט עס אױך ניט פֿאַר־שטאַנען! אָבער װען איר קומט אײנמאָל אַרײן צו מיר און איר זעט װי אַזױ מײן אידענע היט אײך אַז איר „פֿאַל" זאָל חלילה פֿון אײערע פֿיס ניט „פֿאַרפֿלעקט" װערן — װאָלט איר געפֿילט מײן לעבן!..

האָב איך חלילה עפּעס אַרױסגענעמען פֿון שאַפֿקעלע און עס איז אַרױסגעפֿאַלן אױפֿן פֿאַל — איז מײן לעבן ניט זיכער! אױ! דער פֿאַל! אַן אומגליק האָט זי געטראָפֿן! דער פֿאַל! און זי נעמט זיך שנעל אָנ־בױגן און אױסװישן דעם פֿאַל! דער פֿאַל מוז בליסטשען װײל... „מענ־טשן" דאַרפֿן קומען! װער זענען די מענטשן װאָס דאַרפֿן צו מיר קו־מען? — קײנער ניט! פֿריער, צוריק מיט יאָרן, װען מיר זענען געװען יונגער, פֿלעגן קומען צו אונז געסט און מיר זענען געגאַנגען צו גאַסט! איך האָב שטאַרק ליב געסט! איך האָב ליב אַז עס קומען צו מיר אַ פּאָר פֿאַמיליעס צו גאַסט, מען זיצט שפּעט, מען פֿאַרברענגט, מען הערט די

„דיסקאָס" וואָס איך האָב זייער שיינע און אינטערעסאַנטע „דיסקאָס" פון די בעסטע זינגער און חזנים! איך אַליין זעץ זיך צו דער פּיאַנאָ און קלאַפּ מיט איין פינגער אויס אַ פּאָר אידישע מאָטיוון!

דאָס אַלעס איז געווען צוריק מיט אַ צען יאָר, ווען איך האָב נאָך געהאַט אַלע מיינע פינף קינדער ניט אויסגעגעבן און אין שטוב איז בכלל געווען פריילעך!..

היינט, ווען די שטוב איז אַזוי אומעטיק, ווען די פייגעלעך מיינע זענען אַרויסגעפלויגן פון שטייגעלע, און איך האָב שוין פאַרקויפט דאָס לעצטע קינדערעש בעטל וואָס איך האָב געהאַט אין שטוב, היינט, ווען איך נויטיק זיך אַזוי אין מענטשן און אין געסט — איז מיין אידענע געוואָרן אַ שונא פון „בעטן געסט אין שטוב אַריין"! איר תירוץ איז — ניטאָ קיין כוחות צוגרייטן וועטשערעס! עס איז אָבער ניט אמת! ניט זי דאַרף האָרעווען — פאַראַן אַ געזונטע גויע וואָס העלפט אַרוים אין דער אַרבעט! דער אמת׳ער תירוץ איז! —

זי זשאַלעוועט די פּ אָ ל ן! דער פּאָל איז לוסטרירט, בליסטשעט! און געסט קאָנען אים נאָך, חלילה, „פאַרפּאַראַשען"!... און, אַט, אַזוי, זענען מיר געוואָרן אָפּגעפרעמדט פון פריינט און חברים און זיי — פון אונז!.. דער פּאָל! דער פּאָל מוז בלייבן ריין!..

— — — — — — — — — — — — — —

איך בין זיך ניט געקומען קלאָגן פאַר אייך אויף מיין פרוי! אַזעלכע ווי זי, זענען דאָ ווייניק! אַ געטרייע און איבערגעגעבענע! מיר זענען דוכט זיך אַ פּאָרל פון גאָט! דאָך — האָבן מיר אייניקע קעגנזעצלעכע אייגנשאַפטן, וואָס פאַרשאַפט מיר בייז בלוט!..

למשל: זי האָט ליב צו עסן און טרינקען קאַלטס! איך, ווידער, האָב ליב הייס! איז, ווי נאָר מען זעצט זיך עסן — הויבט זי אָן מאַכן מיר באַמערקונגען!.. הויבט אָן ברומקען: וואָס כאַפּסטו? ווער לויפט דיר נאָך? וואָס האָסטו קיין צייט ניט? א. א. וו.

טענה איך צו איר: וואָס איז דיין עסק? א י ך, זאָג דיר אָן עצה ווי אַזוי דו זאָלסט עסן?.. אַט, קאָן איך ניט ליידן ווי דו עסט אַזוי פּאַ־מעלעך, אַזוי קאַלט, און דאָך שוויג איך!..

אויב ניט דאָס עסן — האָט זי שטענדיק אַ באַמערקונג אויף דער הלבשה וואָס איר טראָגט! ספּעציעל אויף די שניפּסן! עס קומט אויס אַז

איר דארפט ניט טראגן קיין שניפס וואס אייך געפעלט — נאר וואס אייער פרוי געפעלט! און איר — געפעלט דאס פארקערטע פון אייך!..

צו למשל: איך האב ליב צו גיין אין קינא אדער אין טעאטער מיט א האלבער שעה פריער! איך האב ליב, צו פארן צום באן מיט... א שעה פריער! איך האבן ליב אז דער באן ווארט אויף מיר! זי, מיין פרוי האט ליב אנקומען צום דריטן קלונג! אין טעאטער — ווען מען הויבט אויף דעם פארהאנג!..

איך קריג זיך ניט מיט איר צוליב דעם? אבער עס גרימט מיך אינעווייניק און עס מאכט מיר א סך „בייז בלוט"! און אז פון האבן „בייז בלוט" — קומט קיין געזונט ניט צו — דארף איך אייך ניט דערציילן! אבער — זי, מיין אידענע? איך וועל זי שוין, דוכט זיך, ניט איבער־אנדערשן!.. עס וועט איר זיכער באנק טון, ווען, צוליבן „בייזן בלוט" וואס זי פארשאפט מיר, וועל איך האבן קיצור ימים! עס וועט אבער זיין צו שפעט! ווי מיינט איר? — בין איך ניט גערעכט?..

— — — — — — — — — — — — —

מיר האבן אים אוודאי געוואלט געבן גערעכט! אבער, מיר האבן אים געמוזט דערציילן — טאקע כדי אים צו בארואיקן — אז די בעס־טע דאקטוירים שרייבן אין די בלעטער אנדערש! זיי שרייבן, אז ווען... די מענער זאלן זיך צוהערן צו זייערע פרויען, ווען זיי עסן — און וויפל זיי עסן — וואלטן זיי א סך מער געלעבט! א פרוי דערזעט אז דער מאן עסט שנעל, עסט היים, צו היים, וויל זי ניט אז דער מאן זאל שלאף ווערן! זי ווייסט אז עס וועט אויסגיין צו איר קאפ! זי וועט אים דארפן אטענדירן אדער אפשר טאקע... בלייבן אן אלמנה!..

פארוואס זשע ניט הערן ווען די פרוי רעדט?..

## זי ווייל אז מען זאָל איר געבן א „הכשר" אויף צונעמען ביי איר באַקאַנטע — דעם מאַן!..

אויפן ערשטן מאָמענט מאַכט די פרוי זייער אַ סימפּאַטישן איינ־דרוק. איר אויסזען, איר שיין און עלעגאַנט קלייד וואָס זי טראָגט, איר יונג פּנים׳ל — אַ פרוי אין די מיטעלע דרייסיקער יאָרן און איר גע־טאַקטע שפּראַך וואָס זי רעדט — באַקומט איר אַ אינטערעס זי אויס־הערן און עס ווייזט זיך אייך אויס, — אַז דאָס רעדט אַ אומשולדיג מלאכ׳ל צו אייך.

ווען זי הויבט אָן דערציילן איר לעבן, ווען זי הויבט אָן שילדערן איר לאַגע און, לסוף, ווען זי ענדיגט איר דערציילונג בייט איר אייער מיינונג וועגן איר! איר באַשטימט ווי, אין קרילאָווס פאַבל — „ניט אַלעס איז גאָלד וואָס בלישטשעט"...

זי הויבט אָן איר דערציילונג:

זי איז געקומען אין לאַנד אַריין ווען זי איז, קוים, אַלט געווען דריי יאָר! אירע עלטערן זענען געקומען אַהער מיטן געדאַנק צו ווערן ערד־אַרבעטער! זיי האָבן געחלומט פון אַ אייגענער „אימעניע" פון פערד, אָקסן, שאָף, הינער וואָס פּאַשען זיך אויף זייער פעלד. אין דער אַלטער היים איז דער טאַטע געווען אַ סוחר, אַ מעקלער, אַ לופט־מענטש. דאָ, האָט ער געוואָלט האָבן אַ סאָליד שטיקל ברויט. דער גורל האָט אָבער געוואָלט אַנדערש! די „יקא", ד ע מ א ל ט , איז ניט געווען ווי זי איז איצט, זי האָט זיך באַצויגן גלייכגילטיק צו אַזאַ קלאָס אידן, מען האָט זיי אַרויפגעפירט אויף אַ ווילד פעלד, וואָס איז עטלעכע יאָר געשטאַנען ליידיק און מען האָט זיי — דעם טאַטן, מאַמען, און צוויי ברידער און צוויי שוועסטערלעך, געהייסן גראָבן די ערד מיט די הענט, מיט די ציין!.. חוץ דעם, זענען זיי געוואוירע געוואָרן, אַז די דאָזיקע ערד אויף וועלכער מען האָט זיי באַזעצט, האָט פריער געהערט צו אַן אַנדער אי־דישן קאָלאָניסט, וועמען מען האָט אַרויסגעוואָרפן אויף דער גאַס, ווייל

ער האָט ניט געקאָנט צאָלן זיין „קוואָטא“. פאַר וויטיק און פאַרדרוס איז די קאָלאָניסטקע געשטאָרבן אויפן אַכטן טאָג! נו! האָט זיך אונזער מאַמען געהאַלטן אין איין חלומן, אָט יענע פרוי, וואָס קומט פון יענער וועלט, און... שעלט און שעלט פאַרוואָס מען האָט צוגענומען איר שטוב!.. טאַטע-מאַמע, האָבן איבערגעלאָזט אָט די פאַרשאָלטענע שטוב מיטן פעלד מיט די ווילדע גראָזן און מיר זענען אַוועק אין שטאָט אַריין!..

מיין פאָטער האָט זיך זייער גוט איינגעאָרדנט! אַ „קאָפּ-מענטש“, איז ער געווען אַ גרויסער! ער האָט אָנגעהויבן מסחר'ן, דערנאָך געעפנט אַ פאַבריקל ,דערנאָך אַ גרויסע פאַבריק! מיר, די קינדער זייערע, האָבן זיך גוט געלערנט און מיר האָבן געענדיקט מיטל-שול!

צו אַכצן יאָר, האָב איך באַשטימט אַריין אין אַ שולע פון קראַנקנ-שוועסטער! איך האָב געהאַט אַ גוואַלדיקן אינטערעס פאַר אָט דער באַ-רימהאַרציקער, מענטשליבלעכער אַרבעט! איך האָב געוואָלט זיין אַ קראַנקנשוועסטער, ניט כדי צו פאַרדינען געלט — נאָר אַלס פערזענלע-כער ליבע צו אָט דער פראָפעסיע און צו אָט דעם מענטשלעכן באַרוף!.. איך האָב די שולע פון קראַנקנשוועסטער געענדיקט מיט אַ אויסצייכע-נונג און בין אַריין אַרבעטן אין שפּיטאָל. און צווישן אָט דער צייט, איז מיין פאָטער אַוועק שלעכט אין דער פּרנסה!

די פאַבריק זיינע איז אָפּגעברענט געוואָרן, אַ חדש נאָך דעם, ווי עס האָט זיך אים געענדיגט די „פאַרזיכערונגס-פּאָליסעס“ און ער האָט ניט אויסגעפיעט זיי צו באַנייען!.. ער איז אָרוים פון פאַבריק נאַקעט און אָרים! אַזוי אָרום, אַז מיינע פאַרדינסטן אין שפּיטאָל און מיינע פּאַרטי-קולאַרע הכנסות פון שטעלן נאָדלען אָדער היטן אַ קראַנקן, זענען זייער גוט צונוץ געקומען אין שטוב אַריין! איך פלעג אַרבעטן זייער שווער און זייער אַ סך און האָב קיין טענות ניט געהאַט צו קיינעם!

דער טאַטע, די מאַמע, פלעגן קוקן אויף מיר און... וויינען! פון איין זייט, בין איך געווען זייער אַ גרויסע שטיצע פאַר זיי און פון דער צווייטער זייט האָבן זיי געוואָלט אַז איך זאָל געפינען עפּעס אַ בחור און חתונה האָבן!.. איך בין געוואָרן אַ מויד פון עטלעכע און צוואַנציק יאָר און בין געוואָרן וואָס אַ טאָג עלטער, ניט יונגער!.. איך פלעג זיי טרייסטן אַז קיין אידישער מאַנאַסטיר איז דאָך ניט פאַראַן און איך וועל זיך שוין אַמאָל אָנטרעפן אויף מיין באַשערטן!

אָנטרעפן? עס האָט זיך ניט אָנגעטראָפן! איך האָב גראָדע געהאַט אינטערעס צו געפינען מיין באַשערטן, אָבער ווייזט אויס, אַז ניט שטענדיק ווען מען וויל געפינען — געפינט זיך!.. און אָט אַזוי האָב איך

געאַרבעט אויף מיין פּאָסטן אָדער אין שפּיטאָל, אָדער אין אַ פּריוואַטער סאַנאַטאָריע און גוט פאַרדינט! ביז...

ביז אַ טראַגישער טאָג איז געקומען! מיין „באַשערטער" האָט זיך אָפּגעזוכט, אָבער, ער גייט אַרום געבונדן און געקאָוועט די הענט אין אייזערנע קייטן און קאָן צו מיר ניט צוקומען!..

אין איינעם אַ טאָג — צוריק מיט צוויי יאָר איז דאָס געווען — איך האָב דעמאָלט געאַרבעט אין אַ היגער גרויסער און באַרימטער סאַנאַטאָריע — האָט מען געבראַכט אַ עלטערע פרוי וועלכע מען האָט גערפּט אָפּערירן אויף „שטיינער אין די לעבער". ווען מען האָט זי געבראַכט — בין איך דעמאָלט ניט געווען! ווען עס איז אָנגעקומען מיין „טורנע" האָב איך זי שוין געטראָפן!.. אין צימער נומער 27. ווען איך האָב, דאָס ערשטע מאָל, דערזען די פרוי, האָט זי מיך איבערראַשט מיט איר... מיאוסקייט! ממש אַ העסליכע בריאה! עס טרעפט זיך זייער זעלטן, אַז אַ פרוי זאָל זיין אַזוי מיאוס און אַזוי ענלעך צו... מאַלפּע! אָט, דאָס, האָט אַרויסגערופן ביי מיר, נאָך מער רחמנות צו איר און איך האָב, ביי זיך באַשטימט איר אָפּגעבן מיין גאַנצע פרייע צייט וואָס איך האָב אין סאַנאַטאָריע!.. איך בין געזעסן אין צימער נומער 27!

פאַר איבעראַשונג, האָב איך, אפילו, פאַרגעסן אַ קוק צו טון אין דער „טאַבעלע" וואָס הענגט נעבן איר בעט, וואו עס איז פאַרצייכנט איר נאָמען, פאַמיליע, יאָרן און „ציווילער צושטאַנד". איך האָב זי אַ פרעג געטון ווי אַזוי זי הייסט? באַקומען אַ ענטפער אַז זי הייסט מאַריא-אסתר — האָב איך זי גענומען גרייטן צו דער אָפּעראַציע.

פאַרנאַכט ווען איך האָב געדאַרפט פאַרלאָזן די סאַנאַטאָריע, בין איך אַריינגעקומען צו איר אין צימער און געגעבן אינסטרוקציעס דער צווייטער קראַנקנשוועסטער וואָס פאַרביט מיך, וואָס מען דאַרף דער קראַנקער געבן ביינאַכט צו טרינקען! ביים אַרויסגיין פון איר צימער, איז אַריינגעקומען צו איר אַ יונגערמאַן, פון אַ יאָר דרייסיק אָדער צוויי און דרייסיק! איך בין געווען זיכער אַז דאָס איז איר זון און אפשר גאָר... אַן אייניקל! די פרוי האָט מיר אויסגעוויזן צו זיין אַלט... אַריבער זעכציק!

דעם אַנדערן אינדערפרי איך קום אין סאַנאַטאָריע אַריין, גיי איך דאָס ערשטע אַריין אין א י ר צימער. איך טרעף זי זייער מונטער, אויפגעלייגט און כמעט ווי פריילעך! זי דערציילט מיר באַלד אַז איר מאַן האָט באַשטעלט אַ גרויסן פּראָפעסאָר וואָס וועט ביייזיין איר אָפּעראַציע! ווען איז דאָ געווען דער מאַן? מן הסתם ביינאַכט? ניין! נעכטן ווען איך בין אַרויס איז אָנגעקומען איר מאַן!..

איך בלייב שטיין געליימט! וואס? אט דער יונגעטשקער בחור איז איר מאן?..

יא! דאס איז איר מאן!

איך כאפ שוין א קוק אויף דער „טאבעלע" זעען וויפל זי איז אלט? איך ווער ווידער איבערראשט! זי איז אינגאנצן אלט 36 יאר! מאמע מיינע ווי שרעקלעך, ווי מיאוס זי זעט אוים!.. ווי קומט צו איר אזא שיינער, יונגער און שלאנקער בחור אלס מאן?..

ארום צוויי בייטאג איז געקומען איר מאן! די קראנקע האט מיך באקאנט מיט אים! ער האט שוין געהערט אז איך אטענדיר זיין פרוי מיט א ספעציעלער אויפמערקזאמקייט! ער זאגט מיר צו „צו בלייבן דאנקבאר" אויב איך וועל אויך אויף ווייטער איר שענקען אויפמערק־זאמקייט!.. איך קוק אויפן בחור און קוק אויף דער פרוי און טראכט ביי זיך:

פארשידן זענען דיינע וועגן, גאטעניו! אט אזא אנשיקעניש, קריגט אזא שיינעם מאן, און אזא געזונטע שיינע מויד ווי איך — ניטא אויף איר קיין בעלנים!..

— — — — — — — — — — — — —

די פרוי האט מען נאך ניט געקאנט אפערירן! זי האט געהאט וואר־רימקייט און אנדערע צוטשעפענישן און מען האט געמוזט אפווארטן מיט דער אפעראציע. איך בין געוועזן ביי איר הונדערט מאל א טאג אין צימער! איך פלעג אריינגיין צו איר ווען איך האב גענדארפט און ווען איך האב ניט גענדארפט! איך האב געוואלט מיט איר רעדן, א סך רעדן! איך האב געוואלט וויסן, ווי... קומט ער צו איר? ווי אזוי האט זי אים פארטשעפעט און צוגעטשעפעט צו זיך! אויך איר מאן האט אנגעהויבן קומען צו איר עטלעכע מאל אין טאג און, „דורך א צופאל", בלויז דאן, ווען איך בין געווען „דיזשורנע"... מיר פלעגן רעדן, פארברענגען אלע דריי און דערנאך... ווען ער איז אוועקגעגאנגען, האב איך אים ארוים־באגלייט ביז צו דער טיר...

איינמאל, ביים ארויסבאגלייטן אים, האט ער מיך שטילערהייד געבעטן, אז איך זאל מיט אים, היינט ביינאכט עסן אוונט־ברויט!.. איך האב אנגענומען זיין איינלאדונג! איך בין שוין... געווען פארליבט אין אים און איך האב ניט געוואלט און ניט געקאנט טראכטן, וואס מען מעג און וואס מען טאר ניט! איך... בין געגאנגען עסן מיט אים!..

דארטן, אין רעסטאראן, בין איך געווארירע געווארן דעם גאנצן אמת וועגן זיי ביידע! אונזער עסן האט געדויערט אזוי לאנג ביז... מיר

זענען געבליבן די איינציקע „עסערס" און מען האָט געדאַרפט פאַר־
מאַכן דעם רעסטאָראַן! ער האָט דערציילט, מיט טרערן אין די אויגן,
אַז די פרוי זיינע, איז, ניט בלויז אַ מיאוסקייט — נאָר אויך אַ מרשעת!
זייער אַ שלעכטע! איר שמייכלעלע איז פול מיט גיפט!

ווי קומט ער צו איר? אַ לאַנגע געשיכטע! אַ טרויעריקע געשיכטע!
ער האָט געאַרבעט ביי איר פאָטער אַלס בוך־פירער! איר פאָטער האָט
געהאַט אַ גרויסע פאַבריק און אַ גרויס געשעפט! ער — מיר'ן רופן
אברהם — איז געווען דער הויפט־בוכהאַלטער! שפּעטער איז ער גע־
וואָרן דער הויפט־קאַסיר! הונדערטער טויזנטער פלעגן דורכגיין דורך
זיין האַנט! ער האָט גוט פאַרדינט און געלעבט אַ גוטן טאָג! ביז... ער איז
אַריינגעפאַלן צו אַ באַנדע „פּאָקער־שפּילער"! ער האָט ניט געוואוסט
אַז דאָס איז אַ גוט אָרגאַניזירטע באַנדע וואָס אַרבעט אויסגערעכנט! די
ערשטע צייט, האָט מען אים „צוגעשאַרט" און ער האָט געהאַלטן אין
איין געווינען און געווינען!.. ער האָט שוין געטראַכט פון קויפן אַ שטוב
פון די געווינענע געלטער! פלוצים האָט ער אָנגעהויבן פאַרשפּילן און
פאַרשפּילן! וואָס ער האָט ניט געהאַט אין דער האַנט — האָט איינער
פון זיי געהאַט מער! אפילו אַ „קעניגלעכער לייטער" האָט ניט געטויגט!
ער האָט אָפּגעגעבן צוריק דאָס געוואונענע געלט און האָט אָנגעהויבן
פאַרשפּילן אייגנס!

קיין סך אייגנס האָט ער ניט געהאַט! וויפל ער האָט אָפּגעשפּאָרט
— האָט ער אָפּגעגעבן! ער האָט, אָבער, פאַרט געוואָלט אָפּגעוואונען!
— האָט ער אָנגעהויבן „לייען" אין דער „קאַסע" ביים בעל הבית! ער
האָט געליען מיטן געדאַנק באַלד אומצוקערן! אָבער — דער „באַלד" איז
ניט געקומען! ווען דער בעל הבית האָט זיך געכאַפּט — האָט ער שוין
פון דער „קאַסע" אַרויסגעצויגן העכער צוויי הונדערט טויזנט פּעזאָס...

איך האָב געוואוסט — דערציילט מיר אברהם — אַז פאַר אַזאַ
פאַרברעכן, קומט מיר עטלעכע יאָר תפיסה! עס האָט מיך ניט געאַרט!
איך האָב געזינדיקט — דאַרף איך אָפּקומען מיין שטראָף! וואָס איך
האָב מורא געהאַט איז, אַז מיינע עלטערן, ספּעציעל, מיין אַלטע לי־
בע מאַמע, וועט ניט איבערלעבן ווען זי וועט געוואוירע ווערן וואָס איר
זונדעלע האָט אָפּגעטון און וואָס פון מיר איז געוואָרן! דערפאַר, ווען איך
בין געבליבן מיט מיין בעל הבית אַליין אין זיין אַרבעטס־צימער, בין
איך אים געפאַלן צו די פיס און אים געבעטן רחמים! איך האָב זיך פאַר־
געלייגט זיין ביי אים אַ אייביקער קנעכט! זאָל ער טון מיט מיר וואָס
ער וויל זיין גאַנץ לעבן! סיי ווי, וועט ער דאָך דאָס געלט צוריק ניט זען!

איך האָב אים דערציילט ווי אַזוי איך האָב עס געפּטרט און ווער עס זענען געוועזן מיינע שותפים ביים „פּאַקער״.

מיין בעל הבית האָט מיך אויסגעהערט, אַרויסגענומען אַ ווייס פּאַפּיר און מיר דיקטירט אַ בריף אין וועלכן איך מעלדע אים און בין זיך מודה, אַז איך האָב באַ׳גנבעט און באַשווינדלט אויף אַ האַלבן מיליאָן פּעזאָס. איך האָב קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט און אים אונטערגעשריבן וואָס ער וויל! ער האָט מיר געהייסן קומען אויף דער נאַכט צו אים אַ היים און דאָרט זאָל איך גאָרניט זאָגן און גאָרניט רעדן! בכלל זאָל איך דאָרט זיין פריילעך און מונטער!.. זאָלסט אויך קומען עלעגאַנט געקליידעט! — האָט ער מיר אָנגעזאָגט!..

גיין צו אים אַהיים האָב איך קיין גרויסן חשק ניט געהאַט! ערשטנס —די פרוי זיינע! איר קוקט אָן די טאָכטער איז זי נאָך אַ „קראַסאַוויצאַ״ קעגן מיין שוויגער! יענע — איז פּשוט אַ מכשפה! צווייטנס האָב איך ניט געקאָנט אָנקוקן זיין טאָכטער, וועלכע האָט זיך געהאַלטן שטענדיק אין איין חנ׳דלען צו מיר! זי פלעגט ספּעציעל קומען אין אונזער קאַנטאָר און זוכן מיט מיר צו רעדן, מיר שטערן ביי דער אַרבעט! און דער פאָטער? — ער פלעגט זיך אָנרופן צו מיר:

אברהמ׳ל! איידער איר זאָלט ביידע מיר שטערן דאָ אין דער אַרבעט, נעם מיין ציליע און גייט ביידע שפּאַצירן — וועט מיך קאָסטן ביליקער — דערביי האָט ער אונז ביידע פּשוט אַרויסגעטריבן!.. און אָט אַזוי פלעגט זי מיך ניט לאָזן לעבן!

יענעם אויף דער נאַכט, ווען איך בין געקומען אַהין, האָב איך געטראָפן אפשר צוואַנציק מענטשן — אַלע פאַמיליעס פון מיין בעל בעל הבית! ווען איך האָב געעפנט די טיר האָט מען מיך אויפגענומען מיט... אַ רוישנדיקן אפלאָוז! איך בין געוואָרן רויט, כ׳האָב ניט געוואוסט וואָס איז די פרייד אַרום מיר! אין אַ פּאָר מינוט בין איך געוואוירע געוואָרן! דער בעל הבית האָט זיך געווענדעט צו די ביייועזנדע און זיי געמעלדעט אַז איך האָב ביי אים היינט געבעטן זיין טאָכטערס האַנט! אַזוי ווי ער איז מסכים ווינטשט ער מיר מזל טוב! ער האָט באַלד אַרויסגענומען רינגלעך און, כמעט, מיך צוגעשטופּט צו מיין „כלה״...

שפּעט ביינאַכט ווען אַלע זענען זיך צוגאַנגען, האָט מיר מיין בעל הבית — מיין נייער מחותן און צוקונפטיקער שווער געמעלדעט:

איך בלייב אַרבעטן ווי פריער ביי אים אין געשעפט נאָך... מיט אַ דאָפּלטן געהאַלט! אין טאָג פון אונזער חתונה באַקום איך אַ טשעק פון

הונדערט טויזנט פּעזאָס! אין טאָג ווען עס וועט געבוירן ווערן דאָס ערשטע קינד באַקום איך, אַלס מתנה... מיין אָנגעשריבענע בריף צו אים וואו איך בין זיך מודה אין גנבה און שווינדל...

און צווישן דער צייט איז מיין שווער געשטאָרבן!.. ער קאָן מיר שוין גאָרניט טון! — האָט מיר אַברהם יענעם אויפדערנאַכט דערציילט — אַן אַנדערער אויף מיין אָרט וואָלט זי באַלד איבערגעלאָזט מיטן קינד און אַנטלאָפן אין דער וויטער וועלט אַריין! איך האָב עס ניט געקאָנט טון! איך האָב שוין מיין לעבן מיאש געווען, ביז... איך האָב דיך דערזען!..

— — — — — — — — — — — — —

און דאָ הויבט זיך אָן מיין ראָמאַן — זעצט פאָר אונזער קראַנקנ־שוועסטער! יענעם אויפדערנאַכט האָט ער זיך מיר „דערקלערט"! ער וועט אָן מיר ניט לעבן! איך מוז ווערן זיינע! איך מוז מיט אים אַנטלויפן!..

ווען איך בין דעם צווייטן אינדערפרי געקומען אין שפּיטאָל האָב איך אויף דער „פּאַציענטקע" פון צימער 27 שוין ניט געקאָנט קוקן! איך האָב געפילט צו איר אַן האַס! איך דערמאָן זיך איצט — גייט מיר אַי־בער אַ ציטער איבערן לייב! געווען מאָמענטן ווען עס איז מיר אַריין אַ געדאַנק אין קאָפּ: „מאַכן אַ טעות" און... זי אָפּסמ'ן! איך האָב געקאָנט זייער לייכט איר געבן עפּעס אַזעלכעס אַז עס זאָל איר ווערן ערגער און זי זאָל שוין פון בעט ניט אויפשטיין און קיינער זאָל ניט חושד זיין אין גאָרניט! דאָס זעלבע איז געווען ביי דער אָפּעראַציע! איך האָב געקאָנט אַ „טעות" האָבן ביים געבן איר דעם „גאַז"! איך האָב, אָבער, פאַרטריבן דעם געדאַנק פון זיך! טויטן זי? — דאָס האָב איך ניט געוואָלט! איך האָב געמיינט, אַז ווען זי וועט געזונט ווערן און וועט געוואָוירע ווערן דעם אמת ווי אַזוי זי האָט אַריינגעקראָגן איר מאַן. וועט זי אַליין פאַר־שטיין אַז זי דאַרף אים באַפרייען! אויך אַברהם האָט געהאַט אַזאַ מיי־נונג! ער וועט איר אויסזאָגן דעם אמת און בעטן זי זאָל אים באַפרייען!..

מיר האָבן, אָבער,ביידע אַ טעות געהאַט! זי וויל אים ניט באַפריי־ען! זאָל ער זיין צו איר אַ פרעמדער, אָבער צו קיין צווייטער זאָל ער ניט געהערן! ער מוז זיין צוגעבונדן צו איר! צו אירע צוויי קינדער וואָס זיי האָבן!..

איך — בין ניט מסכים מיט איר! זי האָט אויף אים קיין רעכט ניט! ער, האָט צוגעגנב'ט ביי איר פאָטער געלט! שמוציק געלט! זי — וויל ביי אים צורויבן זיין גאַנץ לעבן! זיין גליק! חוץ דעם: — זי האָט שוין געהאַט געננוג גליק! זיי האָבן עטלעכע יאָר געלעבט צוזאַמען, זי

האָט זיינע קינדער, וועלכע ער וויל איר לאָזן, האָט זי קיין רעכט ניט אים צו האַלטן! איך דענק, אַז איך האָב אויך אַ רעכט אויף אַ שטיקעלע גליק! איך האָב אויך אַ רעכט אויף עטלעכע יאָר גליקלעך לעבן און איך ווייס ניט, אויב מען קאָן מיך פאַראורטיילן אויב איך וועל מיין אַברהם׳ן צונעמען פון אַט דער שלאַנג, פון אַט דער מיאוסקייט און אים מאַכן גליקלעך ווי אים קומט... איך גלויב ניט, אַז איך וועל טון אַ שלעכטע אומאָראַלישע זאַך!..

— — — — — — — — — — — — —

אין עטלעכע טעג אַרום. מיר — איך און פרוי ציליע — זיצן צוזאַמען אין אַן אַריסטאָקראַטישער קאָנפיטעריא און שמועסן געמיט־לעך! איך האָב זי ניט אָפּגערופן, כדי זי איבערצייגן, אַז זי מוז „אָפּ־געבן" איר מאַן אַ צווייטער, אַ יונגערער און אַ שענערער פון איר — איך האָב איר פּשוט פאַרגעלייגט מיין מיטהילף, וואָס זי האָט מיט פאַר־געניגן, אָנגענומען.

איך זיץ און באַטראַכט אַט די פרוי ציליע וואָס דאַרף זיין — לויט ווי מען האָט זי אויסגעמאָלט — די העסלעכקייט אַליין! יאָ! אמת! קיין שיינע איז זי טאַקע ניט! מען קאָן אַפילו באַהויפּטן אַז זי איז מיאוס, און דער חלוק, צווישן איר און דער קאָנקורענטקע אירער, איז, ווי פון טאָג צו נאַכט, אָבער חן — פאַרמאָגט זי אָן אַ שיעור! צוויי חן גריבע־לעך אירע באַשיינען איר פּנים! וואָס איז שייך איר אויסזען, איר על־טער, איז טאַקע אומעגלעך צו גלויבן אַז אַט די פרוי איז נאָך קיין פער־ציק יאָר ניט אַלט!.. אירע גראָע האָר, איר פאַרקנייטשטער שטערן און טונקעלע קליידער וואָס זי טראָגט, מאַכן זי אַלט, שטאַרק אַלט!..

אונזער שמועס הויבט זיך אָן פון... נאַרישקייטן! מען רעדט וועגן וועטער, וועגן שניי אין די בערג וועגן גרויסע קעלטן אין די וואַרימע געגנטן,, און מען גייט אַרויף אויף דער אייביקער טעמע: — טויט! פון „טויט", קערן מיר זיך אום צו שפּיטאָל און פון שפּיטאָל — צו שפּיטאָל שוועסטער, צו קראַנקנשוועסטער!.. איך פאַרליר ניט קיין צייט און דער־צייל מיין מיטשמועסערן אַלעס וואָס איך ווייס וועגן איר, וועגן איר מאַן און וועגן איר צעבראָכן לעבן!..

פרוי ציליע הערט אוים רואיק! זי „פּראוועט" ניט קיין ווייבערישע שטיק, זי ווישט ניט אירע אויגן! זי איז שוין לאַנג גרייט צו מאַכן אַ סוף פון אַט דער לאַגע! זי וויל בלויז אַז איר מאַן זאָל איר אומקערן דאָס, וואָס עם קומט איר! זי מיינט דאָס געלט וואָס איר מאַן האָט באַשווינדלט איר גאָטזעליקן פאָטער! יענץ געלט האָט ער טאַקע פאַרשפּילט אין

קאָרטן! זי מאָנט ביי אים דאָס געלט, דאָס מזומענע געלט, וואָס דער פאָטער האָט אים געגעבן נדן! ספּעציעל זאָל ער איר אָפּגעבן די שטוב וואָס דער פאָטער אירער האָט איבערגעשריבן אויף זיין נאָמען, זאָל ער אויך אָפּגעבן דעם שיינעם אויטאָ וואָס דער פאָטער האָט אים געקויפט און אפילו די מלבושים וואָס ער טראָגט זענען ניט זיינע נאָר דער פאָטער אירער האָט אַלעם געקויפט! ער האָט נאָך ניט פאַרדינט אויף זיין לעבן אַזוי פיל געלט וויפל אַלע מלבושים קאָסטן! זיי זענען ניט זיינע — דאַרף ער זיי אָפּגעבן!

און נאָך אַ זאַך וויל זי! ער זאָל דערציילן דעם אמת ווי אַזוי זיי האָבן חתונה געהאַט! ער דערציילט יעדערן אַז מען האָט אים פאַרגוואַלדיקט! אין דער אמת'ן — איז דאָס אַ ליגן! ווען מיין פאָטער איז געוואָרן געוואוירע פון דעם שווינדל וואָס ער האָט געמאַכט און וועגן די טשעקן וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן, האָט ער אים בפירוש געוואָלט איינזעצן! אַ גנב — קומט די תליה — האָט מיין פאָטער געטענהט!

איז ער אים אָבער פאַרלאָפן דעם וועג! ער האָט זיך מיט אַ טאָג פריער „מיר דערקלערט" און אפילו געוואָלט אַז מיר זאָלן ביידע באַלד אַנטלויפן! איך האָב נאָר געדאַרפט קריגן אַ היבש ביסל געלט אויף הוצאות!.. ווען מיין פאָטער האָט אים געמאָלדן אַז ער גייט מעלדן דער פּאָליציי וועגן זיין שווינדל, האָט ער אים דערקלערט אַז... ער איז שוין זיין איידעם און אפילו דער צוקונפטיקער פאָטער פון זיין אייניקל — כאָטש, דאָס איז געווען אַ ליגן! אַ גרויסער ליגן! אָבער, דאָס האָט געווירקט אַז מיין פאָטער זאָל ווערן ווייכער און זאָל אים מוחל זיין דעם גרויסן שווינדל!.. אַזוי אַרום אַז ער איז ניט „סעקוועסטרירט" געוואָרן פון קיינעם, ער האָט בלויז באַשווינדלט מיין פאָטער און מיך אויסגענוצט אַלס זיין מיטהעלפערן!..

איצט וויל ער אַוועק! זאָל ער זיך גיין! איך בין שוין מיד אויסצוהאַלטן פון זיינע סטראַשונקעס! אָבער, ער וועט אַוועקגיין פון מיר מיט דעם מיט וואָס ער איז געקומען — מיט צעריסענע הויזן! אויב ניט — וועל איך פאַרגעסן אַז ער איז דער פאָטער פון מיינע קינדער און אים באַשטראָפן ווי אים קומט!..

וועגן דער קראַנקנשוועסטער? — איר וועט לאַכן פון מיר ווען איך וועל אייך זאָגן: איך האָב אויף איר רחמנות! זי כאַפּט אַ קליינע מציאה! ער וועט זיך האַלטן מיט איר, כל זמן זי וועט אַרבעטן אויף אים און כל זמן ער... וועט ניט באַגעגענען קיין שענערע פון איר!.. איך קאָן אים בעסער פון איר! זאָל זי צוויי מאָל איבערטראַכטן איידער זי פאַרבינדט זיך מיט אים! ער — איז זי, זיכער ניט ווערט!..

פרוי ציליע װערט אַ ביסעלע ערנסט! פאַר דער גאַנצער צייט װאָס מיר שמועסן — האָט זי זיך צום ערשטן מאָל אויסגעװישט די נאַסע אויגן! זי טרינקט אַביסעלע קאַלטע װאַסער און זעצט פאָר:

איך װיים! געצװאונגענע ליבע האָט גאָר קיין װערט ניט! איך זוך ניט מיין מאַן איינצוהאַלטן נעבן זיך! איך זוך, גיכער פון אַלץ, פאַרהיטן דעם כבוד פון מיינע קינדער! װאָס זענען זיי שולדיק אַז זיי האָבן ניט קיין פיינעם פאָטער? װאָס זענען זיי שולדיק אַז זייער מו־טער איז געװוען בלינד און האָט זיך איבערגעגעבן אַ אומפאַראַנט־װאָרטלעכן מענטשן? צוליב זיי, און בלויז צוליב זיי, װיל איך אים צוהאַלטן! איך דענק אַלץ אַז ער װעט זיך בייטן! ער האָט שטאַרק ליב די קינדער! ער װעט אָן זיי, — ניט קאָנען לעבן! און — אויב מיר איז ניט באַשערט צו האָבן אַ מאַן, אַ חבר און אַ פריינט — זאָלן זיי, לפּחות, האָבן אַ פאָטער! אגב. די קינדער האָבן אים אויך שטאַרק ליב און װעלן קראַנק װערן װען ער זאָל זיי פאַרלאָזן!

אויב ער װעט, אָבער, באַגיין דאָס נאַרישקייט און זיי פאַרלאָזן — װעל איך װיסן װי אַזוי אים צו באַצאָלן!.. איך װעל זיך אָנעמען מיינע קינדערס קריװודע און זייער בזיון!..

— — — — — — — — — — — — —

געצװאונגענע ליבע — טויג טאַקע ניט! נאָר... דאָס פאָר־פאָלק לעבן דערװייל צוזאַמען! דער פויגל איז נאָך אין זיין נעסט!..

## ניט שטענדיק פאַלט דאָס עפּעלע נאָענט פון ביימעלע!..

צו גלויבט איר אַז עס קאָן זיך געפינען אַ קינד וואָס איז דער מאַ־מען אַ... דם־שונא?..

צו גלויבט איר אַז אַ קינד זאָל וועלן, אַז די מאַמע זאָל ליידן און קרעכצן?...

צו האָט איר שוין געהערט אַז אַ קינד זאָל וועלן דערלעבן נקמה אין דער מאַמען?

און דאָך זענען פאַראַן אַזעלכע קינדער אויך!..

אָט ברענגען מיר איצט אַ געשיכטע מיט אַ אידיש מיידל, וועלכע איז אפשר אַן אויסנאַם, איינע פון צען טויזנט, פון הונדערט טויזנט און פון אַ מיליאָן קינדער, וואָס ווילן אַז איר מוטער, איר לייבלעכע אייגענע מוטער וואָס האָט זי געבוירן און דערצויגן, וואָס וויל אַז איר מוטער זאָל לעבן לאַנג און... זיך מוטשען דאָס גאַנצע לעבן! זי וויל אַז איר מוטער זאָל בעטן אויף זיך דעם טויט און דער טויט זאָל ניט קומען!

עס איז אומגלויבלעך, אָבער עס איז פאָרט אַ פאַקט!

זיצט פאַר אונז אַ שיין, יונג אידיש מיידל, זי רעדט און ווישט די אויגן, אָפּט, אָפּט, רייסט זי איבער איר געשפּרעך און וויינט זיך אויס אין דער שטיל, און ווען זי זעצט פאָר איר געשפּרעך און דערמאָנט דעם נאָמען פון איר מוטער — גיט זי אַ קריץ מיט די ציין איין... אַ זיפץ!..

ווער איז דאָס באַרבאַריש אָדער אומגליקלעך אידיש מיידל?

וואָס פאַרא מאַמע איז דאָס וואָס האָט זיך פאַרדינט אַזאַ „ליבע" ביי איר טאָכטער?

אָט וועט איר עס הערן.

— — — — — — — — — — — — — —

דאָס אידיש מיידל וואָס זיצט פאַר אונז איז קוים אַלט 20 יאָר! אַ פּאָר גרויסע, שיינע גרויע אויגן, פון וועלכע עס האַלט אין איין רינען טרערן, קוקן אויף אייך און איר ווערט פאַרכישופט פון איר בליק. דאָס

פנים זאָגט אייך באָלד עדות, אַז עס זיצט פאַר אייך אַן אינטעליגענט געלערנט קינד! אין די ערשטע עטלעכע מינוט וואָס איר רעדט מיט איר — בעסער געזאָגט — וואָס זי רעדט מיט אייך — זעט איר און איר דענקט, אַז דאָס מיידל פאַרמאָגט העכערע בילדונג און אויסשפּראַך סיי אין אידיש סיי אין שפּאַניש, איז אַ מענטש, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַ קורס פון אַ העכערער שול, און אַ דערציאונג פון אַן אינטעליגענט אידיש הויז !..

זי קומט צו אונז אַליין! קיינער האָט זי ניט רעקאָמענדירט, קיינער, ווייסט ניט איר סוד וועלכן זי וויל אונז דערציילן!

און דער וואָס ווייסט יאָ פון איר סוד — ווייסט בלויז איין טייל — די ערגסטע, און פאַר אונז וויל זי דערציילן אַלעס!

צי מעגן מיר אויסנוצן איר דערציילונג? — פונקט פאַרקערט, זי וויל אַז די גאַנצע וועלט זאָל עס וויסן, זאָל משפּטן!

זאָל משפטן איר און משפטן איר מוטער!

מיר וועלן זי לאָזן רעדן! זי לאָזן דערציילן!

— — — — — — — — — — — — —

מעגלעך אַז איר וועט מיך האַלטן פאַר אַ צעדרייטער — אַזוי הויבט אָן דאָס מיידל איר דערציילונג — איר וועט זיך ניט פאָרשטעלן אַז אַן אייגן קינד זאָל אַזוי האַנדלען! אָבער, אַז איר וועט מיך אויס־הערן ביזן סוף, וועט איר דעמאָלט זען און משפטן! נאָכמער, איך וויל, אַז ניט בלויז א י ר זאָלט מיך משפטן, נאָר א ל ע א י ד י ש ע מ א ־ מ ע ס, זאָלן מיך משפטן! ווער ווייסט? אפשר בין איך טאַקע ניט גע־רעכט, אפשר איז... ר אַ ד אַ ל פ אַ גערעכט! אפשר זענען ראַדאַלפּאָס ע ל ט ע ר ן גערעכט!..

איך וועל אָנהויבן, אַלזאָ, פון גאָר גאָר פון אָנהויב, פון אַ סך יאָרן צוריק!

געבוירן בין איך אין יאָר 1930, מיין פאָטער, וועמען איך געדענק קוים, איז געשטאָרבן ווען איך בין אַלט געווען 6 יאָר! אינטערעסאַנט איז, אַז א י ם געדענק איך ווייניק — ווייל ער פלעגט שטענדיק אַרומ־פאָרן און אין דער היים איז ער געווען אַ גאַסט. וואָס איך געדענק י אָ — איז זיין לוויה! איך געדענק, אַז עס זענען געווען אַ סך קרענץ בלומען, אַ גרויסער עולם, א סך קריסטן — ווייל עס האָט גערופן מיין קינדערש אויפמערקזאַמקייט וואָס די אידן זענען געגאַנגען מיט די היטלען און די קריסטן אָפּגעדעקט די קעפּ! — איך געדענק אויך אַ קוריאָז וואָס האָט זיך מיר איינגעקריצט אין מיין זכרון:

מיט אַ חודש פריער, איז געשטאָרבן דער פאָטער פון מיינער אַ חברטע, האָט מיין חברטעס מוטער אַזוי געוויינט און געיאָמערט, אַז זי האָט מיטגעריסן מיט אירע טרערן אַלע ביישטייענדע און אַלע האָבן געוויינט יאָמערלעך, בלויז קוקנדיק אויף דער אומגליקלעכער פרוי.

דאָ ביי אונז, ביי מיין פאָטערס לויה, ווען ער איז נאָך געלעגן אין שטוב און ווען ער איז אַראָפּגעלאָזט געוואָרן אין קבר, האָט מיין מוטער, קוים, קוים, געוויינט און כאָטש איך בין נאָך געווען אַ קינד, האָב איך געפילט אַז דאָס טוט זי פון יוצא זיין!..

און אַ צווייטער עפּיזאָד האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון:

ווען מיין פאָטער האָט געלעבט און איז אַרומגעפאָרן איבערן לאַנד אַלס אינספּעקטאָר פון אַ גרויסער האַנדלס-פירמע, פלעגן צו אונז אין שטוב זיך צענויפקומען פרעמדע מענער און פרויען און מען פלעגט שפּילן אין קאָרטן!

איינינקע פון אָט דער קאָמפּאַניע, פלעגט אויך קומען ווען מיין פאָטער איז געקומען אַהיים און מיין פאָטער פלעגט, אָפט, נעמען אָנטייל אין שפּיל.

ביי דער לויה זענען אָט די אַלע פרעמדע מענטשן געקומען און דער ביישטייענדער עולם האָט געמורמלט וועגן זיי! איך בין טאַקע געווען אַ קינד, און דער קאָפּ איז מיר ניט געלעגן דערביי אָבער, אַ שאָרך וועגן דעם, עפּעס האָב איך אויפגעכאַפּט און עס איז מיר געבליבן אין זכרון ביז היינט.

נאָך מיין פאָטערס טויט, האָבן מיר פאַרגעזעצט אונזער געוויינלעך לעבן, גלייך ווי גאָרניט איז געשען! דאָס איינציקע נאָר איז, וואָס די מוטער מיינע פלעגט אָפט אַוועקגיין אויף שעה'נווייז און מיך איבערלאָזן מיט דער דינסט.

איך האָב געהאַט זייער אַ וואויל, באַקוועם לעבן! מיין מאַמע האָט מיך געשיקט אין אַ פּריוואַטער ענגלישער שולע און האָט געצאָלט פאַר מיר אַ סך געלט! מלבושימלעך האָב איך געהאַט די שענסטע און בעסטע און פון שפּילערייען — איז דאָך ניט שייך! האָב איך נאָר אַרויסגעלאָזט אַ וואָרט פון מויל — איז דאָס באַלד באַשאַפן געוואָרן!..

שוין פון קינדווייז אָן, האָב איך געפילט אַז מיין מאַמע האָט מיך שטאַרק, איבערמענטשלעך ליב, אַז ווען זי דאַרף זיך שיידן מיט מיר אויף עטלעכע שעה, קאָסט עס זי געזונט און זי האַלט מיך אין איין קושן און קושן!

איי, פאַרוואָס זי לאָזט מיך איבער און גייט אַוועק? — האָט זי מיר שטענדיק געהאַט אַ פאַרטיקן ענטפער, אַז זי אַטענדירט דעם פאָטערס

ע"ה קליענטעלע, אַז די קאָמפּאַניע וואו מיין פאָטער האָט געאַרבעט זעצט פאַר צו צאָלן אין דעם פולן געהאַלט פון מיין פאָטער, אָבער, זי אַטענדירט איינציקע זאַכן!

איך בין געוועזן אַ קינד! איך בין שוין אַלט געוועזן צען אָדער עלף יאָר! וואָס האָב איך פאַרשטאַנען?

איין זאַך האָב איך געוואוסט! איך לעב אין ראַשקאַש, עס פעלט מיר גאָרניט!

איך האָב געלערנט גוט! איך בין געוועזן די בעסטע שילערין אין שולע און צו עלף יאָר בין איך אַריין אין „ליסעאַ" (מיטל-שול). און כאָטש די שולע מיינע איז געוועזן אין דער זעלבער גאַס וואו איך האָב געוואוינט, דאָך, האָט די מוטער מיינע, מיך ניט געלאָזט פאָרן אַליין און קומען אַליין פון שולע און איז מיך געפאָרן באַגלייטן און אָפּנעמען!

די ערשטע פאַר חדשים האָט עס מיך ניט געאַרט! דערנאָך, האָבן מיינע חברטעס אָנגעהויבן לאַכן פון מיר — אגב, האָב איך אַליין, זיך שוין געהאַלטן פאַר אַ גאַנצער „סעניאָריטאַ" און ניט געוואָלט אַז די מאַמע זאָל מיך האַלטן פאַר אַ פּיצל קינד וואָס מען דאַרף ניט לאָזן אַליין קרייצן די גאַס!

עס האָט מיר אָבער ניט געהאָלפן! די מאַמע איז געפאָרן מיט מיר אין שולע!

ווען איך האָב געענדיקט דאָס יאָר, און ניט געדאַרפט געבן קיין איין עקזאַמען, ווייל איך האָב געלערנט אויף בלויז 10-נער, האָב איך מיין מוטער געשטעלט אַ אולטימאַטום:

אויב זי דענקט אויך דאָס צווייטע יאָר מיך פירן אין שולע — דאַן גיי איך מער ניט אין שולע!

מיין מוטער האָט געמאַכט מיט מיר אַ „פשרה" און האָט מיך געשיקט לערנען אין איינעם פון די בעסטע פּענסיאָנאַט-שולעס, וואו עס לערנען זיך בלויז די רייכסטע און אַריסטאָקראַטישסטע קינדער.

פאַר מיר, איז די האַנדלונג פון מיין מוטער ניט געוועזן קיין איבעראַשונג! איך האָב עס אויפגענומען אַלס מיין מוטערס באַוואָרעניש דאָס... איך וועל ניט קרייצן קיין גאַס! ביי מיין מאַמען — „קרוסירן" אַ גאַס — איז געוועזן דער גרעסטער אומגליק! און האָט זי געפּאַקט אַ נייעס אין צייטונג פון אַ גאַס-אַקצידענט — האָט זי עס מיר תיכף אונטערגעטראָגן אַלס שלאָגנדן באַווייז דאָס... מען טאָר ניט קרייצן קיין גאַס.

די יאָרן שטייען ניט אויף איין אָרט! איך בין געוואָרן אויס „קינד"!

איך בין שוין געווען א „מויד" פון 15 יאָר! איך וועל אוועקלייגן באַשיידנקייט אַן אַ זייט און זאָגן, אַז איך בין געוואַקסן שיין, צוציענד, און רייצנד! אַלע האָבן געזאָגט אַז איך בין ענלעך ווי אַ טראָפּן וואַסער צו מיין מאַמען — און אַז מיין מוטער איז אַ שיינהייט — דאַרף איך אייך ניט זאָגן! אגב, איך וויל אויך באַמערקן, אַז מיין מוטער האָט חתונה געהאַט זייער יונג און איצט איז זי קוים, קוים אַלט... 40 יאָר. ווען מיר פלעגן ביידע אַרויסגיין אין אַ געשעפט עפּעס קויפן, פלעגט מען אונז האַלטן פאַר צוויי שוועסטער! און אַז מען האָט זיך געווענדעט צו מיר און גערעדט אַנווייזן אויף מיין מאַמען, האָט מען שטענדיק, פּאָזיטיוו שטענדיק, געזאָגט:

„סו הערמאַנאַ מאַזשאָר" (אייער עלטערע שוועסטער).

מיין מאַמען פלעגט שמייכלען אָט דער קאָמפּלימענט! זי האָט ניט געוואָלט אַז איך זאָל אויסזאָגן דעם סוד אַז זי איז מיין מוטער!.. זי פלעגט זיך וויצלען וועגן דעם, אָבער דער וויץ איז געווען ערנסט! זי האָט געוואָלט אַז מען זאָל אונז באַטראַכטן אַלס שוועסטער!.. און ווען איך האָב זיך איינמאָל אַרויסגעכאַפּט — זייענדיק אין אַ גרויס געשעפט — מיטן וואָרט „מאַמי" — איז זי אַוועק ברוגז און 8 טעג ניט געקומען מיך זען אין פּענסיאָנאַט...

רעדנדיק וועגן פּענסיאָנאַט. צוויי פראגעס האָבן אָפּט געעגבערט מיין קאָפּ!

ערשטנס: — וואו נעמט מיין מאַמע אַזויפיל געלט צו צאָלן פאַר מיר אין פּענסיאָנאַט? און צווייטנס — וואו נעמט זי אַזויפיל געלט אויף די טייערע קליידער, וואָס זי קויפט פאַר מיר?

אָט, האָט זי מיר געקויפט אַ גאָלדן זייגערל מיט אַ בריליאַנטן פינגערל און אַ פּאָר אויערינגלעך וואָס קאָסטן אַפּ אַ פאַרמעגן!

און אַז איך פלעג טראַכטן, פלעגט מיר אויך אַרויף אין מוח אַ דריטע פראגע:

וואָס טוט מיין מאַמע אַ גאַנצן טאָג אַליין אין שטוב (אחוץ די שעהן וואָס זי איז פאַרנומען אַלס פאַרשטייערן פון דער פירמע וואו מיין פאָטער האָט געאַרבעט.) און ניט אַזוי די טעג — ווי די נעכט! ווי אַזוי קאָן אַ מאַמע בלייבן אַליין שלאָפן — מעג טאַקע זיין, זי שלאָפט מיט דער דינסט אין איין צימער — אָבער, עס איז דאָך פאָרט זיין אַליין!

איך האָב עס אַמאָל געפרעגט מיין מאַמען! אָן שום איבערטראַכטעניש וועגן שלעכטע זאַכן, האָב איך זי געפרעגט! און מיין מוטער האָט

מיר געענטפערט אַז — זי איז גרייט זיך מקריב צו זיין אַבי איך זאָל דערגרייכן מיין ציל און ווערן אַ... אַדוואָקאַטין — דאָס איז געווען מיין מוטערס האָפענונג און אידעאַל!

וואָס שייך געלט? — פאַרדינט זי ביי דער פירמע שטיקער גאָלד! אַלס פרוי ווערט זי טאַקע אַטענדירט מיט פּרעפערענץ און עס סטייעט איר אויף אַלעס!..

איך? — איך האָב איר אַלעס געגלויבט!..

די מיטל־שול האָב איך געענדיקט זייער יונג און מיט די בעסטע אויסצייכענונגען! איך האָב קיין איין עקזאַמען ניט געדאַרפט געבן! מיין קלענסטע „נאָטע" איז געווען אַריבער די „9". דאָך, בין איך געפאָרן לערנען אין אַ צווייטער שטאָט וואו מיין מוטער האָט דאָרט פריינט און זיי וועלן קאָנען אַכטונג געבן אויף מיר — אַזוי האָט זי מיר געזאָגט: דאָ, אין שטאָט, וועט מיר זיין שווער אַריינצוטרעטן אין אוניווערזיטעט ווייל דער עקזאַמען איז אַ שווערער!

דעם אמת געזאָגט, האָב איך ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס מיין מוטער וויל, אַז איך זאָל דווקא לערנען אין דער פרעמד! מיין איינציקער חשד איז געווען אַז די מאַמע גלויבט אַז מיר פעלט פרישע לופט! עפּעס האָט זי לעצטנס שטאַרק גענומען ערנסט מיינעם אַ... הוסט, און זיך אָנגעהויבן צופיל צוקוקן צו מיר, און דער עיקר — זי פלעגט מיך קיין מינוט ניט לאָזן טון עפּעס אין שטוב, אָדער אַטענדירן דעם טעלעפאָן וואָס קלינגט! איך האָב געמעגט שטיין אַ שפּאַן פון טעלעפאָן ווען ער האָט געקלונגען, האָב איך ניט געטאָרט צוגיין און ענטפערן דעם טעלעפאָן־רוף! — אַזוי איז געווען דער אויסדריקלעכער ווילן פון דער מאַמען — זי פלעגט מיר זאָגן, אַז עס קאָן רעדן אַ קליענט און איך זאָל קאַליע מאַכן מיט מיין רעדן ווייל איך ווייס דאָך אפילו ניט וואָס צו ענטפערן!..

און — נאָך אַ זאַך איז מיר געווען שטרענג פאַרבאָטן — פאַר דער קורצער צייט וואָס איך האָב אין די וואַקאַציע־צייט געלעבט ביי אונז אין הויז — איך האָב ניט געטאָרט ברענגען קיין חברטעס אין שטוב אַריין! קיינעם ניט! שטרענג קיינעם ניט! פאַרוואָס? — אָן אַ פאַרוואָס: אַזוי האָט די מאַמע געוואָלט.

דאָס יונג שיין מיידל רוט זיך אָפּ אַביסל און זעצט דערנאָך פאָר:

איך וועל זיך באַמיען מאַכן בקיצור! איך לערן שוין אין אוניווערזיטעט און... איך בין פאַרליבט, שטערבליך פאַרליבט, אין אַ סטודענט, אַ קאָלעגע מיינער, ראָדאָלפאָ הייסט ער! דעם אמת געזאָגט, האָט, אָט, די ליבע, אַביסל מיר פאַרשלאָגן די געדאַנקען און דאָס לערנען איז מיר

שוין צוגעגאנגען שווערלעך! ראדאלפא א יונגער אידישער הארציקער בחור, האט מיך געזען אלע טאג, האט זיך מיר שוין דערקלערט אין ליבע און מיר מאכן שוין פלענער וועגן אונזער צוקונפט! ער דערציילט מיר, אז זיין פאטער איז זייער א רייכער פאבריקאנט, קיין מוטער — האט ער ניט, ער האט בלויז שוועסטערלעך אינגערע פון אים, און אז ער לערנט אויף אדוואקאט ווייל — ער וויל זיין אומאפהענגיק און ניט ווארטן אז זיין פאטער זאל אים געבן טאשן-געלט!

איך האב ניט מיט וועמען צו טיילן מיין גליק! אין פענסיאן ביי דער פריינדין פון מיין מוטער וואו איך געפין זיך, איז ניטא איינער מיט וועמען איך קאן רעדן, שרייבן מיין מוטער — האב איך פשוט מורא, אז זי זאל זיך ניט איבערשרעקן און... מיך ברענגען צוריק א היים! דאך שטעל איך איין מיין לעבן, איך שרייב איר אן א גרויסן בריף וועגן מיין ליבע, וועגן מיין גליק און דערצייל איר אז די בריף באנעץ איך מיט פריידן-טרערן!

אויפן צווייטן טאג באקום איך פון מיין מוטער א באגריסונגס-טע-לעגראמע און אויפן דריטן טאג — א לאנגן בריף, אויך — ווי זי שרייבט, — באנעצט פון טרערן!..

אין איינעם א פרימארגן, קומט צולויפן ראדאלפא צו מיר אין פענ-סיאן מיט א בשורה!

היינט קומט צופארן זיין פאטער! ער וויל מיך שוין פארשטעלן אלס זיין כלה! זיין פאטער ווייסט שוין פון מיר און קומט ספעציעל זיך באקאנען מיט מיר!

פאר פרייד האבן מיר ביידע גענומען טאנצן אין צימער! טאנצן און... וויינען!

האלב איינס אזייגער — אזוי האבן מיר אפגערעדט — איז מיך ראדאלפא געקומען נעמען כדי צו עסן מיט זיין פאטער צוזאמען מיטיק אין „פלאסא-האטעל". מיט א ציטערדיק הארץ גיי איך מיט ראדאלפאן. עפעס ברעכן זיך מיר די פיס אונטער מיר — אבער, דאס איז זיכער צוליב דער עמאציע אדער צוליב דער מורא:

— וועל איך אים געפעלן?

עפעס הענגט דאך מיין גאנץ לעבן אפ פון אט דער פראגע!..

מיר קומען אריין אין האטעל-רעסטאראן, מיר דערנענטערן זיך צום טיש וואו ראדאלפאס פאטער זיצט! ער זיצט ניט אליין נאר מיט נאך א מענטש! נאך איידער מיר גייען צו, ראמט מיר ראדאלפא איין סוד ווער דער מענטש איז — דאס איז זיין פאטערס שותף אין פאבריק, א שותף און א יוגנט-פריינט!

מיר קומען ענדלעך, צו צום טישל,ביידע מענער שטעלן זיך אויף, דער פאָטער גיט אַ קוק אויף מיר, און איך דערזע ווי ער...

— ווערט בלאַס ווי קאַלך!

ער דערלאַנגט מיר אַ ציטערדיקע האַנט און הייסט אונז זיך זעצן! ער קוקט זיך דורך מיטן שותּף, דער שותּף שמייכלט עפּעס אונטער פאַר־דעכטיקט, און לאָזט פון מיר די אויגן ניט אַראָפּ.

ראַדאָלפאָס פאָטער רעדט ניט! די צונג איז אים עפּעס געליימט! עפּעס שטאַמלט ער יאָ — אָבער מיר פאַרשטייען ניט וואָס! דערפאַר איז שוין דער שותּף אַ באַריידעוודיקער! ער פרעגט מיך אויף מיין נאָמען, פאַמיליע, און... וואו מיינע עלטערן וואוינען?

מיר הויבן אָן עסן! ראַדאָלפאָס פאָטער עסט כמעט גאָרניט! עפּעס ליידט ער היינט, אַזוי זאָגט ער, פון אַ שטאַרקן קאָפּ־ווייטיק! אָבער, ער פרעגט מיך אויס אויף מיין מוטער, ווי אַלט זי איז, מיט וואָס זי פאַרנעמט זיך, און וועגן מיין לעבן ביז איצט.

איך דערצייל אים אַלעס! איך האָב ניט וואָס צו פאַרבאָרגן! ספּע־ציעל לויב איך מיין מוטער וועלכע איז זיך מקריב פאַר מיר, און האַלט מיך אויס אין מיין לערנען!..

ראַדאָלפאָס פאָטער קוקט מיר גלייך אין די אויגן און דער שותּף שטעכט מיך, ווי מיט שפּיזן, מיט זיין ציניש שמייכעלע און אָפט, שוין צו אָפטן געלעכטער, גלאַט אַזוי!.. איך האָב אים... פיינט באַקומען!..

ראַדאָלפאָס פאָטער האָט דאָס עסן ניט פאַרענדיקט! ער הויבט זיך אויף פון טיש, הייסט ראַדאָלפאַן מיך אָפּפירן אַהיים און תּיכף קומען צו אים אין האָטעל! איך הויב זיך אָן בעטן אַז איך וויל אויך בלייבן, אפשר איז נויטיק מיין הילף דעם „קראַנקן", אָבער ראַדאָלפאָס פאָטער חזרט איבער אין אַ שטרענגן טאָן:

— פיר אָפּ די סעניאָריטאַ אַהיים און קום באַלד צוגיין אַהער!

דאָס איינציקע וואָס איך האָב געפּועלט איז געווען אַז איך וועל אַליין פאָרן אַהיים און ראַדאָלפאָ זאָל בלייבן מיטן פאָטער!

פאָרנדיק אַהיים האָב איך באַנעצט דעם קאָטש מיט מיינע טרערן! עפּעס האָב איך געפילט אַז אַ כמאַרע רוקט זיך אָן אויף מיר — איך האָב, אָבער, ניט געפילט זיך שולדיק אין עפּעס און געהאָפט אַז עס וועט איבערגיין!

עס איז געווען שפּעט. עס איז שוין פאַר האַלב נאַכט! ראָדאָלפאָ איז ניט געקומען מיך זען און ניט געקלונגען צו מיר! איך גיי אַלעמאָל צו צום טעלעפאָן, ווייל אָנקלינגען אין האָטעל אַריין וואו ראָדאָלפאָס פאָטער שטייט-איין — און האַלט זיך אָפּ! עס פּאַסט ניט אַז איך זאָל קלינגען צו אים ווען ער האָט ניט געפונען פאַר נויטיק צו קלינגען צו מיר!..

מוראַדיקע געדאַנקען קומען מיר אין קאָפּ אַריין! אפשר בין איך ניט געפעלן געוואָרן ראָדאָלפאָס פאָטער? אפשר האָב איך זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ נאַרישקייט, אפשר?

איך בין די גאַנצע נאַכט ניט אַנטשלאָפן געוואָרן! איך האָב זיך אפילו ניט אויסגעטון! קוים דערלעבט דעם פרימאָרגן! איך קאָן זיך שוין ניט באַהערשן און קלינג אָן צו ראָדאָלפאָן אין פּענסיאָן וואו ער האָט געוואוינט! מען ענטפערט מיר אַז...

נעכטן איז ער מיט אַן עראָפּלאַן אַפּגעפלויגן פון דאַנען!

איך ווער דערציטערט! וואָס האָט געקאָנט געשען! דאָך, די איינציקע טרייסט מיינע איז געווען, וואָס מען זאָגט מיר אַז ער האָט קיין שום זאַך ניט מיטגענומען! דאָס הייסט, ער וועט מן הסתם, היינט-מאָרגן קומען צוריק!

איך קלינג אָן אין האָטעל וואו ראָדאָלפאָס פאָטער שטייט איין! מען פרעגט מיך דעם קלאַסישן „דע פּאַרטע דע קיען”? (ווער עס רופט?) און ווען איך גיב אָן מיין נאָמען, זאָגט מען מיר אַז ער איז ניטאָ! איך פיל אָבער אַז מען זאָגט מיר אַ ליגן! איך בין שטאַרק דערשלאָגן און וואַרט שוין אויף ראָדאָלפאָס קומען! כאָטש עס שטעלט זיך מיר שוין די פראַגע, צי ראָדאָלפאָ וועט בכלל קומען צוריק, און צי ער וועט, ספּעציעל, קומען צו מיר!..

וואו איך האָב גענומען כוחות איבערצולעבן יענע שעהן — ווייס איך ניט! אָבער, ווייזט אויס, אַז צרות געבן כוחות!

אַרום 5 אַזייגער פאַרנאַכט, האָט זיך געגעבן אַ פראַל-אויף די טיר פון מיין צימער און ראָדאָלפאָ איז אַריין!

ניין! ניט ראָדאָלפאָ איז געקומען, נאָר עפּעס אַ ווילדער טיגער, אַ צעררייצטער און מיט צעשויבערטע האָר איז ער צו, צו מיר, און נאָך איידער איך האָב געהאַט צייט אַ וואָרט אַרויסצורעדן האָט ער, כמעט ווי אויסגעשריען:

„איך וואָלט דיך געדאַרפט אויספּאַטשן, פּונקט ווי איך האָב עס געטון דיין מוטער די... זונה!.. אָבער, איך שאַנעווע דיך, ווייל דו ביסט נאָך יונג! אָבער איך זאָג דיר צו, אַז איך וועל דיר באַצאָלן פאַר ווען

מיך אַריינשלעפּן אין דיין נעץ, בודטעבע, „פאַרליבט אין מיר", כדי צו צאַפּן געלט פון מיין פאָטער... נו! אַלזאָ, זאָג! וויפל קומט דיר פאַר די קושן וואָס דו האָסט מיר געגעבן, און פאַר די אָנגענעמע שעהן וואָס איך האָב געהאַט ביי דיר! זאָג, דו „טאָכטער פון טויזנט זונות", זאָג וויפל קומט דיר! דיין מאַמען האָב איך אַ טייל באַצאָלט!..

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך בין געשטאַנען מיט אָן אָפּן מויל! איך האָב ניט געוואוסט וואָס ראָדאָלפאָ רעדט! איך האָב ניט באַנומען זיין שפּראַך און זיינע מאָדנע שוידערלעכע ווערטער! תחילה האָב איך געמיינט אַז ער איז אַראָפּ פון זינען! איך האָב, אָבער, באַלד זיך געגעבן רעכענונג אַז ער רעדט ערנסט! אַז עפּעס שוידערלעכעס איז געשען!..

מיט טרערן אין די אויגן הויב איך אָן שטיל רעדן צו אים:

ראָדאָלפאָ, טייערער, איך בין דיר מוחל אַלעס וואָס דו האָסט נאַר־וואָס מיר געזאָגט און מיך אַזוי באַליידיקט! אָבער אום גאָטס ווילן, אין נאָמען פון יענע ליכטיקע מינוטן וואָס מיר האָבן אַזוי זיס געחלומט! זאָג מיר: וואָס... זאָגסטו? וואָס טוט זיך דאָ? פאַרוואָס זידלסטו אַזוי מיין מאַמען וועלכע דו קאָנסט ניט! ווער האָט דיך אַזוי פאַרגיפטעט און אַזוי פיל אָנגערעדט אַז דו זאָלסט קומען צו מיר מיט אַזאַ שפּראַך! פאַרוואָס קומט עס מיר?

און ביי די ווערטער בין איך געפאַלן חלשות!..

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען איך בין געקומען צו זיך, איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט! די בעל־הביתטע פון פּענסיאָן האָט דערציילט אַז ראָדאָלפאָ האָט מיך אויפגעהויבן, אַריינגעלייגט אין בעט, געהייסן איר, אַז זי זאָל אַכטונג געבן אויף מיר און איז אַליין אַוועק!..

איך שטיי אויף פון בעט! די פיס דינען ניט! אָבער, איך מוז וויסן וואָס דאָ טוט זיך אַרום מיר! איך טו זי אָן, גיי אַראָפּ, נעם אַ טאַקסי, און פאָר צו, צום האָטעל וואו ראָדאָלפאָס פאָטער שטייט איין! ביי דער טיר ווער איך געוואויר, אַז דער פאָטער איז שוין אָפּגעפאָרן אַהיים, אָבער דער שותּף איז נאָך דאָ!

איך טראַכט ניט קיין איין מינוט, און אָן צו מעלדן זיך — גיי איך אַריין צו אים אין צימער. איך טרעף אים זיצן איבערן שרייב־טיש און לייענען אַ בריף! מיין האַסטיק עפענען די טיר און מיין אַריינקומען האָט עפּעס מיט אים אַ טרייסל געטון! ער שמייכלט שוין ניט אַזוי צי־ניש! ער בעט מיך זיצן! איך זעץ זיך ניט און טרעט צו גלייך צום עיקר!

— איך בין איבערצייגט, אַז איר ווייסט אַלעס וואָס דאָ קומט פאָר! פאַרוואָס האָט מען מיך אַזוי נידערטרעכטיק באַהאַנדלט? איך וויל אַז איר זאָלט מיר אַלץ דערקלערן!..

דער שותף ווערט אַביסל רואיקער! אים האָט זיך אויסגעוויזן — אַזוי האָט ער מיר שפּעטער געזאָגט — אַז איך קום מיט אַ רעוואָלווער שיסן! — ער הייסט מיר זיך זעצן! אויב ניט — וועט ער ניט רעדן קיין וואָרט! איך זעץ זיך אַקעגן אים און ער גיט מיר אַ שטעל אַ פראַגע:

— זאָגט דעם אמת! זענט איר אומשולדיק?..

איך קוק אים אָן ווי משוגע! איך ווייס ניט אין וואָס מען באַשול־דיקט מיך!

איך שווער אים, אַז איך ווייס ניט וואָס דאָ קומט פאָר!

ער ווערט פריילעכער! ער רייבט זיך די הענט! און רעדנדיק צו זיך אַליין, זאָגט ער:

איך האָב געוואונען! איך האָב פון דער ערשטער מינוט אָן געזאָגט, אַז איר ווייסט גאָרניט! דער „אַלטער", אָבער, (דאָס האָט ער געמיינט ראַדאַלפאָס פאָטער) האַלט זיך ביי זיינס און האָט איבערצייגט ראַדאַל־פאָן אויך, אַז איר ווייסט אַלעס, און איר האָט אומיסטן אַריינגענאַרט ראַדאַלפאָן אין אַ ליבע־נעץ, ווייסנדיק אַז ראַדאַלפאָס פאָטער וועט ניט דערלויבן אַז אייער מוטער זאָל ווערן זיין מחותנסטע!..

— אָבער! — שריי איך ממש אויס — פון וואַנען קען ראַדאַלפאָס פאָ־טער מיין מאַמען? און פאַרוואָס זאָל זי אים ניט אָנשטיין? זי איז זיכער פיינער און אינטעליגענטער פון אים!..

דער שותף רייבט זיך ווידער די הענט פאַר פרייד! אָט דאָס שריי איך דאָך, אַז איר ווייסט פון גאָרניט!..

אָבער, וואָס דאַרף איך וויסן? פרעג איך.

דער שותף טראַכט ניט קיין מינוט און ענטפערט גלייך:

איר דאַרפט וויסן אַז אייער מוטער איז ניט קיין פאַרשטייערן פון קיין געשעפט־הויז — ווי זי האָט אייך איינגערעדט, נאָר זי... האַנדלט מיט זיך אַליין! פשוט און וואולגאַר! ראַדאַלפאָס פאָטער און... איך, קאָ־נען זי זייער אינטים! און ווען מיר האָבן אייך נאָר דערזען אין רעסטאָ־ראַן, האָבן מיר באַלד דערקענט וועמענס טאָכטער איר זענט! דאָס איינ־ציקע אין וועלכן איך בין איצט איבערצייגט איז — אַז איר זענט אומשולדיק און ווייסט פון גאָרניט!

איך — בין איבערצייגט! מען דאַרף נאָר זיי איבערצייגן!..

אַ קאַלטער שווייס האָט מיך באַשלאָגן! איך בין געבליבן זיצן גע־פּלעפּט, עס האָט מיר אָנגעהויבן שווינדלען פאַר די אויגן! איך האָב אין איין מינוט פאַרשטאַנען טויזנטער זאַכן וואָס איך האָב אָפּט געזען! אַ שטראָם טרערן האָט זיך מיר געגעבן אַ גאָס פון די אויגן!..

איך האָב זיך האַסטיק אויפגעהויבן און געוואָלט אַוועקגיין, אָבער דער שותף פון ראַדאָלפאָס פאָטער האָט מיך ניט געלאָזט!

דאָס ערשטע, האָט ער טעלעפאָניש באַשטעלט אַ שטאַרקע שוואַר־צע קאַווע פאַר מיר און דערנאָך האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער וועט מיך ניט לאָזן אַוועקגיין, ביז איך וועל זיך ניט באַרואיקן און זיך באַדענקען! און מערקווירדיק! אָט דער מענטש וועמען איך האָב נעכטן אַזוי פיינט באַקומען פאַר זיין ציניש שמייכלען צו מיר, איז מיר איצט געוואָרן נאָ־ענט! איז ער דאָך דער מענטש וואָס האָט מיר איצט געעפנט די אויגן!..

און אָפּטרינקענדיק די קאַווע, שוין זייענדיק כמעט ווי באַרואיקט, בעט איך אים, ער זאָל מיר דערציילן דעטאַלירט, וואָס איז פאָרגעקו־מען צווישן ראַדאָלפאָן און זיין פאָטער? וואָס ראַדאָלפאָ איז באַלד גע־פלויגן אַהיים? און צוויטנס! — וואָס דאַרף איך טון, צו דערווייזן מיין אומשולד?

דער שותף רוקט צו נענטער דאָס בענקל צו מיר, ווישט זיך אָפּ מיט זיין טיכעלע דעם שטערן און הויבט מיר אָן דערציילן:

ווען ראַדאָלפאָס פאָטער האָט אייך דערזען — און אַזוי ווי איר זענט שטאַרק ענלעך צו אייער מוטער — האָט ער מיר אונטערן טיש געגעבן אַ שטורכע מיטן פוס! ער האָט ניט געדאַרפט פרעגן ווער איר זענט — קוקנדיק אויף אייך, — האָט ער דערזען אייער מוטער, און מיט אייער מוטער איז ער — און איך שעם זיך אייך ניט דערציילן — אויך איך — זענען זייער אינטים היימיש. ראַדאָלפאָס פאָטער פלעגט זיך מיט איר טרעפן כמעט אַלע וואָך! איך — ווייניקער, אָבער ניט ווײ־ניקער ווי איינמאָל אין מאָנאַט!

איך ווייס ניט, צו עס וועט אייך ווערן לייכטער דערפון, אָבער, איך וויל אייך באַמערקן, אַז אייער מוטער איז ניט, גלאַט אַזוי, אַ גאַסן־פרוי וואָס פאַרקויפט איר קערפּער יעדן ערשטן מאַן! אייער מוטער האָט פשוט אַ סעלעקציאָנירטע קליענטעלע — די גרעסטע טייל פון עלטערע בחורים, אַלמנ׳ס, אָדער אַזעלכע, וואָס האָבן אין דער היים אַן אַלטע מיאוסע פרוי און זוכן אַ יונגערע, אַ שענערע! די לעצטע — זענען די גרעסטע טייל „קליענטן" פון אייער מוטער!

מיין פרוי, למשל, איז שוין זייט יאָרן און יאָרן קראַנק, און אין

אייער מוטער געפין איך אַ טרייסט צו מיינע ליידן, אָדער מענערישע באַדערפעניש!..

ווען ראָדאָלפאָס פאָטער האָט עס דערציילט ראָדאָלפאָן — האָט דער לעצטער אויפגעשפרונגען און אַ געשריי געטון: — אַ ליגן! ער האָט ניט געוואָלט גלויבן — כאָטש ער האָט נאָך אייער מוטער ניט געזען! נאָך וויניקער האָט ער געוואָלט גלויבן, אַז איר ווייסט, ווער אייער מוטער איז, און איר האָט אומיסטן געמאַכט אַז ראָדאָלפאָ זאָל זיך איינליבן אין אייך, כדי אייער פאָטער זאָל באַצאָלן אַ גרויסע סומע געלט. אָפּשטעפּ געלט. דעם אמת געזאָגט, האָט ראָדאָלפאָ גיכער געגלויבט... מיר, ווען איך האָב אים באַשטעטיקט!.. איך בין אויך געווען איבערצייגט אַז איר ווייסט ניט דערפון און עס געזאָגט אייער געליבטן און זיין פאָטער. אָבער — זיי האָבן מיר ניט געגלויבט!..

— איך רייס איבער דעם שמועס און גיב אַ פרעג:

ווי לאַנג קאָנט איר שוין מיין מוטער און ווי לאַנג האָט איר מיט איר געהאַט אינטימע „געשעפטן"...

דער שותף גיט אַ מינוט אַ טראַכט און רופט זיך אָפּ:

דאָס ערשטע מאָל האָב איך זיך מיט איר באַקאָנט מיט... צוואַנציק יאָר צוריק! מיינס אַ חבר האָט מיר געגעבן צו איר דעם אַדרעס און דעם „פּאַראָל" ווי אַזוי אויפגענומען צו ווערן!

איך גיב אַ שפּרונג אויף!

אָבער, עס קאָן דאָך ניט זיין! אין יענער צייט האָט דאָך נאָך מיין פאָטער געלעבט!

דער שותף גיט אַ שמייכל! וואָס-זשע איז דאָס פאַר אַ תירוץ? אייער מוטער האָט אָנגעפירט איר מסחר די גאַנצע צייט וואָס אייער פאָטער האָט געלעבט און מעגלעך, נאָך איידער זי האָט מיט אייער פאָטער חתונה געהאַט!... אייער פאָטער פלעגט די גאַנצע צייט אַרומפאָרן און אפילו ווען ער איז געווען אין שטאָט, האָט זי שוין געפונען אַ „תירוץ" — „פאָרן צום דענטיסט", „פאָרן צו דער מאָדיסטקע" און איז, מיט אַ „קליענט" געפאָרן ערגעץ אַנדערש!.. אייער פאָטער האָט טאַקע געהאַט עפּעס אַ חשד, און איינמאָל איז ראָדאָלפאָס פאָטער שיעור אריינגעפאַלן, ווייל אייער פאָטער האָט נאָכשפּיאָנירט אייער מוטער! צום גליק איז די „באַשטעלונג" שלעכט געמאַכט געוואָרן! ראָדאָלפאָס פאָטער האָט געוואַרט אויף איין גאַס און אייער מוטער איז געגאַנגען צו אַ צווייטער גאַס עס איז גאָרניט געוואָרן און פונם סקאַנדאַל — אויך ניט!..

נאָכן געשפּרעך צווישן ראָדאָלפאָן מיט זיין פאָטער, האָט ראָדאָלפאָ געוואָלט זיך אַליין איבערצייגן צו עס איז אמת! זיין פאָטער האָט

אים געגעבן דעם „פּאַראָל״ וואָס מען דאַרף פרעגן ווען מען קלינגט אָן ביי אייער מוטערס טיר. (מען האָט געדאַרפט פרעגן: דאָ וואוינט ראבינאָוויטש?..) און ראָדאָלפאָ איז, מיט אַן אַעראָפּלאַן, אַפּגעפלויגן אַהין! ער איז געקומען אין אייער מוטערס וואוינונג, אָנגעקלונגען אין דער טיר, געזאָגט דעם „פּאַראָל״ און ער איז אַריינגעלאָזט געוואָרן אין שטוב אַריין. אייער מוטער — אָנגעטון אין אַ רעשנדיק שלאָף־קלייד האָט צו אים אויסגעשטרעקט ביידע הענט און זיך אָנגעבויגן צו אים אויף אַ... קוש טון אים! אָבער אין יענעם אויגנבליק האָט זי געכאַפּט צוויי פייערדיקע פּעטש פון ראָדאָלפאָן! און נאָך איידער זי איז געקומען צו זיך, האָט ער נערוועאיש אויסגעשריגן צו איר!

דיין שפּיל איז דיר ניט געלונגען! דו האָסט געמיינט אַז ווען איך וועל זיך פאַרליבן אין דיין טעכטערל ,וועסטו קאָנען אויסצאַפּן געלט ביי מיין טאַטן! אָבער, — איך בין באַצייטנס געוואוירע געוואָרן ווער דו ביסט! צום טייוול מיט דיר און מיט דיין „טאָכטער פון טויזנט זונות״ און — אַ קלאַפּ געטון מיט דער טיר און איז אַוועק!.. — דאָס אַלעס האָט מיר ראָדאָלפאָס פאָטער איבערגעגעבן טעלעפאָניש:

דאָס איבעריקע ווייסטו שוין אַליין!..

— — — — — — — — — — — — —

איך בין געזעסן און מיט ביידע הענט זיך פאַרשטעלט דאָס פּנים און ביטער געוויינט! איך האָב נאָס געמאַכט מיינע קליידער מיט מיינע טרערן! פאַרוואָס? פאַרוואָס האָט עס מיין מאַמע געטון? דער שותף האָט מיך געלאָזט וויינען, מיר געגעבן טרינקען אַ ביסל וואַסער, און האָט געוואַרט די גאַנצע צייט ביז איך האָב זיך אַביסל באַרואיקט!

ווען איך האָב זיך אויפגעשטעלט צו גיין—איז מיין פּנים געווען רויט און געשוואָלן! איך האָב זיך געוואָלט אַביסל אַרעגלירן ביים שפּיגל אָבער, איך בין פון שפּיגל אַפּגעשפּרונגען! איך האָב זיך אַליין ניט דערקאָנט!

דער שותף האָט, פאַר קיין פאַל, מיך ניט געלאָזט אַליין גיין אַ היים און מיך באַגלייט ביזן פּענסיאָן! ער האָט מיך פּשוט אַריינגעלייגט אין בעט אַריין, אָנגעזאָגט דער בעל־הביתטע אַז זי זאָל גוט אכטונג געבן אויף מיר, ווייל עס האַנדלט זיך אין אַן אומגליקספאַל און — דאָס בין איך דערנאָך געוואוירע געוואָרן — האָט באַצאָלט דער בעל־הביתטע פאַר... צוויי מאָנאַטן פּענסיאָן אין פאָראויס!

איך בין באַלד איינגעשלאָפן געוואָרן! אָבער אַרום 5 פאַרטאָג האָב איך זיך אויפגעכאַפּט און אָנגעהויבן טראַכטן! דאָס איינציקע וואָס איך האָב געטראַכט איז געווען:

וואס זאל איך איצט טון?

כ'האב געהאט טויזנט פלענער! איין פלאן: — קויפן א רעוואלווער, פארן אהיים, שיסן דער מאמען און זיך!

א צווייטער פלאן — שיסן זיך אליין!

א דריטער פלאן — שיסן דער מאמען אליין!

אבער, פון די אלע שיסערייען — האב איך שנעל געמאכט א סוף! איך האב בלויז אנגעהויבן טראכטן וועגן דער גידערטרעכטיקייט פון מיין מוטער! עס האט מיך ווייניק פארדראסן, און איך וואלט איר גע־וועז, אפשר, מוחל געווען ווען זי וואלט געוועז האנדלען מיט זיך, נאך מיין פאטערס טויט! איך וואלט, אפשר, געפונען א תירוץ דערויף!

דאס פאראטן מיין פאטער ביים לעבן! דאס שיקן אים אויף די פראווינצן וואו ער איז אויסגעריסן געווארן און וואס האט אים געטריבן יונגערהייט אין דער ערד אריין ,און אליין ארומפארן מיט יעדן איינעם אין די האטעלן. באשר, בכן, זי האט געוואלט האבן פארגעניגן און גאלדווארג — דאס האב איך ניט געקאנט און ניט געוואלט מוחל זיין!

ארום זעקס אינדערפרי בין איך ווידער איינגעשלאפן און בין אויפ־געשטאנען... זעקס פארנאכט! ווען איך בין אריינגעגאנגען אין עס-צי־מער, האט אויף מיר געווארט ראדאלפאס פאטערס שותף.

ער האט מיך אויפגענומען זייער פריידיק, כמעט מיט א ליב שמיי־כעלע און דרוקנדיק שטארק מיין האנט זאגט ער מיר:

איר קאנט מיר צוזאגן, אז איר וועט זיך פילן שטארק און איבער־לאזן די טרערן אויף אן אנדער מאל — וועל איך אייך אנזאגן א גוטע בשורה!...

מערקווירדיק! אט דעם מענטש, האב איך, די ערשטע עטלעכע מי־נוטן וואס איך האב אים געזען — פיינט באקומען! איצט, איז ער מיר געווארן אזוי נאענט און אזוי ליב!..

איך האב אים אלעם צוגעזאגט, און, זיך זעצנדיק נעבן מיר, האט ער, פאוואליענקע, אנגעהויבן רעדן, קוקנדיק מיר אין ידי אויגן צו זען וואס פאר אן איינדרוק ער מאכט אויף מיר!

איר ווייסט! ראדאלפא האט, ווייזט אויס, חרטה אויף דער גאנצער געשיכטע וואס ער האט געהאלפן דעם פאטער פארקאכן! ער הויבט זיך

אויך אַן איבערצייגן, אַז איר זענט אומשולדיק, און איר האָט פון גאָר־ניט געוואוסט! אים, ראַדאַלפאַן, אַרט ווייניק אייער מוטערס לעבן! וואָס ער האָט מורא געהאַט איז, אַז איר האָט געמאַכט איין האַנט מיט אייער מוטער, כדי אים אַריינאַרן און דערנאָך אויספּרעסן געלט ביי אים! איצט, הויבט ער אָן גלויבן אין אייער אומשולד און... ער וויל אייך ניט פאַרלירן!..

איך בין געבליבן רואיק און גלייכגילטיק! ראַדאַלפאַ האָט ביי מיר פאַרלוירן דאָס שיינע ליכטיקע פּינטעלע וואָס מען רופט — ליבע! אַלנ־פאַלס — אַזוי האָט זיך מיר אויסגעוויזן! און, אַזוי טאַקע, אין אַ גלייכ־גילטיקן טאָן, האָב איך אַ פרעג געטון?

און ווער האָט עס איבערצייגט ראַדאַלפאַן, אַז איך בין אומשולדיק?

— איך!

— און ווי אַזוי זענט איר איבערצייגט? אפשר בין איך אויך אַזוי ווי מיין מאַמע?

דער שותף האָט אַ שמייכל געטון!

איר ווילט זיך רייצן מיט מיר — קאָט איר וויפל איר ווילט! אָבער, איר זענט אַ ערלעך, ריין, אומשולדיק קינד, און איר זענט ווערט צו זיין ראַדאַלפאַס פרוי!..

— דעם אמת אייך זאָגן, טראַכט איך איצט ניט פון ראַדאַלפאַן! איך טראַכט, אפילו ניט, פון זיך אַליין! איך האָב אַן אַנדער זאַך אין וואָס צו טראַכטן!..

יאָ! אָבער, אַליין וועט איר גאָרניט קאָנען טון! איר מוזט האָבן ראַדאַלפאַס מיטהילף!

ניין! איך דאַרף ניט ראַדאַלפאַן און דאַרף ניט זיין מיטהילף! איך דאַרף שוין גאָרניט! מיין לעבן איז שוין אַ פאַרשפּילטס! די פראַגע איז נאָר ווי אַזוי ענדיקט מען עס אַזוי, אַז איך זאָל קאָנען באַצאָלן פאַר רו־אינירן מיין לעבן! אַלנפאַלס — אייך דאַנק איך פאַרן צוטרוי! איך בין זייער געריהרט פון אייער מיטפילן מיר אין מיין אומגליק! און איך וואָלט אייך — ווי מיינעם אַ פאָטער — אַרומגענומען און אַ קוש געטון — וועט איר דאָך מיינען, אַז איך בין... אויך אַ זונה, און אַ „טאָכטער פון טויזנט זונות” — נאָט זשע אייך מיין האַנט — און גאָט זאָל אייך צאָלן פאַר אייער גוטסקייט!

פון דעם שותפ׳ס אויגן האָבן זיך געלאָזט טרערן! ער האָט אָנגע־

הויבן וויינען ווי אַ קינד און אויפשטייענדיק און זיך דערנענטערנדיק צו מיר רופט ער זיך אָפּ:

ניין! פון היינט אָן זענט איר מיין קינד! איר בלייבט דאָ אין דער שטאָט, און איר לערנט ווייטער, גלייך ווי גאָרניט איז געשען! איר זענט מיין קינד! איר הערט! — מיין קינד!.. און איידער איך האָב צייט געהאַט עפּעס צו ענטפערן — איז ער שוין ניט געווען!

איך בין ביינאַכט געזעסן שפּעט ביי מיר אין צימער! איך בין געזעסן און געטראַכט וואָס צו טון! איך וואָלט געוואָלט זען מיין מאַמע און זי בלויז פרעגן איין וואָרט?

— פאַרוואָס?

— פאַרוואָס האָט זי אַזוי, מיזעראַבלע, פאַראַטן מיין פאָטער?

איך האָב געטראַכט וועגן מיין ווייטערדיקע צוקונפט און באַשטימט, איבערלאָזן דאָס לערנען, זוכן אַ שטעלע און קיינמאָל, קיינמאָל ניט חתונה האָבן! איך האָב געטראַכט נאָך טויזנטער זאַכן און, עט, פאַרטאָג בין איך אַנטשלאָפן געוואָרן!

אַרום 12 אַזייגער, האָט מיך די בעל הבית-טע פון פּענסיאָן אויפגעוועקט! געהייסן האָט עס, אַז איך זאָל אויפשטיין עפּעס עסן! אָבער ווען איך בין אַריין אין עס-צימער האָב איך געטראָפן דעם שותף און... ראָדאָלפאָן!

אַ ציטער איז מיר אַריבער איבערן לייב! איך האָב געוואָלט צוריק אַריין צו מיר אין צימער, אָבער ראָדאָלפאָ האָט מיר פאַרשטעלט דעם וועג!.. ער וויל בלויז אַז איך זאָל אים אויסהערן! איך מעג אים דערנאָך אויספּאַטשן! טון וואָס איך וויל! איבעררייסן מיט אים! — אָבער, איך מוז אים אויסהערן!..

— — — — — — — — — — — — —

שוין זעקס מאָנאַטן ווי אַט דאָס האָט געטראָפן! איך בין שוין, אָפּיציעל ראָדאָלפאָס כלה! זיין פאָטער האָט געגעבן זיין צושטימונג! דאָס לערנען האָב איך איבערגעלאָזט און איך וואוין איצט ביים שותף אין הויז! אינגיכן וועלן מיר חתונה האָבן!

מיין מוטער האָב איך מער ניט געוואָלט זען! איך האָב מורא געהאַט פאַר... מיינע נערוון! איך האָב מורא געהאַט אַז ווען איך וועל זי דערזען, וועט עפּעס געשען מיט מיר און... מיט איר! נאָר איינמאָל האָב

איך זי צופעליק באַגעגנט! זי, האָט מיך, ניט געזען! איך האָב זי ניט דערקענט! אנשטאָט אַ יונגע, שיינע, רייצנדע פרוי, האָב איך דערזען אַן אַלטע גרויע, צעקנייטשטע... בעטלערן! איך האָב... רחמנות באַקומען אויף איר! פון מיין גרויסן כעס אויף איר, בין איך געווען גרייט צוגיין צו איר און... זי אַ גלעט טוןביים קאָפּ! פאָרט מיין מאַמע! איי, זי האָט געזינדיקט? ווער ווייסט די אומשטענדן אין וועלכע זי האָט זיך געפונען!

אַלזאָ! איך האָב געגלויבט, אַז מיין איינציקע טרייסט אין לעבן וועט זיין דערלעבן נקמה אין מיין מאַמען און מיינע נקמה־געפילן האָבן זיך פּלוצים — דערזעענדיק איר צושטאַנד — אויסגעוועפּט!

ווייל איך איצט הערן אייער מיינונג:

— וואָס דאַרף איך טון? — ווי אַזוי דאַרף איך האַנדלען? צי דאַרף איך איר מוחל זיין? — אָדער איך דאַרף זי האַסן און וויכן פון איר?

וואָס שייך ראַדאַלפאַן און זיין פאָטער, זאָגן זיי מיר, אַז איך קאָן האַנדלען ווי איך פאַרשטיי!

וואָס איז אייער מיינונג?

## פאַרוואָס איז דער חתן אַנטלאָפן פון דער כלה צוויי טעג פאַרן גיין צו דער חופה?..

ביי אידן איז דאָ אַן אָנגענומענער כלל: — מען לאָזט ניט אָפּ קיין שידוך!

אָפּלאָזן אַ שידוך, צוריקשיקן תנאים, איז פאַררעכנט געוואָרן פאַר אַ גרעסערן חטא ווי געבן אַ גט, אָדער אפילו לאָזן דאָס ווייב אַן „עגונה”. ניט איין חתן־בחור איז געצוואונגען געוואָרן צו גיין צו דער חופה און דערנאָך וועט ער תיכף, אָפּגעטן זיין ניי ווייבעלע, אויף וועלכער ער האָט געוואָרפן אַן אומחן פ אַ ר דער חתונה. אין די מערסטע פאַלן, איז שוין צו קיין גט ניט געקומען און דאָס פּאָרל האָט זיך אויסגעלעבט די יאָרן אין עושר און אין כבוד, געהאַט קינדער און אייניקלעך, ווי גאָט האָט געבאָטן.

אָפּברעכן אַ שידוך אָדער אָפּשיקן די תנאים, איז ביי אידן פון אַ ל ע יאָרן, געווען פאַררעכנט פאַר גאָר, גאָר, אַ גרויסע זינד! אונזערע געלערנטע האָבן אָט די זינד געשטעלט אויף איין ראַנג פון „שפיכות דמים” (פאַרגיסן בלוט!) און וועלכער איד, וועלכע אידישע טאָכטער אָדער אידישער בחור איז ביי אונז פעאיק געווען צו פאַרגיסן ב ל ו ט? עפּעס אַ קלייניקייט!

געווען בלויז איין מיטל אַז דער אויבערשטער זאָל ניט באַשטראָפן פאַר אָט דעם פאַרברעכן פון אָפּשיקן די תנאים! נעמלעך: — דער צווייטער צד, דער געקריוודעטער חתן אָדער די כלה האָבן מוחל געווען דעם בזיון! טאָמער, אָבער, האָבן זיי נ י ט מוחל געווען, איז גאָטס קללה שטענדיק געהאנגען איבער דעם פאַראורזאַכער פון אָט דער זינד!..

געווען, אָבער, אויך פאַלן — זייער זעלטענע, וואָס אויפן צווייטן טאָג נאָך דער חופה, האָט זיך דאָס פּאָר פאָלק גע”גט! די שאַנדע איז געווען קלענער, ספּעציעל פאַר דער פרוי, און גאָר ספּעציעל — אויב די פרוי איז שוין געווען אַ ביסעלע אַ עלטערע!

אַנטלויפן פון אונטער דער חופה, אַנטלויפן, ד ע מ אָ ל ט , ווען די

מחותנים זענען שוין גרייט צו גיין צו דער חופה — איז, לכל הדעות, אַ אומפאַרציילעכע זינד! דאָך... דאַרף מען קיינמאָל ניט משפט'ן אונטער די אויגן, מען דאַרף שטענדיק אַ טראַכט טון: — ווער ווייסט וואָס פאַר אורזאַכן עס האָט געהאַט דער חתן, אָדער די כלה, אָפּצוטון אַזאַ גרויזאַמע טאַט?..

און אָט זיצט פאַר אונז אַ יונגער מענטש, נאָך ווייט פאַר די דרייסיקער, דערציילט אונז זיין געשיכטע, ער דערציילט און ציטערט מיט אַלע אברים! ער גלויבט אַז ער איז דער שולדיקער אין זיין מוטערס פריציייטיקן טויט, ער גלויבט אַז ער איז דער שולדיקער וואָס זיין פאַטער איז געוואָרן לעצטנס שטאַרק געבראָכן פון פרנסה, ער גלויבט, אַז ער איז דער שולדיקער וואָס צו זיין שוועסטער שאַרט זיך ניט צו עפּעס אַ לייטישער שידוך און ער גלויבט, אַז דאָס אַלעס, און נאָך און נאָך אַ סך צרות זענען געקומען אויף זיין משפחה ווייל... ער האָט אָפּגעלאָזט דעם שידוך! נאָ! נאָך ערגער! ווייל ער איז אַנטלאָפן פון דער כלה, פון דער שטאָט, צוויי טעג ערב זיין חתונה, פאַר זייער גיין צו דער חופה! עס איז שוין געווען אַלעס צוגעגרייט! מען האָט שוין... געפליקט די עטלעכע הונדערט עופות וואָס מען האָט איינגעקויפט, מען האָט שוין געהאַקט די פיש און זיי געגרייט צום קאָכן, עס זענען שוין געווען די טישן צוגעגרייט אין סאַלאָן און פלוצים: —

אויס חתונה! אויס חופה! דער חתן איז ניטאָ! אין טאָג פון דער חופה איז שוין דער חתן געווען עטלעכע הונדערט קילאָמעטער ווייט פון דער כלה! ער איז מיט אַן אעראָפּלאַן אָפּגעפלויגן פון דער שטאָט! ער איז געפלויגן אין דער וועלט אַריין! מיט איין וואָרט; — ער איז אַנטלאָפן פון דער כלה, פון דער חופה!

דעם רושם וואָס דאָס האָט אַנגעמאַכט אין שטאָט? צעוואָס באַשרייבן?..

האָט ער עפּעס אויסגעפונען אין לעצטן מאָמענט אַז די כלה איז ניט געווען קיין פיינע? איז ער עפּעס געוואוירע געוואָרן אַז די כלה האָט, אָדער געהאַט, אַ געליבטן און ער איז ניט זיכער, אַז נאָך דער חתונה וועט זי אים ניט פאַראַטן?

ניין! די כלה איז, אין דעם זינען, געווען זייער אַ פיינע און אַנשטענדיקע! ער איז, זיכער, געווען ביי איר דער ערשטער, די ערשטע ליבע. אגב. די כלה איז נאָך געווען זייער אַ יונגע און האָט נאָך קיין צייט ניט געהאַט צו פירן, אָדער האָבן, אוואַנטיורעס!

פאַר וואָס זשע איז ער אַנטלאָפן פון דער חופה? פאַר וואָס האָט ער זי טאַקע אַזוי פאַרשעמט? אָט, הערט, וואָס דער יונגערמאַן האָט צו דערציילן:

איר גלויבט אין גאָט?.. און, אויב איר גלויבט אין גאָט? — צו גלויבט איר אַז שטענדיק משפּט ער מיט יושר און גערעכטיקייט? — אַזוי הויבט אָן, דער יונגערמאַן, שטיל און טרויעריק צו רעדן. אויב עס איז אמת אַז עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט און אויב עס איז אמת אַז ער טיילט בלויז גערעכטיקייט און באַשטראָפט בלויז די וואָס פאַרזינדיקן זיך, איז, אין מיין פאַל, האָט ער, אָדער אַ טעות געמאַכט, אָדער זיך געשטעלט אויף איין צד און איז פּאַרטייאיש און אומגערעכט!..

אמת איך האָב געזינדיקט! איך האָב פאַרשעמט אַ אידיש קינד, איך האָב אָפּגעשיקט די תנאים אַ מיידל, ווען זי האָט זיך שוין געדאַרפט אָנטון דאָס חופּה־קלייד! אָבער, איך האָב דאָך עס געטון, ווייל איך האָב מקים געווען גאָטס אַ געבאָט! איך האָב מקים געווען דעם וויכטיקסטן געבאָט פון אַלע צען וואָס מיר האָבן: — דעם געבאָט פון „אָפּגעבן כבוד טאַטע־מאַמע"! מען האָט, אין מיין אָנוועזנהייט, באַליידיגט, שטאַרק באַליידיגט, מיינע עלטערן, מען האָט זייער כבוד געטראָטן מיט די פיס, האָב איך, ניט מער, ווי זיך אָנגענומען זייער קריוודע! טאָ! פאַרוואָס זשע שטראָפט מיך אַזוי גאָט?

דער יונגערמאַן בלייבט שטיל אַ פּאָר מינוט. ווישט זיך די אויגן מיט זיין טיכעלע, זעצט פאָר: כדי איר זאָלט האָבן אַ באַגריף פון מיין האַנדלונג און כדי איר זאָלט קאָנען אורטיילן צו איך האָב אַנדערש געקאָנט האַנדלען, וועל איך מוזן אָנהויבן פון אַ מאָל, אַמאָל! פון יענער צייט, ווען איך בין נאָך געווען אַ קינד און איך האָב געלערנט אין שולע.

איך בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן ביי אָרימע עלטערן! מיר האָבן געוואוינט אין אַ וויטער פּראָווינץ־שטאָט, און מיין פאָטער האָט געהאַט אַ קליין קלייטעלע פון עסנוואַרג, פון ברויט, פון קאַרטאָפל און ציבעלעס און האָט זיך זייער געמוטשעט אויף דער פּרנסה. ער איז געווען זייער אַ פרייליכער און אַ וויצנדיקער און ער פלעגט זאָגן, אַז ער האָט בלויז שלעכטע קליענטן וואָס נעמען סחורה, וואָס עסן זיין ברויט און זיינע קאַרטאָפל, און באַצאָלן ניט! די אייניציקע קראַנטע קונים וואָס ער האָט, איז... זיין ווייב און קינדער! און אַזוי איז טאַקע געווען! צוביסלעך, צוביסלעך, האָבן מיר „אויפגעגעסן" זיין קלייטל, און מיין פאָטער האָט אָנגעהויבן האַנדלען אין גאַס און קוים קוים, שלעפּן פּרנסה! ער פלעגט טראָגן אַ גרויסן קלימעק מיט פאַרשידענע סחורות, אָפּגיין אַ טאָג אפשר הונדערט קוואַרטאַלן, און ווען ער פלעגט קומען אַ היים, האָט פון אים דער שוויס געריננען! איך האָב שטאַרק רחמנות געהאַט אויף מיין טאַטן. ווען איך בין אַלט געוואָרן קוים, קוים, 8 יאָר, האָב איך שוין פאַרשטאַנען אַז איך דאַרף ניט בעטן קיין סך ברויט, אַז איך דאַרף

ניט בעטן קיין געלט אויף אַ ביכל, אַז איך דאַרף ניט דערקוטשען דעם טאַטן און אים ניט דערציילן אַז עס רינט מיר אַריין אין די שיכעלעך... איך האָב געוואוסט אַז דער טאַטע האָט ניט און מען דאַרף ליידן! איינ־מאָל האָט דער טאַטע, צופעליק, דערזען מיינע שיכעלעך, — געווען איז דאָס אין אַ קאַלטן ווינטערדיקן טאָג — ער האָט דערזען אַז איך בין, פשוט, געגאַנגען אָן זוילן, האָט ער מיר געמאַכט אַ פאַרוואורף, פאַרוואָס איך האָב עס אים ניט געזאָגט! איך האָב אים דעמאָלט געענטפערט זייער נאַיוו און דעם גאַנצן אמת: — וואָס וועל איך דיר זאָגן? איך ווייס דאָך אַז דו האָסט קיין געלט ניט מיר צו קויפן אַנדערע (צערעכט מאַכן די אַלטע שיך, איז שוין געווען אומעגלעך), ווען מיין טאַטע האָט דער־הערט מיין ענטפער, האָט ער... אָנגעהויבן וויינען! דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס איך האָב מיין פאָטער געזען וויינען! ער איז שטיל און פאַרשעמט אַוועק פון מיר! איך האָב יענע סצענע געדענקט דאָס גאַנצע לעבן און זיך באַשוואוירן, אַז איך וועל אַ מאָל מיין טאַטן באַצאָלן פאַר אָט דעם עגמת נפש, וואָס מיינע צעריסענע שיך האָבן אים פאַרשאַפט! איך האָב זיך אַ נדר געטון אין האַרצן, אַז ווען איך וועל ווערן גרויס, ווען איך וועל נאָר קאָנען, וועל איך אַרבעטן שווער, אַר־בעטן, פופצן שעה אין טאָג — פאַר מיר און פאַר מיין טאַטן — און אים ניט לאָזן מער אַרבעטן!.. שפּעטער מיט עטלעכע שעה, ווען מיין פאָ־טער האָט מיר געבראַכט פון דער קלייט, נייע שיכעלעך, האָב איך שטי־לערהייד די שיכעלעך אַ... קוש געטון און זיי געשטעלט אַלס עדות, אַז איך בין שולדיק מיין טאַטן אַ חוב!

ווען איך בין אַלט געוואָרן 12 יאָר, האָט זיך מיין פאָטער אַרויס־געצויגן אין אַ צווייטער שטאָט. ער האָט געביטן דאָס פּלאַץ, אפשר וועט זיך אים בייטן דאָס מזל! ער האָט אָבער ניט געטראָפן! עס איז אים געגאַנגען ערגער און ערגער!.. איך האָב זיך פלייסיק געלערנט! איך האָב געוואָלט וואָס פריער ענדיקן די זעקס גראַד און קאָנען גיין אַר־בעטן, העלפן מיין טאַטן אין פרנסה! מיין פאָטער האָט ניט געוואָלט הערן דערפון! ער האָט געוואָלט אַז איך זאָל לערנען ווייטער! אַזאַ קעפעלע ווי מיינס — פלעגט ער זאָגן — איז אַ שאָד! דער סוף איז גע־וואָרן: — מיר האָבן ביידע אויסגעפירט! איך האָב אָנגעהויבן לערנען אין דער מיטל־שול ביינאַכט און בייטאָג האָב איך געאַרבעט! איך בין געוואָרן אַ „שיק־אינגל" אין אַ געשעפט און אַריינגעבראַכט אַזוי פיל פרנסה אַז עס האָט געדעקט מיין לערנען און מיין פאָטערס דירה געלט!

צו זיבעצן יאָר האָב איך געענדיגט די מיטל־שול און איך בין אַרייז אין אוניווערזיטעט! אין דעם זעלבן טאָג האָב איך אויך געפונען אַ גוטע

שטעלע אין אַ גרויסער טעקסטיל־פאַבריק און בין געווען אַ וויכטיקער בעאַמטער דאָרט! איך האָב באַקומען זייער אַ גוטן געהאַלט און עס האָט געקלעקט אויף אַלע מיינע הוצאות, אויף מיין קליידונג און דער עיקר — אויף אַלע הוצאות פון מיין פאָטערס שטוב! כאָטש מיין פאָטער האָט שוין, ווי ניט ווי, געשלעפּט זיין פּרנסה, דאָן האָב איך גע־שטעלט אַן אולטימאַטום: — אויב מיין פאָטער נעמט ביי מיר ניט צו דאָס געלט וואָס איך גיב אים — גיי איך אַוועק פון שטוב און דינג זיך אַן קעסט אין אַ פּענסיאָן... מיין פאָטער האָט נאָכגעגעבן און מיין געלט האָט אים א סך, זייער אַ סך אַרויסגעהאָלפן!

דער בעל הבית מיינער איז געווען זייער אַ וואוילער מענטש, זייער אַ האַרציקער מענטש! איך בין אים שטאַרק געפעלן געוואָרן און ער האָט מיר אָנגעטרויט די פירונג פון דער גאַנצער פאַבריק! איך האָב זיך אַרויסגעוויזן, ניט נאָר אַלס פעאיקער סטודענט, נאָר אויך אַלס פעאיקער סוחר! אַ דאַנק מיר, האָט ער איינמאָל, געמאַכט זייער אַ גוטע אָפּעראַציע, און אַזוי ווי ער האָט דערביי פאַרדינט אַ היפּשע סומע, האָט ער מיר אויך געגעבן אַ גאַנץ פיינע מטבע! איך האָב די גאַנצע סומע אַוועקגעטראָגן אַ היים און אָפּגעגעבן מיין טאַטן אַז ער זאָל עפּעס מיטן געלט אָנהויבן מסחר'ן! איך האָב אים געזאָגט אַז דאָס געלט איז אינ־גאַנצן זיינס! איך צאָל אים אָפּ אַ קליינעם חוב דערמיט!..

אין איינעם אַ טאָג, האָט מיך דער בעל הבית מיינער גענומען צו זיך אַ היים! ער האָט זייער אַ רייכע היים, און וויל אַז איך זאָל זיך באַקענען מיט איר! דאָרט, ערשט ביי אים אין שטוב, האָב איך דערזען אַ אינטערעסאַנטנעם קאָנטראַסט: — פונקט, ווי אין פאַבריק, איז דער בעל הבית מיינער, געווען אַ גאַנצע אויטאָריטעט — אַזוי איז ער אין דער היים געווען אַ לעמעשקע! אין די ערשטע עטלעכע מינוט האָב איך באַמערקט ווי ער ציטערט עס פאַר זיין גראָבער, מגושמ'דיקער אידענע! איך האָב באַמערקט, ווי זיין אידענע איז אַ גאַנצער קאָזאַק אין שטוב. אין די אויגן פון אַ פרעמדן, דערצו נאָך זיינעם אַ בעאַמטער, האָט זי אים עטלעכע מאָל געמאַכט צו אויסדרייען, צו אַ גאָרנישט!..

און נאָך אַ זאַך האָב איך דערזען ביי מיין בעל הבית אין שטוב!.. אַ יונג, שיין מיידעלע, אַ „מויד" פון אַ יאָר אַכצן! ווייזט אויס, אַז דער בעל הבית האָט מיך צוליב דעם גענומען צו זיך אַ היים. ער האָט מיך געוואָלט באַקאַנען מיט זיין טעכטערל!

דריי שעה בין איך געווען ביי מיין בעל הבית אין שטוב. אין משך פון אָט די עטלעכע שעה, האָב איך געהאַט, אי פאַרגעניגן, אי עגמת נפש! איך האָב ניט געקאָנט ליידן ווי אַזוי די בעל הבית'טע באַהאַנדלט

דעם בעל הבית און איך האָב זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט דער שיינער פריילין וואָס איך האָב דערזען!

ווען מיין בעל הבית האָט מיך אָפּגעפירט מיט זיין אויטאָ אַ היים, האָט ער — דאָס ערשטע — זיך פאַרענטפערט, וואָס ער לאָזט זיך אַזוי טרעטן מיט די פיס פון זיין פרוי, און דאָס צווייטע מיר פאַרזיכערט אַז זיין טעכטערל איז... ניט געראָטן אין איר!

די צייט שטייט ניט! איך האָב פלייסיק געלערנט! מיין בעל הבית האָט מיר געגעבן פרייע צייט וויפל איך האָב אליין געוואָלט צו קאָנען בייזיין די לעקציעס אין פאַקולטעט, און אויך אין מיין פרנסה האָב איך פראָגרעסירט! איך האָב שוין פאַרדינט גענוג צו קאָנען מאַכן אַ שיין פאַמיליען-לעבן און עס זאָל נאָך קלעקן פאַר מיינע עלטערן! אין דער זעלבער צייט בין איך שוין געוואָרן אַ גאַנצער היימישער אַריינגייער צו מיין בעל הבית אין שטוב אַריין! איך פלעג שוין זוכן עפּעס אַ תירוץ צו פאָר צו מיין בעל הבית אין זיין פריוואַטער וואוינונג, און דאָס זעל־בע איז שוין געווען פאַרקערט! זיין טעכטערל, סעסיליא, האָט שוין גע־זוכט עפּעס אַ תירוץ און איז אַלע טאָג, און עטלעכע מאָל אין טאָג, גע־קומען אין פאַבריק אַריין!

איך האָב דאָס מיידל ליב באַקומען! איך האָב אָנגעהויבן חלומען וועגן איר! איין זאַך האָט מיך אָפּגעשטעלט! פונקט אַזוי ווי איך האָב זי ליב געהאַט, אַזוי האָב איך פיינט באַקומען איר מוטער! איך האָבן זי, סתם פיינט געהאַט, און נאָך מער איז מיין שנאה צו איר געווען, הלמאי זי באַליידיקט און בעהאַנדלט אַזוי שלעכט איר מאַן — מיין בעל הבית! אויף אים האָב איך פשוט רחמנות געהאַט! מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ווען איך האָב אַזאַ ווייב, וואָלט איך זי, אין אַ שיינעם העלן טאָג... אָפּגעסמ׳ט! זי איז געווען פשוט אַ מרשעת! איך בין געווען זיכער אַז שטילערהייד... פּאַטשט זי אונטער דעם מאַן! איך האָב עס דערציילט מיין פאָטער! איך האָב ניט געהאַט מיט וועמען זיך אַן עצה האַלטן און פאַר וועמען אויסגיסן מיין הארץ... מיין פאָטער האָט מיך, אויסערגעוויינלעך ליב געהאַט און איך בין געווען זיכער, אַז ער וועט מיך ראַטן צו גוטן! איך האָב אים דערציילט אַז דאָס מיידל האָט אַלע מעלות! זי האָט אָבער אויך אַ ביסעלע פון איר מוטער! זי איז צעפּעשטשעט און מיינט, אַז דאָס געלט איז אַלעס אין לעבן! זי שטאָלצירט זייער אַ סך וואָס אויף איר „קאָנטאָ“ אין באַנק, ליגן אַוועק־געלייגט צענדליקער טויזנטער פּעזאָס, און וואָס אַרום איר זשומען אינג־לעך ווי די בינען! עפּעס האָב איך מורא געהאַט פאַר אָט דעם רייכטום און מער פון אַלעם — פאַר מיין צוקונפטיקער שוויגער!..

וואָס האָט מיר מיין טאַטע געקאָנט זאָגן און וואָס האָט ער מיר געקאָנט עצה'ן? ער האָט געהאַלטן פון כלל אַז: — „מען נעמט אַרויס די פערד און מען פאַרברענט די שטאַל". מיין מאַמע, מיין אָרימע און אָנ־געליטענע מאַמע, האָט דווקא געהאַט אַן אַנדער מיינונג! איר כלל איז געווען אַז: — „מיט וואָס דער טאָפּ ברענט זיך אָן — מיט דעם שמעקט ער"... זי, די אָרימע מאַמע מיינע, איז ניט געווען שטאַרק אַנציקט פון שידוך! זי האָט מורא געהאַט אַז די שוויגער וועט, סוף כל סוף, אַרויס־פירן איר טעכטערל אויף אירע וועגן! זי האָט ניט צוגערעדט מיך...

איך האָב מיין מאַמען ניט געפאָלגט! איך האָב בעסער געפאָלגט מיין טאַטן! און ווען מיין בעל הבית האָט מיך איינמאָל געפרעגט, צו איך טראַכט מיט סעסיליאַן ערנסט? האָב איך אים געגעבן אַ פּאָ־זיטיוון ענטפער און...

וואָלט איך ניט געווען אַזוי פאַרבלענדעט אין מיין נאַרישע ליבע, האָב איך באַלד, דעם ערשטן טאָג, פון ניט אָפיציעלן ווערן אַ חתן, געדאַרפט דערזען, אַז איך בין אַריינגעפאַלן! איך האָב געדאַרפט דער־זען אַז ניט די שטוב, ניט דאָס מיידל אַפילו, איז פּאַסיק פאַר מיר און פאַר מיין שטוב! איך האָב געמיינט, אַז די מחותנים וועלן תיכף איינלאַדן מיינע עלטערן צו זיך, וועלן אויך קומען צו אונז און מען וועט זיך באַקאָנען! לפּחות, וועט מיין כלה תיכף וועלן קאָנען מיינע עלטערן, איר שווער און שוויגער! געשען איז אָבער אַנדערש! מען הייסט מיר קויפן פינגערלעך, און מען לאַדט מיך איין צו קומען דעם צווייטן שבת אויפדערנאַכט, וועט מען מאַכן אַ וועטשערע און מירן זיך אַנטון פינגערלעך! מיין מחותנס'טע איז קעגן פּראַוועןן אַ „קנס'ן מאָל"! זי וויל בעסער פּראַוועןן אַ חתונה וואָס זאָל אָפּקלינגען איבער דער גאַנ־צער שטאָט, איבערן גאַנצן לאַנד! קיין תנאים־שמחה, וויל זי ניט!

איך האָב געקויפט די פינגערלעך, געקויפט אַ שיינעם רינג פאַר מיין כלה'ן און איך וואַרט אַז זיי זאָלן מיך פרעגן ווען זיי קאָנען פאָרן צו מיינע עלטערן! נאָך געווען אַ גליק וואָס איך האָב אין דער היים ניט דערציילט, אַז מען וועט זיי איינלאַדן ווייל איך טו אָן פינגערלעך!

עס זענען אַוועק עטלעכע טעג. עס איז שוין מיטוואָך, עס איז שוין דאָנערשטיק, איך זע ווי מען גרייט זיך אַז עס זאָלן קומען עטלעכע צענדליג מענטשן — אַלץ זייער משפּחה! און אויף מיין משפּחה, לפּחות — אויף מיינע טאַטע־מאַמע, שוועסטער און קרובים — פרעגט מען מיך אפילו ניט!..

עס איז שוין פרייטיק אינדערפרי! איך זע אַז מיין שוויגער

ווײל דאָ אָפּטון אַ שטיקל חזירישע אַרבעט! איך האָב אַ חשד, אַז זי דענקט ניט אײַנצולאַדן מײַנע עלטערן! זי האָט שטאַרק פײַנט... אָרימע־לײַט, זײַ האָבן בײַ איר, קײן אַנדער נאָמען ניט, ווי „שנאָרער"! און, ווײַזט אויס, אַז מײַנע עלטערן, גײען בײַ איר אַרײַן אין אָט דער קאַטע־גאָריע! אָבער! נײן! איך פֿאַרטרײַב דעם געדאַנק פֿון זיך! ווי איז דאָס מעגלעך אַז זי זאָל דענקען, אַפֿילו, אַז מען קאָן פּראַווען אַ שמחה אין שטוב פֿון „אַנטון פֿינגערלעך" און ניט רופֿן דעם חתמ'ס עלטערן זיך באַקאָנען מיט זײ! ענדלעך האָב איך ניט אויסגעהאַלטן און אַנשטאָט וואַרטן ביז דער לעצטער מינוט, האָב איך גלײַך און דרײסט געפֿרעגט מײַן צוקונפֿטיקע שוויגער, וואָס וועט עס זײַן שבת? וואָס גייט מען פּראַווען? און — איר'ט ניט גלויבן! זי האָט אפילו מיט קײן אויג קײן פֿינטל ניט געטון און מיר געענטפֿערט, אַז מען וועט זיך „אַנטון פֿינ־גערלעך"!.. ווײַזט אויס, אַז זי האָט געמײנט אַז איך בין אַזאַ לעמעשקע ווי איר מאַן און וועל אַראָפּשלינגען אָט די באַלײדיגונג! איך האָב איר, אָבער, באַלד געענטפֿערט אַז זי זאָל... באַשטעלן אַ חתן צו אָט די „פֿינ־גערלעך" ווײַל איך וועל שבת ניט קומען! איך האָב איר אָפּגעשפּילט אַ יום־טוב וואָס זי האָט זיכער אַזעלכעס נאָך אויף איר לעבן ניט גע־הערט! איך האָב באַקומען אַ נערוון אַטאַקע שרײַענדיק, און בין אַוועק מיט אַ קלאַפּ אין דער טיר!..

קײן „פֿינגערלעך" האָבן מיר יענעם שבת זיך ניט אָנגעטון! עס זענען אַוועק דרײַ חדשים פֿון יענעם פּרײַטיק! איך האָב געצוואונ־גען מײַן שוויגער אַז דאָס ערשטע, זאָל זי, במחילה, פֿאָרן צו מײַנע עלטערן און זיך מיט זײ באַקאָנען! דערנאָך האָבן זײ גערופֿן זײ צו זיך אַ פּאָר מאָל, און ערשט דערנאָך, מיט צײַט אַז מײַן מאַמע זאָל זיך קאָנען מאַכן אַ פּאַסיק קלײדל, ווי עס פּאַסט פֿאַר אַזאַ שמחה, האָבן מיר אין אַ שבת — „אָנגעטון פֿינגערלעך" און אויך באַשטימט דעם דאַטום פֿון דער חתונה!

מען האָט אָנגעהויבן זיך גרײטן צו דער חתונה! עס האָבן געפֿעלט געצײלטע וואָכן! איך האָב אָנגעהויבן לײדן חיבוט־הקבר פֿון מײַן שווי־גער! דאָס ערשטע האָט זי געוואָלט באַגרענעצן די צאָל געסט — מײַנע קרובים און פֿרײַנט — וואָס מיר דאַרפֿן אײַנלאַדן! דערנאָך האָט זי זיך אָנגעהויבן טשעפּען אַז זי וויל... קאָנטראָלירן דאָס קלײדל וואָס מײַן מאַמע מאַכט זיך צו דער חופּה־נאַכט! זי וויל ניט אַז מען זאָל זאָגן אויף איר, אויף אָט דער מאַדאַם, — ווערמענס פֿאָטער איז געווען גאָר גאָר אַ געהויבענער שוסטער — אַז זי האָט זיך משדך געווען מיט שלע־פֿערס! די חופּה איז באַשטעלט געוואָרן אין טעמפּל און די חתונה —

אין גרעסטן סאַלאָן פון שטאָט, וואו עס גייען אריין צוויי טויזנט פּערזאָן, האָט זי, די מאַדאַם, מורא אז עס וועט זיין... ענג! דעריבער, דאַרף איך קיינעם פון מיינע קרובים ניט רופן! מאַלט אייך, אז זי האָט עס ניט געפועלט! אָבער, עגמת נפש האָב איך געהאַט אַלע טאָג און אַלע שעה! נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה מיט אַ „פראַק” און מיט אַ „צי־לינדער”! זי האָט געגעבן אַ באַפעל אַז ביידע מחותנים דאַרפן קו־מען אין טעמפּל אָנגעטון מיט אַ פראַק און מיט אַ צילינדער! אַזוי ווי, אָבער, ביידע מחותנים זענען נידעריקע, וועט דער צילינדער זיי ניט פּאַסן, און זיי וועלן בלויז זיי צו חוזק! נו, מילא, מיין מחותן, האָט דאָך קיין דעה ניט געהאַט, וואָס ער דאַרף טון, און ווי אַזוי ער דאַרף גיין! ווען זי באַפעלט אַז ער דאַרף טראָגן אַ זאַק אויפן קאָפּ באַשיט מיט פע־דערן, וואָלט ער געמוזט אַזוי גיין! ווי וועט ער וואַגן איר זאָגן אַז ניין! מיין פאָטער האָט, אָבער, ניט געלעבט אונטער קיין שום „דיקטאַטור”! ער האָט אָנגעמאָסטן אַ צילינדער, געזען ווי חוזקליך ער זעט אויס, און געזאָגט אַז ער וועט אַזאַ פּאַרזעעניש ניט טראָגן! איך, אליין, וואָלט זיך אויך געשעמט אַז מיין פאָטער זאָל זיין צו חוזק! אָבער, מיין קאָזאַק, האָט אַנדערש געוואָלט! זי האָט געקלאַפּט אין טיש און... האָט ביי מיר גאָרניט געפועלט!

און וואָס האָט געזאָגט מיין סעסיליא־ מיין כלה צו האָט זי גאָר קיין דעה ניט געהאַט?

יאָ! זי האָט... נאָכגעבאָמקעט דער מאַמען! וואָס די מאַמע האָט גע־זאָגט — איז געווען גוט! דערפאַר, האָט איר די מאַמע איינגעקויפט נאָך אַ קליידל, נאָך אַ שמאַטקעלע! און צוליב נאָך אַ פּאָר שיך האָט זי ניט געאַרט אַז מיר זאָלן אויסזען אַזוי נאַריש! עס האָט איר אויך ניט געאַרט וואָס איך האָב אַזוי פיל צער און — דער מוטער אין די אויגן, האָט זי איר געגעבן גערעכט און איך בין אומגערעכט!..

— — — — — — — — — — — — —

און אָט איז געקומען דער טראַגישער טאָג: דער טראַגישער דינסטיק!..

עס איז געווען צוויי טעג פאַר דער חתונה און אַ טאָג ערב דער ציווילער חתונה! איך האָב יענעם טאָג מער געליטן ווי אַלע טעג! זי, איז דאָס געווען די יעניקע וועלכע האָט באַשטימט וואוהין מיר זאָלן פאָרן אויף אונזער האָניק מאָנאַט, זי, איז דאָס געווען די יעניקע, וועלכע האָט איינגעקויפט די בילעטן און אפילו טעלעגראַפיש באַשטעלט די האָטעלן, וואוהין מיר האָבן געדאַרפט פאַרפאָרן! איך האָב אָנגענו־מען מיין פאָטערס עצה; לאָמיר נאָר אַרויסנעמען דאָס פּערד — וועל איך די שטאַל אַזוי פאַרברענען אַז עס וועט פון איר קיין זכר ניט בלייבן!

איך האָב זיך אָנגענומען מיט אײַזערנעם געדולד צו שװײַגן און איר ניט אָפּענטפערן!

אויפדערנאַכט! אַ טראַגישער אויפדערנאַכט איז דאָס געװען! מאָרגן דאַרפן מיר גײן צום ציװיל, און דאָרט געזעצלעך חתונה האָבן! אײן גאָט װײסט דעם אמת װי מיר איז געװען אויפן האַרצן, װען איך האָב זיך דערמאָנט װאָס פאַר אַ שװיגער איך האַנדל אײַן, און אפשר װעט זי טאַקע איבערגעבן איר ירושה מײַן סעסיליאַן! מיר זיצן אַרום טיש, און בײַ מײַן שװיגער פאַרמאַכט זיך ניט דאָס מויל! זי האַלט אײן אײן רעדן אַז זי האָט מורא אַז זי זאָל ניט פאַרשעמט װערן, אַז איך האָב „אָנגעטריבן" אַ סך... שנאָרערס פון מײַן מישפּחה װאָס װעלן, מן הסתם, ניט קומען געקלײדעט װי עס פּאַסט פאַר אַזאַ רײַכער און געהױבענער חתונה... אַז זי װעט שטײן בײַם אַרײַנגאַנג און װעט זען, אויב מײַנע מחותנים װעלן ניט קומען פּאַסיק אָנגעטון, לויט דער מאָדע — מיט לאַנגע קלײדער — װעט זי זײ ניט אַרײַנלאָזן! װעט זײ הײסן טרײַבן װי די הינט!

איך זיץ און האַלט זיך קוים אײַן! איך טו אַלעס אַז איך זאָל ניט אויפטאַנצן! ענדלעך, הױבט זי אָן צו רעדן װעגן מײַנע עלטערן! ס'טײַטש! די חתונה קאָסט אָפּ אַזױ פיל, און זײ געבן גאָרניט צו־שטײער! זײ װעלן קומען זיך אָנפרעסן, אָנזױפן, איר בלוט, פאַר איר געלט! און האָבן נאָך אַ חוצפּה צו ברענגען די אָרימע קרובים אויך אויף אָנצועסן זיך! װען עס װעט זיך ענדיקן די חופּה־װעטשערע װעט זי שטײן בײַ דער טיר און היטן אַז מײַנע עלטערן זאָלן ניט אַהײם נעמען קײן עסן װאָס זאָל זײ סטײען אויף עטלעכע טעג!.. און טאָמער װעט מײַן מוטערס קלײד איר ניט געפעלן — װעט זי איר אויף דער חתונה אָפּשפּילן אַזױ אַז זי זאָל שױן װיסן װי אַזױ מען דאַרף קומען אויף אַ חתונה! אַזעלכע שנאָרער!..

די גאַנצע צײַט װאָס זי האָט גערעדט, װאָס עס האָט זיך געשאָטן פון איר מויל, איז מײַן כלה געזעסן אין דער זײַט און האָט קײן אײן װאָרט ניט אויסגערעדט אָפּצושטעלן איר מוטערס מענה־לשון! פּונקט פאַרקערט! זי האָט נאָך צוגעבאָמבעק דער מוטער! צוגעגעבן גערעכט! און, װי עמיצער זאָל זי אָנדרײען, הױבט זי זיך אויף, מײַן כלה, און רופט זיך אָן צו מיר!

אין דעם מעגסטו זײַן זיכער, אַז נאָך דער חתונה, װען מיר'ן שױן װאױנען בײַ אונדז, װעל איך קײנעם פון דײַנע שנאָרערס ניט אַרײַנלאָזן צו מיר אויף דער שװעל! מעגסט זײ זאָגן באַצײַטנס — און אַפילו דײַנע טאַטע־מאַמע — אַז זײ זאָלן צו אונדז װאָס װײניקער קומען װעל איך

זיי מערער ליב האָבן... און אויב זיי וועלן גאָרניט קומען — וועל איך נאָך זיי ניט בענקען!..

ביז אַהער! מער האָב איך ניט אויסגעהאַלטן! איך האָב ניט גע־שריען, ניט געמאַכט קיין סקאַנדאַל, ניט געקלאַפּט אין טיש! איך בין אויפגעשטאַנען, צוגעגאַנגען צום הענגער וואו מיין שליאַפּע האָט גע־האנגען, זי אַראָפּגענומען, זיך רואיק אָנגעטון, און זיך אָפּגערופן:

אַדאַנק אייך וואָס איר האָט עס מיר געזאָגט מיט עטלעכע שעה פ אַ ר ן פאַרבונדן זיך מיט אייך אויף אייביק! מאָרגן, צום ציוויל, זוכט אייך אַן אַנדער חתן! א י ך — גער זיך מיט אייך שוין גאָרניט אָן! אַדיע!

שוין שטייענדיג ביי דער טיר, האָט מיר מיין כלה — וועלכע האָט זיך ניט גערירט פון טיש די גאַנצע צייט, נאָכגעשריען:

גיי! גיי! מאָרגן וועסטו קומען צו קריכן אויף די קניעס, און מיך בעטן אַז איך זאָל גיין צום ציוויל! אויף די קניעס זאָלסטו קומען אלא ניט — גיי איך ניט!

— — — — — — — — — — — — —

וואָס דער סוף איז געווען האָט איר שוין, מן הסתם, געהערט! זיבן אַזייגער אינדערפרי, האָב איך גענומען אַן עראָפּלאַן און בין אָפּגע־פלויגן ווייט, ווייט פון דער שטאָט. דעם צווייטן טאָג בין איך שוין גע־ווען אין אַ צווייטער רעפּובליק און איך האָב זיך אויסגערוט פונ׳ם קאָשמאַר וואָס איך האָב איבערגעלעבט די לעצטע עטלעכע טעג! איך האָב מיינע עלטערן ניט געוואָלט און ניט געקאָנט דערציילן וואָס מיט מיר איז געשען! איך האָב נאָר געזאָגט מיין מאַמען, מיין ליבער אומ־גליקלעכער מוטער, אַז ז י איז געווען גערעכט! איך האָב זיי געהייסן געבן טעלעגראַמעס צו אַלע אונזערע פריינט, אָנזאָגנדיג זיי אַז עס וועט ניט זיין קיין חתונה!

שפּעטער בין איך געוואוירע געוואָרן, אַז מיין כלה האָט געוואַרט אַ האַלבע שעה פאַרן גיין אין ציוויל, ביז איך זאָל קומען צוקריכן אויף די קניעס צו איר! ווען זי האָט געזען אַז איך קריך ניט און קום ניט, האָט זי אַראָפּגעבויגן איר שטאָלץ און גערעדט צו מיר טעלעפאָניש! ווען מיין מוטער האָט איר געזאָגט אַז עס איז שוין אָנגעקומען פון מיר אַ טעלעגראַמע אַז איך בין בשלום אָנגעקומען אין דער ווייטער שטאָט ביי דער גרעניץ פון אַ צווייטן לאַנד און מאָרגן וועל איך שוין זיין דאָרט —

האָט זי ניט געוואָלט גלויבן און איז מיט איר פאָטער געקומען צעלויפן צו מיינע עלטערן אָנקוקן די טעלעגראַמע!..

די כלה מיינע, האָט געפּרוּווט שפּילן אַביסעלע טעאַטער, גע־פּרוּווט ספּאַזמירן, חלש׳ן! זי האָט אָבער, פאַרשטאַנען, אַז דער־מיט קאָן זי מיך צו איר ניט ברענגען צוריק! זיי האָבן געמוזט אָפּרופן די אַלע צוגרייטונגען! עס איז שוין אומעטום געווען באַצאָלט און זיי האָבן דאָס געלט פאַרלוירן! דעם זעלבן טאָג, איז דער פאָטער, מיט אַן אעראָפּלאַן, געקומען צופליען אַהין וואו איך האָב זיך געפונען אויף אָפּרו! ער איז מיר געפאַלן צו די פיס! ער האָט געוויינט ווי אַ קליין קינד! ער האָט מיר אַוועקגעלייגט אויפן טיש אַ טשעק פון... אַ מיליאָן פעזאָס אַז איך זאָל צוריקציען מיין באַשלוס! מילא! וועט די חתונה זיין אין אַ פּאָר וואָכן אַרום! עס אַרט אים אויך ניט דאָס פאַרלוירענע געלט פון דער איצטיקער שמחה וואָס איז שוין געווען צוגעגרייט! ער איז גרייט אויף אַלעס! ער שרייבט איבער די פאַבריק אויף מיין נאָמען! אַלץ, אַבי איך זאָל קומען צוריק צו זיין טאָכטער! ער האָט ביי מיר גאָרניט געפּועלט! דער כבוד פון מיינע עלטערן איז טייערער פון אַלע געלטער פון דער וועלט! צופיל האָט מען זיי באַליידיגט! צו גראָב און צו אומענטשלעך!

— — — — — — — — — — — — —

איך האָב זיך צו זיי מער ניט אומגעקערט! איך בין געקומען אַ היים, ערשט אין דריי חדשים אַרום! ווען איך בין געקומען, האָט מיר מיין געוועזענע כלה געשיקט מעלדן אַז זי איז מיר ניט מוחל און וועט מיר ניט מוחל זיין איר גאַנץ לעבן! זי איז נאָך אינדרויסן ניט געווען, ווייל זי שעמט זיך צו ווייזן איר פּנים פאַר אירע חברטעס! אינ־טערעסאַנט איז, איך האָב קיינעם ניט דערציילט דעם מאָטיוו פון מיין האַנדלונג — און דאָך, האָט עס יעדער באַקאַנטער זייערער, געוואוסט! זי די מרשעת, האָט עס אַליין דערציילט!

איך וואָלט וועגן דער זאַך מער קיינמאָל ניט געטראַכט און וואָלט זיך באַמיט צו פאַרגעסן אין דעם, בין איך, אָבער, געוואוירע געוואָרן, אַז זיי שעלטן מיך און מיין פאַמיליע מיט טויטע קללות! זיי בעטן אויף אונז דעם טויט!

לעצטנס האָט מיך טאַקע אַ אומגליק געטראָפן! מיין טייערע, גוטע מוטער איז שלאָף געוואָרן און איז געשטאָרבן! זאָגן זיי, אַז דאָס האָט גאָט מיך געשטראָפט! אַז דאָס נעמט זיך גאָט אָן די קריוודע פון

דער פאַרשעמטער כלה! און גאָט וועט ערשט מיך אָנלערנען! אָט, למשל, שדכנ׳ט זיך קיינער ניט צו מיין שוועסטער, כאָטש זי איז שוין ווייט אַריבער די צוואַנציקער! און אָט גייט עס לעצטנס מיין טאַטן זיי־ער שלעכט אין דער פּרנסה! דאָס אַלעס, זאָגט מען מיר, איז די שטראָף פון גאָט פאַר פאַרשעמען אַ כלה־מיידל! אָבער! זאָגט איר אַליין! אויב עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט און ער ווייסט אַלעס — ווייסט ער דאָך אויך, פאַר וואָס איך האָב עס געטון! ער ווייסט, אַז עס איז ניט געווען, ווייל איך האָב געוואָלט נדן אָדער באַקוועמלעכקייט פאַר זיך — נאָר איך האָב פאַרטיידיקט דעם כבוד פון מיינע עלטערן! קומט מיך, דערפאַר, צו באַשטראָפן? האָב איך דען געזינדיקט? האָב איך געדאַרפט דערלאָזן אַז עס זאָל זיין אַ חופה און מיינע עלטערן זאָלן עפנטליך באַ־ליידיקט ווערן? און, דאָס מעגט איר זיין זיכער! זי וואָלט עס זיכער גע־טון! זי האָט זיך געקלויבן — מיט דער צושטימונג פון מיין כלה — באַ־ליידיקן מיינע עלטערן, כדי צו מאַכן פון מיר אַזאַ שמאַטע ווי איר מאַן איז. האָב איך עס געמעגט דערלאָזן?.. זאָגט איר!...

— — — — — — — — — — — — — —

עס איז אונז אָנגעקומען שווער צו איבערצייגן דעם יונגערמאַן אַז זיין מוטער איז געשטאָרבן ניט... „צוליב זיין שולד"! אמת! זיין האַנד־לונג איז געווען, ניט אידישלעך און נישט מענטשלעך! ער האָט ניט געדאַרפט וואַרטן אַזוי לאַנג ביז ער זאָל דאַרפן איבעררייסן, אָפּלאָזן דעם שידוך! דאָס לאָזן די כלה שטיין אין חופה־קלייד, איז אַ אומפאַרציילכער פעלער פון זיין זייט: אָבער — צו האָט עס די כלה ניט פאַרדינט? צו איז זי, און איר מוטער, אַליין ניט שולדיק אין זייער בזיון?

צי וועט אָט די פּאַסירונג, ניט דינען פאַר קיין לעקציע אַ סך אַזעל־כע שוויגערס און אַ סך אַזעלכע כלות, אַז זיי זאָלן ניט... איבעררייסן דאָס שטריקל?..

## מיט אַ רעוואָלווער אין דער האַנט, האָט ער „געפּועלט" ביי זיין זון, אַז ער זאָל חתונה האָבן לויטן אידישן דין...

...איר זאָלט האָבן נחת אין אים, און אים דערציען לתורה, לחופּה און מעשים טובים!

אַזוי פלעגט מען ביי אונז שטענדיק ווינשן יעדן טאַטן, ביי וועמען עס איז געבוירן געוואָרן אַ בן זכר, אַזוי פלעגט מען ווינשן דעם בעל הברית׳ניק, און אַזוי האָט מען זיכער אויך געוואונשן אָט דעם אידן, וואָס זיצט איצט מיט אונז און דערציילט אונז זיינע איבערלע־בענישן, זיינע צרות און אנגסטן וואָס ער האָט געהאַט מיט זיין בן יחיד. ער דערציילט עס, ער וויל אַז מיר זאָלן עס באַשרייבן, כדי עס זאָל דינען פאַר אַ מוסר השכל, פאַר אַנדערע טאַטעס — פאַראַן אַ סך אַ זעלכע — וואָס האָבן אַ זעלכע קינדער ווי זיין זון און וואָס שטייען פאַר אַזאַ פּראָבלעם ווי ער איז געשטאַנען!.. כאָטש, ביי אים, האָט זיך אויסגעלאָזט צו גוטן!..

— — — — — — — — — — — —

דעם דאָזיקן אידן, וואָס זיצט מיט אונז — קאָנט איר זייער גוט! ער איז גאָר, גאָר, אַ היימישער אין אַלע אידישע קרייזן! ניט פאַראַן קיין איין געזעלשאַפט, וואו ער איז ניט געווען טעטיג! אַלע זיינע יאָרן, זינט ער איז אין לאַנד, האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט געזעלשאַפטלעכער און דערציערישער טעטיקייט! אַלע זיינע יאָרן, האָט ער בלויז געזאָרגט פאַר אָרימע און ליידנדע, פאַר קראַנקע און שוואַכע! עס איז טאַקע אַ פראַגע ווען ער האָט צייט געהאַט צו מאַכן אַ פאַרמעגן! אַ גרויס פאַרמעגן! ווייזט אויס, אַז זיין גרויס מזל האָט עס געאַרבעט פאַר אים! נו, אויב דאָס מזל איז אים נאָכגעגאַנגען — טאָ, פאַרוואָס האָט ער ניט פאַרהיט, אַז זיין בן יחיד׳ל זאָל ניט אַריינפאַלן אין די הענט פון די עקסטרעם־לינקע, וואָס האָבן באַקומען אַן השפּעה אויף אים? פאַרוואָס האָט עס געדאַרפט טרעפן פונקט אים, דעם נאַציאָנאַלן און כמעט

רעליגיעזן אידן, אַז זיין זון זאָל זיך אויסלאַכן פון אַלעם וואָס עס איז אידיש און טראַדיציאָנעל!

— טעג און וואָכן, חדשים און יאָרן, האָב איך אָוועקגעגעבן, אַז אידישע קינדערלעך, וועמענס עלטערן קאָנען ניט צאָלן קיין שכר לימוד — זאָלן דאָך גיין אין תלמוד תורה אָדער אידיש-העברעאישער שולע און זיך לערנען ווי עס פּאַסט פאַר אַ אידיש קינד! אויך מיין זון האָט געלערנט ביי אַ אידישן לערער! אַנשטאָט צו שיקן אים אין אַ שולע, וואָס איז געווען זייער ווייט פון מיין היים — האָב איך אים צוגענומען אַ לערער אין שטוב אַריין! גיי, ווייס! גיי, קוק זיך צו! אַז דער לערער, וואָס איז אויך אַ לערער פון אַ רעליגיעזער תלמוד תורה — איז אַליין פאַרכאַפּט מיט לינקע אידעען און צוזאַמען מיט דער אידישער אָדער העברעאישער לעקציע, צוזאַמען מיט לערנען אים דאַוונען און אויך חומש און תנ"ך, האָט ער אים אויך אַריינגעגעבן אַ היפּשע פאַרציע לינקיזים, אַ היפּשע פּאָרציע פון שנאה און מינדערשעצונג קעגן אַלעם וואָס איז טראַדיציאָנעל און רעליגיעז.

איך האָב זיך דערויף ניט געכאַפּט! איך בין געווען שטאַרק פאַרנעמען מיט מיינע געשעפטן און נאָך מערער — פאַרנעמען מיט קהל'עשע זאַכן! איך האָב זיך געדאַרפט זאָרגן, אַז קראַנקע זאָלן האָבן זייערע רעצעפּטן, אַז יתומים און זקנים זאָלן האָבן וואָס צו עסן, אַז טובערקולאָז-קראַנקע זאָלן אויסגעהיילט ווערן, און דער עיקר צעוואָס איך האָב זיך שטאַרק אָפּגעגעבן איז געווען — צו אידישע נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע שולעס! פאַר מיר איז ניט געווען שווער — אין אַ רעגנדיקן טאָג, אויב די קינדערלעך פון מיין שולע וואו איך בין געווען אין דער פאַרוואַלטונג האָבן ניט געקאָנט קומען — אַז איך זאָל, מיט מיין אויטאָ, זיי אַרומפאָרן צענויפנעמען און אַז מען האָט געדאַרפט — אויך איבערטראָגן אויף די הענט די וואַסער — ביזן אויטאָ אַריין! איך האָבן געפילט אַז איך טו אַ הייליקע אַרבעט! אידישע קינדערלעך ווערן ניט פאַרפרעמד פון אידישן פאָלק, לערנען תורה און וועלן פאַרזעצן אונזער המשך, וועלן אויפוואַקסן וואוילע, טראַדיציאָנעלע, אידן!

גיי, זיי אַ נביא, אַז אין יענער צייט וואָס איך האָב זיך אַזוי אָפּגעגעבן מיט פרעמדע קינדער, איז מיין אייגענער זון געוואַקסן און דערצויגן געוואָרן אין אַ גייסט, וואָס איז פונקט דער הפוך דערפון! אַז אין דער צייט, וואָס איך האָב געטראָגן אויף מיינע פּלייצעס אידישע קינדערלעך פון פרעמדע עלטערן, כדי מען זאָל זיי לערנען תורה און טראַדיציע — האָט מיין אייגן קינד, באַקומען אַ לערע, אַז אידישע תורה איז גאָרניט מיט גאָרניט, אַז יום-טוב איז קיין יום-טוב

ניט, רעליגיע — איז סם, „אָפּיום", וואָס די גלחים און רבנים געבן איין דעם פאָלק, אַז דעם גאָט האָבן אויסגעטראַכט די בורזשועז, וואָס עקס־פּלאָטירן די אָרימע מאַסע אין זיין נאָמען, און אַז די תורה איז ניט גע־געבן געוואָרן אויפן באַרג סיני — נאָר פון די וועגנט פון... קרעמלין! אַז פּסח איז אַ יום־טוב פון... געצנדינער, פון ווילדע פאַסטוכער...

ווען איך האָב זיך געכאַפּט — איז שוין געווען צו שפּעט! מיין זון איז שוין געווען היפּש געכאַפּט אין דער מעשה!

ווען האָב איך זיך געכאַפּט? ווען האָב איך דערפילט מיין אומגליק?

דאָס ערשטע מאָל איז דאָס געווען ביי אַ געוויינלעכן געשפּרעך, ביי וועטשערע, זיצנדיג מיט דער גאַנצער פאַמיליע.

מיין בחור האָט זיך זייער גוט געלערנט און האָט געהאַט אַ סך חברים פון דער שולע וואָס פלעגן קומען צו אים „מאַכן די לעקציעס". ספּעציעל, פלעגן קומען צוויי קריסטלעכע חברים, מיט וועמען ער פלעגט זיך פאַרמאַכן אין צימער און אָפּזיין מיט זיי גאַנצע שעה'ן!

איינמאָל, זיצנדיג ביים טיש, האָב איך געבעטן מיין זון, אַז ער זאָל מיר אַהער ניט ברענגען אָט די חברים! איך האָב צוויי מיידלעך אין שטוב, צוויי טייערע אידישע קינדער, און איך וויל זיין פאָרזיכטיק! איך וויל ניט איינשטעלן! איך האָב באַמערקט אַז די צוויי חברים זיינע, וואַרפן צופיל אויגן אויף מיינע טעכטערלעך, און, בעסער איז — אַז זיי זאָלן אין שטוב אריין — ניט קומען. מיין זונדלע, מיין בן יחיד, האָט גענעמען מיט מיר דיסקוטירן! לויט אים — דאַרף מען צעברעכן אָט דעם גדר, די באַריערע, וואָס טיילט אָפּ פון „איד־קריסט"! דאָס אַלעס איז שאָוויניזם! פאַראַן אידישע בחורים וואָס זענען ניט ווערט די טריט פון אָט די צוויי קריסטלעכע חברים זיינע! און אַזוי ווייטער!

איך בין דערציטערט געוואָרן! וואו האָט ער גענעמען אָט די תורה? מיין קינד זאָל רעדן פון „צעברעכן די וואַנט"! איך בין ניט אין כעס געוואָרן, ניט געשריען, נאָר באַשטימט, מיט גוטן, נעמען אים אויפקלערן דעם אידישן שטאַנדפּונקט פון אָט דעם פּראָבלעם! איך האָב אים דאָס ערשטע געפּרוּווט דערציילן, אַז ווען מיר וועלן אַראָפּנעמען די וואַנט, וועלן ניט צוקומען צום אידישן פאָלק נאָך אַ מיליאָן אַנ־הענגער — נאָר עס וועלן אַראָפּ פון אונז אַ פּאָר מיליאָן... און, ניט דערפאַר וואָס אונזער רעליגיע איז מינדערוויכטיקער, ניט דערפאַר וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט ניט קיין עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג און מען דאַרף דערפון אַנטלויפן, נאָר ווייל, די אַנדערע רעליגיעס האָבן בע־סערע פּריוועליגיעס און האָבן ווייניקער „פאַרבאָטן" און דאָס גויאיש לעבן, איז צוציענדער פאַר די איבערלויפער ווי דאָס אידישע לעבן!

מיין זון איז מיט מיר ניט געווען איינשטימיק! ער האַלט בכלל ניט, פון קיין רעליגיע! ער האַלט אַז די גאַנצע וועלט דאַרף ווערן איין פאָלק! און אויב איינגעטיילט ווערן, דאַרף עס זיין אין צוויי טיילן: — אין בורזשואַזנעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס — וואָס דאַרף פאַרטיליקט ווערן און אין פּראָלעטאַרישן קלאַס — צו וועמען עס געער די צוקונפט און די וועלט!

איך האָב מיט שטוינונג דערזען אַז מיין זון איז אַוועק אויף אַ שלעכטן וועג! איך בין אָבער געווען זיכער, אַז ער וועט זיך נאָך באַדענקען! איך האָב אים אָנגעהויבן איינרעדן אַז ער זאָל אויפהערן לערנען און בעסער אַריין אין מסחר — איך וועל אים אַריינעמען אַלס שותף אין מיינע געשעפטן! מיין אויסרעכענונג איז געווען אַז ווען ער וועט ווערן אַ שטיקל „בורזשוי", ווען ער וועט באַקומען געלט — וועט ער פאַרגעסן אָט די טעאָריע זיינע און ווען ער וועט ווערן איינער פון די „עקספּלאָטאַדאָרן" וועט ער במילא פאַרגעסן אין אָט די עקסטרעמע אידעען!..

ער האָט מיך געפאָלגט! ער האָט אויפגעהערט לערנען! במילא האָט ער לעצטנס געהאַט אַ שווער לערנען! איך האָב ניט געוואוסט אַז דאָס איז דערפאַר וואָס ער איז פאַרנעמען מיט „וויכטיקערע" זאַכן, ער האָט זיך אונטערגענומען... מאַכן אַ וועלט-איבערקערעניש, איינפירן אויף דער גאַנצער וועלט דעם „סאָציאַלן יושר" פון מזרח!..

אין איין ביינאַכט, בין איך געוואוירע געוואָרן ווי ווייט ער איז שוין אַוועק! אַרום האַלבע נאַכט האָט אונז אויפגעוועקט אַ שטאַרקער קלונג אין דער טיר. ווען איך בין אַראָפּ זען, ווער עס קלינגט — האָב איך באַגעגנט אַ גאַנצע מחנה פּאָליציי-לייט! מען איז געקומען זוכן ביי מיין זון! ער איז שוין אַ וויכטיקער אָנפירער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און מען זוכט ביי אים ליטעראַטור און פּראָקלאַמאַציעס! בעת דער הויז-זוכונג, איז מיין זון געווען אַזוי רואיק, גלייך ווי עס זאָלן געווען געקומען זיינע חברים און זיי זאָלן זוכן עפּעס אַ גוטן בוך ביי אים! צום גליק — האָט מען גאָרניט געפונען! דאָך, האָט מען אים מיטגענומען מיט זיך, און מיר — איך און מיין פרוי, זענען שיעור געשטאָרבן פון שרעק! קוים דערלעבט דעם פּאַרטאָג! איך בין באַלד אַוועקגעלאָפן געוואוירע ווערן, וואו ער געפינט זיך און עס האָט מיך געקאָסט געוונג געזונט, ביז איך האָב אים דערלעבט צו זען צוריק אין שטוב! וואָס יאָ! איך שווער אייך, אַז יענע נאַכט, איז מיין פרוי... גראָ געוואָרן און איך בין עלטער געוואָרן מיט צען יאָר! איך האָב באַשטימט — פון יענעם טאָג אָן — האַלטן אַ אויג אויף אים! אפשר וועל איך נאָך עפּעס צורעכט מאַכן!..

די טעג זענען געגאַנגען. נאָך יענער נאַכט, האָב איך שוין מער קיין איבעריקע צרות פון מיין זון ניט געהאַט! איך בין געוואוירע געוואָרן דורך זייטיקע וועגן אַז די פּאַרטיי... האָט אים אויסגעשלאָסן פון אירע רייען, ווייל ער האָט זיך... געלאָזט אַזוי שנעל באַפרייען! אַ סברא, גאָר, אַז זיי אַליין האָבן אים געמסר'ט, כדי ער זאָל קאָנען זיצן אין טיורמע און דאָרט זאָל ער, צווישן די אַרעסטירטע, אָנפירן אַ קאָמוניסטישע אַגיטאַציע. לאָזט זיך אויס אַז אויפן דריטן טאָג איז ער שוין אויף דער פריי. ער איז דערוויילט געוואָרן פון דער פּאַרטיי, אָבער ער איז געבליבן ביי זיינען אָנשווינונגען! ביי זיין גלויבן אין די מזרח־מענטשן, ער איז געבליבן אַ שאַרפער קעגנער פון... גאָט און פון אַלע זאַכן וואָס האָבן אַ שייכות מיט רעליגיע און אידישע טראַדיציע! ער האָט ניט געוואָלט וויסן פון וועלכע עס איז אידישע טראַדיציאָנעלע אָנגעלעגנהייט!

אין אַ טאָג, ברענגט ער אונז אין שטוב אַריין אַ מיידל און שטעלט אונז פאָר: — מיין כלה! נו! דאַנקען גאָט דערפאַר וואָס ער האָט זיך אויסגעקליבן אַ אידישע טאָכטער! איך האָב זיך געשראָקן, און בין דורך די נעכט ניט געשלאָפן, טאָמער פאַרליבט ער זיך אין אַ שיקסע! איך האָב געפילט אַז איך וואָלט עס ניט איבערגעלעבט! איך האָב עס אים איינמאָל געזאָגט, ביי אַ שמועס:

אין דעם טאָג וואָס דו האָסט חתונה פאַר אַ קריסטלעכער מיידל — אין דעם טאָג, וועסטו גיין נאָך מיין לוויה! ניין! דו וועסט ניט גיין! ווייל אין דער בריף וואָס איך וועל לאָזן צום ריכטער, וועל איך דייטליך אָנזאָגן, אַז איך פאַרבאָט דיר צו גיין נאָך מיין לוויה!..

צו דאָס איז אים אַריין אין דער נאָז, צו עס איז געווען אַ צופאַל — דער פאַקט איז, ער האָט זיך פאַרליבט אין אַ אידישער טאָכטער!

איך האָב אָנגעהויבן גרייטן זיך צו זיין חתונה! איך האָב געוואָלט מאַכן מיט דער ברייטער און גרויסער האַנט! איך האָב זייער אַ סך פריינט און קאָלעגן פון די אידישע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן מיט מיר מיטגעאַרבעט אַלע יאָרן, וואָס איך געב זיך אָפּ מיט קהל'שע זאַכן! איך האָב זייער אַ סך קונים, סוחרים, וואָס איך דאַרף זיי פאַרבעטן און דאַרף זיך פאַר זיי... אויסשטעלן! הכלל! די חתונה האָט געדאַרפט אָפּקלינגען אין שטאָט! איך האָב באַשטעלט דעם טעמפּל און באַצאָלט אַז מען זאָל אויספּוצן מיט אַזוי פיל לעבעדיקע בלומען וויפל עס איז מעגלעך! איך קום אַהיים און דערצייל עס ביים טיש! מיין זון מיט זיין כלה וואָס זיצן דערביי, ווערן ערנסט און דער זון מעלדעט מיר קאַטעגאָריש! —

— ער וועט ניט חתונה האָבן אין טעמפּל!

— ער וועט ניט חתונה האָבן ביי אַ רבי!

— ער וויל ניט קיין אידישע חופּה וקדושין!

מיר — איך, מיין פרוי און מיינע טעכטער — זענען געבליבן זיצן דער־שיטערטע! איך וויל עפּעס אָנהויבן רעדן, אָבער מיין זון לאָזט מיך ניט אויסרעדן אַ וואָרט! עס איז פאַרפאַלן! עס וועט מיר גאָרניט העלפן! איך האָב ניט וואָס צו דיסקוטירן און וואָס צו איבערצייגן! ניט ער, ניט זי — זיין כלה, וועלן זיך „נאַריש מאַכן” און גיין נעמען ביי אַ רב אַ ברכה, אָדער אַ דערלויבעניש, צו ווערן מאַן און ווייב!

— נו? און אין ציוויל? דאָרט איז כשר’ער?

— חלילה! זיי דענקען אַז אויך אין ציוויל איז איבעריק! זיי אינטערעסירט ניט, די „לעגאַליטעט” פון זייער „צוזאַמענלעבן”. און אויב מיר ווילן — וועלן זיי אין ציוויל אויך ניט גיין! ווי נאָר עס וועט ווערן פאַרטיק זייער וואוינונג, וועלן זיי זיך איבערציען אַהין און דער־מיט קאָן זיך עס ענדיקן! אויב מיר, די עלטערן, ווילן דווקא פראַווען אין סאַלאָן אַ „יום־טוב” צוליב זייער „צוזאַמענלעבן” — האָבן זיי ניט דאַ־געגן!! אויב ניט — אַרט עס זיי ניט!

איר הערט דבורים? דאָס זאָגט מיין קינד! דאָס קינד פון דעם אידן, וואָס האָט זיינע בעסטע יאָרן פון לעבן און פון אַרבעט, אָפּגעגעבן. כדי ביי... אידען זאָלן וואַקסן און דערצויגן ווערן אידישע קינדער! קינ־דער, צוגעבונדענע צום אידישן גלויבן, צו דער אידישער טראַדיציע און צום אידישן פאָלק! איך האָב אַזעלכע צענדליגער, און הונדערטער, אי־דישע קינדער טאַקע געהאָלפן אַזוי דערצויגן ווערן, און מיין אייגן קינד, זאָגט מיר, אַז עס דאַרף ניט קיין טעמפּל, קיין רב, קיין חופּה־וקדושין, נאָר ער וועט נעמען דאָס מיידל, גיין צו זיך אין וואוינונג, און וועט מיט איר „צוזאַמענלעבן”, און געענדיקט אַ מעשה! עס וועלן גע־בוירן ווערן קינדער, ממזרים, מען וועט זיי ניט „אידישן”, מען וועט זיי שוין ניט שיקן אין קיין אידישער שולע ווי איך האָב געשיקט מיינע קינדער, און זיי, מיינע אייניקלעך, וועלן שוין געווים, ניט דאַרפן קיין אידישע זאַך און קיין אידיש לעבן! אָט דאָס האָב איך דערלעבט!

אָבער ניין! אַזוי ווייט, וועל איך נאָך ניט דערלאָזן! איך בין נאָך דערווייל אַ פאָטער! די חתונה אין טעמפּל — האָב איך טאַקע אָפּגע־רופן! געפונען אַ תירוץ — כאָטש איך האָב במילא באַצאָלט פאַר דער חופּה צערעמאָניע! איך האָב אָבער, באַשטעלט דעם חזן מיטן רב אַז זיי זאָלן קומען צו מיר אין הויז.

איך האָב געמעלדעט מיין זון, אַז איך דערלויב ניט די חתונה אָן דער „ציווילער” צערעמאָניע! מיר לעבן אין אַ לאַנד וואָס האָט

געוויסע פֿאַמיליערע געזעצן און מיר דאַרפֿן זיי רעספּעקטירן! מיין זון האָט ניט געהאַט דאַקעגן און זיך פֿאַרשריבן אויף אַ טאָג אין אַ ציוויל־רעגיסטער, אַרויסנעמענדיק די נויטיקע פּאַפּירן! נאָכדעם ווי עס איז דורכגעפֿירט געוואָרן דער ציווילער אַקט, האָבן מיר, דעם זעלבן אויפֿ־דערנאָכט, צוגעגרייט אַ אָוונטברויט פֿאַר חתן־כּלה און זייערע עלטערן און נאָענטע קרובֿים. מיין זון האָט זיך אויף גאָרניט געריכט...

ווען אַלע זענען שוין געווען אין שטוב, האָב איך אַריינגענומען מיין זון אין אַ באַזונדער צימער, פֿאַרשלאָסן די טיר אונטער זיך, אַרויס־גענומען אַ... געלאַדענעם רעוואָלווער און אַוועקגעלייגט אויפֿן טיש, און צו מיין זון האָב איך זיך געווענדעט מיט פֿאָלגנדע ווערטער:

איינער פֿון אונז ביידע, וועט דאָ בלייבן אַ טויטער און דער צווייטער וועט אַרויס אַ לעבעדיקער! אויב דו ווילסט ניט אַז אין דער רבֿ, וועלכער וועט באַלד קומען אַ הער, זאָל אייך געבן חופּה־וקדושין, דערשיס איך זיך פֿאַר דיינע אויגן! אויב דו גלויבסט, אַז איידער חופּה קדושין, איז בעסער אַז ד ו זאָלסט שטאַרבן — דערלויב איך דיר זיך צו נעמען דאָס לעבן! אָט, דאָ ליגט דער רעוואָלווער! איינער פֿון אונז ביידע דאַרף אים אויסנוצן! א י ך, אָדער ד ו!..

מיין זון האָט זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן. ער האָט גענומען דעם רעוואָלווער, אים באַטראַכט אַ מינוט און אים אַריינגעלייגט אין שופֿלאָד, און איז געאַרעמט מיט מיר אַרויסגעגאַנגען פֿון צימער. אין עטלעכע מינוט אַרום איז אָנגעקומען דער רבֿ פֿון טעמפּל און מיין זון האָט דורכגעמאַכט די רעליגיעזע צערעמאָניע און נאָכגעזאָגט דעם „הרי את". מיין שניר האָט ניט פּראָטעסטירט, ווייל זי האָט פֿאַרשטאַנען אַז עפּעס איז פֿאָרגעקומען!..

דעם צווייטן אינדערפֿרי איז מיין זון געקומען צו מיר אין שטוב, מיך אַריינגעפֿירט אין דעם זעלבן צימער וואו מיר זענען נעכטן געווען, און מיך געפֿרעגט: —

צו גלויב איך ניט אַז איך בין באַגאַנגען אַ גרויסע זינד קעגן... מ י י ן ג אָ ט, דערמיט וואָס איך האָב געצוואונגען אַ „ניט־גלויביקן" מיט גוואַלד ,אָנצונעמען אַ גלויבן! און וואָס איז דער חילוק פֿון מיר, ביז די שפּאַנישע אינקוויזיטאָרן אָדער כּמעלניצקים באַנדעס, וואָס האָבן גע־צוואונגען אידישע קינדער זיך צו שמד'ן, אויב ניט, האָט מען זיי גע־קוילעט! און צו גלויב איך, אַז דערמיט וואָס דער רבֿ האָט אים שוין עפּעס געבעבעט און ער האָט נאָכגעבעבעט, אַז דערמיט, איז ער שוין אַ איד?.. ער האָט גערעדט אָן פֿאַרביטערונג, אָבער, ער האָט מיר גע־געבן צו פֿאַרשטיין, אַז ע ר ש ט א י צ ט איז ער דערוווּיטערט גע־

װאָרן פון אידישקײט! אױב, די אידישע אמונה קאָן צװינגען אײנעם מיט גװאַלד דורכמאַכן אַ רעליגיעזן ריטואַל — טאָ װאָס זענען מיר בע־סער פון די „קרײץ־טרעגער" װאָס האָבן אױך אַזױ געהאַנדלט!..

גלױבט מיר אַז איך בין ניט שולדיג געבליבן מײן זון קײן ענטפער! איך האָב אים, פאַר אַלעס, אױפגעקלערט אַז ניט דער רב, ניט קײנער, װײסט בײ מיר װי אַזױ איך האָב דערגרײכט מײן װילן, אַז מײן קינד זאָל חתונה האָבן װי אַ אידיש קינד! איך האָב אים מודה געװען, אַז דאָס איז געװען אַ רײן־פּערזענלעכער ענין פאַר מיר! און װער װײסט צו װען דער רב װערט געװאױרע דערפון — צו װאָלט ער דורכגעפירט די צערעמאָניע — אַז איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך װעל ניט איבער־לעבן די שאַנדע, װען מען װעט געװאױרע װערן, װי אַ ז ױ מײן זון האָט חתונה געהאַט! איך האָב געדאַרפט ז י ך באַשיצן פון אונטער־גאַנג און איך האָב אַנגענומען די מיטלען, װעלכע איך האָב געהאַלטן פאַר נױטיג. אגב, איך האָב דאָך אים געגעבן אַ צװײטע ברירה — ניט חתונה האָבן לױטן אידישן דין און אנשטאָט ד ע ם װערן אַ... יתום! נו! אױב ער האָט פאַרשטאַנען אַז זײן פאָטערס לעבן איז טײערער װי זײנער אַ קאַפּריז אָדער אפילו אַ איבערצײגונג, קומט אים אװדאי אַ יישר כוח...

— — — — — — — — — — — — — —

אױב איר מײנט, אַז דערמיט ענדיקט זיך מײן דערצײלונג — האָט איר אַ טעות! די ענדע איז גאָר אַן אַנדערע, כאָטש, עס געער זיך גאָר־ניט אָן מיטן עצם ענין, און מיטן עצם מוסר השכל, אַז מען דאַרף אײנ־זינען האָבן, ניט בלױז פ ר ע מ ד ע קינדער — נאָר אױך אײגענע! אָבער, הערט דעם סוף:

זינט די געשיכטע פון מײן זונס חתונה איז שױן אַריבער אַ פּאָר יאָר. מײן זון איז געבליבן אַרבעטן בײ מיר אין מײן פאַבריק און איך האָב געטון אַ ל ע ס אַז איך זאָל פאַרגעסן יענעם אױפדערנאַכט! די לעצטע עטלעכע חדשים, האָב איך, אָבער באַמערקט אין מײן זון אַ געװיסע ענדערונג! ער איז מערער פאַרטראַכט, דיסקוטירט שױן ניט מיט קײנעם, ספּעציעל מיט מײנע בעאַמטע, װעגן דער װעלט־ענדערונג... באַפּט אָפּט אַ קוק אין מײנע אידישע אױסגאַבעס, װאָס קומען מיר אָן, האָט זיך אױך אָנגעהױבן אינטערעסירן מיט אידישע ענינים בכלל און מיט ענינים װאָס געהערן זיך אָן מיט מדינת ישראל בפרט! אױך מײן שניר, װעלכע איז געװען אַ גאַנצע אױסגעלינקטע, און איבער איר בעט האָבן געהאַנגען די בילדער פון מאַרקס'ן, פון לענינען און פון אַנדערע גדולים פון מאָסקװע, אױך זי, מײן שניר איז געװאָרן עפּעס אַן אַנדערע!

זי האָט שוין די בילדער אראָפּגענומען און ווען זי רעדט — דערמאָנט זי שוין אַ אידיש פאָלק, דערמאָנט די ליידן פון אָט דעם פאָלק און האָט שוין אפילו געזאָגט אַז זי איז שטאָלץ וואָס זי געהער צו אָט דעם פאָלק!..

איך האָב מיט מיין זון ניט געוואָלט פאַרפירן קיין שמועס וועגן זיין נייער אָריענטאַציע! לויט זיינע רייד, האָב איך שוין באַמערקט אַז ער האָט זיך אָנגעהויבן אויסניכטערן! ספּעציעל האָט ער זיך גענומען קלאָגן — ווען ער האָט דיסקוטירט מיט עמיצן — אַז ער איז אַנטוישט מיטן אַנטיסעמיטיזם וואָס עס האָט זיך אריינגעכאַפּט אין די קאָמוניס־טישע רייען און דערגרייכט ביז עט עט אויבן! ער, וועלכער האָט גע־פריידיגט אַז ער דאַרף ניט זיין קיין איד־גוי, קיין טערק און גרוזין! ער האָט באַמערקט, ער איז געוואָרן געוואוירע געוואָרן, אַז דווקא זיינע געטער און אָפּגעטער, אַז דווקא פון זיין „בית המקדש" וואָס געפינט זיך אין מזרח, אין דער שטאָט פון פערציק מאָל פערציק קלויסטערס, אַז פון דאָרט איז געקומען דער באַפעל: — מאַכן אַן אונטערשיד צווישן איד און גוי, און דעם אידן זאָל מען באַזייטיקן, באַשפייען און ארויסוואַרפן! ער האָט נאָכגעפאָלגט מיט אַ באַזונדערער אויפמערקזאַמקייט דאָס באַזיי־טיקן פון די אידן אין אַלע קאָמוניסטישע לענדער, דאָס באַזייטיקן און פאַרניכטן די אידישע שרייבער, קינסטלער און אינטעלעקטואַלן, ער האָט געזען וואָס מען האָט געטון מיט די אידישע גדולים אין די סאָטעליטן לענדער און... ער האָט זיך אויפגעכאַפּט! ער האָט זיך אומגעקערט צום אידישקייט און צום אידישן פאָלק! ער, מיין זון, מיט וועמען איך האָב געדאַרפט אַזוי פיל קעמפן אַז ער זאָל ניט אָפּגעריסן ווערן פון אידישן שטאָם, ער, איז איצט אַ וואַרימער איד און רעדט שוין פון פאָרן העלפן בויען ארץ ישראל!..

אָבער, ביז איך האָב דערלעבט צו זעען אַזוי מיין זון, ביז איך האָב דערלעבט צו הערן מיין זון רעדן וועגן אידן און אידישקייט, וויפל האָב איך זיך אָנגעליטן? ווי ווייט האָט עס געהאַלטן, אַז מיין זון זאָל ווערן איינער פון די עוכרי ישראל, איינער פון שונאי ציון און איינער פון די, וואָס וואָלט פריער אָדער שפּעטער געוואָרן אַ אויסגעשפּיגענער, אַ דער־נידעריגטער פון זיי און דערנאָך אַ „פאַרעטער" און „מלחמה העצער"!

איך גלויב ניט אַז מיין זון איז שוין געוואָרן אַ פולשטענדיקער איד און וועט שוין גיין אין מיינע וועגן! איך בין זיכער, אַז עס וועט נאָך אַוועקגיין חדשים און אפשר יאָרן, ביז די תורה וואָס זיין לערער האָט אין אים אריינגעפלאַנצט — וועט אויסגעוועפּט ווערן!..

איך האָב אייך דערציילט אַט די געשיכטע מיינע צוליב דריי מאָטיוון!

ערשטנס: עס זאָל דינען פאַר אַ ביישפּיל פאַר אַ סך טאַטעס ווי איך בין — ניט זאָרגן בלויז פאַר יענעמס קינדער נאָר אויך זיך אומקוקן אויף די אייגענע!

צווייטנס: אויב מען זעט אַז דאָס קינד איז אַראָפּ פון דרך הישר — זאָל מען ניט זיך מיאש זיין! מה ישעה הזמן לא יעשה השכל! וואָס די צייט קאָן מאַכן — קאָן דער שכל ניט אויפטון!.. מען דאַרף האָבן געדולד! מען דאַרף האָבן בטחון! און:

דריטנס: ווען אַ אידישע נאַציאָנאַלע שולע, ווען אַ תלמוד תורה נעמט צו אַ לערער, אַ מדריך פאַר אירע תלמידים, דאַרף מען גוט חוקר ודרוש זיין — ניט בלויז צו דער לערער איז אַ גוטער פּעדאַגאָג — נאָר צו ער איז ניט אַ קעגנער פון אַט דעם וואָס ער דאַרף לערנען מיט די קינדער!.. מען דאַרף עס נעמען אין אַכט!..

אין רעזומען, אָבער, וויל איך אונטערשטרייכן:

יאָ! מען דאַרף זאָרגן פאַר פרעמדע קינדער! מען דאַרף, אָבער, אויך אינזינען האָבן די אייגענע! גוט אינזינען האָבן!..

# צו מעג א דאָקטאָר אויסזאָגן דעם קראַנקן אז ער מוז שטאַרבן?..

זינט עס זענען פאַראַן קראַנקע אויף גאָטס וועלט און עס זענען פאַראַן דאָקטוירים צו וועמען די קראַנקע קומען אָן, גייט שטענדיק אָן אָט די דיסקוסיע:

אויב דער קראַנקער האָט ניט קיין רפואה — צו מעג אים דער דאָקטאָר אויסזאָגן וואו ער האַלט אין דער וועלט, כדי, אפשר וויל דער קראַנקער עפּעס באַוואָרענען פאַר זיין טויט.

די מערהייט, די גרויסע מערהייט, האַלטן, — אַז מען דאַרף דעם קראַנקן ניט מצער זיין! זיי האַלטן, אַז אים אויסזאָגן דאָס ער מוז גיין פון דער וועלט — וועט אים מקצר ימים זיין! פאַרוואָס זשע, זאָל מען עס טון? אויב ער קאָן לעבן נאָך אַ וואָך אָדער נאָך אַ מאָנאַט — פאַרוואָס זאָל מען אים אָפּשניידן זיינע געציילטע טעג?

פאַראַן אַנדערע וואָס האַלטן פאַרקערט! דער מענטש — אויב ער איז ערנסט קראַנק, מוז וויסן דעם אמת! אויב ער האָט ניט קיין רעטונג — זאָל ער וויסן! אפשר וועט ער אין די לעצטע טעג פון זיין לעבן עפּעס אויפטון אַזעלכעס וואָס קאָן אים לאָזן אַ גוטן נאָמען אָדער פאַרזאָרגן זיין פאַמיליע. אָט די מענטשן, אָט די מינדערהייט וואָס איז דערפאַר אַז דער מענטש, דער קראַנקער, פאַרשטייט זיך, זאָל וויסן — ווייזן אָן, אַז אפילו, משה רבינו האָט געוואוסט ווען ער דאַרף שטאַרבן, דאָך האָט עס אים גאָרניט געשאַדט צו פאַרענדיקן רואיק די תורה און צו באַשטימען אַ צווייטן אויף זיין אָרט...

און, אָט זיצן מיר מיט אַ פרוי, אַ אידישע פרוי, וואָס קומט זיך פאַר אונז פאַרקלאָגן אויף אַ דאָקטאָר, אַ באַוואוסטן אידישן דאָקטאָר, הלמאי, ער, דער דאָקטאָר, זאָגט ניט אויס איר מאַן אַז ער האָט ניט קיין יאָרן און אפילו ניט קיין סך חדשים! אַז ער מוז שטאַרבן!

פאַרוואָס דאַרף אים דער דאָקטאָר עס אויסזאָגן? און אויב דער

דאָקטאָר וויל ניט — פאַרוואָס זאָגט זי עס אים ניט? און צעוואָס דאַרף מען בכלל דעם קראַנקן עס דערציילן?..

זיצט די פרוי מיט אונז. זיצט און דערציילט אונז איר טראַגעדיע. זי רעדט און וויינט מער ווי זי רעדט! זי האָט שטאַרק ליב איר מאַן! זי האָט ליב דעם פאָטער פון אירע צוויי קינדער! זי האָט מיט איר מאַן איבערגעלעבט קאָלטס און וואָרימס און איצט, ווען זיי קאָנען אָנהויבן לעבן ווי מענטשן און הנאה האָבן פון זייער פרייהייט — איצט, מוז ער שטאַרבן! ער מוז שטאַרבן! ניטאָ פאַר אים קיין היילמיטל!

לאָמיר זי לאָזן רעדן:

---

איך בין פאַרהייראַט מיט מיין מאַן ערשט אַכט יאָר! מיר האָבן חתונה געהאַט אין... אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער וואו מיר זענען ביידע געווען! בעסער געזאָגט — ווען מיר זענען שוין אַנטלאָפן פון קאָנצענטראַציע־לאַגער און זיך געפונען אין אַ פאַרוואָרפן דערפל אין פראַנקרייך! ביז איך בין געקומען אין אָט דעם דערפל — האָב איך איבערגעליטן און איבערגעלעבט אַזוי פיל, אַז מען וואָלט געקאָנט אָנשרייבן פון מיינע ליידן גאַנצע ביכער! עס איז גענוג ווען איך וועל אייך זאָגן, אַז איך בין פון פוילן, פון זאַמאָשטש, און די דייטשע רוצחים זענען אַריין צו אונז אין שטוב, דערשאָסן מיינע עלטערן, מיין מאַן און איינציק קינד, און מיך מיט מיינע צוויי ברידערלעך געהאַלטן אין זייער מאַכט גאַנצע צוויי יאָר!

אין יאָר 1941 איז מיר געלונגען צו אַנטלויפן פון די דייטשן. איך בין געקומען קיין וואַרשאַ און האָב געוואוינט אויף דער אַרישער זייט העכער אַ יאָר צייט! מיינע ברידערלעך זענען פאַרלוירן געגאַנגען און ביז היינט ווייס איך ניט וואו זיי געפינען זיך און צו זיי לעבן בכלל!

אויף דער אַרישער זייט, האָב איך זיך באַקאַנט מיט מיין איצטיקן מאַן, וועלכער איז אויך אַנטלאָפן פון דער געטאָ וואו ער האָט איבערגעלאָזט קרבנות זיין ווייב און צוויי טעכטערלעך!

איך ווייס ניט צו איר, די גליקלעכע וואָס האָבן ניט איבערגעלעבט יענע קאָשמאַרן און אומגליקן, איך ווייס ניט צו איר וועט אונז פאַרשטיין און באַנעמען אונדזער געמיט, ווי דער עלנט האָט געווירקט אויף אונז! מיר, יעדער איינער פון אונז, האָט ניט געזוכט אַ מאַן אָדער אַ ווייב, צוליב פאַרגעניגן אָדער סעקס! מיר האָבן פשוט און פראָסט געזוכט שאַפן זיך אַ סביבה, אַ היים, אַ פּלאַץ וואו זיך צוצוטוליען, וואוהין צו קומען, פאַר וועמען צו זאָרגן, פאַר וועמען צו קעמפן. דאָס לעבן פאַר זיך אַליין, האָט גאָר קיין ווערט ניט געהאַט און קיין שום אינטערעס איז ניט געווען פאַר אַזאַ לעבן!

ווען איך האָב זיך באַקאַנט מיט מיין א י צ ט י ק ן מאַן, האָבן מיר באַשטימט... פֿאָרן קיין אַמעריקאַ! אַ יאָ איר לאַכט! מיר האָבן פּעמט באַשטימט אַז מיר מוזן בלייבן לעבן און אַז מיר מוזן זיך אַרויסרייסן פֿון דאַנען און דערגרייכן ביז די טויערן פֿון אַמעריקאַ! מיר האָבן געהאַט אַ גרויס גליק! ב יי ד ע האָבן מיר אַ הונדערט-פּראָצענטיקן אַרישן אויסזען! ב יי ד ע רעדן מיר אַ פּערפֿעקטן פּויליש ווי אמת׳ע פּאָליאַקן און דערצו — צוליב געוויסע סבות, צוליב דעם וואָס מיין מאַן קומט אַרויס פֿון אַ פֿאַמיליע פֿון אידישע... אַסימילאַטאָרן — האָט אים אויך געפֿעלט דער אידישער סימן פֿון יעדן אידן, און דערפֿאַר איז אונז גרינג געווען זיך אויסדרייען — ווען מיר זענען שוין געווען אויף דער אַרישער זייט — פֿון די נאַציסטישע הענט און נעגל!

מיר האָבן זיך גענעמען גרייטן אין וועג אַריין! מיר האָבן שוין געהאַט אַלע פּלענער ווי אַזוי זיך דערשלאָגן קיין רומעניע, קיין טשעכאָסלאָוואַקיע, קיין דייטשלאַנד אַפֿילו, און דערנאָך — קיין פֿראַנקרייך! מיר האָבן אויך געהאַט אַ ביסעלע געלט — דער עיקר, אָבער, מיר האָבן געהאַט אַ סך גלויבן אין אונדזער דערפֿאָלג! א יי ן זאַך האָט אונז אָבער אָפּגעהאַלטן! מיין מאַן איז אַלע מאָל געוואָרן קראַנק! ער פֿלעגט שטאַרק הוסטן! ער האָט מיר דערנאָך דערציילט, אַז ער איז געווען ביי די נאַציס אין די הענט און מען האָט אים דאָרט שטאַרק געפּייניקט! מען האָט אים געהאַלטן עטלעכע טעג אין אַ... וואַנע וואַסער! מען האָט אים אָ ה י ן דערלאַנגט דאָס ביסל עסן, ער האָט ד אָ ר ט געטון זיין באַדערפֿעניש, און איז אין וואַנע מיט וואַסער — געשלאָפֿן! ער איז געוואָרן אַזוי אָפּגעשוואַכט און אויסגעווייקט אַז ער האָט מיט קיין האַנט ניט געקאָנט רירן! דאָס האָבן די רוצחים געמאַכט אַ ז אַ עקספּערימענט אויף אים, זיי האָבן א י ם אויסגעקליבן אַלס אַ קרבן צו וויסן, ווי לאַנג אַ מענטש קאָן זיך ווייקן אין וואַסער! אויפֿן אַכטן טאָג האָט מען אים אַרויסגענעמען, אים אַוועקגעלייגט אין אַ שפּיטאָל וואו ער איז געלעגן גאַנצע זעקס וואָכן אָן כוחות! שפּעטער איז ער געקומען צו זיך און — גלויבט עס אָדער ניט — ד ע ר זעלבער דאָקטאָר וואָס האָט געמאַכט אויף אים דעם עקספּערימענט און אים געהאַלטן אַכט טעג אין אַ וואַנע מיט וואַסער — דער זעלבער דאָקטאָר, פֿלעגט אים דערנאָך באַזוכן אין שפּיטאָל, אים ברענגען עסן, פּאַפּיראָסן, שטאַרקע געטראַנקען און ד ע ר זעלבער דאָקטאָר האָט אים דערנאָך געהאָלפֿן... אַנטלויפֿן פֿון קאָנצענטראַציע-לאַגער! ער האָט אים אין שפּיטאָל אַריין געבראַכט די גאַנצע הלבשה פֿון אַ ס. ס. אָפֿיצער מיט אַ רעוואָלווער אַפּילו, האָט אים געבראַכט געפֿעלשטע פּאַפּירן מיט אַ קאַרנעט פֿון אַ „ספּע-

ציעלן אַגענט פאַר ספּעציעלער דינסט" אויף וועלכן עס איז געווען צו־געקלעפּט... מיין מאַנס פאָטאָגראַפיע וואָס מען האָט אַראָפּגענומען פון זיין פּוילישן פּאַספּאָרט און אַזוי צוגעפּאַסט צום פאַלשן קאַרנעט — אַז דער גרעסטער ספּעציאַליסט וואָלט ניט דערקאַנט! ער האָט אים אויך פאַרזאָרגט מיט אַ גרויסער סומע געלט און אים, מיט זיין אויטאָ, אַרויסגעפירט פון לאַגער און אַרויסגעבאַגלייט ביזן באַן אַריין! פאַרן געזעגענען זיך מיט אים, האָט ער געראַטן מיין מאַן אַז ער זאָל טון וואָס ער קאָן, נאָר ער זאָל אַוועק קיין פראַנקרייך אָדער אין דער שווייץ, דאָס הייסט, אַהין וואוהין דער וועטער איז אַ מילדער! אויב ער וועט וואוי־נען אין אַ אָרט מיט אַ הייסן קלימאַט און אויב... ער וועט זיך באַלד נע־מען קורירן — וועט אים גאָרניט זיין און די אַכט טעג אין דער וואַנע וועלן פאַרהיילט ווערן!..

אויף וויפל דער דאָזיקער נאַצישער צדיק האָט זיך געזאָרגט פאַר זיין געוועזענעם קרבן, איז אינטערעסאַנט אייך צו דערציילן, אַז ביים אויסשטייגן פון אויטאָ, ערב זיין אַריינזעצן זיך אין באַן האָט ער אויך פאַרזאָרגט מיין מאַן מיט אַ גרויסן... סאַקוויאַזש (וואַליזע). ווען מיין מאַן האָט אים געעפנט אין זיין „קאַמאַראַט" פון באַן, האָט ער דאָרט געטראָפן ציווילע הלבשה און גרייט, העמדער, און אַלעס וואָס אַ רייזענ־דער דאַרף האָבן!.. ער האָט זיך טאַקע תיכף איבערגעטון, צעבּיסלעך אַרויסגעוואָרפן זיין מונדיר און ס. ס. קליידער און ביים אָפּשטייגן אין וואַרשאַ, האָט ער אין דער נייער, ציווילער הלבשה געפונען אַ נייעם פּאַספּאָרט אויף אַ פּוילישן נאָמען און זיין פראָפעסיע איז געווען... אַ וועטערענאַר־דאָקטאָר!

ער האָט טאַקע דערפילט אַז ער קאָן דאָ ניט וואוינען! די וואַר־שאָווער לופט האָט אים שלעכט געמאַכט! ער האָט אָפט געשפּיגן מיט בלוט, אָבער, ער האָט דעם ניט צוגעגעבן קיין שום באַדייטונג! ער וועט קומען קיין... אַמעריקאַ — פלעגט ער זאָגן אין שפּאַס — וועט ער זיך אָנהויבן היילן ביי אַ פּראָפעסאָר! און, אָט אַזוי האָבן מיר אָנגעהויבן אונזער מאַרש, אונזער רייזע קיין אַמעריקאַ! ווען מיר זענען געקומען קיין טשעכאָסלאָוואַקיע, האָבן מיר זיך געמוזט פאַרהאַלטן און אויס־באַהאַלטן אין אַ דאָרף! דער דאָקומענט און „אַטעסטאַט" פון פּוילישן אוניווערזיטעט, אַז מיין מאַן איז אַ ספּעציאַליסט אַ וועטערענאַריאַ־דאָקטאָר, האָט אים... אַרויסגעהאָלפן אין דער פרנסה! דאָרט, אין טשע־כאָלאָוואַקיע, איז געבוירן געוואָרן מיין עלטסט טעכטערל און מיין מאַן, אָט דער, וואָס קומט אַרויס פון אַסימילאַטאָרישער משפּחה, אָט דער, ביי וועמען אין שטוב מען האָט ניט געטאָרט דערמאָנען דעם נאָמען איד,

האָט ער זי אַ נאָמען געגעבן שרה, נאָך אונזער מוטער שרה!..
מיין מאַן איז געוואָרן אַ הייסער איד! ער האָט אָנגעהויבן גלויבן אין גאָט און האָט אָנגעהויבן גלויבן אַז דער אידישער גאָט טוט מיט אים נִיסים! אָט, איז ער אַ דאָקטאָר פון בהמות אין אַ דאָרף און ווייסט אַזוי פיל אין בהמות ווי איז דער טערקישער שפּראַך! אַז בסך־הכול, האָט ער גאָר מורא צוצוגיין צו אַ בהמה און ספּעציעל — צו אַ פערד! נו! פונדעסטוועגן, האָט ער שוין „אויסגעהיילט" עטלעכע בהמות, עטלעכע חזירמלעך ביי די פּויערים, און זיי האָבן אים פּיין באַלוינט! ביז אין איין טאָג, איז געקומען אין אונזער דאָרף אַ דייטשער אָטריאַד, מען האָט געזוכט ביי אונז ענגלישע פּאַראַשוטיסטן. מען האָט געפרעגט צו איז אין דאָרף ניטאָ קיין שום פרעמדער! עפּעס אַ אַלטער גוי האָט אָנגעוויזן אַז מיר האָבן בלויז אַ נייעם „דאָקטאָר" וואָס היילט די פערד. דער קאָמענדאַנט האָט דאַן געשיקט צוויי ס. ס. לייט אַז מען זאָל מיין מאַן ברענגען. ער האָט אויך מיטגעשיקט דעם גוי, דעם אַלטן פּויער, אַז ער זאָל אָנווייזן וואו מיר וואוינען. האָבן מיר, דאָך, געהאַט מזל. האָט אַ יונג שעגעצל אונטערגעהערט דעם געשפּרעך פון קאָמענדאַנט און פּויער, און איז אַוועק, פּייל אויסן בויגן, אונז מעלדן אַז מען קומט אונז נעמען. מיר האָבן אויסגעפּיעט צו כאַפּן צוויי פערד מיט אַ וואָגן און אַנטלויפן אין אַ נאָענטן וואַלד אַריין! דער קאָמענדאַנט האָט גאָרניט געדאַרפט חושד זיין! מען האָט אים געזאָגט, אַז מיין מאַן פאָרט אַרום איבער די נאָענטע דערפער און היילט די בהמות. איז ער געבליבן נעכטיקן און געוואָרט אַז מיר וועלן זיכער אַ היים קומען און דאַן וועט מען אונז ברענגען צו אים. ווען ער האָט זיך געכאַפּט אַז מיר זענען שוין אַנטלאָפן — איז שוין געווען צו שפּעט! מיר זענען שוין געווען נאָענט פון דער עסטרייכעשער גרעניץ און דערנאָך — אין ווין.

און אָט אַזוי האָבן מיר געוואַנדערט פון שטאָט צו שטאָט און פון לאַנד צו לאַנד! געווען טעג וואו מיר האָבן ניט געזען די ליכטיקע שיין און איבערגעלעגן אין אַ וואַלד ערגעץ ביז עס איז נאַכט געוואָרן! דאַן, האָבן מיר ווייטער געשפּאַנט! אַזוי האָבן מיר זיך דערשלאָגן קיין פראַנקרייך, קיין ווישי. היטלער, ימח שמו, האָט שוין געהאַלטן גאָר שמאָל! די אינוואַזיע איז שוין געווען אין פולן גאַנג און גאָר אין גיכן איז שוין בערלין באַשאָסן געוואָרן און היטלער האָט קראַפּירט!

מיר זענען שוין געוואָרן פרייע מענטשן! מיין מאַן, אַ גוטער פאַכמאַן ביי פוטערוואַרג, האָט באַקומען אַרבעט! ער האָט זי אָבער באַלד געמוזט אוועקוואַרפן, ווייל... עס האָט אים געשאַדט צו זיין געזונט! ער האָט אָנגעהויבן שטאַרקער און שטאַרקער צו הוסטן! צו קיין דאָקטאָר

איז ער ניט געגאַנגען ווייל... עס איז קיין צייט ניט געווען! מיין מאַן איז געוואָרן אַ סוחר! ער האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אויף דער בירזשע, פריער קליין, דערנאָך — גרעסער! און אין משך פון צוויי יאָר וואוי־נען אין פראַנקרייך — זענען מיר — ניין! בעסער געזאָגט — איז ער רייך געוואָרן! מיר האָבן שוין געהאַט גענוג געלט צו וואוינען רייך, זיך אומקוקן אויף זיך! עס איז געבוירן געוואָרן נאָך אַ קינד! מיין מאַן איז אָבער געוואָרן אַזוי פאַר טאַראַראַמט און אַזוי גייציק צו מאַכן געלט, אַ סך געלט, אַז ער האָט קיין צייט ניט געהאַט צו גיין פרעגן אַ דאָקטאָר! און ווען ניט דער צופאַל וואָס מיר האָבן געמוזט פאַרלאָזן פראַנקרייך צוליב לעגאַלע סבות, וואָלט ער ביז היינט קיין דאָקטאָר ניט גע־גאַנגען פרעגן וואָס צו טון צום הוסטן!

מיר זענען געקומען אַהער! מיר האָבן געבראַכט אַ היבשע סומע געלט און מיר האָבן באַשטימט זיך איינאָרדענען דאָ אויף אייביק! אוים וואַנדערן! אוים אַרומשלעפּן זיך איבער פעלקער און לענדער! איך, — האָב געהאַט נאָך אַ ציל אין מיין לעבן! זען אַז מיין מאַן זאָל גיין צו גוטע דאָקטוירים און ער זאָל זיך אויסהיילן פון זיין קראַנקהייט! וויסנדיק, דאָס אויב מירן האָבן וועלכעס עס איז געשעפט אָדער פאַבריק, וועט מיין מאַן ווידער קיין צייט ניט האָבן גיין צו אַ דאָקטאָר, האָב איך אינסיסטירט, מיט גוטן און מיט שלעכטן, אַז מיר זאָלן פאַרן גאַנצן געלט וואָס מיר האָבן געבראַכט — קרוב צו אַ האַלבן מיליאָן פּעזאָס — קויפן אַ פּאָר הייזער און לעבן פון דירה געלט! מיין מאַן האָט מיך גע־פאָלגט און מיר האָבן געקויפט הייזער און מיר באַקומען אַ שיינע סומע געלט דירה געלט. מיין מאַן איז געגאַנגען צו אַ דאָקטאָר, צו אַ צווייטן, און עס ווערט אים ניט בעסער! איך האָב אָנגעהויבן גיין מיט אים צו די דאָקטוירים, צו גרויסע פּראָפעסאָרן! זיי האָבן אַלע בלויז געצאַפּט געלט און דעם אמת מיר ניט געזאָגט! ביז...

מיר דאַרפן וואַרטן ביז די פרוי וועט זיך באַרואיקן! זי וויינט און כליפּעט ווי אַ קליין מיידעלע וועמען מען וויל ניט קויפן קיין ליאַלקע. ערשט ווען זי באַרואיקט זיך, טרינקט אויס די אַספּירין מיט דער שוואַר־צער קאַווע וועלכע מיר האָבן איר דערלאַנגט — און זי זעצט פאָר:

ביז... מיר האָבן געפּאַקט אַ וואַליזן, אַ ערלעכן אידישן דאָקטאָר. נאָכדעם ווי ער האָט עטלעכע מאָל באַטראַכט מיין מאַן, נאָכדעם ווי ער האָט באַטראַכט די ראַדיאָגראַפיאַס, האָט ער מיר, פערזענלעך, דערקלערט:

ליבע פרוי! פּטר'ט ניט קיין געלט אומזיסט! שלעפּט ניט אייער מאַן צו קיין דאָקטוירים! מוטשעט אים ניט מיט קיין אינדזשעקסיאָנעס! ער

וְהאָט ניט קיין רפואה! ער האָט שוין גאָרניט קיין לונגען! ער גע־פינט זיך אין אַזאַ צושטאַנד וואָס די מעדיצין — וואָס ראַטעוועט אָפּ אַלע קראַנקע פון טובערקולאָזיס — קאָן אים ניט אָפּראַטעווען! פון טויזנט טובערקולאָז־קראַנקע, האָבן צוויי קיין רעטונג ניט! אייער מאַן — איז איינער פון די צוויי! לאָזט אים ענדיקן זיין ביסל לעבן וואָס עס איז אים באַשערט צו לעבן, לאָזט אים צורו און מוטשעט אים ניט!..

וואָס אַט די ווערטער זענען געווען פאַר מיר? — צעוואָס אייך דער־ציילן! איצט, ווען איך קאָן אָנהויבן לעבן! ווען איך האָב אַזאַ טייערע וואוינונג, אַ זעלכע טייערע קינדערלעך, אַזאַ רייכשאַפט — איצט דאַרף מיין מאַן פאַרלאָזן די וועלט! איצט דאַרף ער אָפּקומען פאַר יענע אַכט טעג אין דער וואַנע! איצט דאַרף ער אָפּקומען פאַר יענע טעג וואָס ער האָט זיך ניט געהיילט! צו וואָלט אים דאָס היילן געהאָלפן? מעגליך אַז יאָ! דער דאָקטאָר זאָגט אַז ער איז געקומען צו אים צו שפּעט! ווען ער קומט פריער צו אַ דאָקטאָר און ווען ער קומט אַלס... קבצן, ניט אַלס גביר וואָס האָט זיך געוואָרפן מיט טויזנטער, וואָלט ער זיך אפשר, געווען געראַטעוועט! איצט, אָבער, איז שוין צו שפּעט איך דאַרף בלייבן אַ יונגע... רייכע, אַלמנה!

אָבער! אין איין טאָג האָב איך אַ טראַכט געטון:

וואָס רעד איך וועגן רייכקייט? ווי שטייט דען געשריבן אַז איך בין זיין פרוי און מיינע צוויי קינדער זענען זיינע קינדער! דאָרט, אין פראַנקרייך, האָבן מיר געהאַט אַן אַנדער נאָמען! דאָרט איז מיין מאַן געווען אַ... פּוילישער וועטערענאַר־דאָקטאָר! אַהער, זענען מיר גע־קומען אויף שטאַטלאָזע פּאַספּאָרטן און... ניט אַלס מאַן און ווייב! אויך די קינדער זענען צו אים ניט צוגעשריבן געוואָרן!..

דאָס ערשטע וואָס איך האָב געטון איז געווען — קאָנסולטירן ביי אַן אַדוואָקאַט! און, פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט מיר געגעבן די גלייכ־סטע, לאָגישע עצה:

איצט, לעגאַל חתונה האָבן און צושרייבן די קינדער אין ביכל אריין! אויב ניט — וועט זיין צרות!..

הויבן זיך אָן שווועריקייטן! ניט איך האָב פּאַפּירן אויף חתונה צו האָבן, ניט די קינדער האָבן פּאַפּירן, ניט מיין מאַן האָט ריכטיקע פּאַ־פּירן! חוץ דעם, איז גאָר פאַראַן אַ וויכטיקער פּראָבלעם:

וואָס פאַר אַ תירוץ זאָל איך זאָגן מיין מאַן, אַז איך וויל חתונה האָבן און באַקומען אַ לעגאַליטעט?

זאָגט דער אַדוואָקאַט: — דאָס בעסט איז זאָגן דעם אמת: יאַקוב! דו האַלסט ביים שטאַרבן און דו מוזט פאַרזאָרגן דיין פרוי און קינדער

אַז זיי זאָלן בלייבן מיט דעם פאַרמעגן! אין גענגנטייל — וועט די רע־גירונג זיין די יורשטע! אַזוי זאָגט דאָס געזעץ! סיידן — דו מאַכסט אַ צוואה, אַז דיין פאַרמעגן זאָל געהערן די און די!

נו! ווער זשע זאָל עס גיין אים זאָגן אזא בשורה! ער ווייסט ניט וואו ער האַלט! ער ווייסט ניט ווי קראַנק ער איז! ער מאַכט גאָר פּלע־נער צו פאָרן קיין אַמעריקאַ און זיך אַריינגעבן אין אַ סאַנאַטאָריע! ער דענקט צו פאָרן קיין... מיאַמי, פלאָרידאַ! דאָרט איז דער קלימאַט גוט און דאָרט וועט ער זיך אויסהיילן! ער האָט שוין אפילו גענעמען די פּרייזן פון די שיפסקאַרטעס פאַר אונז אַלע און האָט שוין אפילו אָוועק־געשריבן אַהין אין אַ האָטעל וואָס דער אַמעריקאַנער קאָנסול האָט אים רעקאָמענדירט און באַשטעלט אַ דעפּאַרטאַמענט פאַר אונז אויף... אַ יאָר צייט! ער האָט שוין אפילו אָפּגעמאַכט מיט אַ באַנק, אַז מען זאָל דאָ אויפמאַנען דאָס דירה געלט און עס איבערשיקן אַהין, צו אים, אין סאַנאַטאָריע וואו ער וועט אָבווייזן! און, דאָ, זאָגט מיר דער דאָק־טאָר, אַז ער גאַראַנטירט מיר אַז קיין דריי חדשים לעבן האָט ער ניט! דאָס זעלבע האָבן מיר שוין איצט געזאָגט אנדערע דאָקטוירים אויך, ווען איך האָב דערציילט אַז איך ווייס שוין פון אַלעם! יענע רעדן גאָר פון... אַ חדש לעבן! און ער, מיין אומגליקלעכער מאַן רעדט פון אַ יאָר סאַנאַטאָריע!

איך האָב זיך געווענדעט צו מיין אידישן דאָקטאָר וואָס האָט מיר דער ערשטער אויפגעעפנט די אויגן און געזאָגט דעם אמת! איך האָב אים געבעטן אַז ער זאָל רעדן מיט מיין מאַן און ער זאָל אים זאָגן דעם אמת! ער זאָל אים פאַרלייגן צו באַוואָרענען אונז! עס איז זיין חוב, אַלס דאָקטאָר, אים אויפמערקזאַם מאַכן אויף זיין לאַגע! דער דאָקטאָר האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט עס צו טון! עס גייט ניט אַריין אין זיי־נע אַטריבוטן, אין זיינע פונקציעס, אַלס דאָקטאָר, צו... זאָגן דעם אמת! אַ דאָקטאָר — אַזוי זאָגט ער מיר — דאַרף קיינמאָל ניט אָנשרעקן דעם קראַנקן און אים זאָגן: — העיי! פּעטער! איר שטאַרבט! מאַכט אַ צוואה! אפילו ווען דער דאָקטאָר זעט אַז די מעדיצין האָט שוין געטון אַלעס און עס העלפט ניט — דאַרף ער וואַרטן אויף אַ נס! און, ווען ער זאָגט דעם קראַנקן, אַז בלויז אַ נס, קאָן אים ראַטעווען — וועט אים שוין דערמאָלט קיין... נס אויך ניט העלפן!

איך ווייס ניט צי דער דאָקטאָר איז גערעכט אָדער ניט גערעכט! איך ווייס נאָר, אַז עטלעכע טעג נאָך דעם, ווי מיין מאַן וועט פאַרמאַכן די אויגן, דאַרף איך נעמען די קינדער און... גיין מיט זיי אין די הייזער! צו גלויבט איר, אַז אַזוי דאַרף זיין? אָט דאָס איז דער סוף פון מיין

לאַנגן דערנער־וועג וועלכן איך האָב מיטגעמאַכט פון זאַמאָשטש ביז אַהער? צו איז דאָס ניט קוריאָז און פאַטאַל וואָס אַ נאַציִשער דאָקטאָר האָט אים אַרויסגעראַטעוועט פון אומגליק, פון טויט, פון לײַדן און נויט און אַ אידישער דאָקטאָר, וועט מיטהעלפן און מיטשטויערן, אַז זײַנען קינדערלעך, וועלכע ער האָט אַזוי ליב, זאָלן דאַרפן לײַדן הונגער און שטאַרבן פאַר אַ שטיקל ברויט, אין דער צייט, וואָס זייער פאָטער האָט איבערגעלאָזט אַזאַ פאַרמעגן!

זאָגט איר אַליין: — דאַרף אַ דאָקטאָר אַזוי האַנדלען?..

— — — — — — — — — — — — —

מיר זיצן אין דאָקטאָרס קאַבינעט און שמועסן געמיטלעך מיט אים. ער איז אַ יונגער דאָקטאָר, אָבער ער איז פול מיט וויסן! שוין אַ יאָר צען ווי ער האָט געענדיגט דאָס לערנען און אַרויסגענעמען זײַן דיפּלאָם אַז ער איז אַ דאָקטאָר — דאָך, האָט ער נאָך דעם בוך ניט אַוועקגעלייגט פון האַנט! ער האַלט אין איין לערנען! ספּעציעל — שטודירט ער די ספּעציאַליטעט פון לונגען! און — מיטן פולן מויל קאָן מען זאָגן אַז ער איז מומחה אינ'ם פאַך.

מיר דערציילן אים: — מיר זענען ניט געקומען בעטן ביי אים אַז ער זאָל אויסזאָגן דעם קראַנקן, אַז ער האַלט שמאָל! מיר גלויבן אַז ער וועט טון וואָס זײַן געוויסן וועט אים דיקטירן און וואָס זײַן פליכט וועט אים באַפעלן! מיר ווילן ביי אים, גלאַט, וויסן: — וואָס טוט מען טאַקע אין אַזאַ פאַל? און, ספּעציעל, דאָ, אין דעם פאַל פון אַ אָנגעפלאָגטער פרוי, פון אומבאַשיצטע צוויי קינדער וואָס זענען געבוירן געוואָרן „אין וועג" און וועלן איצט בלייבן — אויף דער גאַס! וואָס טוט מען טאַקע זיי צו העלפן?

דר. ק—י, איז זייער פריינדליך אונז צו ענטפערן! ער פילט מיט דער פרוי און האָט רחמנות אויף די צוויי קינדערלעך! דערפאַר, טאַקע האָט ער איר אויסגעזאָגט דעם סוד פון איר מאַנס לאַגע. ער דערקלערט אונז, דער ליבער דאָקטאָר, אַז אָט די פרוי איז ניט די איינציקע ביי אונז, אידן! איך פאַרשטיי זיי ניט אונזערע אידן — זאָגט דער דאָקטאָר! אויף אַלעם האָבן זיי צייט! אויף פּטרן טעג און נעכט צו קהל'ן זיך, אויף פּטרן וואָכן און חדשים כדי צו פאָרן זיך באָדן אָדער שפּילן אין רולעטע — דערויף סטייעט זיי צייט! נאָר אַ טראַכט צו טון צו זייערע דאָקומענטן, צו זייערע פּאַפּירן זענען אין אָרדענונג — דערויף איז קיין צייט ניטאָ! איך וואָלט אייך אויסגערעכנט אַ צעטל פון צענדליגער אַזעלכע פרויען, ווי אָט די „גרינע" פרוי, וועמענס מאַן איז פאַרשלאָפט געוואָרן, געשטאָרבן, און נאָכן טויט האָבן זיי געהאַט גענוג צרות ביז זיי

האָבן געקאָנט לעגאַליזירן זייער לאַגע און דערווייזן אַז זיי זענען גע־זעצלעכע יורשים! וואָס קאָסט עס זיי, אָט, די אידישע פרויען און מע־נער, אַז זיי זאָלן מיט צייט און געזונטערהייד, באַשטעטיקן געזעצלעך אַז זיי זענען מאַן און ווייב און זייערע קינדער זענען געזעצלעכע?.. דאָ, ביי דער פרוי, איז די לאַגע אַן אַנדערע! זייער אַריינקומען אין לאַנד איז געווען ניט קיין נאָרמאַלע! דאָרט, אין אייראָפּאַ, האָבן זיי געהאַט אַנדערע נעמען, און אַהער זענען זיי געקומען מיט אַנדערע נעמען! בכלל, איז זייער לאַגע געווען אַן אַנדערע, דערפאַר האָבן זיי זיך ניט גע־איילט צו ווענדן זיך אין די קאָמפּעטענטע אַנשטאַלטן אָדער רעגירונגס־אינסטיטוציעס און נאָרמאַליזירן זייער לאַגע! מעגליך, אַז אויך די מורא, דאָס ציטערן פאַרן „טאָמער" וועט מען צוריקשיקן האָט גע־ווירקט אַז זיי זאָלן צווישן זיך בלייבן געזעצלעך פרעמד!

אָבער. דאָס איז אַ צווייט קאַפּיטל! דאָס וויכטיגסטע איז: — ווי אַזוי מאַכט מען עפּעס צערעכט? אויסזאָגן דעם קראַנקן? — פאַר קיין פאַל ניט! עס וועט קירצן זיינע טעג! לויט מיין מיינונג נאָך האָט ער נאָך דריי חדשים לעבן! אויב ער וועט זיין אַבסאָלוט רואיק — קאָן ער לעבן נאָך אַ חדש אָדער צוויי! מעגליך אויך, אַז דער סוף זאָל קומען פריער! שפּעטער — זיכער ניט!.. אויב מען זאָל אים דערציילן — וועט ער אפילו קיין מאָנאַט ניט דערציען! פאַרוואָס זשע זאָלן מיר עס טון. חוץ דעם — און דער דאָקטאָר גיט אַ שמייכעלע! — מיר, דאָקטוירים, גלויבן אין... נסים! עס קאָן געשען אַ נס און ער זאָל נאָך אַזוי ציען אַ פּאָר יאָר! צו וואָס זשע אים דער'הרג'ענען?

איר די זייטיקע מוזן געפינען אַן עצה! מיר, דאָקטוירים, קאָנען ניט זאָגן דעם חולה: גרייט זיך אין וועג אַריין! דו שטאַרבסט!..

— — — — — — — — — — — — —

מען האָט געפונען אַן אויסוועג! דער הויפּט תירוץ איז געווען: — מען קאָן ניט פאַרשרייבן די קינדער אין שולע אויב זיי האָבן ניט חתונה! זיי האָבן חתונה געהאַט לויטן געזעץ און לויטן אידישן דין. די קינדער גייען אין דער אידישער שולע און דער קראַנקער... לערנט זיך, ביי זיי, דעם אידישן אלף בית און לייענט שוין — מיט שוועריקייטן — אַ אידיש בלאַט! צו וועט טאַקע געשען אַ נס? ווער ווייסט? היד ה" תקצור?...

## ער קאָן ניט... שפּילן אין קאָרטן — וויל זיך זיין פּרוי מיט אים שיידן!

זינט די וועלט איז אַ וועלט און זינט עס עקזיסטירן חתונות און גט'ן זיך, ווייסט מען, אַז עס זענען פאַראַן טויזנטער מאָטיוון פון ניט איינפאַרשטענדעניש צווישן מאַן און ווייב און מען מוז זיך גט'ן!

אַמאָל, גאָר גאָר, אַמאָליקע יאָרן, מיט טויזנטער יאָרן צוריק, האָט מען ניט געדאַרפט אָנקומען צו אָט דער פּראָצעדור פון גט'ן זיך! מען האָט געהאַט אַ „לייכטערן" וועג — מען האָט גענעמען נאָך אַ ווייב און נאָך אַ ווייב און במילא, די ערשטע, מיט וועלכער מען האָט ניט געקאָנט אויסקומען, האָט שוין געהאַט אַזעלכע „קעסט" ביי די נייע ווייבער, אַז זי האָט געהאַט קיצור ימים און האָט, דעם מאַן ווייניק־וואָס באַלעסטיגט!

אין די היינטיקע יאָרן, ווען ל ע ג אַ ל, טאָר מען מער ווי איין ווייב ניט האָבן, און ווען מען קאָן מיט אָט דער איינער אויך ניט אויסקומען, האָט מען באַשאַפן אַ מיטל וואָס הייסט „גט'ן" זיך און אַראָפּ פון מאַרק!

גט'ן זיך? ס'רעדט זיך לייכט אַרויס דאָס וואָרט! אָנקומען, דורכפירן עס אין לעבן — איז ניט אַזוי לייכט! פאַראַן לענדער, ספּעציעל קאַטוילישע, וואו דאָס וואָרט „גט" עקזיסטירט גאָר ניט און מען מוז זיך אָפּמוטשען דאָס ביסל יאָרן, „ניט אַ הער און ניט אַ היין", ביז... מען געוואוינט זיך צו צו די צרות!

מאָטיוון פון גט'ן זיך — זענען, אָפט פאַראַן אַ סך! געווען ביי אונז געלערנטע וואָס האָבן געפּסק'נט, אַז אפילו איבערזאַלצן דאָס עסן, איז אויך אַ מאָטיוו און אַ באַרעכטיגונג פון שלעפּן דאָס ווייב צום רב און פאָדערן אַ גט! פאַראַן אויך „שטאַרקערע" מאָטיוון פון וועלן געבן דעם ווייב אַ גט! למשל, ווען זי „שעלט ז י ך"! פאַראַן אַזעלכע ווייבער ביי וועמען די קללות גייען ניט אַרויס פון מויל! זי שעלט דעם מאַן, דעם קצב וואָס האָט געשיקט ניט דאָס פלייש וואָס ז י האָט באַשטעלט, דעם מילך־מאַן, ווייל די מילך איז גערינען געוואָרן, דעם פרוכט־פאַרקויפער, ווייל אַ פּאָר פּאָמעראַנצן זענען געווען פאַרפוילטע און אפילו די... רע-

גירונג, ווייל ביינאַכט האָט זיך... פאַרלאָשן די עלעקטרי אויף אַ פּאָר מינוט אָדער אַ פּאָר שעה!

ניט אַלע מענער קאָנען ליידן קללות, ניט אַלע מענער קאָנען הערן ווי מען שילט און, ער וויל פּטור ווערן פון זיין פרוי, פון די קללות און וויל אַ גט!

דער הויפּט-מאָטיוו פון ווען זיך גט'ן, ספּעציעל — אַז די פרוי זאָל פאָדערן אַ גט — איז, ווען דער מאַן איז אַ... שפּילער!

פאַראַן מענער וואָס פּטרן אַ סך צייט אין די קאַפעען און שפּילן! פאַראַן מענער וואָס שפּילן און פאַרשפּילן אַ סך אין דער לאָטעריע, אין די „פערדלעך" און אין אַנדערע גאַסן-שפּילן! זיי פאַרשפּילן זייער געהאַלט, זייער פּרנסה, זייער קליינטל, און דאָס ווייב מיט די קינדער ליידן הונגער און נויט! דער גרעסטער און אומגליקלעכסטער „קלאַס" שפּילער, איז דער וואָס שפּילט אין קאָרטן! ניט איין גט, ניט איין צעבראָכן פאַמיליע-לעבן, ני איין מאָרד און זעלבסטמאָרד, איז שוין פאַרגעקומען צוליב דעם, וואָס מען האָט צופיל פאַרשפּילט אין קאָרטן, אין פּאָקער, און מען „איז געבליבן אויף דער גאַס".

אַז אַ פרוי זאָל זיך וועלן שיידן מיט איר מאַן ווייל ער שפּילט אין קאָרטן, אין פּאָקער, וואָלט קיין נייעס ניט געווען!

האָבן מיר, אָבער, פאַר זיך, אַן אַנדער אינטערעסאַנטנעם פאַל: — די פרוי וויל זיך מיט אים שיידן זי וויל, פּשוט און פּראָסט, אַ גט, ווייל... ער קאָן אין קיין קאָרטן... ניט שפּילן! ער ווייסט ניט ווי אַזוי מען נעמט אַ קאָרט אין די הענט, ער ווייסט ניט וואָס עס הייסט פּאָקער, אַ רעמי, און ער שעמט זיך צו דערציילן — ער ווייסט אפילו ניט וואָס עס הייסט און ווי אַזוי מען שפּילט אַ „טאַבלין" אַ „טרוקאָ", און אפילו — אַ „עסקאָבאַ קינסע".

ווי אַזוי איז אַ מענטש אַזאַ... „עם הארץ"? ווי אַזוי קאָן עס אַ יונגער מענטש, אַ מאָדערנער מענטש, אַ קלוגער מענטש, ווי אַזוי קאָן אַזאַ מענטש ניט שפּילן אין קיין קאָרטן? — אָט דאָס איז דאָך טאַקע זיין אומגליק!.. הערט וואָס ער דערציילט: —

— — — — — — — — — — — — —

ווי איר קוקט מיך אָן — בין איך נאָך גאָר אַ יונגער מענטש! איך האָב ערשט ניט לאַנג אָריבערגעשפּאַנט דעם דריטן צענדלינג יאָרן. חתונה געהאַט — האָב איך אויך ערשט ניט לאַנג! איך בין זיך מודה — צו שפּעט אַ ביסל! איך האָב זיך געריכט צו האָבן אַ גליקלעך לעבן, אַ צופרידן פאַמיליען-לעבן, און פאַרשאַפן נחת און גליק, ניט נאָר מיר מיט מיין פרוי — נאָר אויך מיינע עלטערן! דער סוף איז אָבער אַנדערש!

איך האָב גענעמען ניט מיין גלייכן! מיר זענען צוויי פאַרשידענע וועלטן! מעגלעך אַז מיין פרוי איז גערעכט! איך שמעקט צו דער עפּאָקא, ווען מען איז נאָך געפאָרן מיט פערד און אָקסן און זי שמעקט שוין צו דער ערא פון דער אַטאָמישער באָמבע!..

איך בין געוואַקסן אין אַן אַנדער שטוב און זי גאָר אין אַן אַנדער! מיינע עלטערן זענען געווען און זענען נאָך איצט, פרומע, אָרטאָדאָקסישע, און נאַציאָנאַלע אידן, ביי וועמען שבת איז נאָך שבת און יום-טוב איז יום-טוב! און ביי אירע עלטערן, ווייסט מען גאָרניט ווען עס איז אַ אידישער יום-טוב!..

איך האָב באַקומען אַ אידישע און וועלטלעכע דערציאונג! איך האָב געענדיגט מיטל-שול און ווייטער ניט געוואָלט און ניט געקאָנט לערנען! איך האָב זיך גענעמען צו מסחר, צו פאַבריקאַציע, צום זעלבן פאַך פון מיין פאָטער — אַ פאַבריק פון העמדער, און עס איז מיר געלונגען! איך האָב זיך פיין אָרויפגעאַרבעט און נאָכגעגעבן מיינע עלטערן זיך לאָזן „רעדן" אַ שידוך!

מעגלעך, אַז איך בין טאַקע אַן „אָפּגעשטאַנענער". איך האָב קיינמאָל ניט געשמעקט צו אָט די לעב-יונג חברים! נאָך אין דער צייט ווען איך בין געגאַנגען אין שולע, האָב איך זיך געחבר'ט בלויז מיט ערנסטע קינדער! איך בין געווען איינער פון די וויניקע קינדער, וואָס האָב ניט געהאַט קיין אינטערעס צו וויסן ווער עס געווינט אין די פוטבאָל- שפּילן, ווער עס וועט זיין „קאַמפּעאָן" און ווער עס וועט פאַרלירן! איך ווייס ניט צו עס איז גוט אָדער שלעכט — אָבער, עס האָט מיך ניט געצויגן צו אָט די אַלע זאַכענישן! עס האָט מיך ניט געצויגן — ניט ווען איך בין געווען אַ קינד און מיינע חברים פון דער שולע זענען געווען פאַרקאָכט איבערן קאָפּ אין „זייערע" פוטבאָל-קלובן, ניט עס האָט מיך אינטערעסירט, שפּעטער, ווען איך בין שוין געוואָרן אַ גרויסער מענטש און פלעג קויפן אַ זונטיק-אָוונט-צייטונג און דערזען ווי די גאַנצע צייטונג איז פאַרנעמען מיט מענטשן, וואָס קלאַפּן מיטן פוס אַ גרויסן באַל (פעלאָטאַ) אָדער, להבדיל, מיטן קאָפּ פון אַ פערדאַטש, וואָס האָט באַוויזן דאָס גרויסע בריה'שאַפט און חכמה אין זיינע רגלים, און איז דער ערשטער דערלאָפן ביזן „ברייטל" צו! ווען איך פלעג זיצן אין קינאָ און אַ מאָל זען און זיך צוקוקן, ווי מענטשן וואַרפן מיט הענט און פיס, ווי מען שרייט און מען פילדערט ווען דאָס פערדל לויפט דאָרט, פלעג איך ביי זיך טראַכטן: — זיכער משוגעים!..

נו! אזא בחור ווי איך, האָב געדאַרפט אינזינען האָבן ביים גיין

זיך אויסקלויבן אַ לעבנס-באַגלייטערן, אַז איך דאַרף נעמען מיינס גלייכן! איך האָב געדאַרפט װיסן מײַן „פּעלער" און געדאַרפט פאַר־שטיין, אַז איך זאָל ניט װעלן נעמען אַ פּרוי װאָס זאָל, דווקא, יאָ ליב האָבן פערד-געלויף אָדער אַנדערע מאָדערנע שפּילערייען! איך האָב געדאַרפט טראַכטן װעגן דעם! איך האָב, אָבער, קיין צייט ניט געהאַט צו טראַכטן! חוץ דעם — איז גלאַט ניט געװען שיין און אמפּלאַץ, אַז װען מען שטעלט מיר פאַר אַ מיידל, זאָל איך זי פרעגן: — װאָס איז אייער מיינונג װעגן... פערדלעך אָדער װעגן פוטבאָל?... נאָך װייניקער װאָלט מיר איינגעפאַלן צו פרעגן אַ מיידל צו זי... שפּילט אין קאָרטן?

אין אַ טאָג האָט מיין טאַטע באַשטעלט אַ שדכן אַז ער זאָל זוכן פאַר מיר עפּעס אַ װאױל מיידל פון אַ פיינער פאַמיליע. דער שדכן האָט געטון זיין פליכט און, איבערקוקנדיק זיין „אַדרעסן-בוך" האָט ער אויס־געפונען אַז די און די פאַמיליע און דאָס און דאָס מיידל, װעט זיין צוגעפּאַסט צו מיר!

מיין פאָטער האָט שטאַרק געהאַלטן פון דער „אינסטיטוציע" װאָס הייסט „שדכן"! ער פלעגט זאָגן, אַז אַ שדכן איז גאָטס שליח װאָס טוט זיין װילן! אז דער שדכן איז באַשאַפן געװאָרן פון גאָט בששת ימי בראשית!..

דעם אמת געזאָגט; — איך בין געװען איינשטימיק מיט מיין פאָ־טער! קאָנענדיג זיך, בין איך געװען זיכער, אַז אַזעלכע װי איך, זענען דאָ אין די טויזנטער! און אויב מען װעט מיר ניט צוברענגען — װעל איך אליין ניט אויסגעפונען!... ניט דערפאַר װאָס איך בין געװען אַ שעמעוודיקער — נאָר מיין נאַטור איז געװען אַ זעלכע! איך בין ניט געװען װי יענע בחורים װאָס קאָנען „אָנגרייפן", נאָכגיין אַ מיידל אַ פאָר הונדערט מעטער און איר האַלטן אין איין מאַכן קאָמפּלימענטן, און סתם זיך צוטשעפען צו אַ מיידל!..

װען דער שדכן האָט געבראַכט מיין פאָטער דעם שידוך, און װען ער האָט אים נאָך אָפּגעלויבט אַז דאָס מיידל איז אַ יפיפיה, אַ שיינהייט, האָט מיין פאָטער באַשטימט אַ זעאונג! ער — מיין קלוגער און פראַק־טישער פאָטער — האָט זיך ניט אינטערעסירט צו װיסן פון װעלכן אויװון מען ברענגט אים דאָס געבעקס! אים האָט בלויז אינטערעסירט, ער איז געװען צופרידן, װאָס די פאַמיליע — דער כלה'ס עלטערן זענען זייער פיינע מענטשן, גרויסע סוחרים און פאַבריקאַנטן, קומען אַרויס פון אַ אָנגעזעענער משפחה פון לאָדזש, און... װעלן פראַװען אַ שיינע חתונה!..

מען האָט אונז צענויפגעפירט, מען האָט אונז באַקענט. אין אַ שיי־

נער קאָנפּיטעריא פון „צענטער" איז דאָס געווען. דאָס מיידל איז מיר געפעלן געוואָרן און ווייזט אויס אַז... איך — איר, אויך און... אין צוויי וואָכן אַרום איז געווען פּסח. מיין פאָטער האָט אויסגענוצט די געלעגנ־הייט און האָט איינגעלאַדן אירע עלטערן צו אונזער „סדר־נאַכט". מיר פּראָווען שטענדיג אַ גרויסן און טראַדיציאָנעלן „סדר". ביי אונזער טיש, צום סדר, זיצן שטענדיק עטלעכע באַקאַנטע פאַמיליעס. מיר האָבן אַ מאָל געהאַט אַ סדר פון פערציק פּערזאָן! היינטיקס יאָר, האָבן טאַ־טע־מאַמע, באַשטימט איינצולאַדן ווייניקער מענטשן, אום כדי, מיר זאָלן קאָנען בעסער פאַרברענגען מיט מיינע צוקונפטיקע שווער און שוויגער און כלה. דער פּלאַן איז געווען, מירן זיך בעסער צוקוקן צו איר — צו דער כלה.

די „מחותנים" זענען געקומען. דער מחותן איז געקומען... אָן אַ שליאַפּע! דאָס איז ער דאָס ערשטע מאָל אויף אַ „אידישן" סדר — אַזוי האָט ער געזאָגט — און ער האָט ניט געוואוסט אַז מען וועט דאַרפן „דאַוונען" האָט ער ניט געבראַכט קיין צודעק אויפן קאָפּ!..

וואָלט מיין פאָטער ניט געווען אַזוי פאַרבלענדעט פון מיין מחותנ׳ס עשירות און „אינטעליגענץ" האָט ער באַלד געדאַרפט זיך כאַפּן, אַז דער שידוך איז ניט פאַר מיר! איך, אַ בחור פון עטלעכע און צוואַנציק יאָר, וואָס... פרעג נאָך די קשיות, וואָס גייט מיטן טאַטן, ראש השנה, דאַוונען, וואָס... פאַסט יום כפור און וועמענס פאַרגעניגן איז זאַמלען פאַרן קרן קימת, אַזאַ בחור איז ניט צוגעפּאַסט צו אַ שווער וואָס איז דאָס ערשטע מאָל אויף זיין לעבן ביי אַ סדר און וואָס האָט ניט גע־וואוסט אַז ביי אַ סדר דאַרף מען „דאַוונען"! איך, האָב געדאַרפט פאַרשטיין אַז זייער טעכטערל, ווי שיין, קלוג און געראָטן זי זאָל ניט זיין — האָט זיכער ניט באַקומען קיין אידישע דערציאונג, מער ווי אירע עלטערן אַליין האָבן... איך — און ספּעציעל מיין פּראַקטישער פאָ־טער — האָבן עס געדאַרפט פאַראויסזען און זיך צוריקציען פון אָט דעם שידוך!

בכלל, האָט דער מחותן מיינער, מיר דערוויזן יענעם אויפדערנאַכט, יענע סדר־נאַכט, אַז ער איז אַ... שטיק גראָבער יונג! נו! מילא! אַז מען איז קיינמאָל ניט געווען ביי קיין „אידישן" סדר — ווי ער האָט געהאַלטן אין איין זאָגן (גלייך ווי עס זאָל אויך זיין אַ גויאישער סדר), אַז ער האָט עס קיינמאָל ניט געזען, ווייל זיינע עלטערן האָבן ניט געהאַלטן פון קיין רעליגיע און פון קיין... אבערגלויבן, אָבער, אַז מען איז ביי יענעם אין שטוב, מען איז ביי יענעמס טיש און עס זיצן זייטיקע מענטשן אויך — דאַרף מען ניט חוזק מאַכן פון דער גאַנצער צערעמאָ־

ניע פון סדר־נאַכט און פון דער פּראָצעדור! עס איז ביי אונז געוועזן אַ מינהג, אַז דער טאַטע האָט בעהאַלטן דעם אַפיקומן, און אַ קינד — פון די געסט — פלעג אים געפונען און דער טאַטע האָט אים דערפאַר בצאָלט אויסלייז־געלט! נו! זאָלט איר געוועזן זען, ווי אַזוי מיין שווער האָט זיך צעלאַכט פון אָט דעם „געצנדינעשן" מינהג! ער האָט אַפילו „באַשולדיגט" מיין טאַטן, אַז ער האָט געזען ווי מען גייט גנבענען דעם אַפיקומן נאָר ער מאַכט זיך ניט ווייסנדיק!.. בכלל, האָט ער, אינמיטן דער „הגדה" געהאַלטן אין איין רעדן און עס האָט אויף אונז געמאַכט זייער אַ שווערן איינדרוק.

מיין פאָטער, האָט דאָס אַלעס, געמאַכט צו קליין געלט! פאַרקערט! ער האָט זיך געוויצלט מיט אים און געזאָגט, אַז ער וועט אריין אין אונזער משפּחה וועט ער ווערן אַ... איד! און: —

עס איז געוואָרן אַ שידוך! אין אַכט חדשים אַרום — האָט מען געפּראַוועט מיין חתונה!

באַלד נאָך אונזער חתונה האָב איך דערזען דעם טעות! איך בין געוועזן פון איין שניט און זי — גאָר פון אַ צווייטן! זי האָט מיך אָנגעהויבן „לערנען" ווי אַזוי צו לעבן! עס איז איר ניט געפעלן געוואָרן וואָס איך... רויכער ניט! איר „אידעאַל" דאָס גאַנצע לעבן, איז ביי איר געוועזן, אַז איר מאַן וועט רויכערן סיגאַרעטן און זי וועט אויך געבן אַ נאַש ביי אים! האָט איר גאָר גאָט צוגעשיקט אַ שלימזל וואָס רויכערט ניט! וואָס פאַר אַ מאַן איז מען ווען מען רויכערט ניט?..

צו למשל: — איך בין אַ קליינער טרינקער פון שאַרפע אַלקאָהאָלישע געטראַנקען! איך טרינק ניט קיין בראַנפן, קיין וויסקי, קיין וויין און אַפילו אַ פּשוטע גלעזל ביר — מאַכט מיך אויך שיכור! נו, מאַכט זי סקאַנדאַלן! זי קאָן מיט מיר צווישן „מענטשן" ניט קומען! זי שעמט זיך מיך צו ברענגען צו אירע חבר'טעס! און טאַקע? וואָס פאַר אַ מאַן האָט זי געפּאַקט וואָס שמעקט ניט און לעקט ניט, וואָס טרינקט ניט קיין ביר־סעלע וויסקי, ווערט ניט שיכור און רעדט ניט דערנאָך קיין מיאוסע רייד!..

דאָס ערגסטע אָבער, איז מיין גרויסער חסרון פון... ניט קאָנען שפּילן אין קיין קאָרטן! וואָס זאָל איך טון, אַז ביי מיין טאַטן אין שטוב זענען קיין קאָרטן ניט געוועזן און ביי מיין רבי'ן — אויך ניט! איך האָב ניט געהאַט ווען און וואו זיך אויסצולערנען אָט דאָס „פאַך"! ניט איך האָב איצט וועלכן עס איז אינטערעס זיך נעמען, לערנען, שפּילן אין קאָרטן! ביי מיין אידענע — איז דאָס די גרעסטע טראַגעדיע! ניט זי קאָן „מיך נעמען" ווען זי גייט צו יענעם צו גאַסט, ניט מיר קאָנען רופן מענטשן צו זיך!

„מענטשן"? איר זאָלט אַ קוק טון, מיט וועלכע מענטשן מיין אידענע חבר'ט זיך עס אַזוי און פאַר וועמען איך דאַרף יוצא זיין און זיך אַוועקזעצן „לערנען" האַלטן אַ קאָרט אין די הענט! פּוסטע קאַבאַקן! ליידיקע גייסטיק! עס אינטערעסירט זיי ניט קיין ערנסטער בוך, קיין וויכטיק צייטונגס־אַרטיקל, זיי ווילן ניט און דאַרפן ניט וויסן וועגן דער אידישער לאַגע אין דער וועלט. ווען זיי רעדן וועגן ארץ ישראל, הייסט עס ביי זיי נאָך אַלץ „פּאַלעסטינאַ"! פרעגט זיי, בחרם, פון מדינת ישראל ביז פּאַלעסטינאַ — וועלן זיי אייך ניט וויסן וואָס צו ענטפערן! און, אָט פאַר די „מענטשן" וויל עס מיין אידענע מיך „אויסמענטשלען" און ווען איך וועל קאָנען שפּילן אין פּאָקער, קאָנען זיצן ביז דריי פאַרטאָג צעכראַסטעט און צעשויבערט, נערוועזיש און פאַרמאַטערט, ווען נעבן מיר וועט שטיין אַ שאָל פול מיט „עקן" פון סיגאַרעטלעך, אָט דעמאָלט וועל איך ווערן אַ „מענטש" און מיין אידענע וועט זיך מיט מיר ניט שעמען! אַזוי לאַנג איך קאָן עס ניט — האָט זי אַ וויסט פינסטער לעבן, און אַזוי ווי איך האָב איר געזאָגט, אַז איך וועל זיך אויסלעבן די יאָרן און וועל אָט די תורה ניט מקבל זיין — האָט זי מיר, פעסט, דערקלערט: —

מ י ר  ג ט'ן  ז י ך! זי וויל מיט אַזאַ פּראָפּאַן ניט לעבן!

אייגנטלעך — וואָלט געווען בעסער פאַר אונז ביידן ווען מיר צעשיידן זיך! אונזער חתונה איז געווען אַ טעות און אונזער ווייטער צוזאַמענלעבן וועט זיין אַ גרעסערער טעות און אַן אומגליק פאַר ביידע! מיר זענען ניט קיין פּאָר! איך וועל שוין בלייבן אַ „גראָבער יונג" איך ווען שוין אין קיין קאָרטן ניט קאָנען שפּילן און אין „היפּאָדראָם" וועל איך, מן הסתם, מיין גאַנץ לעבן קיין פוס ניט שטעלן! איך גלויב ניט אַז עמיצער וועט זיין בכוח מיך אַריינשלעפּן אין „קאַסינאָ" און שפּילן אין רולעטע! איך האַלט ניט דערפון און עס ציט מיך ניט צום טיש, וואו מענטשן שטייען מיט אויסגעסטאַרטשעטע אויגן און וואַרטן אַז דאָס קיילעכדיק קלעצעלע זאָל זיי ברענגען מזל און געלט! איך בין געפאָרן מיט מיין פרוי און קינד אויף אונזער אָפּרו־וואַקאַציעס און איך האָב ניט געוואָלט זיך גייען מאַכן שלעכט בלוט! איך וויל ניט געווינען און נאָך ווייניקער וויל איך פאַרשפּילן! נו, נו! וואָלט איר געמעגט זען וואָס פאַר אַ קאָנצערט זי האָט מיר אָפּגעשפּילט! איך בין אַן „אַלטמאָדישער" און זי שעמט זיך, ווייזן איר פּנים אין... וואָסער! איך האָב קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט און זי געמוזט באַגלייטן אין „קאַסינאָ", כאָטש, צום שפּילטיש, האָב איך זיך אַפילו ניט צוגערירט! איך בין געזעסן אין בופעט און זי האָט מיר, אַהין, געבראַכט אַלע מאָל די גוטע נייעס וויפל זי האָט שוין געוואונען! ביז, אַזייגער איינס פאַרטאָג זענען מיר אַוועק אין האָ־

טעל אַריין! מיין פרוי איז געווען נערוועאיש און האָט שיעור ניט באַקו־
מען אַ נערוון־אַטאַקע! זי האָט שוין געהאַט געוואונען אַ מאַטניא מיט
געלט! אַ גאַנצן באַרג מיט „פיטשעס" זי האָט שוין, אזש, ניט געהאַט
קיין קעשענע וואוהין צו שטופּן דאָס געוואונענע געלט, האָט זיך נעבן
איר אַוועקגעשטעלט אַ אַלטע גויע, עפּעס אַ... כישוף־מאַכערן, און זי האָט
אָנגעהויבן צו פאַרשפּילן דאָס גאַנצע געווינס און האָט אויך פאַרשפּילט
איר אייגן געלט וואָס זי האָט געבראַכט מיט זיך! זי האָט געהאַט חשק
זיך אַ וואַרף טון אויף דער אַלטער און איר... אויסדראַפּען די אויגן! זי האָט
זיך אָפּגעהאַלטן דערפון! אָבער, מאָרגן, אויב זי וועט זיך נאָכאַמאָל שטעלן
נעבן איר, וועט זי איר אויסרייסן די האָר פון קאָפּ!..

און אַזוי רעדנדיג און שעלטנדיג, האָט זי זיך געקאַטשעט אויפן
געלעגער ביז פאַרטאָג און איז קוים אַנטשלאָפן געוואָרן! דער ווייטיק
אירער, איז געווען גרעסער, דערמיט וואָס זי רעדט צו מיר, דערציילט
מיר די נסים ווי אַזוי זי האָט געשטעלט אויפן 18 און האָט געוואונען,
דערנאָך האָט זי געגעבן אַ שטעל אויפן 9 און האָט ווידער געוואונען,
דערנאָך האָט זי אויסגעשיט אַ זשמעניע מיט צענערלעך אויפן 22 און
האָט... ווידער געוואונען! זי האָט געהאַלטן אין איין געוואונען ביז די
אַלטע, די כישוף־מאַכערן, האָט זיך ניט צוגערוקט צו איר — און ביי איר
צוגענומען דאָס מזל! זי דערציילט עס מיר און איך... געב אפילו קיין
קרעכץ ניט!! איך פיל איר ניט מיט און עס קריכט מיר ניט אין קאָפּ
אַריין! איך בין געקומען אַהער זיך אויסרוען פון אַ גאַנץ יאָר אַרבעט,
איך בין געקומען האָבן פאַרגעניגן פון דער פרישער לופט און פון ים־
וואַסער, און זי דערציילט און רעדט, קלאַפּט מיר אין מוח אַריין זאַכן
וואָס אינטערעסירן מיך ניט!..

מיר זענען אָפּגעווען אויף די וואַקאַציעס 20 טעג! עס זענען געווען
צוואַנציק טעג פון צרות און ליידן! צוואַנציק טעג פון קריגן זיך, הלמאי
איך בין ניט ווי אַלע מענטשן! הלמאי, אַלע — אין האָטעל — שפּילן
אין קאָרטן, און בלויז איך וויל גאָר גיין זען אַ פילם אָדער, איך זיץ
אין האָל און לייען אַ בוך! אַלע פיינע און קלוגע מענטשן, האָבן מיט־
גענעמען מיט זיך עטלעכע פּעשלעך קאָרטן „ניילאָן" און איך האָב
מיטגעפירט מיט זיך עטלעכע ביכער און... אפילו אַ תנ״ך אויך! איך האָב
געוואָלט קויפן עטלעכע גוטע ביכער פאַר מיין פרוי, כדי זי זאָל האָבן,
ביי דער פּליאַזשע, וואָס צו לייענען — אָבער, זי האָט קאַטעגאָריש זיך
אָפּגעזאָגט דערפון! זי דאַרף ניט קיין ביכער! ביי דער פּליאַזשע, מיט אי־
רע באַקאַנטע, רעדן זיי וועגן... נעכטיקן פּאָקער! זי דערציילט ווי אַזוי
זי האָט געהאַט זייער שלעכטע קאָרטן! עס איז ניט געקומען צו איר —

אַ שעה צייט — איין גוטע קאָרט אין דער האַנט אַריין! איז זי געוואָרן אין כעס און אָנגעהויבן... שיקן „בלעפן"! זי האָט, מיט צוויי זיבעלעך — פֿאַראָפּגענומען אַ גאַנצן אוצר! יענער האָט געהאַט דריי שיקסעס ווי די בערן און זי האָט זיך דערקלערט „סערווידאַ". מען האָט זיך דערשראָקן פֿאַר איר און מען איז „אַנטלאָפֿן"! עט, שפּעטער, האָט זי, שוין באַקומען אַ גוטע קאָרט אין דער האַנט אַריין, האָט זי אויפֿגעהערט שיקן אַזוי פֿיל „בלעפֿן" און האָט טאַקע פֿאַרשפּילט!..

אָט דאָס איז געווען דער געשפּרעך ביי דער פֿליאַזשע אַלע טאָג און אַ גאַנצן פֿרימאָרגן וואָס מיר זענען געווען ביי דער פֿליאַזשע! אויב זי האָט ניט גערעדט פֿון פּאָקער — האָט זי גערעדט פֿון „דעוויאַטי וואָל" און אויב ניט פֿון „דעוויאַטי-וואָל" איז דער בעסטער געשפּרעך אירער געווען פֿון „רעמי" אָדער „רומי" ווי זי רופֿט עס אָן! זי פֿלעגט דערציילן גאַנצע נסים ווי אַזוי זי געווינט אין אָט דער שפּיל! ווי אַזוי זי „הויבט אויף" און מאַכט דריי און אַ מאָל פֿיר „קווישן" (קאַנאַסטאַס)! ווי אַזוי זי האָט געהאַלטן אין איין געווינען און געווינען, ביז זי האָט רחמנות געהאַט אויף איר מיטשפּילערן און האָט איר געוואָלט עפּעס צושאַרן, זי זאָל אויך עפּעס געוואונען — האָט זי איר אַזוי צוגעשאַרט — אַז יע־נער האָט זיך איבערגעדרייט דאָס מזל און... אַנשטאָט אַ פֿאַרשפּילערן — איז זי — די פּאַרטנערן אירע געוואָרן די געווינערן!..

נו, מילא, אַז זי דערציילט, אָט די געשיכטעס, אירע חבר'טעס ביי דער פֿליאַזשע — איז פֿאַר מיר אַ האַלבע צרה! איך זיץ ניט נעבן איר און עס אינטערעסירט מיך ניט!

ווייל זי, אָבער, אַז אויך איך זאָל דאָס אַלעס הערן און אַלעס וויסן! טאָמער מאַכט זיך איך לערן זיך פּאָרט אויס די תורה — זאָל איך וויסן ווי אַזוי מען דאַרף „שיקן אַ בלעף" דערציילט זי עס מיר און... ניט עס גייט מיר אַריין אין איין אויער ניט עס גייט אַרויס פֿון צווייטן! ווערט זי ברוגז און עס ווערט אַ קריג! מעגלעך, אַז איך האַנדל ניט גוט! מעג־לעך, אַז איך דאַרף זי אויסהערן און איר... מיטפֿילן! איך קאָן אָבער, ניט זיין קיין פֿאַרשטעלטער, קיין צוויי פּנימדיקער! חוץ דעם, איך האָב גע־מיינט אַז אפֿשר וועל איך ביי איר אויך צונעמען דעם ענטוזיאַזם פֿון שפּילן, פֿון קאָרטן! איך האָב זי געוואָלט שלעפּן צו זיך, ניט גיין צו איר, אויף אירע וועגן! איך זע אָבער, אַז מיין האָפֿענונג איז אומזיסט! מיר מוזן זיך שיידן!..

פֿאַראַן איין זאַך וואָס שטייט אונז אין וועג! אונזער קינד! אונזער מיידעלע! עס איז אַלט דריי יאָר! איך וויל, פֿאַר קיין פֿאַל ניט דערלאָזן, אַז עס זאָל בלייבן ביי איר! וואָס וועט אויסוואַקסן דערפֿון? וואָס פֿאַר אַ

דערציאונג וועט איר די מוטער געבן? שוין איצט, איז די בעסטע שפּילעכלעך וואָס די מוטער גיט איר — ווען זי וויל זי פאַרשפּילן איז... אַ פּעשל אָפּגעשפּילטע קאָרטן! איר קומט אַריין צו מיר אין שטוב אומגעריכט, וועט איר טרעפן אויפן פּאָל, אין אַלע צימערן, צעוואָרפן קאָרטן און בלויז קאָרטן! דאָס שפּילט זיך מיין טעכטערל מיט זיי! דאָס גיט איר, די מוטער, לעקציעס מיט וואָס זיך צו שפּילן! וואָס זשע וועט זיין שפּעטער?

איך האָב גערעדט מיט מיין מוטער. זי וויל עס נעמען צו זיך! און אויב מיין פרוי, וועט ניט איינווויליקן אַז דאָס קינד זאָל זיין ביי מיין מוטער — בין איך גרייט אַז מיר זאָלן עס אָפּגעבן אין אַ קינדער־היים אָדער צו אַ פּריוואַטער אינסטיטוציע וואָס נעמט אויף אַזעלכע קינדער (צום באַדויערן, זענען אַ זעלכע אינסטיטוציע פאַראַן בלויז... ענגלישע) אָבער, ביי מיין פרוי — וועל איך עס ניט לאָזן! איך טאָר עס ניט לאָזן! זי וועט פון איר מאַכן אַ קאָרטנשפּילערן! אַ מיידל וואָס... שיקט „בלעפ׳ס", און איך וויל, אַז מיין קינד זאָל וואַקסן אַזאַ בעל־הבתיש קינד, ווי איך בין. ווי מיין מוטער און מיינע שוועסטערלעך זענען! איך בין פעסט באַשלאָסן צו פאַרהיטן מיין קינד אַז זי זאָל ניט וואַקסן ווי די מוטער אירע איז! וועט מיין פרוי וועלן מיט גוטן — וועלן מיר געפונען אַן אויסוועג! וועט זי ניט וועלן — וועט דער ריכטער פסק׳נען, צו אַזאַ פרוי מעג דערציען אַ קינד!..

---

די פרוי? זייער אַן אינטערעסאַנטע און מען קאָן מיט איר רעדן. ווייזט אויס אַז דער מאַן האָט אַביסעלע איבערגעטריבן איר כאַראַקטער! מיר האָבן געמיינט אַז מירן זיך טרעפן מיט אַ קאָקעטקע אָדער מיט אַ היסטערישער פרוי וואָס וויל צוזאַמענברעכן און ווישט זיך, אַלע מינוט, די נאָז מיט איר ווייס טיכעלע. ניין! עס זיצט פאַר אונז אַ יונגע, קלוגע און „געזעצטע" פרוי, וועלכע רעדט, טענה׳ט, און... זי איז ניט איבעריק אומגערעכט!

איך שעץ מיין מאַן — זאָגט זי אונז. ער איז זייער אַ וואָוילער, גוטער, געטרייער מאַן און פאָטער. ער לויפט ניט אַרום דורך די נעכט אויף פאַרזאַמלונגען און מיטינגען, ער זיצט ניט אין די קאַפעען און שפּילט ניט אין „דאַדעס" כדי צו געווינען אַ קאַווע! ער איז אַ... פאַרשפּעטיגטער פערזאָן! ער האָט געדאַרפט געבוירן ווערן ביי זיין... זיידן אין יאָר 1880 און איז גאָר געבוירן געוואָרן ביי זיין פאָטער אין יאָר 1925! ער האָט באַקומען זייער אַ גוטע אידישע דערציאונג און איז זיכער ווערט געווען אַז ער זאָל חתונה האָבן פאַרן רב׳ס טאָכטער! נו!

וואָס בין איך אים שולדיג וואָס איך בין אים געפעלן געוואָרן און ער האָט מיך אויסגעקליבן אַלס זיין באַשערטע, כאַטש, ער האָט געוואוסט אַז איך בין ניט פון זיין שניט, אַז איך פּאַס זיך ניט אַריין אין זיינע ד׳אמות, אַז איך בין גאָר, פּונקט דער געגנזאַץ פון אים!

ניט ער, ניט זיינע עלטערן האָבן דאָ א סך פריינט און חברים! זיי זענען פאַרשלאָסענע מענטשן וואָס זענען צו יענעם ניט געגאַנגען און יענער איז צו זיי ניט געקומען! ספּעציעל — מיין מאַן! ער האָט זייער ווייניק פריינט און דאָס ביסל פריינט וואָס ער האָט — האָבן אים שטענדיג אויסגעמיטן! טאַקע! וואָס וועלן זיי רעדן מיט אים? צו קאָנען זיי דען פאַרברענגען מיט אים? און ווען ער האָט חתונה געהאַט — האָט מען, איינגאַנצן, אים אָנגעהויבן אויסמיידן! פאַר די פינף יאָר וואָס מיר האָבן חתונה — האָבן מיר נאָך קיין פינף מאָל ניט געהאַט קיינעם פון זיי נ ע חברים ביי זיך אין שטוב! וואָס וועט מען קומען צו אים? רעדן פון פּאָליטיק? פון דער ענגלישער קעניגן אָדער פון דער אַטאָמישער באָמבע? יונגעלייט, ווען זיי קומען זיך צענויף, וויל מען ל ע ב ן! מען וועל פ אַ ר ב ר ע נ ג ע ן! מען וויל האָבן פאַרגעניגן! מען וויל רעדן וועגן גליקלעכע טעג, ניט וועגן ט ו י ט, וועגן מ אָ ר ד, וועגן דער מלחמה וואָס איז א י צ ט און וועגן דער מלחמה וואָס דאַרף קומען! — אָט, דאָס איז זיין באַליבטע טעמע!

איך פאַרשטיי אַנדערש דאָס לעבן! איך האָב איינגעלאַדן צו אונז אונזערע באַקאַנטע פון מיין צד! מ יי נ ע חבר׳טעם מיט זייערע מענער און, מיינע באַקאַנטע, טראַכטן ניט ווי מיין מאַן טראַכט! זיי ווילן פאַרברענגען! מען וויל ש פּ י ל ן אין קאָרטן! יאָ, מיין פריינט! אויך צוריק מיט פופציק יאָר, ווען מיין מאַן האָט געדאַרפט געבוירן ווערן, האָט מען, ביי אידן אפילו, געשפּילט אין „עפּעס". דעמאָלט האָט עס געהייסן „קוויטלעך" און מען האָט געשפּילט אויף געלט און געוואונען און פאַרשפּילט, ווער מער און ווער ווייניקער! איך האָב געפרעגט עלטערע מענטשן, אַזעלכע פיינע ווי מיין מאַן איז און ווי מיין שווער איז, האָבן זיי מיר דערציילט, אַז קאָרטן שפּילן — כדי צו פאַרברענגען — איז קיינמאָל קיין בושה ניט געווען! נאָר מיין מאַן וויל זיין מער פּויפּסלעכער ווי דער פּויפּס, און האָט געפּסל׳ט אָט די שפּיל פאַר אומאָראַלישע, באַשר, בכן, ער קאָן אין דעם ניט נעמען קיין איינטייל!

יאָ! אמת! איך לייד אַ גרויסע בושה, ווען מענטשן קומען זיך צענויף צו אונז, אַלע שפּילן אין קאָרטן, אין אַ „דעוויאַטי-וואַל" — נאָר א יי נ ע ר איז דאָ וואָס שפּילט ניט — מיין מאַן! ער קאָן ניט און

ווייסט ניט ווי אַזוי מען נעמט אַ קאָרט אין די הענט! מיינע חבר׳טעס לאַכן פון מיר און ווען זיי גייען אַוועק — וויין איך אָפּ די גאַנצע נאַכט!..

עס איז אמת! איך וויל זיך מיט אים שיידן! איך קאָן אַזאַ לעבן ווייטער ניט פירן! ניט ער איז אַ רב, ניט איך וויל ווערן אַ רבצין! איך, האָב זיך צו אים — אַ סך צוגעפּאַסט! איך פאַרליר גאַנצע נעכט וואָס איך גיי אין ערגעץ ניט אַרויס, ווייל איך וויל, אַן אים, ניט גיין! איך וויל אים ניט מאַכן צו מענטשנס געלעכטער! איך האָב שוין געבראַכט אַ סך קרבנות, אַבי צו זיין געטרײַ צו זיין כאַראַקטער און צו זיין בליק אויפן לעבן! ער, אָבער, ער וויל אויף קיין האָר ניט נאָכגעבן! ער, וויל לעבן ווי זיין טאַטע־מאַמע, זיידע־באָבע, האָבן געלעבט כאָטש, די יאָרן זענען גאָר אַנדערע! ער גלויבט, אַז די וועלט איז בלויז ציוויליזירט געוואָרן כדי ער, זאָל קאָנען פאָרן אין אַ שיינעם אויטאָ, כדי מיר זאָלן האָבן אין שטוב אַ עלעקטרישן אייז־קאַסטן און אַ עלעקטרישע וואַש־מאַשין! פאַר אים הייסט „ציוויליזאַציע״ בלויז דער סינע, די פילמס אין קאָלירן און טעלעוויזיאָן! ניט מער! קאָרטן? רולעטע? בייזבאָל, פוטבאָל, פערד־געלויף — דאָס הייסט... אַזאַרט! דאָס איז אויסגעלאַסנקייט! אַזוי איז ער אויפגעוואַקסן געוואָרן און אַזוי זעצט ער פאָר, דאָס, וואָס ער האָט זיך אָנגעזויפט מיט דער תורה ביי זיין מאַמעס פאַרטוך!..

צו האָט זיין מוטער אַ שטיקל חלק אין אונזער שלעכט לעבן? — איך בין זיכער אַז יאָ; זי, קלאַפּט אים אַריין אין קאָפּ אַריין אַ סך זאַכן, וואָס פּאַסן זיך ניט פאַר אונזער צייט און וואָס מאַכן ניט גאַנץ קיין שלום בית! זי האָט אַ גרויסן חלק אין דעם וואָס ער האָט געוואָרפן אַ אומחן אויף מיר, אויף אונזער שטוב און אויף אונזער לעבן! זי האָט עס אים איינגערעדט אַז מיר זאָלן איר איבערגעבן מיין קינד! אַ ביסעלע — איז ער אָפּגעשטאַנען! אַ ביסעלע דערלערנט אים זיין מאַמע, ווי אַזוי אַ כשר׳ע אידישע טאָכטער דאַרף זיך — לויט איר פאַרשטאַנד — פירן און, דאָס איבעריקע? — אַז עס הויבט זיך אָן רייסן — רייסט זיך!

— — — — — — — — — — — — — — — —

מיט חדשים און חדשים שפּעטער:

דאָס פאַרפאַלק האָבן זיך... ניט גע׳גט! דער שטריק, דער אייזערנער שטריק וואָס האָט זיי געהאַלטן צוגעבונדן און זיי געצוואונגען ניט צו צעטיילן זיך, דער שטריק הייסט... — סאַריטאַ!

עס איז שוין צוגעקומען נאָך אַ „שטריקעלע״. אַ יאַנקעלע!.. קלוגע מענטשן זענען זיי ביידע. איינע האָט נאָכגעגעבן, דער אַנדערער האָט אַראָפּגעלאָזט — און שלום בית איז געבליבן גאַנץ!..

# איך בין געווען א „קאפא“ ביי די נאַציס!..

אַ שטילער קלונג אין דער טיר. עס האָט זיך קוים געהערט. איך בין געווען זיכער, אַז דאָס האָט דער ווינט אַ בלאָז געטון און עס ווייזט זיך אויס אַז מען קלינגט ביי דער טיר.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום: — אַ צווייטער קלונג. אויך אַ שוואַכן — אָבער, שוין אַ לענגערן. די דינסט גייט אַ קוק טון צו דער טיר און קומט צוריק, מעלדנדיג, אַז עמיצער פרעגט זיך, עמיצער וואָס רעדט אויף אַ שפּראַך וואָס זי פאַרשטייט ניט און רעדט אַזוי שטיל — אַז מען הערט ניט!..

ביים אַריינגאַנג פון טיר שטייט אַ מענטש. אַנגעטון ווי ער זאָל גיין פון דער אַרבעט, שטייט ער און האַלט זיין שליאַפּע אין דער האַנט. די האָר זיינע נימט פאַרקעמט, און דער אויסזען זיינער איז, ווי ער זאָל נאָר וואָס אַרויס פון אַ שפּיטאָל און ער האַלט זיך קוים אויף די פיס.

ער שטייט און מורמלט אין דער שטיל:

— מען קאָן אַריינגיין?

— פאַרוואָס ניט? אויב איר זענט געקומען אַהער, איז דאָך צוליב עפּעס — מוזט איר דאָן במילא אַריינגיין.

— דער מענטש גייט אַריין, ניט זיכער. קוים וואָס ער האַלט זיך אויף די פיס! איצט, בין איך שוין זיכער, אַז עס איז איינער וואָס וויל זיך אַוועקלייגן אין אַ שפּיטאָל און איז געקומען בעטן אַ טובה, אַ רע־קאָמענדאַציע. אָן צו הערן וואָס ער וועט זאָגן: — בעט איך אים זיצן.

ער שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין! ער וויל אָנהויבן רעדן און עפּעס וואַרגן אים די ווערטער. זיי שטייען אים אין האַלדז. לסוף רופט ער זיך אָן:

— איך ווייס ניט צו איך מעג זיצן ביי אייך? צו איך מעג זיצן אין אַ אידישער שטוב! איך בין... ניט קיין איד!

— נו! עס מאַכט ניט! ביי מיר אין הויז איז ניטאָ קיין חלוק ווער עס מעג יאָ זיצן אָדער ניט! אגב. אייער אידישע שפּראַך און אייער

אויסזען זאָגן אויף אייך עדות אַז איר זענט שוין גראָדע יאָ אַ איד! אָבער, וואָס איז די נפקא מינאַ? איד אָדער ניט־איד? זיצט!

דער מענטש זעצט זיך נאָך אַלץ ניט! ער דרייט מיט דער שליא־פּע אין דער האַנט און — ווי ער זאָל זיך אָנעמען מיט כוח, רופט ער זיך אָן:

— יאָ! אָבער, חוץ דעם וואָס איך בין שוין ניט קיין איד, וואָס אויף מיינע דאָקומענטן זאָגט זיך קלאָר: גלויבן? — פּראָטעסטאַנטי־שער! — איז דאָ נאָך אַ זאַך, וואָס איז אַ פראַגע צו איר וועט דער־לויבן אַז איך זאָל זיך זעצן ביי אייך! און ווי ער זאָל אויסשרייען — רופט ער זיך אָן: —

— איך בין געווען אַ „קאַפּאָ" ביי די נאַציס!

— — — — — — — — — — — — —

מיר זיצן ביידע איינער קעגן אַנדערן! שוין אַ האַלבע שעה ווי דער מענטש זיצט, קאָן ניט אָנהויבן רעדן. וויל ער אָנהויבן רעדן — אַזוי ווײנט ער! עס ווײנט אין אים דאָס האַרץ, די אויגן, דאָס פּנים, דער גאַנצער קערפּער! ער איז שוין עטוואָס באַרואיקט און ער דער־ציילט: —

— צו וועט איר דען מיר גלויבן? צו איז דען פאַראַן איין מענטש אויף גאָטס וועלט וואָס זאָל מיר וועלן גלויבן? אַלע אידן און ניט אידן וואָס זענען געווען אין די נאַצישע קאָנצענטראַציע־לאַגערס און וואָס האָבן זיך אָנגעזען מיט די שווידערלעכע באַדינגונגען דאָרט, ווייסן: — פּאַקט מען איינעם וואָס האָט דאָרט געהאַט עפּעס אַ שטיקל דעה, פּאַקט מען אַ „קאַפּאָ" — איז טויט! פאַרוואָס זשע דאַרף איך זיין אַן אויסנאַם? פאַרוואָס דאַרף מען מיין לעבן שוינען?

יאָ, דאָ, שטייט ניט די פראַגע פון מיין לעבן! ביז איצט, זענט איר דער איינציקער פאַר וועמען איך האָב זיך געלאָזט דער־קענען! איר זענט דער איינציקער צו וועמען איך געב זיך איבער אין די הענט! איר זענט דער איינציקער פאַר וועמען איך קום אויסגיסן מיין האַרץ און אויסשרייען מיין ווייטיק! צו וועט איר האָבן אויערן פאַר מיר? צו וועט איר וועלן זיין אַ ביסעלע מענטשלעך און אומפּאַר־טייאיש און מיך משפּטן און אורטיילן?

ווער בין איך? ווי קום איך צו מיין איצטיקער לאַגע? ווי קום איך צו זיין אַ קאַפּאָ ביי די רוצחים, ימח שמם?

איך בין געבוירן געוואָרן אין אַ קליין שטעטעלע אין בעסעראַביע. מיין פאָטער איז געווען רב אין שטעטל און איך בין דערצויגן גע־

ווערן אַזוי, אַז מיין פאָטער האָט גאָר אַנדערש ניט געדענקט אַז איך וועל פאַרנעמען זיין כסא הרבנות! ווען האָט ער זיך אומגעקוקט אַז ער האָט אַ טעות? — ווען ער האָט געפּאַקט ביי מיר אַ גאַנצן פּאַק מיט „טריף פּסול" ביכער און ווען מען האָט אים געזאָגט אַז מען האָט מיך געזען שבת רויכערן אַ פּאַפּיראָסל און פאַרברענגען מיט עטלעכע באַרישניעס פון שטעטל! אויף מיין טאַטן האָט עס געווירקט ווי אַ דונער אין אַ זוניקן טאָג. ער האָט זיך גענומען צום האַרצן, און אויב איך זאָל גלויבן וואָס מיין מוטער ע"ה האָט מיר געזאָגט — איז ער, צוליב דעם, געגאַנגען יונג פון דער וועלט!

ווען איך בין אַלט געוואָרן צוואַנציק יאָר בין איך אַוועק קיין בוקאַרעסט, דאָרט חתונה געהאַט, זיך דאָרט באַזעצט און איך בין געוואָרן אַ עלעקטראָ-טעכניק פון אויטאָמאָבילן! איך האָב זייער גוט פאַרדינט איך האָב געפירט אַ גליקלעך פאַמיליען-לעבן, געהאַט צוויי קינדערלעך און אַ טייער ווייבעלע!

עס איז געקומען די וועלט-מלחמה! צו אונז — רומעניע — האָט זיך עס גאָרניט אָנגעקערט! ערשט דעמאָלט האָבן מיר פאַרדינט אַ סך געלט און איך האָב געמיינט אַז אַזוי וועט עס אייביק אָנגיין! פּונקט ווי איך, זענען טויזנטער און מיליאָנען מענטשן געוואָרן עגאָאיסטן און געוואָרט גליקלעך ווערן, רייך ווערן, פונם גרויסן אומגליק וואָס האָט געטראָפן דער וועלט!

גיי, וויים, אַז דאָס פייער וועט זיך אויך צו אונז דערנענטערן! גיי, וויים, אַז אין אַ טאָג, וועט דער דייטש, ימח שמו, אָנפאַלן אויף רומלאַנד, און מיר, רומעניער, וועלן מיט אים מיטמאַכן די בלוטיקע חתונה! מיר, אין בוקאַרעסט, אין רומעניע, האָבן זיך ניט געריכט אַז אויך אונז מיינט מען! און ווען מיר — די רומענישע אידן — האָבן זיך געכאַפּט וואָס אַרום אונז טוט זיך — איז שוין אין בוקאַרעסט געזעסן די געסטאַפּאָ, און אויף די גאַסן האָט מען געכאַפּט אידן און זיי געשיקט אין די לאַגערן!

צו מיין גליק אָדער צו מיין אומגליק, בין איך און מיין פרוי און מיינע צוויי קינדערלעך, געווען פון די ערשטע וואָס מען האָט געכאַפּט! מיר האָבן אָבער געהאַט אַ גרויס מזל! דער הויפּט פון דער רומענישער „סעגוראַנץ" וואָס האָט מיטגעאַרבעט מיט דער געסטאַפּאָ, איז געווען מיינער אַ גוטער באַקאַנטער! ניט איינמאָל האָב איך אים צורעכט געמאַכט זיין אויטאָ אָדער זיינע טראַקטאָרן וואָס ער האָט געהאַט אויף זיינע פעלדער! ער האָט מיך געקאָנט ביים נאָמען און איך האָב אים, אַ סך מאָל אַרויסגעשלעפּט פון אַ קריטישן מאָמענט. ווען מען האָט

אונז — מיין פאַמיליע — צוזאַמען מיט נאָך הונדערטער פאַמיליעס גע־בראַכט אין הויף פון דער קאָמענדאַטור, און ווען עס האָבן אָנגעהויבן פליען קלעפּ איבער אונזערע קעפּ — מען האָט געשלאָגן מכת רצח, מענער, פרויען און קינדער — האָט מיך דער קאָמענדאַנט דערזען און אונז אַרויסגעשלעפּט פון דער קופּע אידן וועלכע מען האָט נאָך אַלץ געהאַלטן אין איין שלאָגן!..

איך בין געווען שטאַרק צעבלוטיקט! ביי מיין פרוי האָט שוין גע־פעלט צוויי ציין אין מויל! ביי אַ קינד מיינעם האָט געריגען בלוט פון נעזעלע! אין אַט יענעם מאָמענט האָט מיך דער קאָמענדאַנט אַרויסגע־שלעפּט און אונטער אַ וואַך אַפּגעשיקט צו זיינעם אַ פעטער, אַ גלח, וואָס האָט געוואוינט 50 קילאָמעטער פון בוקאַרעסט.

לויטן באַפעל פון קאָמענדאַנט — האָט מיך דער פעטער געדאַרפט אויסבאַהאַלטן! דער פעטער זיינער, דער גלח, האָט אָבער געשטעלט אַ קאָנדיציע! איך און מיין פרוי און מיינע קינדער, דאַרפן זיך פריער שמד'ן! ער וויל ניט בעהאַלטן קיין זשידאַנעס און זיין פאַראַנטוואָרט־לעך פאַר זיי! אַט, ווען מיר זאָלן זיך שמד'ן, וועט ער אויסשטעלן די פאַפּירן אַזוי, אַז עס וועט הייסן אַז מיר זענען שוין אַלטע משומדים, און אַלס קריסטן — האָט ער אונז געגעבן אַרבעט!

אַן אַנדער ברירה האָבן מיר געהאַט? נאָך דער סצענע וואָס מיר האָבן געזען אין קאָמענדאַטור און נאָך די קלעפּ וואָס מיר האָבן גע־כאַפּט און ווייסנדיג וואָס פאַר אַ צוקונפט אונז שטייט פאַר, וואָס האָט אונז געקאָנט אַרן דאָס ביסעלע וואַסער מיט וועלכן מיר וועלן באַגאָסן ווערן פון אַלטן גלח! דערנאָך, ווען דער אומגליק וועט פאַרשווינדן — וועלן מיר דאָך קאָנען ווערן צוריק אמת'ע אידן!

ווען מיר זענען געשטאַנען ביים „אַלטאַר" און דער פּראַוואָסלאַוו־נע גלח האָט אונז אַרונטער געגעמען אונטער די פליגלען פון קריסטנ־טום, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז מיין אַלטער טאַטע, דער רב, קוקט אַראָפּ צו מיר פון הימל און זאָגט מיר: —

ניין, קינד מיינס! ניט אַזוי איז מען מקדש השם! איך, אויף דיין אָרט, וואָלט אַנדערש געהאַנדלט! איך, וואָלט זיך געלאָזט ברענען און בראָטן און וואָלט ניט געביטן מיין אמונה!

און, — אין די געדאַנקען — האָב איך אים געענטפערט: — טאַ־טעניו! פאַר מיר, וואָלט מיך אפשר ניט געאַרט! אָבער, פאַר זיי, פאַר די קינדערלעך — מוז איך עס טון! אַז דו נעמסט זיך ניט אָן פאַר זיי — זאָל זיך דער קאָמענדאַנט, דער רשע, און איצט דער גלח — ווערן זייער באַשיצער און באַהיטער!..

מיט מיין ווערן אַ פּראוואָסלאַוונע, מיט מיין גיין אין קלויסטער און זיך צלמ'ן, האָט זיך מיין טראַגישע לאַגע ניט געענדיגט! מיר איז געווען באַשערט נאָך איבערצולעבן גענוג שרעקלעכעס און טרויעריגס!

די דייטשן האָבן שוין פאַרנעמען רומעניע! איך בין נאָך אַלץ געווען אונטערן שוץ פון מיין קאָמענדאַנט וואָס האָט זיך אונטערגענומען מיך און מיין פרוי און קינדער צו ראַטעווען! ער איז געווען זיכער אַז איך האָב אָנגענומען דאָס קריסטנטום בלב ונפש! מען האָט אים אָפּגעגעבן גרוסן פון מיין פרומקייט, פון מיין גיין אין קלויסטער אריין און אַז איך פּלאַנעווע צו שיקן מיינע צוויי קינדערלעך אין אַ גלח'שן סעמינאַר. אגב. מיינע קינדער זענען ניט געווען גע'אידיש'ט און האָבן זייער ווייניק געוואוסט און פאַרשטאַנען אַז זיי זענען אידן. דאָרט, אין בוקאַרעסט, בין איך געווען פולשטענדיג אַסימילירט און מיין פרוי איז אַרויסגעקומען פון אַ שטאַרק־אַסימילירטער אידישער משפחה פון בוקאַרעסט.

אין איינעם אַ טאָג איז מיר אָנגעקומען אַ באַפעל אַז איך זאָל זיך צושטעלן אין דער קאָמענדאַטור. איך דאַרף מיטנעמען מיינע פּערזענלעכע חפצים ווייל מען שיקט מיך אין אַ „שליחות" וואו איך וועל זיך לאַנג זוימען. כדי צו באַרואיקן מיין פרוי, האָט מען מיר איבערגעלאָזט אַ גרעסערע סומע געלט אַז איך זאָל האָבן, אי פאַר זיך, אי פאַר מיין פרוי. עס האָט איר געדאַרפט קלעקן אויף עטלעכע חדשים צו לעבן!

ווען איך בין געקומען אין דער קאָמענדאַטור, האָב איך געטראָפן אַ באַפעל, אַז איך דאַרף זיך צושטעלן צו דער פערטער גרופּע וואָס גייט אָפּ מיט אַ קאָנוואָי קיין טראַנסניסטרי! איך וועל דאַרפן זיין איינער פון די היטער פון די אידן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער!.. איך וועל דאַרפן אַרומגיין מיט אַ רעוואָלווער און מיט אַ נאַגאַייקע אין דער האַנט און וואָס מער איך וועל שלאָגן איבער אידישע קעפּ — אַלץ בעסער וועל איך געפעלן מיינע עלסטע! איך בין באַלד געוואוירע געוואָרן אַז איך בין אַ „סאָטניק", אַ עלטער איבער הונדערט אידישע לעבנס, און אויב אין משך פון דריי חדשים וועט פון מיינע הונדערט אידן ווערן בלויז פופציק — וועט מען צו מיר קיין טענות ניט האָבן! ערגער וועט זיין מיט מיר, אַז פון מיינע אידן וועט קיינער ניט פעלן! הייסט עס — אַז איך היט זיי אָפּ — דאַן, קאָן איך ביטער אָפּשניידן!

דאָס אַלעס האָט מען מיך געלערנט איידער מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין און איידער איך האָב איבערגענעמען מיין אַמט!..

איך ווייס. איר'ט מיר ניט גלויבן! אָבער — עס איז פּאָרט אַזוי! איך האָב זיך געוואָלט נעמען דאָס לעבן! איך האָב געדענקט, אַז, אויב

מיין ווייב און קינדער זענען פאַרזאָרגט — מעג איך — על פּי טעות — זיך דערשיסן און פּטור ווערן פון אַזאַ „ערן-אַמט" ווי אַ קאַפּאָ אין אַ לאַגער! איך האָב זיך אָבער, באַלד, איבערצייגט, אַז איך האָב אַ טעות! מיין ווייב און קינדער זענען געווען משכּנות פאַר מיר! דער קאָמענדאַנט, וועלכער איז איצט שוין געווען אַ גאַנצער גדול ביי דער געסטאַפּאָ, האָט עס מיר קלאָר געזאָגט, ער וויל זען ווי אַזוי איך וועל זיך אויפירן! לויט מיין אויפירונג — וועט מיין פאַמיליע געניסן!.. נו! וואָס האָב איך געזאָלט טון?

— — — — — — — — — — — — — —

איך בין אָנגעקומען אין לאַגער ביים דאָרף ב. מיר האָבן דאָרט געטראָפן אַ טייך מיט אידיש בלוט! די קאַפּאָס וואָס זענען געווען ביז היינט און וועלכע מיר, אַ גרופּע פון צוואַנציק, האָבן זיי פאַרביטן — האָבן פּשוט געמאַכט אַ בלוט-באָד אויף די אידן דאָרט! מיר האָבן געבראַכט מיט זיך צוויי דאָקטוירים און אַ פּאָר פעלדשערס. האָבן מיר געהאַט אַ אַרבעט אויף עטלעכע טעג צו היילן די פאַרוואונדעטע! מיר האָבן געדאַרפט האָבן די מענער — די אידישע יונגעלייט — אַז זיי זאָלן זיין געזונט און קאָנען אַרבעטן! עס איז געווען פאַר שניט-צייט און מיר האָבן דעם גאַנצן לאַגער געדאַרפט איינשפּאַנען אין דער אַרבעט פון העלפן אַראָפּנעמען די תּבואה פון די פעלדער! זיי האָבן געדאַרפט אַרבעטן ניט ווייניקער ווי 16 שעה אַ טאָג! און דאָ, האָבן מיר גאָר פאַר זיך צעקאַליעטשעטע מענטשן!

מיר האָבן אויף שנעל פאַרהיילט זייערע וואונדן און זיי אַרויסגעטריבן צו דער אַרבעט! יאָ! אַרויסגעטריבן! איך — בין אויך געווען איינער פון די „טרייבער"! אָבער, צו האָב איך געהאַט אַן אַנדער ברירה? צו האָב איך געקאָנט בעסער מאַכן? מיט וויפל איך האָב געקאָנט זיי העלפן האָב איך געהאָלפן! עס איז געווען ביי אונז אַ געזעץ:
— איז איינער געפאַלן ביי דער אַרבעט — האָט מען אים געדאַרפט דערשיסן און זיך ניט אָפּשטעלן אויף קיין מינוט! אויפהויבן, העלפן זיך אים אויפשטעלן — איז געווען שטרענג פאַרבאָטן! און — איך שווער אייך ביים אָנדענק פון מיין הייליקן פאָטער, אַז ניט איינעם האָב איך געראַטעוועט דערמיט וואָס איך האָב זיך געמאַכט ניט זעענדיג אַז ער איז געפאַלן און זיינע חברים — די שקלאַפן ביי דער אַרבעט — הויבן אים אויף, נעמען אים אויפן אַקסל, זעצן אים אַוועק און געבן אים אַ מעגלעכקייט זיך דערשלעפּן ביזן באַראַק. דאָרט, אין באַראַק, האָט ער געמעגט דערקלערן אַז ער האָט אנגסט אָדער עס טוט אים ווייַ דער בויך, האָט מען אים געשיקט אין לאַזאַרעט! טאָמער האָט ער געזאָגט

אַז ער איז שוואַך אָדער קראַנק און קען ניט גיין אַרבעטן — איז זיין לעבן ניט געווען זיכער!..

און, עס איז אַ מאָל געווען ביי מיר, ווי ביי משה רבינו ווען ער איז נאָך געווען פּרעה׳ס זון! איך האָב אַ מאָל געמאַכט אַ באַמערקונג אַ אידישן קאַפּאָ (מ י ך, האָט מען געהאַלט פאַר אַ רומענישן קאַפּאָ) פאַרוואָס ער שלאָגט אַ צווייטן אידן? — האָט ער מיר געענטפערט: — וואָס זשע? דו מיינסט אַז איך האָב ניט געזען ווי דו האָסט זיך פאַר־קוקט ווען דער לאַגערניק נומער 12749 איז געפאַלן און מען האָט אים אויפגעהויבן! האָב אינזינען ז י ך! מיט מיינע אידן — וועל איך זיך אַ עצה געבן! און ער האָט גענעמען שטאַרקער שלאָגן דעם אידן!..

דורך אַ „צופאַל" איז אָט דער קאַפּאָ אויפן צווייטן טאָג געפונען געוואָרן דערשאָסן אין זיין קאַמער. אַן אַנדערס מאָל, וואָלט מען תיכף פאַרפירט אַ אויספאָרשונג און באַשטראָפט הונדערט אידן דערפאַר! מיט אים — האָט קיינער זיך ניט אינטערעסירט! ווען די אידן זאָלן אים ניט געווען מקבר זיין — וואָלטן די הינט אים געווען אויפגעגעסן! ניט בלויז אידן האָבן אים פיינט געהאַט! אויך א ו נ ז ע ר ע רומענישע עלסטע האָבן אים ניט געקאָנט אָנקוקן! דער פּראָטאָקאָל איז געווען אַז... ער האָט זיך אַליין געשאָסן!

— — — — — — — — — — — — — —

אָט, אַזוי האָב איך געלעבט ביז... די רוסן זענען געקומען! איך און מיין פרוי און קינדער זענען באַפרייט געוואָרן פון קאַשמאַר! איך האָב צייט געהאַט צו אַנטלויפן און איך האָב זיך דערשלאָגן ביז מינכען און פון דאָרט האָט מען אונז — אַ גרויסע גרופּע פליכטלינגען, איבערגע־פעקלט אין פאַרשידענע טיילן פון דער וועלט! אין מינכען האָב איך זיך ווידער „געשמד׳ט" און פון אַ פּראַוואָסלאַוונע — בין איך געוואָרן אַ... פּראָטעסטאַנט! ווערן א ו י ס קריסט — האָב איך נאָך ניט געקאָנט!..

איך בין שוין אויסגעווען אין גאַנץ זיד־אַמעריקא און לסוף זיך דערשלאָגן אַהער! איך האָב זיך דאָ באַזעצט, זיך איינגעאָרדנט ביי מיין אַרבעט און איך האָב אָנגעהויבן טראַכטן ווי אַזוי זיך צו רעאַביליטירן! פּלוצים!

דער מענטש ווערט ווידער אַ ביסעלע שטיל, ווישט זיך אויס די אויגן און זעצט פאָר:

פּלוצים איז מיט מיר עפּעס געשען! צום פּלאַץ וואו איך אַרבעט, איז צוגעפאָרן אַ אויטאָ וואָס מען האָט געדאַרפט שטעלן אין אָרדענונג זיין עלעקטרישע אינסטאַלאַציע. דער בעל הבית שיקט מיך אַרויס אַ קוק טון וואָס דעם אויטאָ פעלט! איך האָב זיך אָנגעהויבן פאַרען ארום

די עלעקטרישע דראָטן און אויפהויבנדיג דעם קאָפּ... דערזע איך זיצן אין אויטאָ אייגעם וואָס איז געווען אין מיין לאַגער! טאַקע אָט יענעם, וועמען איך האָב זיך פּאַרקוקט ווען ער איז געפאַלן און מען האָט אים אויפגעהויבן און געהאָלפן קומען אין באַראַק! איך האָב אים דער־זען און בין שיעור פּאַראַליזירט געוואָרן! ער — מיך, האָט ניט געזען און ווען ער זעט מיך — דערקענט ער מיך ניט! איך האָב זיך שטאַרק געענדערט! חוץ דעם, בין איך געגאַנגען אָנגעטון בלויע ברילן! איך האָב אויף שנעל פאַרענדיגט די אַרבעט און דער אויטאָ איז אָפּגעפאָרן! איך האָב שכל געהאַט און אַראָפּגענומען דעם נומער פון אויטאָ, טאָ־מער וויל איך זיך טרעפן מיט אָט דעם מענטשן און אים ברענגען אַלס עדות!

אויפן צווייטן טאָג בין איך צו דער אַרבעט ניט געגאַנגען! דער קאָפּ האָט מיר שטאַרק וויי געטון און איך האָב אַלץ געמאַכט פּלענער וואָס צו טון! לסוף האָב איך זיך אָנגעטון און גענעמען אויספאָרשן צו וועמען דער אויטאָ געהערט. דער אייגנטימער פון אויטאָ איז טאַקע אַ שטענדיקער קונה ביי מיין בעל הבית און דורך אים בין איך געוואוירע געוואָרן זיין אַדרעס און זיין טעלעפאָן און אַזוי פרעגנדיג און אויס־פאָרשנדיג, ווייס איך שוין, וואו דער לאַגערניק וואוינט!

איצט שטעלט זיך ביי מיר די פראַגע:

צו מעג איך איינשטעלן מיט מיין רו, מיט מיין לעבן און זיך פרע־זענטירן צום לאַגערניק און בעטן ביי אים אַז ער אַל זיין מיין עדות? צו וועט ער וועלן זיין אַ עדות פון אַ קאַפּאָ, אַ עדות צו גוטן? צו אפשר וועט ער זאָגן: — אַלע יוונים האָבן איין פּנים און אַלע קאַפּאָס דאַרף מען אָפּהאַקן די קעפּ!

איר פאַרשטייט מיך? יורידיש און לעגאַל — בין איך דאָ, אַבסאָלוט רואיק! פאַרן היזיקן געזעץ — האָב איך גאָרניט געזינדיגט אויב עמיצער וועט מיך טרעפן אין גאַס און וועט אָנווייזן אויף מיר אַז איך בין געווען עלסטער פון דער און דער גרופּע אין אַ קאָנצענטראַ־ציע־לאַגער! וואָס איך בין נאָך ניט אין אָרדענונג, איז... מיט מיין גע־וויסן! מיט מיין אידישן געוויסן! פון מיר שרייט אַרויס חיים אַלתר דעם רב'ם זון! ער שרייט און פאָדערט: —

שטעל זיך צום אידישן משפּט!

וואָלט איך זיך געשטעלט אָן מורא! ניטאָ קיינער וואָס קאָן אָנ־ווייזן אויף מיר אַז איך האָב געזינדיגט קעגן אַ אידן, קעגן אַ מענטשן! אויב איך האָב יאָ געזינדיגט — איז דאָס בלויז קעגן מיין גאָט! אָבער, מיט אים, וועל איך זיך שוין אויסטענה'ן, ווען עס וועט קומען די גע־

העריקע צייט! קעגן מענטשן און ספּעציעל — קעגן אידן — האָב איך — גאָט איז מיין עדות — ניט געזינדיגט! פאַרוואָס זשע קום איך אַזוי אָפּ? פאַרוואָס קאָן איך, דורך די נעכט ניט שלאָפן?.. פאַרוואָס?

— — — — — — — — — — — — — —

הער זעליק סאבעלמאַן, איז אַ „גרינער” אין לאַנד! ער איז געקומען מיט אַ גרופּע עמיגראַנטן וואָס די „אונרא” האָט אַרויסגעשיקט פון איטאַליע. מיר האָבן אים אויסגעפונען. דער „קאַפּאָ” האָט אונז געגעבן זיין אַדרעס. ווען מיר האָבן אים פאַרבעטן מיט אונז צו רעדן אַ ביסל האָט ער זיך דערשראָקן! ער לעבט נאָך אַלץ מיט דער מורא און מיטן געדאַנק אַז מען טאָר ניט רעדן, אַז בעסער איז צו שווייגן! לסוף, האָט ער איינגעוויליגט, ער האָט זיך איבערצייגט אַז מיר טוען אַ גוטע זאַך און ער דאַרף זיין אונזער מיט־שותף!

ווען מיר האָבן אים דערמאָנט וועגן דעם קאַפּאָ פון דער גרופּע ב.. ווען מיר האָבן אים געזאָגט אַז ער איז דאָ הי, און ער קאָן מיט אים רעדן — אויב ער וויל — איז ער אויפגעשפּרונגען פאַר פרייד!

ער איז ניט קיין מענטש, נאָר אַ מלאך! — האָט ער אויסגערופן! ער האָט אָפּגעראַטעוועט צענדליגער פון אונז! עס איז אַלעס אמת וואָס ער דערציילט! ער האָט קיינמאָל ניט באַנוצט זיין נאַגייקא! ער איז געווען בעסער פון... די אידישע קאַפּאָס און איין אידישן קאַפּאָ האָט ער טאַקע דערשאָסן פאַר מערדערלעך שלאָגן אַ אידן!..

לאָזט זיך אויס אַז קיינער אין לאַגער, ניט אונזער מיט־שמועסער איצט אפילו, האָט געוואוסט און ווייסט נאָך ניט ביז איצט, אַז אָט דער קאַפּאָ איז אַ איד, אַ רב׳ס אַ זון! מען פלעגט מיינען אַז דאָס איז אליהו הנביא וואָס האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ קאַפּאָ און טוט קיין בייז ניט! אידן אין לאַגער האָבן אים געמאַכט... מי שבירך׳ס! מען איז זיכער געווען אַז ער איז אַ ל״ו־ניק! איצט אַז ער איז דאָ, וועט ער, דער גרינער, צענויפזאַמלען די פאָר לאַגערניקעס וואָס זענען דאָ פאַראַן און וועלן אים פראַווען אַ באַנקעט! וועלן אים אַרויסשטעלן אַלס מוסטער פון אידיש האַרץ! פון מסירת נפש! פון גואל הדם!

ער וויל שוין לויפן אים זוכן און אים האַלדזן און קושן! ער וויל אים באַקאַנען מיט זיין פרוי און קינדער! וואו איז ער?

— — — — — — — — — — — — — —

יאָ, טאַקע, וואו איז ער? זינט יענעם טאָג וועלכן מיר האָבן אים געזען, זענען שוין אַריבער צוואַנציק חדשים און ניט מיר זעען אים,

ניט מיר ווייסן וואו ער געפינט זיך! ווייזט אוים אַז ער האָט זיך אי־בערגעשראָקן פאַרן „טאָמער"! טאָמער וועט מען אים משפּט'ן צו שלעכטן און ער איז מער ניט געקומען! מיר האָבן אים שוין אויסגע־זוכט וואו אַ לאָך! די לאַגערניקעס פון זיין אָפּטיילונג — זעקס זענען זיי — וואָלטן אים אויפן קאָפּ געטראָגן — מען ווייסט אָבער ניט וואו ער איז?

צום באַדויערן, לייענט ער אויך ניט קיין אידיש! אויך זיינע קינדער לייענען ניט קיין אידיש! זיין ריכטיקן נאָמען ווייסן מיר אויך ניט! דאָך! אויב עמיצער ווייסט עפּעס וועגן אים — מעלדעט אים, אַז די לאַגער־ניקעס זאָגן, אַז:

ער איז ניט געווען קיין קאַפּאָ אין אַ נאַצי לאַגער — נאָר דער מלאך רפאל פון לאַגער! זאָגט עס אים! ער וועט זיך דערפרייען מיט אייער בשורה און אפשר... וועט ער זיך יאווען און אָפּנעמען זיין שכר פאַר זיינע מעשים טובים מיט אַ סך אידן!..

# זיי האָבן באַגראָבן זייער פאָטער אויפן גויאישן צווינטער איצט האָבן זיי שוין חרטה!..

אין די מערסטע פאַלן ווען עס איז אונז אויסגעקומען צו בעהאַנד-לען אַ פאַמיליען-פראָבלעם, אָדער גלאַט אַ ענין — האָבן מיר, אָפט און גאָר גאָר אָפט, געהאַט... עגמת נפש!

געווען פאַלן, ווען עס האָט זיך בולט אַרויסגעוויזן אַז קיין לייזונג צו זיי איז ניטאָ, און כאָטש י ע נ ע מ ס צרות, קאָן מען נאָך איבער-טראָגן — דאָך, פלעגט עס אונז קאָסטן געזונט, ווען דאָס „איבערטראָגן" איז צוגעגאַנגען שווערלעך!..

און, אָט זיצן פאַר אונז צוויי אידישע יונגעלייט. זיי זיצן אין הוילע צרות און דערציילן וועגן זייער קאָפּווייטיק וואָס זיי האָבן! איר פילט, אַז פון די יונגעלייט צאַפּט זיך. ממש, בלוט, איינער פון זיי — דער על-טערער — ווישט זיך אָפט די ברילן וועלכע ווערן נאַס פון זיינע טרערן! דאָך, האָבן מיר אויף זיי קיין גרויס רחמנות ניט! ווען מיר זאָלן ניט מורא האָבן אַז מיר זינדיקן — וואָלטן מיר אפילו מודה געווען, אַז מיר האָבן... אַ געוויסע סאַטיספאַקציע, וואָס אָט די צוויי יונגעלייט ליידן איצט! וואָס זיי וויינען און בעטן אַז מען זאָל געפינען אַ לייזונג צו זייער פראָבלעם, צו זייער אומגליק!..

וואָס פאַר אַ פראָבלעם האָבן זיי? אין וועלכער צרה זענען זיי אַריינגעקראָכן וואָס זיי בעטן און וויינען אַז מען זאָל זיי העלפן אַרויס-קריכן פון דאָרט?

איין קליניקייט! זיי האָבן זייער פאָטער, נאָכן טויט, אַוועקגע-פירט אויפן גויאישן צווינטער, און אים דאָרט מקבר געווען!

געווען איז דאָס...

אָבער, מיר'ן זיי אַליין לאָזן דערציילן!

— — — — — — — — — — — — —

געשען איז די געשיכטע ניט נעכטן! שוין פופצן יאָר פאַראַן אין דעם און אַלע פופצן יאָר טוט זיי באַנג וואָס זיי האָבן זיך דערמאָלט

„צעהיצט", און זענען אַוועק פון דער חברה קדישא! שוין פופצן יאָר דאָ אין דעם, און אַלע פופצן יאָר שלאָפן זיי ניט! זיי האָבן, פאַר אַט דער צייט, חתונה געהאַט, געפּראַוועט שמחות ביי זיך און ביי זייערע קינדער און אין סאַמע בעסטן מאָמענט פון זייער פרייד, פלעגט זיך זיי אויסוויייזן אַז דער טאַטע שטייט נעבן זיי, אָנגעטון אין ווייסן, מיט אַ גרויסן צלם אויפן האַלז און טאַרקעט זיי, רעדט צו זיי! נאָט, זעט, וואָס איר האָט פון מיר געמאַכט!

דער פאָטער זייערער? ווער האָט אים ניט געקאַנט? אַ גרויסער פאַבריקאַנט! אַ גרויסער גביר! ער איז געווען פון די ערשטע אידן דאָ, וואָס האָבן אָנגעהויבן פאָרן מיט אַן אייגענעם אויטאָ! ער איז געווען פון די ערשטע אידן וואָס האָט געוואוינט אין אַ אייגענער רייכער דירה! ער איז געווען פון די ערשטע אידן וואָס האָט געהאַט אַ אייגענע זומער וואוינונג בייַם אַטלאַנטישן ים! מען האָט געוואוסט אַז ער איז אַ גרויסער גביר! מען האָט אים געשאַצט אין עטלעכע מיליאָנען פּעזאָס! דאָך! ווען עס איז געקומען צו געבן אויף קהל'שע זאכן — איז ער געווען פון די לעצטע! איז מען געקומען צו אים נאָך אַ נדבה און מען האָט אים פּערזענלעך ניט געקאַנט — פלעגט ער אַליין זאָגן: — דער בעל הבית איז ניטאָ אין דער היים!..

די היימישע קהל'ים מענטשן, האָבן עס געוואוסט און האָבן אים אויסגעמיטן! מען האָט זיין הויז געווייכט ווי אַ פּעסט! מען האָט געוואוסט אַז אַריינגיין צו אים, הייסט — פאַרלירן צייט און געדולד! ער האָט געלעבט פאַר זיך אַליין!

און פונקט אַזוי ווי ער האָט זיך געפירט — אַזוי האָט ער דערצויגן זיינע קינדער! זיי, זיינע קינדער, האָבן פּשוט פיינט געהאַט אידן! זיי האָבן ניט געוואָלט הערן פון אידישקייט! אין קיין אידישער שולע זענען זיי ניט געגאַנגען און אין קיין אידיש טעאַטער — אוודאי ניט! מען האָט געוואוסט בלויז איין זאַך: —

מאַכן געלט! מאַכן אַ סך געלט כדי צו קאָנען לעבן אויפן גרויסן שטייגער! עסן פוג'ס בעסטן! טרינקען דעם בעסטן וויין, אי דאָס בלויז... אַליין! זענען געקומען געסט, האָט מען זיי מכבד געווען מיט גראַשנדיקן וויין און עס האָט זיך אָפּגעגלוסט פון צו קומען נאָך אַ מאָל צו גאַסט!..

ביז אין אַ שיינעם טאָג! דער „אַלטער" האָט זיך אָנגעגעסן און אָנגעפרעסן אין אַ רעסטאָראַן! געגעסן, וואָס ער טאָר ניט! און איז ערנסט קראַנק געוואָרן! אייגנטלעך — פון יענעם עסן איז קראַנק געוואָרן די גאַנצע פאַמיליע!

געווען איז דאָס, אין אַ הייסן זומערדיקן זונטיק, מען איז אַוועק־געפאָרן צום פּאַרט עסן מיטיק! דאָרט זענען דאָ בילִיקע רעסטאָראַנד־לעך, וואו פאַר אַ קליינקייט, עסט מען „פון בעסטן". ווייזט אויס, אַז דאָס עסן איז ניט געווען פון בעסטן! די מוטער איז פון דעם מאכל געוואָרן... פּאַראַליזירט, און ליגט ביז היינט צו טאָג אין בעט. דער פאָטער האָט עס געמאַכט שנעלער! ער איז אָפּגעלעגן דריי חדשים אין בעט און איז געגאַנגען פון דער וועלט! זיי, די קינדער האָט גאָרניט געשאַדט, ווייל זיי האָבן געגעסן דאָרט ווייניק! זיי, זענען אַוועק צום וואַסער און, דאָרט, ביים וואַסער זיך אָנגעגעסן מיט „סאַנדוויטשן" און שוין מער ניט געגעסן ביז פאַרנאַכט!

ווען דער פאָטער איז געשטאָרבן, זענען זיי נאָך געווען יונגע קינ־דער און האָבן ניט געוואוסט פון וואָס מען דאַרף אָנהויבן ביי אַזאַ פאַל! זענען געקומען גוטע ברודער, פריינט, קרובים און זיי אָנגעוויזן, אַז דאָס ערשטע, דאַרף מען גיין אין חברה קדישא און „באַשטעלן אַ פּלאַץ".

ווען זיי זענען געקומען אין חברה קדישא זענען זיי געוואויר געוואָרן אַז זייער פאָטער איז דאָרט... קיין מיטגליד ניט! ס'הייסט: — ער איז יאָ אַ מיטגליד! נאָר, אַזוי ווי ער איז הינטערשטעליק מיט די מאָנאַטלעכע צאָלונגען אַ פאָר אָדער צוואַנציק חדשים, איז על פּי דין, ועל פּי סטאַטוטן פון דער חברה קדישא — איז ער שוין ניט קיין מיטגליד און מען קאָן גאָרניט פאָדערן און פּרעטענדירן!

וואָס זשע פאָדערט מען פון זיי? פון די קינדער?

אַ קלייניקייט! זיי דאַרפן באַצאָלן דעם חלק, וואָס זייער פאָ־טער האָט געדאַרפטביישטייערן פאַר'ן אידישן שפּיטאָל, פאַר דער ליגע, פאַר ארץ ישראל און פאַר אַנדערע צענדליגער אינסטיטוציעס וואו זייער פאָטער האָט קיינמאָל קיין סענט ניט געגעבן! זיי וועלן ירשענען אַ גרויסן פאַרמעגן! אָבער, די אידישע געזעלשאַפט מאָנט איר חלק ירושה! ווילן זיי ניט באַצאָלן? — דאַרף מען ניט! וועט מען אים נעמען אָן אַ גראָשן געלט און... מען וועט אים לייגן ביי דער וואַנט! קיין שענער פּלאַץ האָט ער ניט פאַרדינט!

וויפל איז אונזער פאָטער שולדיק?..

מען גיט אונז אַ ווייז אַ חשבון און עס ווערט אונז טונקל פאַר די אויגן! — דערציילט דער עלטסטער זין! אַ פאָר צענדליגג טויזנט פעזאָס! מען ווייזט אונז, אַז אין משך פון די דרייסיק יאָר וואָס ער איז דאָ, און וואָס ער איז שוין אַ גביר געווען, האָט אים זיין אידישקייט ניט געקאָסט קיין... הונדערטער!

מיר פּרואוון זיך ניט דינגען! מעגלעך, ווען מיר געבן אונזער פּרייז, ווען מיר זאָגן, לפּחות, וויפל מיר געבן, וואָלט מען מיט אונז אונטערהאַנדלט און זיך אויסגעגלייכט! מיר האָבן בלויז געזאָגט די חברה קדישא מענטשן, אַז מיר וועלן לייגן אונזער טאַטן אויפן בריטאַנישן צווינטער! דאָרט וועט אונז קאָסטן ביליקער! געמיינט האָבן מיר, אַז ווען די אידן פון דער חברה קדישא, וועלן דערהערן אַז מיר גייען אַוועקפירן אַ אידן אויפן גויאישן בית עולם, וועלן זיי זיך דערשרעקן און וועלן אונז קומען בעטן: — גיט אונז דעם מת!

אויסגעלאָזט, האָט זיך, מיר האָבן געוואַרט דעם גאַנצן טאָג, און אַזוי ווי קיינער איז ניט געקומען זיך פאַרגלייכן מיט אונז, האָבן מיר גענעמען אונזער פאָטער, אים אַוועקגעפירט אויפן בריטאַנישן בית הקברות און אים דאָרט מקבר געווען!

— — — — — — — — — — — — —

ווי געזאָגט — איז שוין פופצן יאָר אין דעם! מיר זענען זיך מודה! אַלע פופצן יאָר — פון יענער מינוט אָן, וואָס מיר זענען געקומען פון דער לוויה — האָט אונז באַנק געטון און מיר האָבן חרטה געהאָט!

מיר האָבן דערפילט אַז מיר האָבן אָפּגעטון אַ נאַרישקייט! מיר האָבן באַלד געהאַט אַ שלעכטן סימן. נעמליך:

ווי נאָר אונזער פאָטער איז געשטאָרבן זענען מיר אַוועקגעגאַנגען אין די אידישע און ניט אידישע צייטונגען און מיר האָבן גע־געבן אַוויסאָס וועגן זיין טויט. מיר האָבן ניט אָנגעוויזן, ניט די שעה, ניט דאָס פּלאַץ פון דער לוויה. און כאָטש מיר האָבן דאָ ווייניק קרו־בים, דאָך איז אונזער שטוב געוואָרן פול מיט שכנים, באַקאַנטע, און סוחרים, מיט וועמען אונזער פאָטער האָט געהאַנדלט. דעם גאַנצן טאָג און די גאַנצע נאַכט וואָס מיין פאָטער איז געלעגן אין קאַסטן, אין שטוב, האָט זיך די טיר ניט פאַרמאַכט! מען האָט געהאַלטן אין איין קומען!

שפּעטער, ווען מיר האָבן באַשטימט אים צו נעמען אויפן קריסט־לעכן בית עולם, און די לוויה האָט געדאַרפט פאָרקומען דעם צווייטן פרימאָרגן, זענען מיר אַוועק און ווידער געגעבן אַנאָנסן אין די צייטונ־גען — אין די אידישע און שפּאַנישע, און געמעלדעט, אַז די קבורה וועט פאָרקומען געריכטעט צום בריטישן בית עולם! און — ווי דער־שטוינט זענען מיר געווען צו באַמערקן אַז צו דער לוויה איז קיינער פון די שכנים, פון די באַקאַנטע און פון דעם ביסעלע פריינט, ניט

געקומען! קיינער ניט! עס זענען געקומען עטלעכע קריסטלעכע סוח־רים און עס איז ממש ניט געווען מיט וועמען דעם קאַסטן אַרויסטראָגן!

אַט דעמאָלט, אין יענעם מאָמענט, האָבן מיר זיך געכאַפּט אַז מיר האָבן אפשר ניט געטון גלייך, וואָס מיר האָבן אפילו ניט געפּרואווט זיך דינגען, אָדער זאָגן אַפילו איין וואָרט! עס איז שוין אָבער, געווען שפּעט!

אין די ערשטע מינוטן, האָבן מיר געמיינט, אַז מיר וועלן משוגע ווערן פאַר ווייטיק! נאָך אַ גליק וואָס די מאַמע איז פּאַראַליזירט און מען קאָן זי פון בעט ניט רירן! ווען זי ווייסט וואו דער טאַטע ליגט — וואָלט זי זיך אַ „מעשה" אָפּגעטון!

די ערשטע צייט, האָבן מיר געוואָרפן די גאַנצע שולד אויף די מענטשן פון דער חברה קדישא! מיר האָבן געהאַלטן, אַז זיי האָבן ניט געהאַנדלט פיין מיט אונז, אַז זיי האָבן אונז שלעכט און ניט־אידיש־לעך בעהאַנדלט! מיר — ניט קיין פּראַקטישע אין אַט די זאַכן — האָבן אַלץ געמיינט, אַז די חברה קדישא האָט אונז געדאַרפט נאָכלויפן און שלעפּן דעם מת צו זיך! שפּעטער, דער ערשטער ווייטיק איז אַרי־בער, ווען מיר האָבן טאַקע געמאַכט אַ חשבון פון דער ירושה וואָס דער טאַטע האָט איבערגעלאָזט און מיר האָבן געזען, אַז עס זענען גע־בליבן אַ פּאָר מיליאָן פּעזאָס... ווען מיר האָבן אויך אָנגעהויבן טראַכטן ניכטערער, האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז אפשר איז טאַקע געווען אַן עוולה וואָס אַזאַ אידן ווי אונזער טאַטן, האָט זיין אידישקייט גע־קאָסט... 1 פּעזאָ אַ מאָנאַט — אי דאָס איז ער געווען שולדיק פּאַר... אַ סך מאָנאַטן! ווען מיר האָבן דאָס אַלעס איבערגעטראַכט — האָבן מיר חרטה געהאַט אויף אונזער טאַט! אָבער, איר ווייסט ניט? מען איז פאַרטאַראַמט אין דער אַרבעט און מען האָט קיין צייט ניט זיך אָפּשטעלן און אַרעגלירן אַזעלכע זאַכן!..

אגב. צוואָס לייקענען? דער טאַטע האָט אונז, חוץ אַ סך געלט ירושה — אויך איבערגעלאָזט אַ „גייסטיקע ירושה"! שטענדיק, ווען מיר האָבן געטראַכט פון גיין צו דער חברה קדישא און זען פועלן אַז מען זאָל אונזער פאָטער איבערפירן אויפן אידישן בית עלמין — האָבן מיר, אָבער, באַלד געמאַכט דעם חשבון:

וויפל וועט זיך די חברה קדישא הייסן געבן?.. און אַזוי ווי יעדער זאַך בכלל — און אויפן בית עולם בפרט — איז געוואָרן וואָס אַ מאָל טייערער — האָבן מיר פאַרלוירן דעם אַפּעטיט פון צו וועלן איבערפירן דעם טאַטן, און מיר האָבן שוין אָנגעהויבן טראַכטן פון צוגעוואוינען

זיך צו דער אידעע: — פאַרפאַלן! דער טאַטע בלייבט ליגן אויפן גוי־אישן צווינטער! ביז...

ביז עס האָט ניט פאַסירט אַ נייעס! אונזער מאַמע! אונזער מאַמע וועלכע איז געלעגן 15 יאָר אין בעט אַ פּאַראַליזירטע — און אַלע פופצן יאָר האָט זי ניט אויפגעהערט צו רעדן אַז זי וויל גיין באַזוכן דעם טאַטנס קבר — די מאַמע איז געזונט געוואָרן! נאָך ניט פולשטענדיק געזונט — אָבער שוין גענוג געזונט אַז מען זאָל זי אַריינזעצן אין אַ אויטאָ און זי אַוועקפירן אויפן בית עולם און זי צופירן צום קבר!

אָבער — איר שטעלט אייך פאָר וואָס עס וואָלט געשען, ווען מיר נעמען די מאַמען און פירן זי אַרויף אויפן גויאישן צווינטער און ווייזן איר אָן אַ אָרט צווישן מצבות מיט צלמים און זאָגן איר אַז... דאָ ליגט דער טאַטע? צו גלויבט איר, אַז מיר וואָלטן זי אַראָפּגענומען פון צווינטער אַ לעבעדיקע?...

אָן און פאַר זיך, איז שוין די מאַמע געוועזן פאַר אונז אַ פּראָבלעם! מיר האָבן, ניט איינמאָל, געטראַכט: — און וואָס וועט זיין איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, נאָך אונזער מוטערס טויט? וואו וועלן מיר זי לייגן? אויך אויפן גויאישן צווינטער? וועגן אידישן — איז ניטאָ וואָס צו רעדן! מיר האָבן געהאַט ידיעות פון באַקאַנטע וואָס זענען געוועזן אין דער פאַרוואַלטונג פון דער חברה קדישא, וועלכע האָבן אונז געזאָגט אַז עס איז פאַראַן אַן „אַקט", דאָס אין פאַל מיר'ן קומען אַהין זאָלן מיר ניט אַטענדירט ווערן! אונזער טאַט, פון גאָרניט זאָגן, ניט דינגען זיך, ניט אַרויסרעדן אַ וואָרט אַפּילו, נאָר נעמען דעם טאַטן און גלייך אַוועק מיט אים און אים מקבר זיין אויפן גויאישן צווינטער — האָט געבראַכט דערצו, אַז אַזאַ אַקט, זאָל באַשאַפן ווערן! וואָס זשע קאָנען מיר טון? איז טאַקע ניטאָ קיין סליחה פאַר אונז? קאָן מען טאַקע ניט אַריינגיין אין אונזער לאַגע און אונז מוחל זיין?..

— — — — — — — — — — — — —

איידער מיר האָבן באַשטימט צו גיין עפּעס טון פאַר אַט די צוויי בנים, וואָס האָבן אַוועקגעשלעפּט זייער פאָטער אויפן צווינטער — האָבן מיר געמאַכט אַ קליינע אונטערזוכונג וועגן זייער אייגן לעבן! וועגן זייער באַציאונג צו אידן און אידישקייט!

געוואוירע געוואָרן זענען מיר גאָר ניט קיין פיינע זאַכן פון זיי! זיי זענען ניט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט און געשוויגן, די גאַנצע צייט וואָס זיי האָבן זייער פאָטער באַגראָבן צווישן צלמים!...

דאָס ערשטע האָבן זיי ניט געזאָגט דעם גאַנצן אמת, ווען זיי האָבן דערציילט אַז זייער פאָטער ליגט אויף דעם בריטאַנישן בית עלמין! ליגן — ליגט ער בפירוש צווישן גאָלע „צדיקים" צווישן אמת'ע אידן־פריינט! צווישן... נאַציס, אויפן דייטשן צווינטער. אויף די מצבות פון זיינע „שכנים" איז אויסגעקריצט די גרויסע „אופטועכצן" וואָס זיי האָבן ביים לעבן געטון, פאַר דעם „געפייניקטן פאָטערלאַנד"! צוקאָפּנס ליגט טאַקע איינער, מיט אַ האָקנקרייץ אויף דער מצבה, און עס איז אָנגע־וויזן וואָס פאַר אַ ראַנג ער האָט געהאַט! ער, דער נאַצי, וואָס ליגט נעבן אים, איז געווען אַ גאַנצער קנאַקער ביי די ס. ס. לייט אין סאַמע בערלין! ער איז געקומען אַ הער צו העלפן אויסשפרייטן די טעטיקייט פון דער פאַרטיי און האָט דאָ קראַפּירט! האָט מען אים דאָ בעהאַלטן! נעבן אים, ליגט עס אונזער איד, אונזער גרויסער סוחר און פאַברי־קאַנט וואָס האָט ניט געוואָלט וויסן פון אידישן לעבן און האָט עס דערצויגן אַזעלכע קינדערלעך, וואָס האָבן אים פאַרשלעפּט אויף אַט דעם צווינטער!

מיר זענען אויך געוואוירע געוואָרן אַז די קינדער האָבן געפּרואווט אַ ביסעלע... אונטערמסר'ן! זיי האָבן געזוכט „פאַרבינדונגען" און גע־גלויבט אַז זיי וועלן קאָנען שלעכטס טון דער חברה קדישא און אפילו גאַנץ קהל! עס האָט זיי אָבער גאָרניט געהאָלפן! זייער פאָטער איז ניט געווען קיין מיטגליד — האָט מען ניט געהאַט מיט אים קיין שום פליכטן!...

אין משך פון אַט די יאָרן, האָבן די זינדעלעך ניט געוואָלט וויסן פון אידן און אידישקייט! איין זון, האָט חתונה געהאַט פאַר אַ... ציגאַנערקע און זיינע צוויי אינגעלעך — ניט געאידישט!

זיי האָבן, אָבער, אַ גרויס „גליק"! די מאַמע איז פאַראַליזירט! די מאַמע — די רייכע מאַמע — ליגט טאָג און נאַכט, חדשים און יאָרן, אויפן בעט און זיי זענען זיכער געווען אַז זי וועט שטאַרבן אַ פאַראַ־ליזירטע! נאָך איר טויט — וועט מען זי לייגן נעבן פאָטער אָדער מען וועט זי גאָר אָוועקפירן אין קרעמאַטאָריום און מען וועט זי פאַרברע־נען! זיי זענען שוין דאָרט געוואָרן מיטגלידער, צאָלן דאָרט חודש־געלט, און עס וואַרט אויף איר, דאָס פייער פון קרעמאַטאָריום!

גיי, וויים! גיי, זיי אַ נביא, אַז נאָך פופצן יאָר ליגן פאַראַליזירט, און נאָכדעם וואָס קיין דאָקטאָר איז ביי איר שוין ניט געווען עטלעכע חדשים און ווען ער פלעגט קומען — האָט ער קיין שום האָפענונג ניט געגעבן! גיי, ווייס, אַז פלוצים, וועט זיך די מאַמע פילן בעסער, וועט זיך שוין אויפזעצן אין בעט, וועט שוין קאָנען אפילו אַראָפּגיין און אָפּ־

שפּאַנען עטלעכע טריט און אַז זי וועט אָנהויבן פאָדערן אַז מען זאָל זי נעמען צום מאַנס קבר! זי וויל גיין אויף קבר אבות!

און אַז מען גריבלט זיך געוואוירע צו ווערן — ווערט מען שוין אויך געוואוירע אַז עס איז פאַראַן נאָך איין מאָטיוו פאַרוואָס זיי האָבן מורא פאַר דער מאַמען! עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די גרעסטע טייל הייזער וואָס זיי פאַרמאָגן, און די גרעסטע צאָל „אַקציעס" פון דער פאַבריק, און אויך דער רייכער פּאַלאַץ ביים ברעג פון ים, איז אויף... דער מוטערס נאָמען! און זאָל זי געוואוירע ווערן וואָס אירע טייערע קינדערלעך האָבן געטון מיט איר מאַן, זאָל זי געוואוירע ווערן אַז ער ליגט אויפן גויאישן צווינטער און אַז אויך פאַר איר איז שוין אָנגעגרייט אַ שטיק האָלץ פון פייער־אויוון פון קרעמאַטאָריע — דאַן באַקומען זיי ניט קיין סענט פון איר! זי מאַכט אַ תל פון איר גאַנץ רייכטום, און לאָזט זיי ניט איבער קיין סענט! זיי ווייסן עס! זיי קאָנען זייער מוטער! קראַנקערהייד, ליגנדיק אין בעט, האָט זי אָנגעפירט מיט דער שטוב ביד חזקה! ליגנדיק אין בעט, האָט איר יעדער קינד געדאַרפט אָפּגעבן דין וחשבון פון געלט וואָס זיי געבן אויס פאַר דער פאַבריק! זי האָט קאָנטראָלירט יעדער קבלה! יעדער שטיקל פּאַפּיר! זיי האָבן איר, יעדן לעצטן טאָג פון מאָנאַט, געדאַרפט ברענגען דעם חשבון פון מאָנאַט! דעם באַלאַנס פון איינקונפט און אויסגאַבן! זיי האָבן איר אַלע ענדע מאָנאַט, געדאַרפט ברענגען דעם אויסצוג פון די חשבונות פון די בענק! מען האָט איר געדאַרפט ווייזן די „טאַלאָנאַריעס" פון די טשעקן, און דעם חשבון פאַרוואָס קומט דעם און דעם, אַזאַ סומען געלט! אָט אַזאַ אידענע איז זי געווען קראַנקערהייד! איצט, ווען זי פילט זיך בעסער, ווען זי רעדט שוין פון איבערנעמען דאָס פירעכטס פון דער פאַבריק, ווען זי זאָל געוואוירע ווערן דעם אמת פון איר מאַנס קבר — מעגן זיי, באַצייטנס אַנטלויפן פון דער שטוב

דאָס, און אפשר, בלויז דאָס, איז געווען דער הויפּט־מאָטיוו, וואָס זיי זענען געקומען בעטן הילף! בעטן אַ עצה און בעטן אַ פאַרמיטלונג אַז מען זאָל איבערפירן דעם טאַטנס רעשטן אויפן אידישן בית עולם! דערווייל — האָבן זיי צייט אַ דריי־פיר חדשים! זיי האָבן אָנגעשטעלט זייער שטוב־דאָקטאָר, און ער האָט אָנגעסטראַשעט זייער מוטער, אַז לפּחות, ביז דריי חדשים, טאָר זי פון שטוב ניט אַרויסגיין! ער, דער דאָקטאָר, זאָגט איר אויך, אַז זי טאָר זיך ניט מאַכן קיין בייז־בלוט! און ווען זי וועט קומען אויפן בית עולם — וועט זי זיכער האָבן אַ סך בייז־בלוט, וועט זיכער וויינען — קאָן זי ווידער

קראַנק ווערן! זי האָט צוגעזאָגט אַז אין משך פון די נאָענסטע דריי חדשים — ניט אַרויסגיין פון שטוב און צום בית עולם — אוודאי ניט! אין משך פון אָט דער צייט, מוז שוין דער פאָטער זייערער איבערגע־פּירט ווערן און עס מוז שוין שטיין אַ מצבה אויף זיין קבר! נו! ווי אַזוי דערגרייכט מען דאָס?

— — — — — — — — — — — — — —

אַז מען שמועסט מזל — איז דאָך ניט שייך! דערהויפּט... גוי־איש מזל!

די מוטער איז די לעצטע עטלעכע טעג שוין געווען גאַר גוט! זי איז שוין אַרומגעגאַנגען מיטן שטעקן אין איר צימער און האָט שוין געטראַכט אפילו זיך אַרויסגנבענען פון דעם שטוב אליין, אָן קיי־נעמס וויסן, נעמען אַ אויטאָ, און אוועקפאָרן צום מאַן אויף קבר אבות! עפּעס האָט זי געפילט אַז עס איז דאָרט ניט אינגאַנצן גלאַט!.. זי האָט גערופן אַ בעאַמטן פון דער אָפּיסינע פון פאַבריק, אים געגעבן געלט און אים — שטילערהייד (ער זאָל קיינעם ניט אויסזאָגן אַז זי שיקט אים) — געהייסן, גיין קויפן אַ שיינעם בוקעט בלומען, אוועקטראָגן אויף איר מאַנס קבר, און אים דאָרט אַוועקלייגן! זי פלעגט זאָגן, אַז זי איז זיכער, אַז איר מאַן, דאָרט, האָט זיך פאַר איר „באַמיט" און אויס־געפּועלט ביים רבונו של עולם אַז זי זאָל געזונט ווערן! און, אַזוי ווי זי פילט זיך אַזוי גוט — שיקט זי אים אַ קראַנץ בלומען — עד לחשבון! ווען זי וועט אַליין קאָנען קומען צו אים, וועט זי, אויפן קבר, זיך גוט אָנוויינען און וועט אים „פערזענלעך" באַדאַנקען פאַר זיין פועלן אַז זי זאָל געזונט ווערן!

אַזוי האָט זי אָנגעזאָגט דעם בעאַמטן אַז ער זאָל ביים קבר פון איר מאַן דאָרט זאָגן! זי האָט אים אויך געגעבן אַ היבשע סומע, אַז אַ גוטער חזן זאָל דאָרט מאַכן אַן „אל מלא רחמים" אויף זיין קבר!..

דער בעאַמטער איז געקומען צוריק מיטן קראַנץ בלומען און מיטן געלט פון דער „מלא". ער איז געפאָרן אויפן בית עולם, געזאָגט ווען ער זוכט, געגעבן אַ היבש ביסל פעזאָס „טרינק־געלט" אָבער... קיינער האָט דעם נאָמען פון טויטן דאָרט ניט געפונען און דעם קבר — אוודאי ניט!

עס איז איר געוואָרן אויפאַלנד און זי האָט שוין חושד געווען ווער ווייסט אויף... וועלכן פּלאַץ די קינדער האָבן אים מקבר געווען מן הסתם, ליגט ער ערגעץ נעבן דער וואַנט! זי האָט ווידער געשיקט אַ שליח אויפן בית עולם — דאָס מאָל — שוין אַ פרוי! איר געטרייע

אידישע דינסט וואָס באַדינט זי שוין אַ צענדלינג יאָר! און אויך די דינסט איז געקומען צוריק מיטן געלט און מיט די בלומען! זי איז געוואָרן אויפגעבראַכט! זי האָט געשיקט רופן דרינגענד די קינדער! אָבער איר אויפגעבראַכטקייט — האָט שוין געהאַט די ווירקונג! ווען די קינדער זענען געקומען — האָבן זיי זי שוין געפונען אין בעט צוריק אַ פּאַראַליזירטע און אַ האַלב טויטע! ווען זי איז געקומען צו זיך און האָט זיי געפרעגט וואו ליגט זייער פאָטער? וואו איז זיין קבר? האָבן זיי געהאַט אַ תירוץ, אַז מן הסתם האָט מען זיין „האַלב-דייטשמערישן" פאַמיליען-נאָמען, שלעכט אָנגעגעבן און ווי נאָר זי וועט געזונט ווערן — וועט מען זי אַהין פירן! זיי, די קינדער, זענען שוין אָבער זיכער, אַז זי וועט שוין פון בעט ניט אויפשטיין! דאָך, ציטערן זיי פאַרן פאַ־טאַלן טאָג! זיי וואָלטן זיך געלאָזט קאָסטן, אַז מען זאָל זייער מוטער פאַרקויפן אַ שטיקל קרקע אויפן אידישן בית עולם! זייער הויפּט פאַר־ענטפערונג איז: —

זיי זענען אינגאַנצן ניט שולדיק און ניט די איינציקע שולדיקע! זייער פאָטער האָט זיי אַזוי געלערנט! זיי האָבן באַקומען אַזאַ דערציִונג: מען האָט זיי געלערנט אַז מען דאַרף... ניט געבן!..

און אפשר זענען זיי טאַקע גערעכט! אפשר איז דאָס אידישע פאָלקס ווערטל גערעכט! אָט יענץ ווערטל וואָס זאָגט אַז:

„ווי אַזוי מען בעט זיך אויס — אַזוי שלאָפט מען!"

דער איד, דער גביר און פאַבריקאַנט וואָס ליגט אויפן דייטשן צווינטער — האָט זיך זיכער אַזוי אויסגעבעטן! אַ רחמנות בלויז אויף זיין אָרימער פרוי!.. וואָס וועט, אפשר, אויך שלאָפן אויפן... דייטשן צווינטער!..

## גאָט האָט אים פּאַרהיט פון גויאישע הענט אָבער ניט פון אידישע מײלער!..

ווער געדענקט ניט, ווי אזוי די מאַמע, די באבע ע"ה, און גלאַט שכנות און באַקאַנטע פלעגן זיך ווינטשעווען ביי יעדער געלעגנהייט?

ווער געדענקט ניט דאָס פּאָפּולערע אידישע ווערטל?

„היט מיך אָפּ, גאָטעניו, פון גויאישע הענט פון אידישע מײלער"...

אַרייגפאַלן אין גויאישע הענט — איז געווען גאָר אַ גרויס אומגליק און צרה! גויאישע הענט, האָט געהייסן ביי אונז — אין דער אַלטער היים: — גיין דינען „פּאָניען", זיצן אין טיורמע, אָדער... סתם כאַפּן קלעפּ פון אַ גוי!

אָט, דעם אומגליק, פון „גויאישע הענט" האָבן אונזערע עלטערן, צוגעגלייכט צו אַריינפאַלן אין... אידישע מײלער, באַרעדט צו ווערן פון אידן. ליגן אין מויל ביי אידן, איז געגליכן געוואָרן צו אָט דער גרויסער גזירה פון... גויאישע הענט!

זיצט פאַר אונז, איצט, אַ יונגערמאַן, אַ מענטש אין די מיטעלע פערציקער, וועמען עס האָט געטראָפן אָט דער אומגליק: — אַריינפאַלן אין אידישע מײלער! ער איז עטלעכע מאָל אַריינגעפאַלן אין גויאישע הענט און איז אַרויס בשלום! ער איז, אָבער, איינמאָל אַריינגעפאַלן אין אידישע מײלער — איז ער אַרויס אַ צעקוועטשטער, אַ דערשלאָגענער, אַ באַשפּיגענער און אַ צעטראָטענער אויף זיין גאַנץ לעבן! פריער מיט יאָר — האָט ער עס ניט געפילט! ער איז געווען יונג, זיינע קינדער זענען געווען יונג און ווען די געזעלשאַפט האָט אים צעטראָטן — האָט ער געפונען אַנדערע ערטער וואו זיין פרייע צייט אָפּצוגעבן! איצט, ער איז געוואָרן עלטער, עס שמעקט שוין ביי אים דאָס וואָרט „מחותן", מען נעמט שוין אינפאָרמעס אויף אים ווער ער איז און וואָס ער איז געווען? — איצט האָט ער דערפילט ווי שווער עס איז צו לעבן אָפּגעזונדערט פון דער געזעלשאַפט, פון אי-

דישן לעבן — ספּעציעל — ווען מען גייט אַרום מיט אַ צייכן אויפן שטערן אַז...

אָבער, מיר׳ן לאָזן דעם יונגערמאַן אַליין רעדן — עס איז אינ־טערעסאַנט אים אויסצוהערן!

— — — — — — — — — — — — — —

איך קום אַרויס פון אַ פרומער אידישער פאַמיליע פון אַ שטעטל נעבן וואַרשאַ! מיין פאָטער איז געווען אַ פאַרברענטער חסיד און האָט געוואָלט אויך מיך, זיין איינציקן זון, פירן אויף זיין וועג! — אַזוי הויבט אָן, דער יונגערמאַן, — מיר׳ן אים אַ נאָמען געבן יאַנקל — צו דערציילן זיין געשיכטע! מיין פאָטער האָט מיך געוואָלט שלעפּן, ציען צום חסידים-שטיבל, און מיך האָט גאָר גע־שלעפּט און געצויגן צו דער פרייער לעבעדיקער גאַס! צו חברים! און, איצט, געב איך זיך, ניט איינמאָל, אַ דערמאָן, ווי גאָט האָט מיך אויסגעהיט פון גויאישע הענט! ניט איינמאָל האָב איך זיך פאַרטשע־פּעט מיט שקאָצימלעך און עס האָט געהאַלטן דערביי אַז זיי זאָלן מיך ממית׳ן! ניט איינמאָל האָבן זיי אָנגערייצט אויף מיר זייערע הינט און זיי וואָלטן מיך געווען זיכער צעריסן! נאָר, ווי פלעגט זאָגן מיין מאַמע ע״ה: — דער אויבערשטער האָט מיך אויסגעהיט פון גויאישע הענט!

איך געדענק. אין אַ פרייטיק, ווען מיין טאַטע איז געגאַנגען אין מרחץ אַריין, בין איך אַוועק צו אונזער גרויסן טייך פון שטעטל און זיך דאָרט — מיט עטלעכע חברימלעך געבאָדן! עס זענען אַריין שקאָ־צימלעך אין טייך און מיך גענעמען טרינקען! איך האָב שוין פאַרלוירן דעם באַוואוסטזיין! מען איז אָנגעלאָפן און מען האָט מיך געראַטעוועט!..

דאָס, אַלעס, דערצייל איך אייך, וויפל מאָל איך האָב זיך געראַ־טעוועט פון גויאישע הענט!.. ווען איך בין געווען אַ קינד פון אַ יאָר פופצן, איז אין אונזער שטעטל פאָרגעקומען אַ שטיקעלע פּאָגראָם! גוים האָבן זיך אָנגעשיכורט און זיך געוואָרפן שלאָגן אידן און רא־בעווען אידישע הייזער און קליישן! איך בין געווען אין מארק און גע־האָלפן וואַרפן שטיינער אויף די שיכורע גוים! מען האָט מיך אַרומ־גערינגלט און מען וואָלט געווען געמאַכט פון מיר אַ ווייניקן עפּל! צו מיין גליק — איך האָב געהאַט אַ סך גליק צו „גויאישע הענט" — איז אָנגעקומען פּאָליציי און איך האָב זיך אַרויסגעראַטעוועט!

דאָס זעלבע איז געווען מיט מיין שטעלן זיך צום פּריזיוו און מיט מיין עוקר זיין איבער דער גרעניץ און בשלום קומען אין אַ פרייע לאַנד אַריין! אומעטום, — האָב איך געהאַט מזל זיך צו ראַטעווען פון די גויאישע הענט!

האָב איך זיך אָבער, איינמאָל אַ גליטשיקע געטון און איך בין אַריינ־געפאַלן אין אידישע מיילער — ליג איך שוין דאָרט אַ וואויל ביסל יאָרן און קאָן מיין קאָפּ ניט אַרויסהויבן! איך בין מאָראַליש אַ פאַר־משפט׳ער, אָן אַ פּאַרוואָס; אָן דעם, אַז מען זאָל מיך אפילו גוט אויסהערן!

וואָס האָב איך געזינדיגט? וועמען האָב איך דער׳הרג׳עט אָדער באַראַבעוועט? וועמען האָב איך באַשווינדלט און ביי וועמען האָב איך עפּעס צוגענעמען, אַז מען זאָל מיך אַזוי באַשטראָפן און איזאָלירן פון דער אידישער גאַס, פון דער אידישער געזעלשאַפט?

ווען מיין „משפט" זאָל קומען פאַר אַ ערליכן ריכטער, וואָלט ער מיך, דעמאָלט, נאָך געווען באַפרייט פון וועלכער עס איז שטראָף! האָב איך אָבער קיין מזל ניט געהאַט! מיינע שופטים זענען עס געווען די יעניקע, וועלכע האָבן געזוכט מיך צו באַזייטיקן פון דער אידי־שער גאַס! געווען צווישן זיי, עטלעכע יונגעלייט וועלכע זענען געווען גאַנץ גרויסע... גראָבע יונגען. געווען צווישן זיי — אויך אינטעלעגענט־נע מענטשן, וועלכע האָבן זיך ניט אָנגעזען מיט זייער אינטעלעגענץ, כל זמן, איך בין געזעסן ביים טיש און אָנגעפירט מיט דער אַרבעט — נו, האָט מען געזוכט מיר אונטערשטעלן אַ פיסל, און מיר טאַקע אונ־טערגעשטעלט, איך האָב זיך אויסגעגליטשט און בין געפאַלן! ווען איך האָב זיך געוואָלט אויפהויבן — האָבן זיי ניט דערלאָזט! זיי האָבן אויף מיר אַרויפגעשטעלט זייערע פיס און מיך דערשטיקט! דערדישעט!..

צוריק מיט אַ יאָר צען איז דאָס געווען! איך בין דאַן געווען איי־נער פון די אָנפירער פון אַ היגן וויכטיקן אנשטאַלט! איך בין אויך גע־ווען טעטיק אין עטלעכע אַנדערע אַנשטאַלטן! עס איז טאַקע געווען אַ גרויסע עוולה! קיין גביר — בין איך נאָך ניט געווען! איך האָב גע־דאַרפט גוט גוט, האָרעווען אויף מיין פרנסה! איך האָב דעמאָלט גע־האָט אַ געשעפט, וואָס בלויז איך אַליין, האָב עס גענדאַרפט אַטענדירן! בין איך געלעגן עטלעכע טעג קראַנק — איז דאָס געשעפט געגאַנגען אין דער ערד מיטן קאָפּ! נעם איך, אַ טאַטע פון דריי קינדערלעך, און גיב אַוועק מיין גאַנצע פרייע און ניט פרייע צייט פאַר קהל! פאַר גע־זעלשאַפטלעכע ענינים! מיין פרוי, מיין קלוגע האַרציקע פרוי, האָט מיך געראַטן צו גוטן! זי פלעגט זיך מיט מיר קריגן ממש, און טענות האָבן פאַרוואָס איך האַלט אין איין אַרומלויפן טאָג און נאַכט און נאַכט און טאָג, און אַרבעט פאַר דער געזעלשאַפט! איר בעסט וואָרט איז געווען: — דו מיינסט, אַז אויף דיין קבר וועט מען דיר שטעלן אַ גאָלדענע מצבה?

איך האָב ניט געאַרבעט צוליב קיין „גאָלדענער מצבה". איך האָב

אפילו ניט געטראַכט אַז מען וועט אַ מאָל אָפּשאַצן מיין איבערגעגע־בענע אַרבעט לטובת הכלל און מען וועט מיך באַלוינען מיט אַ באַנ־קעט! בכלל, בין איך ניט געווען קיין רודף אחרי הכבוד! איך האָב אַלעס געטון, ווייל אין מיין כאַראַקטער איז אַזוי געווען איינגעוואָרצלט דער ווילן פון טון! איך האָב ניט פאַרשטאַנען, אַז עס קאָנען זיך גע־פונען שלעכטע מענטשן, וועלכע וועלן אויסטייטשן מיין אַרבעט פונקט פאַרקערט! אַז זיי וועלן אויסטייטשן, דאָס אויב איך אַרבעט אַזוי פיל — מן הסתם... לוינט זיך מיר!

און, עס האָט זיך „מיר ניט געלוינט״! צוביסלעך, צוביסלעך, בין איך געוואָרן אונטערשטעליק אין מיין פרנסה! איך פלעג אויפ־שטיין שפּעט — ווייל איך בין געווען אויף אַ „זיצונג״ ביז דריי פאַר־טאָג! ווען מען שטייט אויף שפּעט און מען גייט אַ פאַרשלאָפענער אַרוים צו דער אַרבעט און מען קומט צו אַ סוחר אָדער צו אַ קונה — ווייסט מען ניט וואָס מען רעדט, קויפט מען ניט וואָס מען דאַרף און מען פאַרקויפט ניט פאַר דער פּרייז וואָס מען מוז פאַרקויפן! דער קאָפּ איז שווער און עס באַמבלט זיך אייך אין קאָפּ די „דיסקוסיע״ פון נעכטן אויף דער נאַכט, פון אייערנעכטן, פון די „טעמעס״ וואָס דער „טיש״ האָט בעהאַנדלט און זיך געשפּאַרט, איר גייט פאַרטראַכט און דער סוף איז: —

איר האָט דעם טאָג פרנסה ניט פאַרדינט!..

נו. מילא! וועט איר מאָרגן פאַרדינען! וועט איר איבערמאָרגן לייזן! וועט איר שפּעטער פאַרקויפן! מען קומט אַ היים, מען מאַכט אַ פריי־לעך פּנים, מען דערציילט דעם ווייב ניט געשטויגענע און ניט געפלוי־גענע מעשיות וועגן די גרויסע גליקן וואָס מען האָט היינט געמאַכט! מען זעצט זיך צום טיש עסן, מען עסט אָפּ און... מען לייגט זיך צו שלאָפן מען מוז זיך צולייגן שלאָפן!..

אָפּגעשלאָפן אַ פּאָר שעה. דער טאָג איז שוין אַוועק! מען גייט אַרוים אין גאַס אַריין — איידער מען ריכט זיך — איז שוין נאַכט! נו! גייט מען אַריין אין אַ קאַפע. מען טרעפט זיך מיט דעם און מיט יענעם, מען טרינקט אַ „קאַווע״, מען שפּילט אַ „דאַדע״ און... עס ווערט זיבן אַ זייגער, דערמאָנט מען זיך אַז מען דאַרף דערליידיקן אין פאַראיין אַ ביטע פון אַ מיטגליד אָדער מען דערמאָנט זיך אַז היינט איז דאָ אַ „זיצונג״ פון פרעזידיום; און מען דאַרף צוגרייטן דעם טאָגעס־אָרדע־נונג. לאָזט מען אַלעס איבער און... מען קומט ווידער אַ היים נאָך אַ האַלבע נאַכט! און אַזוי מאָרגן און אַזוי איבערמאָרגן און אַזוי אַ גאַנצע וואָך! אַ גאַנצן חדש! אַ גאַנץ יאָר!...

וואָלט מען נאָך אַלץ געקאָנט איבערטראָגן! ווען ניט... די בענק! די בענק מיט די טשעקן! אַ דאַנק די טשעקן וואָס מען גיט אַרוים מיט אַ דאַטום אויף שפּעטער מיט אַ מאָנאַט — אַ דאַנק די טשעקן — האָב איך געקאָנט לעבן און מסחרן! אָבער, די טשעקן האָבן אַ גרויסן חסרון! מען דאַרף זיי... „דעקן”! מען דאַרף באַציימנס אַריינלייגן געלט אין באַנק אויף זיי! אויב ניט, קומען זיי צוריק! און אַז אַ טשעק קומט צוריק, הויבט מען אָן קלינגען טעלעפאָניש! און אַז מען קלינגט אין טעלעפאָן — אַטענדירט די פרוי, און זי ווערט געוואוירע פון די אַלע טשעקן פון די אַלע צרות, און...

איך זאָלט עס גאָרניט איבערלעבן! דער טיש אייערער — ווערט צעשמעטערט! דער שלום בית — גערירט! די פרוי וויינט אַז מען האָט זי היינט געזידלט דורכן טעלעפאָן און מען האָט איר געזאָגט אַז זי זאָל זאָגן דעם מאַן אַז ער זאָל זיך וויניקער קהל'ן און מער אינזינען האָבן פרנסה ווען די טשעקן ניט גיין צוריק!..

עס ווערט אויך אַ פּראָבלעם מיטן קצב און מיטן קלייטניק! פריער, ווען די פרוי האָט געדאַרפט צאָלן דעם קצב, האָב איך איר געגעבן אַ טשעק — מיט אַ דאַטום פון אַ חדש פריער — און דער טשעק איז געווען אויף אַזאַ סומע, אַז ער האָט מיר נאָך געגעבן רעשט און עס האָט געסטייעט פאַרן ברויט־פּירער און מילך פאַרקויפער! לעצטנס, זינט די טשעקלעך מיינע זענען געקומען צוריק האָט דער קצב אויפגעהערט זיי אָנעמען און... אין אַ טאָג האָט אויך פּאַסירט, אַז...

איך בין געקומען אַ היים עסן מיטיק — האָב איך קיין מיטיק ניט געטראָפן! די פרוי האָט ניט געהאַט קיין פלייש, ניט געהאַט קיין לאָקשן אָדער אַנדערע זאַכן וואָס פאַרבייטן דאָס פלייש, און... דאָס איינציקע וואָס זי האָט פאַרמאָגט — איז געווען אַ סך טרערן! זי האָט געוויינט! שטאַרק געוויינט, אויף וואָס זי איז איבערגעקומען, אַז דער קצב זאָל איר ניט ווילן שיקן קיין פלייש! זי איז אים שוין שולדיק פאַר צוויי מאָנאַטן פלייש!..

יענעם טאָג האָב איך זיך אַ ביסעלע אויפגעכאַפּט! איך האָב דערזען אַז איך בין צו ווייט פאַרקראָכן אין חובות און אין אַפּגעלאָזנקייט! עס איז מיר ניט אָנגעשטאַנען וואָס הייסט, מיר, דעם דאָזיקן גרויסן קהל'ס מענטש און קהל'ס פאַרזאָרגער, זאָל מען ניט געטרויען אַ איבעריקע קילאָ פלייש?..

אין יענעם טאָג, האָב איך געהאַט אַ צווייטן בראָך! עס האָט געדאַרפט אַריינגיין אין באַנק אַריין מיינס אַ טשעק און עס האָט מיר געפעלט צום טשעק... זעקס און דרייסיק פּעזאָס! דער דאָזיקער טשעק

האָט ניט געטאָרט גיין צוריק! אויב דער טשעק זאָל גיין צוריק מיט דער באַקאַנטער צושריפט אַז... עס איז ניטאָ קיין געלט אויף אים, וועט מען מיר אין דעם הויז — ווערמען איך האָב געגעבן דעם טשעק — אָפּשניידן דעם קרעדיט און איך וועל ניט האָבן מיט וואָס מאָרגן אַרויסגיין אַרבעטן! איך בין דאָס ערשטע אַוועק אין אַ רעסטאָראַן און געבראַכט פאַר מיין פאַמיליע אַ אָנבייסן! איך, אַליין — האָב גאָרניט געגעסן! איך האָב ניט געקאָנט עפּעס נעמען אין מויל אַריין! און איך בין אַוועק אין דער באַנק וואו איך האָב געהאַט דאָרט דעם „לויפנדן חשבון" און געבעטן דעם כערענטע אַז ער זאָל מיר צאָלן אָט די עט־לעכע פעזאָס! איך האָב אים צוגעזאָגט אַז אין אַ פּאָר טעג אַרום וועל איך זיי דעקן! דער כערענטע האָט זיך אָפּגעזאָגט מיר צו טון די טובה! נאָך מער! ער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז אויב מיינע טשעקן וועלן ווי־דער האַלטן אין איין גיין אַהין און צוריק — וועט ער מיר, אינגאַנצן, פאַרמאַכן דעם לויפנדן חשבון!..

פון יענעם מאָמענט אָן, האָט... עס פּאַסירט! איך האָב, פאַר קיין פאַל, ניט געטאָרט דערלאָזן אַז דער טשעק זאָל גיין צוריק! ווען דער טשעק גייט צוריק — דאַרף איך נעמען אַ טאָרבע און גיין איבער די הייזער! נו! האָב איך זיך דערמאָנט אַז איך האָב ביי זיך... פרעמד געלט! געלט פון דער אינסטיטוציע וואו איך בין אין דער פאַרוואַלטונג! איך האָב אימער און אימער געהאַט ביי זיך אַזעלכע געלטער, אָבער — איך האָב זיי קיינמאָל ניט אָנגערירט! יענעם ביי־טאָג, האָב איך אויסגעליען פון מיין פרעמדער קעשענע די זעקס און דרייסיק פּעזאָס, צוגעלייגט צו דער סומע וואָס אין באַנק איז געווען פון פריער — און איך האָב זיך אַרויסגעראַטעוועט פון אַ אומגליק! דעם צווייטן טאָג, האָב איך צוריק צוגעלייגט צו די געזעלשאַפטלעכע געלטער און...

נייך! איך וועל אייך בעסער זאָגן דעם אמת! פון יענעם טאָג אָן, האָב איך אָפּט, זייער אָפּט, אָנגעהויבן „אויסלייען" פון מיין פרעמדער קעשענע! עס איז מיר, אויף איין מינוט געוואָרן לייכטער! איך האָב זיך געמאַכט איינמאָל, בלויז, גרינג דאָס האַרץ אַז מאָרגן וועל איך צולייגן, און וואָס אַ טאָג, און וואָס אַ טאָג, בין איך, מיין „פרעמ־דער קעשענע", געווען שולדיק מערער!

אין אַ טאָג, האָט זיך געטראָפן ביי מיר אַ שטיקל איבערשרעק! מיין קלענערער זון האָט געהאַט אַן אַקצידענט אין גאַס, אַ אויטאָ איז אים איבערגעפאָרן און איז אַנטלאָפן! מען האָט אים אויפגעכאַפּט און אַזוי ווי עס איז געווען נאָענט אַ פּריוואַטע סאַנאַטאָריע — האָט מען אים אַהין אַריינגעטראָגן! ווען מיר — איך און מיין פרוי — זענען גע־

וואוירע געוואָרן — די פּאָליציי האָט אונז געמעלדעט — און מיר זע־נען געקומען אַהין — איז ער שוין געווען אויסער געפאַר! אָבער, ער האָט געדאַרפט ליגן עטלעכע טעג, אָדער אין סאַנאַטאָריע אָדער מען האָט אים געדאַרפט איבערפירן אין אַ שפּיטאָל! נו. איר פאַרשטייט דאָך אַליין, אַז איך האָב ניט געלאָזט אַז מען זאָל אים רירן פון אָרט! ערש־טנס, האָב איך מורא געהאַט אַז עס זאָל אים ניט שאַטן דאָס פירן און צערודערן זיינע וואונדן! צווייטנס — באַקאַנטע און פריינט זענען שוין געוואוירע געוואָרן פון דער פּאַסירונג, מען איז אים שוין געקומען מבקר חולה זיין דאָרט, מען האָט שוין געוואוסט אַז ער ליגט אין אַ סאַנאַטאָריע! און דאָ, פּלוצים, וועט מען געוואוירע ווערן אַז איך האָב אים איבערגעפירט אין אַ פּשוטער שפּיטאָל־סאַלע! וואָס וועט מען זאָגן?..

איך האָב געהאַלטן מיין זון אַכט טעג אין סאַנאַטאָריע, איך האָב די גאַנצע צייט ניט געאַרבעט ווי עס דאַרף צו זיין און ווען ער איז אַרויס און איך האָב געדאַרפט באַצאָלן אַ היבשע סומע — האָב איך זי אַנטליען פון דער „פּרעמדער" קעשענע!.. אָפּגעבן צוריק — איז מיר שוין אָנגעקומען שווער!... ביז...

ביז איך האָב אָנגעהויבן הערן אַז מען מורמלט אונטער מיינע פּלייצעס! מען רעדט פון מאַכן אַ רעוויזיע, איבערקוקן די חשבונות, „איבערפּאָלן" די קאַסע!

איך האָב אָנגעהויבן צוליינגן אַן אויער, האָב איך אויפגעכאַפּט, אַז מען מיינט גראַדע ניט מיך! מען רעדט גאָר וועגן... קאַסיר פון דער אינסטיטוציע וואָס מאָנט איין געלטער און פירט ניט קיין גענויעם חש־בון! מען רעדט וועגן אַ ל ע מ ע ן — אַ חוץ וועגן מיר!..

צו איך בין געווען אַזוי בלינד? צו איך בין געווען איבערגעשראָקן און מורא געהאַט פאַרן „טאָמער", וועט עס אָנקומען צו מיר! דער פּאַקט איז — אַז איך בין געוואָרן איינער פון די יעניקע פּחדנים, וואָס אַז זיי באַהאַלטן דאָס פּנים אין רעקל, מיינען זיי — אַז מען זעט זיי ניט!..

איך האָב דאָן ניט פאַרשטאַנען, ניט געזען אָדער ניט געוואָלט זען, אַז הן דער קאַסיר, הן דער בעאַמטער, ווייסן שוין אַז איך נוץ אויס דאָס געלט פון דער אינסטיטוציע! איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָבן ז י י אַרויסגעלאָזט אַ שלעכטן שם אויף ז י ך אַ ל י י ן, כדי מען זאָל אָנהויבן זוכן און מען וועט געפונען — ניט ביי זיי, נאָר ביי ד י וואָס מען דאַרף ג ע פ ו נ ע ן! וואָלט איך דעמאָלט ניט געווען דערשראָקן, ווען מען האָט אויסגעקליבן די „רעוויזיאָנס־קאָמיסיע", וואָלט איך גע־ווען דערזען, אַז דער קאַסיר, וועמען מען איז „חושד", האָט מען י אַ אויסגעוויילט אין דער קאָמיסיע, און מ י ך, דעם הויפּט טוער פון

דער אינסטיטוציע — מיך האָט מען אפילו ניט דערמאָנט אַז איך זאָל אַריין אין דער אויספאָרשונגס-קאָמיסיע...

און נאָך אַ זאַך! ווען איך האָב דערזען אַז אַזאַ קאָמיסיע איז שוין באַשטימט, האָב איך, על פּי לאָגיק ועל פּי שכל, געדאַרפט תיכף מעלדן דער קאָמיסיע אַז אין מיין באַזיץ געפינט זיך כך וכך געלט! נאָך מער! איך האָב געדאַרפט זיך פאַרזעצן! איך האָב געדאַרפט דעמאָלט, אונטער אַלע אומשטענדן, קריגן דאָס ביסל געלט וואָס איך האָב „אנטליען" ביי דער „פּרעמדער" קעשענע, און עס צוריק אַוועקלייגן אויפן פּלאַץ! דאַן, וואָלט די קאָמיסיע, גאָרניט געפונען קיין אַנאָרמאַלעס און...

אויפן צווייטן טאָג, וואָלט איך געקאָנט ווידער „לייען"!..

איך בין אָבער, געווען איבערגעשראָקן! איך האָב געמיינט אַז אַ נס מן השמים וועט מיך ראַטעווען! איך, וועלכער האָט זיך אַזוי פיל מאָל געראַטעוועט פון גויאישע הענט, האָב געמיינט, אַז איצט, וועט מיר אויך געלונגען זיך צו ראַטעווען פון... אידישע „הענט"! נו! פון די הענט, האָב איך זיך טאַקע געראַטעוועט! מען האָט מיך חלילה ניט אָנגערירט מיט קיין פינגער ווען מען איז געוואוירע געוואָרן אַז איך האָב „פאַרנעמען" עטלעכע הונדערט פּעזאָס! מען האָט מיך ניט געזידלט און קיין שלעכט וואָרט ניט געזאָגט! מען האָט מיך בלויז באַזייטיקט פון דער אינסטיטוציע און אַריינגעוואָרפן אין אַ טיפן גרוב, אין אַ אָפּגרונט! דער דאָזיקער אָפּגרונט הייסט: —

— אידישע מיילער!..

איך האָב דעמאָלט באַלד דערפילט דעם ווייטיק! איך, וועלכער האָב אָפּגעאַרבעט, בחינם, ביי פאַרשידענע אידישע אינסטיטוציעס יאָרן און יאָרן! איך, וועלכער האָבן געטראָגן אויף מיינע פּלייצעס קעסטלעך ביר ווען דער פאַראיין האָט געפּראוועט אַ „פּיקניק", באַשר,בכן, עס וועט בלייבן פון דער אונטערנעמונג עטלעכע הונדערטערם כדי אויסצוהאַלטן דעם אַנשטאַלט! איך, וואָס בין, ניט איינמאָל, געווען אַ שיק-אינגל ביים פאַראיין, געקלעפּט די פּאָסט-מאַרקעס אויף די בריף, אָפּגעטראָגן אין פּאָסט, ווייל דער פאַראיין האָט ניט געהאָט קיין מעגלעכקייט אויסצוהאַלטן אַ אינגל! איך, וועלכער האָט זיך ניט געשעמט צו נעמען דעם בעזעם און אויסקערן די סאַלע — ווייל עס איז ניט געווען — אין די ערשטע יאָרן — צו דינגען אַ דינסט אויף צו ראַמען! איך, — ווער אַרויסגעטריבן ,אויסגעשפּיגן, צעטראָטן מיט די פּיס, בלויז, ווייל, אין אַ עת צרה, האָב איך אויסגעליען! — ניין! פאַרנוצט! עטלעכע הונדערט פּעזאָס פון פאַראיין! עטלעכע הונ-

דערט פּעזאָס, ווען דער פאַראיין איז שוין געוואָרן גרויס, ווען איך האָב אים געהאָלפן גרויס ווערן און די עטלעכע הונדערט פּעזאָס האָבן זיך ביי אים שוין ניט אָנגעזען און קיין שום ווערט ניט געשפּילט!

ניין! איך האָב ניט געהאַט קיין טענות פאַרוואָס מען האָט מיך באַזייטיקט פון מיין ערן־פּאָסטן וואָס איך האָב פאַרנעמען אין דער געזעלשאַפט! וואָס איך האָב יאָ טענות, איז, וואָס מען האָט מיך אַריינגענעמען אין מויל אַריין, אין די אידישע מיילער! מען האָט מיך אָנגעהויבן באַרעדן, גלייך ווער ווייסט וואָס איך האָב אָפּגעטון אין פאַריין!..

וואָס עס האָט מיך מער פאַרדראָסן אין יענער צייט — איז געווען, וואָס אַ סך פון מיינע נעכטיקע חברים, אַ סך פון די, וואָס איך האָב גרויס געמאַכט און געשריבן נאָטיצן אין די צייטונגען אַז זיי טוען אויף אַ סך פאַר דער געזעלשאַפט, ווען אין דער אמת'ן, האָבן זיי ניט אַריין געטון קיין פינגער אין קאַלט וואַסער! איצט, ווען איך האָב זיך אויסגעגליטשט, ווען איך בין אומגעפאַלן, איז, ניט נאָר, זיי זענען ניט געקומען מיר העלפן זיך אויפהויבן, ניט נאָר זיי האָבן ניט פאַרטעמטירט, הלמאי מען צאַפּט מיין בלוט, ניט נאָר זיי האָבן מיר ניט אויסגעשטרעקט זיין חבר'ליכע האַנט מיך אויפצוהויבן — נאָר פונקט פאַרקערט! זיי האָבן געהאָלפן מיך צוטרעטן! זיי, זענען עס געווען פון די ערשטע וואָס זענען אַרומגעגאַנגען אין שטאָט און דערציילט אַז איך האָב פאַרנעמען תרפ'ט אלפים קערבלעך! זיי זענען עס געווען וואָס האָבן געשאַפן אַרום מיר אַ גרויל פּראָפּאַגאַנדע! אַט, דאָס האָט מיר ווי געטון! צוליב דעם, האָב איך געליטן!...

— — — — — — — — — — — — —

איך וואָלט שוין אין דעם פאַרגעסן! עס זענען שוין פאַריבער עטלעכע יאָר און דעם אמת אייך זאָגן — אַ דאַנק דעם, וואָס איך האָב זיך אויפגעהערט קהל'ן, אַ דאַנק דעם וואָס איך האָב אויפגעהערט אַרומלויפן דורך די נעכט אויף זיצונגען און אויסהערן „וואָס זאָגט דער טיש?", אַ דאַנק דעם, האָב איך זיך גענעמען צו מיין פּרנסה! איך בין קיין גביר ניט געוואָרן! די בעסטע און יונגע יאָרן מיינע, האָב איך אוועקגעגעבן די פאַראיינען און דעם אַרומלויפן פאַרזאָרגן קהל! איצט, שפּאַן איך שוין אַריין אין די פופציקער און איך האָב, דאַנקען גאָט, פּרנסה! איך דאַרף שוין ניט אָנקומען אַז אַ כערענטע זאָל מיך אַזוי טיף ווי טון און ניט דורכלאָזן אַ טשעק ווען עס פעלט 38 פּעזאָס! איך האָב אָפּגעשפּאַרט אַ שטיבל, אַ דאַך איבערן קאָפּ און איך קלויב זיך שוין באַקומען דעם טייערן נאָמען וואָס יעדער טאַטע האָפט

צו הערן: — מחותן! מײנע קינדער האָבן אָנגעהױבן גײן מיט פּײ־נע, בעל הבית'עשע מײדלעך און איך װעל נאָך דערלעבן נחת אין זײ!

אמת איך טראָג אַ האַרב אױף די פּלײצעס! ערשט ניט לאַנג האָט מיך מײן זון געפרעגט װעגן דעם! עפּעס האָט מען שױן אונטערגע־טראָגן װעגן מיר, זײן צוקונפטיקן שװער, און יענער האָט שױן אַרײנ־געװאָרפן אַ פּאָר װערטער װעגן דעם, אַז עס לױנט זיך אַז איך זאָל „אַרעגלירן מײן סיטואַציע". איך האָב פאַרזיכערט מײן קינד, אַז ער האָט זיך ניט װאָס צו שעמען מיט זײן פאָטער! איך האָב אים פאַר־זיכערט, אַז, לכל הדעות, בין איך רײנער און זױבערער פון אַ סך אידן, װאָס האָבן מיך באַשולדיקט, האָבן מיך באַרעדט, און האָבן מיך גע־טראָטן מיט די פיס, װען אין דער זעלבער צײט, האָבן זײ געהאַנדלט מיט נאַצישע סחורות און געמאַכט אַ סך געלט און געװאָרן גרױסע פּערזענלעכקײטן!.. איך האָב פאַרזיכערט מײן זון, אַז איך בין אַ פּשו־טער קרבן פון דער געזעלשאַפט! פאַראַן, אַזעלכע װי איך, אין די הונדער־טער, װאָס די געזעלשאַפט צעטרעט און שפּאַנט זײ אַריבער און גײט װײטער!

צו גלױבט איר, אָבער, ניט, אַז עס װאָלט געמעגט קומען אַ צײט, װען דער יחיד זאָל אױך האָבן אַ שטיקל װערט בײ קהל! װען קהל זאָל זיך דערמאָנען, אין אָט די, װאָס האָבן אָװעקגעגעבן זײער צײט און אַרבעט און אױך... גוטן נאָמען!

אָבער. מילא. אױב קהל װיל ניט מוחל זײן, װיל ניט רעאַביליטירן, — דאַרף מען ניט, אָבער צו דאַרף מען טאַקע אײביק ליגן אין אידי־שע מײלער? צו קען מען זיך פון זײ ניט ראַטעװען?..

# צוויי מאַמעס. צוויי אַלמנות. ביידע האָבן אַ גליקלעכע עלטער! אָבער...

מיר ווילן אייך איצט באַקאַנען מיט צוויי אידישע אַלטע מאַמעס. צוויי טייערע אידישע מאַמעס פון יענעם עלטערן דור, וואָס ווערן וואָס אַ מאָל אַלץ ווייניקער. צוויי אידישע מאַמעס, וועמען דער אויבערשטער האָט געבענטשט מיט טייערע קינדער און מיט טייערע וואוילע אייניקלעך, און וואָלט זיי אויך געווען געגעבן אַ גליקלעכע עלטער, ווען עס זאָל זיך אים ניט געווען פאַרגלוסטן זיי מאַכן פּלוצים פאַר אַלמנות און אַריינגעבן אַ טראָפּן פון דעם ביטערן טראָפּן וואָס הייסט... שלעכטע עלטער.

מיר ברענגען די געשיכטע פון אָט די צוויי אידישע מאַמעס, פון אָט די צוויי אַלמנות, ניט דערפאַר וואָס זיי האָבן געוויסע פּראָבלעמען אין לעבן און זיי זענען זיך געקומען האַלטן אַ עצה מיט אונז, אָדער, חלילה, זיי זענען זיך געקומען פאַרקלאָגן אויף זייער ביטערער עלטער און נאָך ביטערערע קינדער... פּונקט פאַרקערט! ביידע מאַמעס קלאָגן זיך ניט! ביידע זענען צופרידן מיט זייער גורל! זיי דערציילן אונז בלויז דערפאַר, ווייל זיי דענקען אַז... מיר וועלן עס באַשרייבן און זייערע קינדער וועלן עס לייענען, וועלן זיי פאַרשפּאָרן צו באַנעצן זייערע קי-שנס... מיט זייערע טרערן!..

## א

אַ פרוי ביי די זעכציקער! מיר'ן זי אַ נאָמען געבן — עוואַטשקאַ. זי גייט אָנגעטון אין שוואַרצן, כאָטש איר מאַן איז שוין טויט אַ יאָר... פינף.

מיט דער דאָזיקער פרוי האָבן מיר זיך באַקאַנט אויפן... בית עולם. דער אַדמיניסטראַטאָר פון בית החיים, האָט אונז אָפּגערופן און דערציילט אַז ער האָט אונז איבערצוגעבן אַ קוריאָזן פאַל! עס טרעפט זיך אין זיין „טעריטאָריע” דאָס ערשטע מאָל אַז אַן אַלמנה זאָל קומען

צום מאַנס קבר... דריי מאָל אין וואָך און אין משך פון אַלע פינף יאָר וואָס דער מאַן איז שוין אויפן עולם האמת. דער אַדמיניסטראַטאָר פון בית עולם איז געוואוינט צו זען אַנדערע זאַכן! זיין „פּראַקטיק" האָט אים דערוויזן, אַז זעלטן זאָל אַן אַלמנה באַזוכן דעם קבר פון איר פאַרשטאָרבענעם מאַן מער ווי פיר־פינף מאָל אין יאָר!.. זיין „פּראַק־טיק" האָט אים דערוויזן, אַז פון יענעם טאָג אָן וואָס מען האָט אָפּגעדעקט די מצבה אויפן מאַנס קבר, קומט די אַלמנה בלויז דעם טאָג פון יאָרצייט! זיין — אַדמיניסטראַטאָרס — „פּראַקטיק" האָט אים גאָר דער־וויזן, אַז אַלמנות באַקאָנען זיך, אויפן בית עולם, מיט אַ אידן וואָס גייט, נעבעך, אַרויפלייגן אַ קראַנץ בלומען אויפן קבר פון זיין יונג־פאַר־שטאָרבענער פרוי, און דאָרט, באַקאָנט ער זיך מיט אַ „אומגליקלעכער" אַלמנה, און דער בית עולם ווערט... זייער שדכן!

דאָ, האָט דער אַדמיניסטראַטאָר דערזען עפּעס אַ נייס! אַ אומ־גלויבלעכס! אַ פרוי — וואָס האָט נאָך שאַנסן נאָך אַ מאָל חתונה האָבן, אַ פרוי קומט דריי מאָל אין וואָך — מעג רעגענען, מעג דונערן, מעג זיין שטאַרק היים אָדער אַ בימערע קעלט, די פרוי איז דאָ זונטיק, מיטוואָך און פרייטיק, ביי איר מאַנס קבר, ווישט אָפּ מיט איר טיכעלע דעם שטויב פון זיין בילד, גיט... אַ קוש דאָס בילד ווען זי קומט און ווען זי גייט אַוועק.

יאָ! זי איז אַ זעלטנהייט אָט די פרוי! כדאַי זיך צו באַקאָנען מיט איר לעבן, מיט די יאָרן פון איר גליקלעך לעבן, און מיט די יאָרן ווען זי איז אַזוי אומגליקלעך, און געפינט אַ טרייסט אין איר עלנטקייט ביים קבר פון איר... סימאַטשקען!

— — — — — — — — — — — — — —

סימאַטשקע און עוואַטשקאַ זענען געווען די צוויי גליקלעכסטע התן כלה צוריק מיט 30 יאָר! סימאָן איז געווען אַ שיינער בחור, אַ אָנ־געזעענער אין זיינע יוגנט קרייזן, אַ באַלעזענדער, און אַ פריילעכער יונג! ווען סימאָן איז געווען אין אַ געזעלשאַפט — איז געווען פריילעך און לעבעדיק! ווען סימאָן איז געווען צווישן מענטשן, האָבן אַלע גע־שוויגן און ער איז געווען דער רעדנער! ווען ער איז געווען צווישן יוגנט — האָט ער געזונגען, אידישע און רוסישע לידער אַז זיי זענען זיך צו־גאַנגען איבער אַלע אברים! ווען ער איז געווען צווישן עלטערע — האָט ער געזונגען חזנות'דיקע שטיקלעך פון ראש השנה'דיק דאַווענען אָדער פון דער וואָכעדיקער שמונה עשרי, און דער עולם האָט געהאַט פאַרגעניגן אים אויסצוהערן און אונטערהעלפן! אין סימאָנען איז פאַר־

לוירן געגאַנגען אַ פּונק פון אַ גוטן חזן! ער איז געווען אַ משורר און האָט געשטרעבט צו ווערן אַ קוואַרטין, אַ יאָסעלע ראָזענבלאַט און האָט געהאָפט אַז די וועלט וועט מיט אים אַ מאָל קלינגען! לסוף, האָט אים די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע אַרויסגעריסן פון זיין היים, אים פאַרוואָרפן אין אַ ווייט שטעטל פון אַ מדינה אין דער נייער וועלט, און פון אַלע זיינע חלומות איז ער געוואָרן אַן... אַרבעטער! אַ אינטעלע־גענטנער אַרבעטער ביי אַ אינטעלעגענטנער פּרנסה!

ער איז שוין קיין חזן ניט געוואָרן! דערפאַר, אָבער, זענען חזנים געווען די בעסטע געסט פון זיין שטוב! ניט נאָר חזנים — נאָר אויך קינסטלער און שרייבער וואָס זענען דורכגעפאָרן אָט יענץ אידיש שטעטל פון דער ווייטער פּראָווינץ און האָבן דאָרט געדאַרפט שטיין עטלעכע טעג. — האָבן געמוזט „איינשטיין" ביי אים. האָבן ביי אים זייער קוואַרטיר. ער האָט ביי זיי קיין גראָשן ניט גענעמען. זיי אָפּגעטראָטן זיין בעט און ער, מיט זיין עוואַטשקאַן, מיט זיין האַלב טוץ קינדער, זענען געשלאָפן „ווי סע ניט איז"! דער „ווי סעניט איז", איז געווען אַ קליינער עס־צימער, אָדער אויסגעשפּרייט אויף דער ערד פון זיין אַרבעטס־צימער. זיינע געסט, אָבער, זיינען געשלאָפן אויף אַ גוט בעט און גוט צוגעדעקט!

אויב ער האָט זיין עוואַטשקאַן ליב געהאַט ווייל... אַ מאַן דאַרף ליב האָבן זיין פרוי — האָט ער זי נאָך מער ליב געהאַט דער־פאַר, וואָס זי האָט אים ניט געשטערט אין זיין „הכנסת אורחים"־אַר־בעט און אין זיין פאַרגעניגן אויפצונעמען זיינע קינסטלער־געסט! ניט נאָר, זי האָט אים ניט געשטערט, ניט נאָר זי האָט אים ניט געוואָר־טשעט — ווי עס טוען עס אַ מאָל ווייבער — וואָס זיי דאַרפן זיך וואַל־גערן אויף דער ערד און זייער געלעגער אָפּטרעטן עפּעס אַ שלאַק אַ חזן, וואָס איז פאַרפאַרן אין יענעם שטעטל דאַוונען שבת — נאָר אדר־באַ! זי איז געווען צופרידן וואָס איר סימאַטשקע איז אַזוי צופרידן, אַזוי גליקלעך צו האָבן זיינע געסט ביי זיך אין הויז!...

יאָרן גייען! די קינדערלעך האָבן אָנגעהויבן אונטערוואַקסן! זיי ווערן גרויס! זיי האָבן שוין געענדיגט די אָנפאַנגס־שול און וואו צו לערנען ווייטער איז אין שטעטל ניטאָ! איין בחור'ל, ווייזט אַרויס אַ נייגונג צו... פידל שפּילן! אין שטעטל דרייט זיך אַרום אַ „פידלער", אַ פאַרבלאָנדזשעטער שטערן, וואָס קומט אַריין צו סימאַטשקען און צו עוואַטשקען, עסט דאָרט אָפּ אַ מיטיק, אַ וועטשערע און אַ מאָל ביי־דע זאַכן צוזאַמען: ער לערנט דאָס אינגעלע שפּילן פידל. ער לערנט מיטן

בחור׳ל אָפּ עטלעכע חדשים און דערקלערט אַז דער תלמיד קאָן שוין בעסער פון „רבין“...

סימאַטשקע באַגייט אַ נאַרישקייט! ער טוט דאָס זעלבע וואָס אונ־זער אַלטער טאַטע יעקב אבינו האָט געטון מיט זיין באַליבט בחור׳ל יוסף! ער קליידעט אים שענער, קושט אים אָפטער, ווייזט אַרויס מער באַציאונג צו אים! ער דערזעט אין אָט דעם בחור׳ל — לאָמיר אים אָנ־רופן שלמה׳לע — אַ ניצוץ פון אים, פון חזן און זינגער, קינסטלער און טאַלאַנט! ער טוט זיך אָן אַ כוח! א איבערמענטשלעכן כוח! ער האָט קוים, קוים, פּרנסה! ער האָט קוים, קוים, ברויט פאַר זיך, פאַר זיינע קינדערלעך און פאַר זיין אַלטע טאַטע־מאַמע וועלכע ער האָט אַראָפּגעבראַכט און האַלט אוים בכבוד! ער שטעלט זיך אָבער ניט אָפּ! עוואַטשקא זאָגט אַז זי וועט אָפּשפּאָרן פון מויל! עוואַטשקע וואַשט אַליין די קינדערס וועש און ווייסט ניט וואָס עס הייסט אַ דינסט! עוואַטש־קא זאָגט, אַז זי איז גרייט צו וואַשן פּרעמדע וועש אויך, אַבי איר סימאַטשקע זאָל דערגרייכן זיינס! ער וויל שיקן לערנען די קינדער אין דער גרויסער שטאָט אַריין ער וועט זיי לערנען אין דער מיטל־שול דערנאָך אין אוניווערזיטעט און חוץ דעם — זיין שלמה׳לע וועט ווערן אַ וועלט־באַרימטער קינסטלער! ער וועט ווערן אַ צווייטער יאשא חפיץ! אַ צווייטער מישאַ העלמאַן! וואָס אַ צווייטער? אַ ערשטער! ווע־ליג דעם „סלוך“ וואָס שלמה׳לע האָט און וועדליג זיין קענטעניש אין נאָטן, וועט שלמה׳לע ווערן אַ גרעסערער פון יאשא חפיץ!...

און, אַז אַ קינד האָט אַזעלכע צוויי טייערע הענטעלעך צום פידל — ווי מעגן עס אָט די הענטעלעך, טוען אַן אַנדער אַרבעט? ווי מעג שלמה׳לע איינטונקען זיינע — יאשא חפיץ הענטעלעך — אין וואַסער? און סימאַטשקע הויבט אָן שלמה׳לען אָפּהיטן מער ווי אַלע קינדער! שלמה׳לע שלאָפט שפּעטער ווי אַלע! שלמה׳לען דערלאַנגט מען די קאַווע מיט מילך אין בעט אַריין און מיט שלמה׳לען גייט מען צום דאָקטאַר ער זאָל פאַרשרייבן וואָס... דאַרף אַזאַ קינסטלער־קינד עסן, כדי דער מוח זאָל אים שטענדיג זיין לויטער!...

און, טאַקע ווידער ווי ביי יעקב אבינו! די איבעריקע קינדער זעען עס, עס פאַרדריסט זיי! שטילערהייד... לאַכן זיי פון צוקונפטיקן וועלט־קינסטלער און רופן אים... פּאַראַזיט! ער וויל ניט אַרבעטן, וויל ניט העלפן אין שטוב! וויל אַפילו ניט זיך אָפּרייניקן די שיך! אַלעס טוט דער טאַטע אָדער די מאַמע פאַר אים!

סימאַטשקע און עוואַטשקא שיקן אַוועק צוויי קינדער אין דער גרויסער שטאָט אַריין לערנען! ער באַשטעלט זיי קעסט! ער באַשטעלט

זיי לערערס און גאָר אַ גוטן לערער — פאַרן קינסטלער! אין שטאָט, ניט זייענדיק אונטער דעם טאַטנס השגחה, לערנען זיך די קינדער ניט אַזוי וואַזשנע! ספּעציעל — דער קינסטלער! שלמה׳לע האַלט אין האַנט מ ע ר דאָס קעמעלע און שטייט ביים שפּיגל און פאַרקעמט זיך זיינע שיינע האָר ווי ער האַלט אין דער האַנט דעם פידל און שפּילט זיינע לעקציעס!

ענדע יאָר קומט דער בראָך! מען האַלט ניט אויס די עקזאַמענעס און מען קומט אַ היים צו טאַטע-מאַמע. סימאַטשקע און וואַטשקא זע־נען, נ י ט פון יענע טאַטע-מאַמע וואָס וועלן מאַכן סקאַנדאַלן די קינ־דער, וואָס וועלן זיך בייזערן! שרייען — איז ניט געווען זייער נאַטור! אָט, האָבן זיי דעם ע ל ס ט ן זון וואָס האָט גאָרניט געוואָלט לערנען, קוים געענדיגט די אָנפאַנגס-שול, אַרבעט אין דער היים מיטן טאַטן, און קאָן מיט אים ניט אויסקומען! דאָך — שרייט מען ניט!

אין אַ שיינעם טאָג האָבו סימאַטשקע און וואַטשקא זיך באַש־לאָסן אויף אַ ריזיקאַלישן שריט! זיי פאַרקויפן זייער שטוב וועלכע זיי האָבן אָפּגעשפּאָרט פון מויל און אויסגעקנאָטן מיט די טרערן פון זייע־רע אויגן, זיי פאַרקויפן זייערע שטוב-זאַכן און נעמען די זעקס קינדער און מען קלויבט זיך איבער אין דער גרויסער שטאָט אַריין! דאָ. מען וועט זיין מיט די קינדער צוזאַמען — וועלן זיי זיך קאָנען לערנען און מען וועט קאָנען אכטונג געבן אויף זיי! דאָ, אין דער גרויסער שטאָט, זייענדיג מיט די עלטערן צוזאַמען, וועלן די קינדער ... זיך ניט מוטשען מיט זייער עסן און מיט זייערע באַקוועמלעכקייטן! מען האָט ניט גע־טראַכט וועגן זיך! מען האָט ניט געטראַכט וועגן פּרנסה! מען האָט בלויז געטראַכט און אינזינען געהאַט אַז די קינדער זאָל זיין באַקוועם צו לערנען! זאָל זיין באַקוועם צו לעבן ! ...

די קינדער ענדיקן די מיטל-שול און טרעטן אַריין אין אוניווערזי־טעט! סימאַטשקא און וואַטשקא וואָלטן געוועזן די גליקלעכסטע על־טערן אויף דער וועלט! א יי ן זון וועט זיין אַ באַרימטער דאָקטאָר! אַ צווייטער וועט זיין אַ באַרימטער אַפּטייקער! אַ טאָכטער וועט זיין אַ באַרימטע דענטיסטין! און מיט קליינוואַרג — וועט מען זען! איין ווי־טיק האָבן זיי געהאַט: — דעם „קינסטלער" איז ... נמאס געוואָרן זיין פידעלע, און האָט אויפגעהערט צו שפּילן! די „מוזע" איז אַוועק פון אים און רופט אים ניט צוריק! סימאַטשקע האָט זיך שטאַרק געערגערט! ער איז נעכט ניט געשלאָפן! ער האָט געפּרואווט מיט בייזן און מיט גוטן — ער האָט געוויינט פאַר זיין „שטערן" — אָבער — עס האָט גאָרניט געהאָלפן! שלמה׳לע זאָגט נ יי ן ! איז ניין! זיין טענה איז — עס

גייט אים ניט אין קאָפּ אריין דער פידל! אייגנטלעך — גייט אים גאַר־ניט אין קאָפּ אַריין! אויך דאָס לערנען אין אוניווערזיטעט קומט אים אָן שווער! דער שפּיגל, ימח שמו, נעמט ביי אים צו מער אויפ־מערקזאַמקייט, ווי די טרוקענע „פאָרמולעס" פון די לאַבאָראַטאָריעס וואָס לערנען ווי אַזוי צו מאַכן אַ רעצעפּט!... ווען ער קאָן אויספירן — וואַרפט ער דאָס לערנען אויך אַוועק! צו וואָס וועט ער זיך נעמען? צו וואָס טויג ער, צו קאָנען האָבן פּרנסה? — צו גאָרניט! טאַטע־מאַמע האָבן אים ניט צוגעגרייט צום שווערן, טאָג־טעגלעכן, לעבן!

סימאַטשקע ווערט גרוי! זיין שיין פּנים ווערט איינגעקאָרטשעט און איינגעקנייטשט! ער דערפילט אַז זיין גאַנצע פראַצע, זיין גאַנצע האָרעוואַניע פאַר די קינדער איז געווען אומזיסט! ווי אויף צו להכעיס — איז די פּרנסה אויך געשלאָגן! שטאַרק געשלאָגן! עס סטייעט ניט אויף אויסצוקומען מיטן טאָג־טעגלעכן לעבן! מען דאַרף אויך עפּעס שיקן דער מאַמען! דער טאַטע איז שוין לאַנג געשטאָרבן און די מאַמע וואוינט ביי זיך און קומט אוים מיט זייער ווייניק!.. סימאַטשקע וואַרפט זיך פון איין פּרנסה צו דער צווייטער! ער וויל ניט אַז עוואַטש־קע זאָל וויסן אַז די צייט איז שלעכט — קומט ער אַ היים מיט אַ שמיי־כעלע מיט אַ לידעלע און דערציילט אין דער היים אַז ער פאַרדינט שטיקער געלד! באַנאַכט, אויפן געלעגער, און לויט זיינע קרעכצן, פאַר־שטייט עוואַטשקאַ, אַז די גליקן זענען ניט אַזוי גרויס ווי ער זאָגט און זי באַרואיקט אים, טרייסט אים. זי דאַרף ניט קיין „לוכאַ", זי דאַרף ניט קיין צירונג! זי וויל אפילו ניט קיין ניי קליידל אויף זיך לכבוד יום־טוב! זאָל ער ווייניקער האָרעווען און נאָך ווייניקער זאָרגן ווייל ער גייט איין!... ער איז שוין גרוי ווי אַ טויב!...

אירע טרייסט־ווערטער זענען געווען אומזיסט! סימאַטשקע האָט זיך געפילט אַ אויסגעשפּילטער! ער האָט ניט דערלעבט דעם נחת פון זיינע קינדער אויף וועלכן ער האָט געהאָפט! אָט, למשל, האָבן זיך, אין אַ שיינעם טאָג אויפגעהויבן זיינע צוויי זין און אַוועקגעפאָרן קיין נאָרד־אַמעריקע! זיי זענען געפאָרן אַ הין לערנען — האָבן זיי געזאָגט! דאָרט וועלן זיי זיין ביי אַ פעטער, ביי דער מאַמעס אַ ברודער און וועלן קאָנען גיכער דערגרייכן זייער ציל אין לעבן! סימאַטשקע האָט געוואוסט אַז עס איז אַ ברכה לבטלה! זיי וועלן דאָרט ניט לערנען! אָבער — ער האָט זיי געלאָזט פאָרן! אָבער אנשטאָט אַריינצוטרעטן אין אוניווערזי־טעט — זענען זיי אַריינגעטראָטן אין דער... אַמעריקאַנער אַרמיי!

נאָך דער מלחמה, זענען זיי געקומען צוריק! סימאַטשקען איז שוין געגאַנגען בעסער אין דער פּרנסה! ער האָט שוין געעפנט אַ שניט־גע־

שעפט און האָט שוין געשלעפּט דאָס שטיקל ברויט און... געהאָדע־וועט די גאַנצע פאַמיליע! קיינער פון די קינדער — אַ חוץ דעם עלטערן זון, וואָס איז קיינמאָל אין שטוב ניט געווען — קיינער האָט ניט גע־אַרבעט און ניט צוגעהאָלפן צו די שטוב־הוצאות! עוואַטשקע האָט עס ניט געוואָלט ליידן! זי האָט ניט געוואָלט אַז סימאַטשקע זאָל האַרעווען אויף אַלע! סימאָן האָט, אָבער, ניט פּראָטעסטירט! ביי אים איז געווען גענוג וואָס ער האָט אַרום זיין ענגן טיש אין קליינעם עס־צימער, זיין גאַנצע פאַמיליע!

געקומען אַ צייט, אַז מען דאַרף חתונה מאַכן אַ טאָכטער. צו עס איז יאָ, צו עס איז ניט דאָ, מען פּראָוועט אַ שיינע חתונה! אַ חתונה פון זיין קינד ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ... באַערונג פאַר סימאַטשקען! עס קומען דעלעגאַציעס פון אינסטיטוציעס וואו ער איז טעטיג און מען האַלט דרשות! מען לויבט אים אַלס אַן ערליכן האָרעפּאַשנעט חבר און כלל־טוער! ער האָט אַ סך נחת דערפון! אדרבא! זאָלן זיינע מחותנים זען אַז ער איז ניט אַבי ווער! ער האָט זייער געהויבענע געסט אויף זיין חתונה און ער שיינט פאַר גליק! אַ שאָד וואָס אַ גאַסט זיינער — אַ שוועסטער פון אַמעריקע, וואָס איז ספּעציעל געקומען צו דער חתונה — האָט באַקומען אַ שטיקל היסטעריקע און האָט אים פאַרשטערט אַ ביסל די שמחה! וואָלט עס געווען אַן אַנדער פרוי — ניט עוואַטשקאַ — וואָלט זי אָנגענעמען איר אַמעריקאַנער שוועגערן ביים קאַרק און אַרויסגע־וואָרפן פון סאַלאָן! עוואַטשקאַ וועט עס אָבער ניט טון! ס'איז סימאַטש־קעס שוועסטער! און אַלעס וואָס איז סימאַטשקעס — איז טייער און הייליק!

אין אַ קורצער צייט אַרום קומט צוגיין זיין צווייטער זון, דער צו־קונפטיקער דאָקטאָר ,און שטעלט פאַר אַ יונג שיין מיידעלע! אַ רויז וואָס הויבט ערשט אָן בליען! דאָס איז מיין כלה — זאָגט אים זיין זונדעלע!

דאָס מיידעלע געפעלט אים שטאַרק! זייער אַ טייער און געראָטן קינד! ס'ע האָט בלויז איין חסרון, איין גרויסן „חסרון"! ער, סי־מאַטשקע, האָט געמאַכט פּלענער, אַז זיין זונדעלע, דער צוקונפטיקער דאָקטאָר, וועט „פאַרטשעפּען" עפּעס אַ רייך מיידל, וועט „אַריינקריגן" אַ שווער וואָס זאָל אים קאָנען שטעלן אויף די פיס, וואָס זאָל אים אוים־שטאַטן אַ רייכע „קאָנסולטאַריע" און אים נאָך קויפן אַ אויטאָ אָדער אַ שטוב אויך! לסוף, האָט ער גאָר פאַרטשעפּעט אַ מיידעלע פון אָרי־מע עלטערן, אַ מיידעלע וועמענס עלטערן זענען קינסטלער־אַרטיסטן! און ווי האָבן אַרטיסטן געלט?

סימאַטשקע איז אָבער צופרידן מיטן שידוך! עס האָט אין אים אױפגעװעקט דער „פאַרלאָרענער" טאַלאַנט פון זײַן אײגן לעבן! ער איז דאָך אַלײן, אַ שטיק אַרטיסט! אַ שטיק באַהעם! חוץ דעם, איז דאָס מײדעלע זײער אַ חנ'עװדיקס! זי האָט אַ סך מעלות שײן, קלוג און... אידיש! זי קומט אַרױס פון אַ שטוב װאו מען רעדט אידיש און מען האָט ליב אידיש! און סימאַטשקע — ניט קוקנדיג דערױף װאָס ער איז געװען מיטגליד פון דער ציוניסטישער פּאַרטײ — איז ער פאַרבליבן אַ גרױסער ליבהאָבער פון מאַמע-לשון און װען די צוקונפטיקע כלה און שניר האָט צו אים אַ רעד געטון אין איר זאַפטיקן אידיש — איז ער... פאַרליבט געװאָרן אין איר!

— — — — — — — — — — — — — —

װואַטשקא און סימאַטשקע לעבן זיך גליקלעך! זײ חלומען פון זיך באַזעצן אין מדינת ישראל און דאָרט... אױפבױען אַ בױמל-אינדוסטריע! זײ װעלן שיקן אַהין די קינדער און דערנאָך — װעלן זײ אױך אָנ-קומען! דערװײל פאָרט אַהין זײַן פּלימעניק און זײַנס אַ פּלימעניצע! ער, סימאַטשקע איז שטאַרק פרײלעך! זײַן משפּחה גײט אַרױס פון זיך הלוצים! זײַן משפּחה װעט זיך באַזעצן אױף דער הײליקער ערד! ער איז אַ גרױסער פאַנטאַזיאָר געװען דאָס גאַנצע לעבן! איצט, האָט זיך זײַן פאַנטאַזיע נאָך מער צעשפּילט! ער מאַכט שױן גאַנצע פּלענער װאָס ער װעט דאָרט טון און װאו ער װעט זײַן טעטיק!

ערב אָפּפאָרן קײן ישראל, דאַרף זײַן פּלימעניק חתונה האָבן! זײ װעלן קומען אין קיבוץ אַלס „פּאָרל", אַלס מאַן און װײב! די חתונה פּראַװעט מען אין אַ נאָענט שטעטל פון סימאַטשקעס װאױנונג! מען דאַרף פאָרן אַהין מיט אַן אױטאָבוס! סימאַטשקע מיט װואַטשקען מיט דער גאַנצער פאַמיליע זעצן זיך אַרײַן אין אױטאָבוס און מען האַלט אין אײן זינגען דעם גאַנצן װעג! עפּעס אַ קלײניקײט! מען פאָרט אױף אַ חתונה פון חלוצים! מען פאָרט אױף אַ חתונה פון זײַנעם אַ פּלימעניק װאָס פאָרט לײגן דעם גרונטשטײן פאַר זײַן גאַנצער פאַמיליע! זינגט מען און מען פאַרהילכט די לופט מיט ארץ ישראל געזאַנג און ארץ ישראל חלוצישע מאָטיװן!

מען קומט שױן אין שטעטל! דער ערשטער אױף אַראָפּצוגײן פון אױטאָבוס — איז סימאַטשקאַ! ער װיל שױן שטײן נעבן די „דראָנגעס" פון דער חופּה און זען און הערן װי זײַן פּלימעניק זאָגט דעם הרי את... אַ צוקונפטיקער בהמות-מעלקערן! ער, סימאַטשקע, װעט זײַן דער מסדר קדושין! ער װעט עס געבן אַ זינג אױס די ברכות, אַז מען װעט זײ

דערהערן אין ארץ ישראל! ער איז שטאַרק פריילעך, סימאטשקע! ער שטעלט זיך אויפן ערשטן טרעפּל פון אויטאָבוס, וועלכער דאַרף זיך אָפּשטעלן אויפן ראָג פון דער גאַס! ער האָט דאָך געהייסן דעם טשאָפער זיך אָפּשטעלן! דער טשאָפער ווייסט דאָך וואוהין זיי פאָרן! דער אויטאָבוס שטעלט זיך ניט אָפּ! און איידער מען האָט זיך געגעבן חשבון: —

— סימאטשקעס קאָפּ ליגט שוין אַ צעקוועטשטער פון די גרויסע רעדער פון אויטאָבוס!

---

שוין פינף יאָר פון יענעם טראַגישן טאָג! פ י נ ף שווערע יאָר פאַר עוואטשקאן! פאַר איטלעכן איז איר סימאטשקע געשטאָרבן! — פאַר א י ר — לעבט ער נאָך! ז י קומט צו אים דריי מאָל אין דער וואָך און... וויינט ניט ביי זיין קבר! זי שטייט און רעדט צו אים אַלעס וואָס עס פּאַסירט מיט איר!

איין טאָג האָט זי אים דערציילט, אַז זינט ער איז געשטאָרבן איז זיין עלסטער זון געקומען צוריק אַ היים און ער איז מיט איר! זי האָט אים אויך דערציילט אַז ער האָט שוין געפונען זיין באַשערטע און ער האָט שוין חתונה געהאַט! זי איז געקומען סימאטשקען איינלאַדן צו דער חתונה! ער האָט גענומען אַ וואויל אידיש מיידל, אַ האַרעפּאַשנע און אויסגעהאַרטעוועטע און וועט זיכער זיין אַ געטרייע פרוי!

ווען זיין צוקונפטיקער דאָקטאָר האָט באַקומען זיין דיפּלאָם אַלס... „טאַטע”, איז עוואטשקע אַוועק צו סימאטשקען און אים אָפּגעגעבן מזל טוב! אַ צווייענדיקן מזל טוב! שוין דאָ אַ נאָמען נאָך אים! עס איז געבוירן געוואָרן אַ נייער סימאטשקע!

אין איינעם אַ טאָג איז זי אים געקומען מעלדן, אַז זיין „קינסטלער” וועלכער וואוינט שוין אין ישראל און גראָבט דאָרט די ערד אין אַ קיבוץ, אַז ער האָט שוין אויך געפונען זיין באַשערטע און האָט שוין דאָרט חתונה! זי, עוואטשקע, האָט אים אַלעס דערציילט! זי האָט אים אפילו דערציילט, אַז זי איז שטאַרק עלנט! זי האָט ניט די וואַרימקייט אַרום זיך פון אירע קינדער, וואָס אַ מאַמע, אַ אומגליקלעכע מאַמע דאַרף האָבן! זי האָט אים אפילו דערציילט, אַז דאָס בעלהבתישקייט וואָס זי האָט פאַרמאָגט און וואָס זי האָט, מיט אַזוי פיל קרבנות, צענויפגעשטעלט — האָבן די קינדער ביי איר עס שוין... צעשלעפּט! טאַקע! צעוואָס דאַרפסטו עס, מאַמע? צעוואָס דאַרפסטו טעלער, לעפל, גאָפּלען, טישטעכער און אַנדערע שטוב זאַכן? וואָס זשע? געסט וועלן קומען צו דיר? זי איז, צוביסלעך געוואָרן אויס בעל הבית׳טע...

וואטשקע האָט עס דערציילט סימאַטשקען! זי האָט זיך ניט באַ־קלאָגט! זי האָט אים בלויז געוואָלט „דערוווייזן", אַז אָן אים, איז זי אוים מענטש און דאַרף שוין גאָרניט!...

ערשט ניט לאַנג איז זי געקומען מעלדן סימאַטשקען אַז... זי איז שוין אינגאַנצן געוואָרן אוים בעל הבית'טע! זי גייט שוין אין קיך ניט אַריין! זי צאָלט איר זון מאָנאַט-געלט פאַרן עסן און די שניר — דווקא אַ וואוילע אידישע טאָכטער — געפעלט ניט דער שוויגערס קאָכן! נו, וועט זי שוין קאָכן פאַר אַלעמען! וואטשקע האָט זיך געפילט שטאַרק געטראָפן! נאָך דרייסיק יאָר בעל הבית'טע, מעלדעט מען איר, אַז זי... קאָן ניט קאָכן און זי דאַרף אין קיך אַריין מער ניט אַריינשמעקן! ערשט איצט האָט זי דערפילט איר עלנדקייט, איר איינזאַמקייט און זי איז געקומען בעטן סימאַטשקען אַז ער... זאָל זי נעמען צו זיך! ער זאָל „דאָרט", „אויבן" פועלן, אַז מען זאָל זי פאָדערן אַהין! זי האָט שוין גע־לאָזט אַ צוואה אַז די קינדער זאָלן זי באַגראָבן אין דעם זעלבן קבר וואו סימאַטשקע ליגט! זי האָט שוין אויך אָנגעשריבן אַ בריף אין דער חברה קדישא וואו זי באַשווערט זיי, אַז מען זאָל זי לייגן צוזאַמען מיט סימאַטשקען! איצט איז געוועדעט אין דיר — אַזוי טענה'ט זי צו אים! איצט דאַרפטו דערוווייזן, אַז דו האָסט דאָרט אַ שטיקל דעה און מען וועט נאָכגעבן דיין בקשה און מיך אַ רוף טון „אַהין"...

— — — — — — — — — — — — — —

וואטשקא! אַ אידישע מאַמע, איינע פון יענע מאַמעס וואָס האָט אויסגעוויגט און אויסגעוויינט אירע אויגן ביז זי האָט דערלעבט צו זען אירע קינדער אויף אַ לאַד! וואטשקען איז דאָ זייער גוט! נאָר, ווען סימאַטשקע האָט דאָרט אַ „שטיקל דעה" און קאָן פועלן אַז מען זאָל זי אַ „רוף" טון "אַהין" — וואָלט זי געווען די גליקלעכסטע אין דער וועלט!

ווייזט אויס, אָבער, אַז ער האָט דאָרט ניט קיין גרויסע דעה!...

— ב —

... ווען איר גיט אַ קוק אויף דער פרוי, וואָלט איר ניט געגלויבט, אַז זי האָט שוין לאַנג אַריבערשפאַנט די זיבעציקער! אמת. איר גרויער קאָפּ האָר, איר צעקנייטשט פנים און די אָדערן פון די הענט און פנים וואָס זעען זיך בולט אַרוים ביי איר, זאָגן אייך באַלד אָן, אַז די פרוי איז שוין אַ אַכציקער! ווען איר באַמערקט, אָבער, איר רירעוודיקייט, ווען איר באַמערקט, ווי זי באַוועגט זיך שנעל, ווען איר טרעפט זי אויף אַ

שמחה, אויף אַ חתונה ביי אירם אַ אייניקל און איר זעט, ווי לייכט זי טאַנצט — גלויבט איר ניט אין דעם אמת'ן סכום פון אירע יאָרן.

זי האָט געהאַט און האָט אויך איצט, אַ גוט לעבן און אַ גוטע על־טער! זי איז שוין אַ צענדלינג יאָרן אַן אלמנה! איר מאַן, — ווער האָט אים ניט געקאַנט? אַ שיינער איד, מיט אַ שיינעם הדרת פנים, מיט אַ שיינער באָרד — קורץ אונטערגעשוירן —, האָט איר געטראָפן אין טוי־זנטער אידישע הייזער וואו ער פלעגט אריינקומען אַלס פאָרשטייער פון די גרעסטע היגע אינסטיטוציעס.

צוריק מיט יאָרן, ווען ער איז נאָרוואָס געקומען פון בעסאַראַביע, פון יעדעניץ, האָט ער דאָ נאָך געטראָפן — אויף דער אידישער גאַס — אַ... פוסטעקייט! נאָך אַלס „גרינער", טאַקע אין ערשטן יאָר וואָס ער איז געקומען אין לאַנד אַריין, באַקענט ער זיך מיט עטלעכע אידן און גרינדן די ערשטע תלמוד תורה, וואו אידישע קינדערלעך זאָלן לערנען גאָטס תורה

ער זאָרגט פאַר פרעמדע קינדער, האָט אויך אינזינען זיי אייגענע שטוב! זיינע אייגענע קינדער! זיין הויז איז אַ בית וועד לחכמים! עס קומען זיך צענויף אין זיין הויז די פיינסטע, די געלערנסטע אידן פון שטאָט, מען קומט ניט שפילן אין קאָרטן, מען קומט ניט רעדן לשון הרע און רכילות, נאָר מען רעדט דברי תורה! מען דיסקוטירט אי־דישע פראָבלעמען און מען שפּילט אויך!... אַ שאַך!

זיינע קינדער — האַלט ער נעבן זיך! זיי דאַרפן הערן וועגן וואָס מען רעדט! ער וויל, אַז זיינע קינדער — ספּעציעל זיינע זין, זאָלן גיין אין זיינע וועגן, זיך זאָרגן פאַר קהל'עשע ענינים, בויען און העלפן בוי־ען אידישע אינסטיטוציעס, אידישע שולן ספּעציעל!

ער איז אַ מענטש — אַן אינטעליגענט! אין יעדעניעץ איז ער געווען אַ לערער אויף רוסיש און האָט... שבת און יום־טוב ניט געלערנט! קומט ער אַהער — אין וויטן אַמעריקע, ווערט אַ בעאַמטער אין אידישע אינסטיטוציעס וואו מען אַרבעט ניט שבת! וואו מען רעספּעקטירט רע־ליגיע און טראַדיציע! ער איז פריי! אַ פרייער מענטש און קאָן אויס־פירן ציען דעם המשך פון אידישע טראַדיציעס! און אַזוי לערנט ער אויך זיינע קינדער! זיי דאַרפן אויך ציען דעם המשך פון זייערע עלטערן און זיי ציען טאַקע דעם המשך!

ווען זי — לאָמיר זי אָנרופן חייקע — ווען זי איז געווען אַ יונגע בעל הבית'טע, זענען אַרום איר טיש געזעסן — אין אַ יום־טוב טאָג — אויסגעזעצט זין און טעכטער, שניר און איידעמס, אייניקלעך און אַ אורחה אַ חוץ, און האָבן אויסגעהערט דעם קדוש וואָס דער טאַטע האָט

געמאַכט, האָבן פאַרזוכט פון דער המציא מיט זאַלץ און מען האָט גע־פראוועט דעם שבת׳דיקן און יום־טוב׳דיקן טיש! ביים עסן איז מען גע־זעסן אָנגעטון אין די היטלען און מען האָט געהאַט דרך ארץ פאַרן טאַטנס יאַרמאַלקע.

שפּעטער, זענען אונטערגעוואַקסן אייניקלעך און אויך די אייניק־לעך האָבן געוואוסט אַז פרייטיק צו נאַכטס, דאַרף מען זיין ביים זיידנס טיש און עסן די שבת׳דיקע סעודה. זינגען די שבת׳דיקע זמירות!

די יאָרן שטייען אָבער ניט. קינדער זענען אויפגעוואַקסן, חתונה געהאַט, זיך פאַרצויגן ווייט, ווייט פון טאַטע־מאַמעס שטוב! דאָך, שבת — איז מען געקומען צום טאַגס טיש! פאַרן טאַטנס אויגן האָט מען שבת קיין פּאַפּיראָס ניט פאַרויכערט! וואָס איז שייך אַלס אידן — האָבן זיי געצויגן דעם המשך און זיך געקהל׳ט! געהאָלפן בויען דאָס אידישע לעבן ווי דער טאַטע האָט עס געטון!...

דאָס, וואָס עס געשעט מיט יעדן לעבעדיקן מענטשן, איז מיט אונ־זער געוועזענעם יעדעניצער לערער אויך געשען! ער איז נפטר געוואָרן ווי אַ ערלעכער כשר׳ער איד. ער האָט איבערגעלאָזט זיין אלמנה, ניט בלויז פאַרזאָרגט מיט אַ שטיקל ברויט, וואָס זי באַקומט אַלס איר פּענסיע — נאָר מיט קינדער וואָס ווייסן נאָך וואָס הייסט „כבוד אם"! זיי פאַרלאָזן זי ניט! זיי קומען צו איר אָפט, זייער אָפט! זי פירט איר בעל הביתשקייט, ווי גלייך זי זאָל נאָך זיין יונגער מיט 40 יאָר! זי האָט נאָך איר מעבל, איר פאַסודע, אירע האַנטיכער און טישטעכער און ווען מען גייט אַריין צו איר אין שטוב, וועט קיינער ניט גלויבן, אַז דאָ וואוינט בלויז איין פרוי, ניט מער!

אָבער — דאָס שענסטע און בעסטע פון איר לעבן איז — דער פרייטיק צו נאַכטס! קומט ערב שבת, וועט איר די אַלטע חייקע ניט דערקענען! איר וועט איר שטוב ניט דערקענען! דער טיש איז שבת׳דיק געגרייט! אויפן טיש שטייען די לייכטער מיט די בענטש־ליכט! באַלד נאָך ליכט־בענטשן קומען זיך צענויף די קינדער! מען זאָגט דער מאַמען אַ שיינעם „גוט שבת"! דער עלטערער זון דרייט זיך אַרום איבערן צימער, זאָגט דעם „שלום עליכם, מלאכי השרת, מלאכי עליון". ווי נאָר עס ווערט גוט נאַכט זעצט מען זיך צום טיש. דער עלטערער זון זיצט אויבנאָן. פאַר־נעמט דעם טאַטנס שטול. די איבעריקע קינדער זיצן אַלע אויף זייערע ערטער, גלייך ווי דעמאָלט ווען דער טאַטע האָט נאָך געלעבט. מען דערלאַנגט די פיש מיט די פיש־יוך. אויפן טיש שטייט ווין, כשר׳ער

זויין! אייגענער וויין! דאָס האָט די אַלטע אַליין געמאַכט! שוין פינף צענלינג יאָר ווי זי מאַכט אַליין וויין! דער וויין האָט אַלע טעמים! די פיש האָבן אַלע טעמים! די יוך, מיטן שטיקעלע עוף, האָבן אַלע טעמים! איר גאַנץ לעבן האָט אַ געשמאַקן טעם! ווען ניט...

---

יאָ! פאַראַן אַ קליינער מכשול! זי וואָלט געוועז די גליקלעכסטע פרוי אויף דער וועלט! די גליקלעכסטע אַלמנה צווישן די אַלמנות! וואָס וואָלט איר געפעלט? זי האָט שוין געטאַנצט אויף חתונות פון עטלע־כע... אייניקלעך! זי האָט שוין אור־אייניקלעך און האָפט נאָך צו דערלעבן צו טאַנצן אויף זייערע חתונות! אָבער...

זי האָט לעצטנס אַ סך עגמת נפש! די קינדער! די קינדער לעבן זיך ניט בשלום! די דריי זין אירע, לעבן זיך ווי אמת׳ע געטרייע דריי ברידער! זענען גרייט איינער פאַרן אַנדערן די הענט זיך אָפּשניידן! אָבער די ברידער מיט די שוועסטער — האַלטן זיך אין איין ארומקריגן! צוויי פאַרשידענע וועלטן זענען זיי! ניט צו גלויבן, אַז זיי זענען דערצויגן גע־וואָרן אין איין הויז, ביי זעלבע טאַטע־מאַמע!

פאַרוואָס לעבן זיי ניט בשלום?

אַ טייל, דערפאַר וואָס דאָס געלט האָט די שוועסטער פאַרטשאַדעט אַ ביסל דעם קאָפּ און זיי האָבן פאַרגעסן זייער פאַטערס לערע! און, דערפון, נעמט זיך שוין אויך קנאה און עס דערגייט ביז שנאה! ביז אַזאַ שנאה, אַז אַ שוועסטער מאַכט חתונה און רופט דעם ברודער ניט אויף דער חתונה!

וואָלט דער אַלטער געלעבט — וואָלט, אפשר, דערצו ניט געקומען! פאַר אים — האָט מען געהאַט דרך ארץ און מען האָט געוואוסט, אַז דער טאַטע קאָן נאָך ברוגז ווערן! פאַר דער מאַמען — האָבן די טעכ־טער ווייניק דרך ארץ!...

און, אויב די אַלטע וועט ניט דערציען אין אַ טיפן עלטער, אויב זי וועט האָבן „קיצור ימים״, וועט אָט דער רוגז, דער שטענדיקער קריג צווישן ברידער און שוועסטער — האָבן אַ חלק אין אירע פאַרשני־טענע יאָרן!

אפשר איז די „אַלטע" אויך אביסעלע שולדיק! אויף דער גאָרער וועלט איז איינגעפירט, אַז די מוטער און די טעכטער זענען מער צוגע־לאָזן איינע צו די אַנדערע, ווי די מוטער צו די זין.

דאָ איז פונקט פאַרקערט! די מוטער איז אַביסעלע... פאַרטייעאיש! זי האַלט מער מיט די זין און דערפון איז אַ סך געוווּנדעט דער שלום צווישן ברידער און שוועסטער! די ברידער פילן זיך „שטאַרקער"! זיי האָבן די מאַמען אויף זייער זייט!...

אין אַלגעמיין, אָבער, דאַרף מען צוגעבן:

די אַלטע מאַמע, קאָן לעבן און ווי ל נאָך לעבן! און עס איז גע־ווענדעט אויף דער עלטער, אין דעם „נחת" וואָס זי וועט האָבן פון אירע זין און טעכטער!

צו וועלן עס די זין און ספּעציעל — די טעכטער פאַרשטיין? ווער ווייסט?

# ער האָט געהאַט בלהמ׳ס מפלה! ער איז געפאָרן שעלטן — און ער בענטשט גאָר!...

... מיר זיצן און באַטראַכטן דעם אידן וואָס זיצט איצט מיט אונז און... מיר שמייכלען! עס פאַלט אונז איין אַ געדאַנק:

אָפּדינגען אַ גרויסן סאַלאָן אין שטאָט, דעם גרעסטן וואָס איז פאַראַן, געבן גרויסע מודעות אין די צייטונגען און איינלאַדן טויזנטער אידן זיי זאָלן קומען הערן וואָס מיט אָט דעם אידן האָט פּאַסירט!

עס האָט מיט אים געטראָפן, דאָס זעלבע וואָס מיט אונזער אַלטן באַקאַנטן פון חומש — מיט בלעמ׳ן! אים, בלעמ׳ן, האָט בלק, דער מלך פון מואב, געדונגען אַז ער זאָל קומען פאַרשעלטן די אידן וואָס האָבן זיך געלאָזט אויפן וועג קיין ישראל, דורך דער מדבר! בלעם איז געקומען, געזען דאָס פאָלק ישראל ווי עס ליגט אַזוי מאַיעסטעטיש צעשפּרייט, האָט ער אויסגערופן: —

„ווי זאָל איך שילטן — וועמען גאָט שילט ניט”!...

אונזער איד, וואָס זיצט מיט אונז, איז געפאָרן קיין ארץ ישראל... שילטן! ער איז געפאָרן דאָרט אָנמאַכן סקאַנדאַלן! ער איז געפאָרן... אויספּאַטשן בן גוריונען און גאַנץ נאַטשאַלסטוואָ און אַלע ציוניסטן וועמען ער וועט דאָרט טרעפן! ער איז געפאָרן אַהין פול מיט גיפט! און ווען מען הערט וואָס ער רעדט איצט — קאָן מען מיינען, אַז דאָס שטייט פאַר אייך אַ פּראָפּעסיאָנעלער שליח, איינער פון די הונדערטער און טויזנטער, וואָס פאָרן אַרום איבער דער גאָרער וועלט — אין חוץ לארץ — מאַכן פּראָפּאַגאַנדע פאַר מדינת ישראל!..

וואָס איז געשען מיט אָט דעם אידן? צוליב וואָס איז ער געפאָרן אַהין? פאַרוואָס איז ער געוועזן אַזוי פאַרביטערט פריער, איידער ער איז געפאָרן אַהין. און איצט איז ער אַזאַ גרויסער חסיד געוואָרן פון בן גוריונען?

אפשר האָט אים די ארץ ישראל־לופט קלוג געמאַכט? אָבער ניין!

אָט, הערט, וואָס ער דערציילט:

איך האָב איין איינציקע טאָכטער! און אויב איר ווילט עמיצן שילטן — זאָלט איר אים ווינטשעווען, אַז ער זאָל האָבן איין העמד אויף אי־בערטון זיך, איין אויג אין קאָפּ און איין טעכטערל אין שטוב!

ווען איך זאָל אייך וועלן דערציילן וויפל מיר האָבן זיך אָנגעליטן ביז מיר האָבן דערלעבט צו זען אונזער טעכטערל זיך שטעלן אויף די פיסלעך — דאַרפט איר האָבן אַ גאַנצן בוך פאַר מיר אַליין! פון ערשטן טאָג אָן זינט זי איז געבוירן געוואָרן, האָט זי אָנגעהויבן קרענקען! זי האָט געהאַט מאַנדלען אין האַלדז און אויב אַ קינד פון דער צווייטער גאַס האָט זיך צוגעקילט און באַקומען היץ — האָט זיך, מיין טעכ־טערל... באַלד אָנגעשטעקט און באַקומען „אַנגינאַ". דער דאָקטאָר איז געווען ביי מיר קאָנטראַקטירט... אויפן מאָנאַט! ניט געווען איין וואָך אַז ער זאָל ניט דאַרפן זיין ביים קינד! טאָמער איז אַוועקגעגאַנגען צען טעג און דאָס קינד איז ניט איינגעפאַלן — האָט דער דאָקטאָר גע־זאָגט אַז... דאָס קינד איז ניט נאָרמאַל! עס דאַרף קרענקען און עס מוז קרענקען! אַזוי האָבן מיר זיך מיט איר געמוטשעט ביז זי איז אַלט געוואָרן פיר יאָר, דעמאָלט האָבן מיר איר אויסגעשניטן די מאַנדלען און זי האָט אויפגעהערט זיך פאַרקילן אין האַלדז און באַקומען אַנגינאָס!

דערנאָך האָט זי אָנגעהויבן גיין אין שולע! דאַנקען גאָט דערפאַר, וואָס גאָט האָט מיר געהאָלפן, איך האָב גוט פאַרדינט, אַ סך פאַרדינט, און געקאָנט געבן מיין טעכטערל די בעסטע פאַרגעניגנס! נו! איז אַנ־שטאָט זי שיקן אין דער רעגירונגס־שול, האָב איך זי געשיקט אין אַ פּריוואַטער שולע, פון וועלכער עס פלעגט צוקומען אַ אויטאָ און זי נע־מען און ברענגען אַ היים!

דאָס קינד איז געוואַקסן אין גרויס ראַשקאָש! איך מיט מיין פרוי האָבן געוואוסט, אַז מיר וועלן שוין מער קיין קינדער ניט האָבן, האָבן מיר, איבער דעם איינציקן טעכטערל אונזערס געציטערט און קיין אויג פון דעם ניט אַראָפּגעלאָזט! מיר האָבן געוואָלט, אַז עס זאָל זיין גליקלעך, עס זאָל דעם גאָרניט פעלן, עס זאָל זיך חבר'ן מיט וואוילע אידישע קינ־דערלעך, און זאָל האָבן אַ אידישע סביבה אַרום זיך! מיר ביידע, איך און מיין פרוי, זענען ניט קיין רעליגיעזע מענטשן. דאָך שטילערהייד, האָבן מיר געשעפּטשעט אַ תפילה צום רבונו של עולם און אים געבעטן, אַז ער זאָל אַכטונג געבן אויף אונזער טעכטערל און ניט לאָזן אַז זי זאָל חלילה, אַראָפּ פון גלייכן וועג, זי זאָל וואַקסן ווי עס דאַרף וואַקסן אַ וואוילע אידישע טאָכטער!

יאָרן זענען געלאָפן! מיר ווערן עלטער — ניט יונגער! אונזער טעכ־טערל איז שוין אַלט געוואָרן פערצן יאָר! זי קומט זיך צענויף בלויז

מיט וואוילע אידישע קינדערלעך, און אין זייערע געשפּרעכן וואָס איך כאַפּ אויף, הער איך אויך, אַז מען רעדט וועגן אידישע טעמעס.

דעם אמת אייך זאָגן, בין איך קיינמאָל ניט געווען קיין ציוניסט און איך האָב ניט געהאַלטן, אַז מיין טעכטערל זאָל וואַקסן קיין ציוניסטקע! עפּעס האָב איך ניט געגלויבט אין אָט דער אידעע! איך בין אין דער היים געווען אַ שטיקל סאָציאַליסט און, כאָטש איך בין ניט געווען קיין אַרבעטער נאָר אַ סוחר בן סוחר, דאָך האָב איך סימפּאַטיזירט מיטן „בונד" און, כאָטש עס איז געקומען אַזאַ ענדערונג אין אידישן לעבן, און כאָטש, אַנדערע שרייען, אַז דער „בונד" האָט שוין זיינס אויסגעשפּילט און האָט שוין ניט קיין עקזיסטענץ בארעכטיקונג, דאָך, האָט מיך ניט געאַרט וואָס מיין טעכטערל האָט זיך געחבר'ט מיט אַ מיידעלע פון בונדישע עלטערן, און פּלעגט מיט איר — שוין זייענדיג אַ „מויד" פון אַ יאָר פופצן — דיסקוטירן וועגן „בונד" און ציוניזם! איך בין געווען זיכער, אַז מיין טעכטערל וועט מיטן שטראָם ניט פאַרשלעפּט ווערן! איך האָב געהאַט גרויסע האָפענונגען אויף איר „אידישיסטישער" חבר'טע, אויף איר סאָפיאַן, אַז זי וועט זי מיטשלעפּן מיט זיך!...

אין אַ שיינעם טאָג, ווער איך געוואוירע אַ נייעס! מיין טעכטערל וויל זיך פאַרשרייבן אין אַ אידישן קלוב! עס האָט מיר שטאַרק הנאה געטון! מיין חלום הויבט אָן מקוים ווערן! איך האָב מורא געהאַט, טאָמער וועט זי וועלן קריכן ערגעץ אַנדערש! אין אַ אידישן קלוב? — מיטן שענסטן כבוד! איך האָב תיכף געגעבן מיין צושטימונג! איך האָב אפילו ניט געפרעגט אין וועלכן קלוב? וואו דער קלוב איז? ווער זענען די מענטשן פון קלוב? ווען איך האָב אָנגעהויבן פרעגן — איז שוין געווען צו שפּעט! מיין טעכטערל איז פאַרשריבן אין אַ ציוניסטישן קלוב, אין איינעם פון יענע קלובן וואָס האָבן עפּעס אַ זעלבעם וואָס הייסט „הכשרה"!

ווען איך האָב געפרעגט מיין טעכטערל: — וואָס איז אַזוינס „הכשרה"? האָט זי מיר געענטפערט: — מען מאַכט... איבונגען, גימנאַסטיק און מען גרייט זיך צו זיין אַ... מענטש!

מאַכן איבונגען? פאַרוואָס ניט! מיין טעכטערל פעלט גראָדע אביסל גימנאַסטיק! די מוטער לאָזט זי ניט אַראָפּ פון בעט פאַר ניין אין דער פרי. ווען זי שטייט אויף — האָט זי ניט קיין חשק צו עסן און צו טוריקען! פון אַרבעטן — שמועסט מען ניט! נו! זאָל זי פאָרן אין קלוב אַריין און מאַכן אַ ביסל גימנאַסטיק! דאָס איינציקע וואָס זי האָט מיר

געגעבן איר וואָרט, איז — קיין שקאָצים זענען דאָרט ניטאָ און זי חבר'ט זיך בלויז מיט אידישע „בחורים" און „בחורות".

איינמאָל איז זי געקומען און מיר דערציילט, אַז זי הויבט זיך אָן לערנען... לשון קודש! — זי האָט עס אַ נאָמען געגעבן — „העברעאיש"!

צעוואָס דאַרפסטו טעכטערל קאָנען לשון קודש? וואָס זשע? קלויבסט זיך ווערן אַ רביצען צו אפשר חתונה האָבן פאַר אַ רב?

לייגט מיר מיין טעכטערל אַוועק אַ לעקציע וואָס איז אַזוינס העברעאיש! זי ווייסט שוין אפילו, אַז אין פּופּציק יאָר אַרום, וועלן אַלע אידן קאָנען רעדן העברעאיש! ניט נאָר די אידן פון מדינת ישראל — נאָר אויך פון... גלות!

זע איך, אַז מיין טעכטערל איז שוין אַ ביסעלע ווייט פאַרקראָכן! טראַכט איך מיר: — לאָמיר זיך מיט איר אַ ביסל דורכשמועסן! געב איך זי, אַזוי, אַ פרעג: —

זאָג מיר נאָר טעכטערל. מיט וואָס ביסטו אין „גלות"? האָבן אַ טוץ זיידענע און וואָלענע קליידלעך, האָבן צוויי פוטערנע מאַנטלען און דווקא פון די טייערסטע, האָבן אַ טוץ פּאָר שיך פון אַלע קאָלירן און צוגעפּאַסט צו אַלע קליידלעך, האָבן אַ טוץ האַנט-בייטלען פון דעם בעס־טן לעדער! דאָס אַלעס, הייסט... זיין אין גלות?..

נו! נו! וואָלט איר שוין געמעגט הערן וואָס פאַר אַ שפּראַך מיין טעכטערל האָט מיר אַוועקגעלייגט! געמעגט הערן אַ לשון! ווי האָט זי זיך עס אויסגעלערנט? אין אָט יענעם קלוב! דאָרט, וואו עס קומען זיך צענויף די „בחורים און בחורות" און מען זינגט און מען טאַנצט אַ קאַראַאָוד און מען האָרעוועט און מען ווערט פאַרשוואַרצט ווי די ערד!

איך האָב שוין געוואָלט כאַפּן צוריק! איך האָב געמיינט אַז עס איז אַ קלוב וואוהין עס קומען זיך צענויף אידישע אינגלעך מיט מיידלעך, מען באַקענט זיך און מיט דער צייט... שפּאָרט מען אָפּ אַ לייטישן חתן פון אָט דעם קלוב! מען וואָרפט אָן אויג אויף אַ אָרים סטודענט'ל, מען העלפט אים „ענדיקן" און דערנאָך, האָט מען אַ פאַרטיקן דאָקטאָר! לאָזט זיך אויס, אַז זי רעדט מיר גאָר עפּעס אַ טערקיש! זי קאָן עטלעכע לשון קודש'דיקע ווערטער, פאַרקרימט זי אַזוי די עברי, אַז מען פאַר־שטייט קיין וואָרט ניט! וואָס איז? דאָרט, אין ישראל, רעדט מען אַזוי!

טענה איך מיט איר: — ערשטנס, איז טאַקע אַ עוולה וואָס דאָרט האָט מען גענעמען דעם שיינעם, הייליקן לשון קודש און מען האָט אים פאַר... אַראַבעוועט, פאַר'תימנעוועט און געמאַכט פון אים אַ אויס־שפּראַך, וואָס בלויז אַ קליינע טייל פון דער באַפעלקערונג קאָן נאָכ־

רעדן! צוזייטנס: — וואָס דאַרפסטו נאָכרעדן ווי אַזוי זיי רעדן דאָרט! דו — לעבטסט דאָך, דאָ!

אַ גוּ טרעפט, וואָס מיין טעכטערל ענטפערט מיר?

ווער זאָגט דיר אַז איך לעב דאָ? ווי גאָר איך וועל באַקומען אַ דיפּלאָם, אַז איך האָב געענדיקט די הכשרה — אַזוי פאָרן מיר תיכף אַרויס אַהין און מיר וועלן פאַרנעמען אונזער פּלאַץ דווקא נעבן דער גרעניץ וואו דער שונא איז! איך לערן זיך אויך שיסן מיט אַ ביקס און וועל דאָס איבעריקע... דאָרט דערענדיקן!...

דעם אמת אייך זאָגן? — איך האָב ניט געוואוסט צו איך זאָל זיך צעלאַכן פון מיין קינדס פּלאַפּלעריי צו איך זאָל זיך גאָר צעוויינען, וואָס מיין קינד, מיין איינציק אויג אין קאָפּ, איז אַוועק אויף אַ שלעכטן וועג און ווער ווייסט וואוהין זי וועט נאָך פאַרקריכן?... איך בין פּשוט געוועזן דעספּאַריענטערט! איך האָב ניט געוואוסט ווי אַזוי צו האַנדלען! איין זאַך האָב איך יאָ געוואוסט: — מען דאַרף גיין מיט איר מיט גוטן! מיט שלעכטן — וועל איך גאָרניט פּועלן! זי איז אַ עקשן און האָט אַ סך איינגליבע! אויב איך וועל סקאַנדאַלעווען, איך וועל שרייען — וועט עס נאָך ערגער מאַכן! זי איז פּעאיק אַ מעשה זיך אַנטון!

איך האָב אָנגעהויבן אויספּרואוון אַ מיטל — דער מאַמעס טרערן! איך האָב זיך בּאַראַטן מיט מיין פרוי און מיר האָבן אָפּגעמאַכט, אַז די פרוי מיינע זאָל „ווערן קראַנק". זאָל זיך אָנהויבן קלאָגן אויף פאַרשי־דענע טיילן פון קערפּער! די „לעבער", „רעומאַטיזם", „דאָס האַרץ", און סתם קראַנק! מיר זענען געווען זיכער, אַז אונזער טעכטערל וועט ניט טראַכטן פון איבערלאָזן איר מוטער, איר בעסטע חבר'טע אין בעט אַ קראַנקע און אַליין וועט זי אַוועקפאָרן — ווי אַזוי זי פלעגט זאָגן — „אויפבויען דעם וויסטן נגב"! איך האָב אָנגעהויבן ברענגען דאָקטוירים אַהיים! איינעם האָב איך אויסגעזאָגט דעם אמת... אַ צווייטן האָב איך גאָרניט געזאָגט און ער האָט אויסגעפונען אַז מיין פרוי האָט טאַ־קע עטלעכע קרענק... אַ דריטער האָט גערעדט פון פאָרן אין די וואַ־רימע בעדער און אַ פערטער האָט גאָר גערעדט פון... אָפּערירן זיך! מיין טעכטערל איז געווען אין צימער ווען די דאָקטוירים האָבן באַ־האַנדלט די קראַנקע, זי האָט געהערט וואָס די דאָקטוירים זאָגן, און האָט געגעבן דער מוטער די בעסטע עצה: —

זאָל זי פאָרן מיט איר קיין „ארץ" — וועט זי דאָרט פאַרגעסן אין אַלע שלאַפקייטן און אין אַלע ווייטיקן! דאָרט, אין „ארץ", זענען פאַ־ראַן וואַסערן וואָס היילן אויס פון אַלע קרענק!

איך מאַכן בקיצור: — די אַלע חכמות אונזערע האָבן ניט גע־

האָלפֿן! מיין טעכטערל האָט שוין דעם „דיפּלאָם", אַז זי קאָן שוין „אויפֿבליִען דעם נגב", אַז זי מעג פֿאָרן פֿאַרשוואַרצט ווערן אין „ארץ", און אין אַ טאָג, האָט זי אונז געמעלדעט, אַז זי, מיט אַ גרופּע פֿון זעכצן „בחורים" און „בחורות", פֿאָרן אָפּ, דעם און דעם טאָג, מיט דער און דער שיף! זי דאַרף אפֿילו ניט אונזער געלט אויף הוצאות, ווייל די „פּאַרטיי" צו וועלכער זי געהער, גיט זיי אויף הוצאות!...

יענער טאָג איז געווען תשעה באב ביי מיר אין שטוב! די מוטער האָט געחלש'ט, זיך געריסן די האָר פֿון קאָפּ און מיין טעכטערל? — גלייך ווי ניט זי מיינט מען! זי האָט אונז בלויז צוגעזאָגט איין זאַך: —

זי וועט זיין אין „ארץ" דריי חדשים. אויב עס וועט איר געפֿעלן און זי וועט זיך קאָנען „איינוואָרצלען" אין לאַנד און אין דער סביבה — בלייבט זי דאָרט און עס איז אַרויסגעוואָרפֿן אונזער געוויין און אונזערע באַמיאונגען זי אָפּצוהאַלטן פֿון איר שריט! אויב, אָבער, חלילה וחס, זי וועט דאָרט ניט קאָנען זיין — קומט זי צוריק! זי וועט אונז מעלדן, אַז מיר זאָלן איר שיקן אויף הוצאות!..

דערהערט אַזעלכע ווערטער — איז אונז געוואָרן לייכטער אויף דער נשמה! הייסט עס, אַז עס איז נאָך דאָ אַ האָפֿענונג זי זאָל זיך אומקערן! אַ גרויסע האָפֿענונג! מיר זענען געווען זיכער און איבערצייגט, אַז זי וועט זיך דאָרט ניט אַריינפּאַסן אין די אומשטענדן אין וועלכע מען לעבט דאָרט. מיר האָבן געקאָנט אונזער טעכטערל, וועלכע איז דערצויגן געוואָרן אין גרויסע באַקוועמלעכקייטן, ווען די דינסט האָט צוגעטראָגן דעם איבערבייסן אין בעט אַריין, מיר האָבן זי גוט געקאָנט! מיר האָבן אויך געוואוסט און געהאַט ידיעות פֿון שווערן לעבן אין די קבוצים, פֿון דער שווערער אַרבעט דאָרט און מיר האָבן געמאַכט אַ חשבון, אַז ביז דעם ערשטן חדש וועלן מיר באַקומען פֿון איר אַ בריוועלע וואָס וועט האָבן בלויז איין וואָרט: — ר אַ ט עו ו ע ט!

מיר האָבן אונזער טעכטערל אַרויסבאַגלייט צו דער שיף! מיר האָבן איר מיטגעגעבן אַ סך זאַכן וואָס מיר האָבן געוואוסט, אַז עס וועט איר דאָרט צענויץ קומען! זי האָט אַלעס גענומען באהבה. נאַרישקייטן! וואָס מער מיר האָבן איר געגעבן — אַלץ מער האָט זי געבעטן! ערשט שפּעטער, פֿון דער שיף, ווען מיר האָבן באַקומען דאָס ערשטע בריוועלע אירס, האָט זי אונז געשריבן, אַז די אַלע זאַכענישן, די קאָלדרעס און דאָס בעטגעוואַנט, די אַלע קאַסטנס עסנוואַרג, האָט זי באַלד איבערגעגעבן דעם „ראש" פֿון זייער גרופּע, אַלס אייגנטום פֿון דער גאַנצער גרופּע!...

איך האָב איר באַלד געשריבן אַ בריף, אַז עס אַרט מיך ניט! נאָר

וואָס דען? ווען זי וועט אַוועק פון קבוץ און פאָרן צוריק אַ היים, זאָל זי פאָדערן צוריק איר בעטגעוואַנט און אַלע ליילעכער און ציכלעך, ווייל אַזעלכע טייערע זאַכן זענען דאָ, גאָר ניט בנימצא!...

וואָס זאָל איך אייך דערציילן! זיי זענען בשלום אָנגעקומען אין „ארץ". עס קומט מיר אָן איין בריף, אַ צווייטע בריף! זי איז אויפן זיבעטן הימל! אויפן דריטן מאָנאַט קומט אונז אָן אַ בריף און זי בעט אונז מען זאָל איר אָפּגעבן... מזל טוב! מיינען מיר: — ווער ווייסט? אפשר האָט זי שוין געכאַפּט עפּעס אַ „בחור" און וועט מיט אים קומען אַ היים און איך וועל זיי דאָ גוט איינאָרדענען! פאַרט אַ איינציק קינד, איין אויג אין קאָפּ! ערשט — עס הייבט זיך ניט אָן! דעם מזל טוב דאַרפן מיר איר אָפּגעבן, ווייל... זי גייט שוין אַרויס באַנאַכט אויף „שמירה"! וואָס עס הייסט? — ווייסט איר דאָך: — מען טוט איר שוין אָן אַ ביקס אויף די פּלייצעס און זי שטייט ערגעץ אויף אַ בערגל ביי איר קבוץ און היט, אַז אַ מחנה אַראַבער, זאָלן ניט וועלן אַריינדרינגען אין קבוץ! זי באַשרייבט מיר, אַז לעצטנס האָבן זיך באַוויזן אַ סך אַראַבישע באַנדיטן, גנבים, און גלאַט וואַגאַבונדן, וואָס גנב'ענען זיך אַריין אין די קבוצים און שלעפּן פון דאָרט אַרויס אַ שעפּעלע אָדער אַ בהמה אָדער סתם עפּעס וואָס האָט אַ ווערט. נו, דאַרף מען שטרענג היטן, און זי, מיין טעכטערל, מיין סולעמיטאַ, איז איינע פון די היטערנס! זי — דער גרויסער העלד מיינער וואָס אַ שטאַרקער הייזי קאָן זי פאַרטראָגן אין דער מדבר אַריין, זי, שטייט אויף אַ בערגל, מיט אַ ביקס אין דער האַנט און אויפן אַקסל אָנגעהאַנגען אַ „גאַרטל" מיט פּוליעס און זי, דאַרף עס אָנהויבן שיסן אויף די אַראַבער!..

ווען מיין אידענע האָט דאָס איבערגעלייענט האָט זי דאָס ערשטע אַ ביסעלע... געחלש'ט! פאַרט אַ אידענע! זי מיינט, אַז מיט חלש'ן קאָן מען עפּעס העלפן! ביי איר חלש'ן און ביי מיר אויסרויכערן אַ פּאַפּיראָס, איז אַלץ איינס! אַלזאָ נאָכן אָפּחלש'ן, האָט זי מיר באַפוילן: —

איך מוז פאָרן קיין „ארץ" און סולאַמיטן ברענגען ביי די צעפּ! זי וויל ניט וויסן פון גאָרניט! אויב עמיצן גלוסט זיך האָבן אַ אידישע מלוכה — זאָלן זיי אַהין פאָרן אָדער שיקן זייערע קינדער! זי, מיין אידענע, וויל ניט מקריב זיין איר איין איינציק טעכטערל אויפן קרבן פון אַ אידישער מלוכה! זי האָט צייט צו וואַרטן אויף... משיח'ן!

איך האָב געזען, אַז עס וועט מיר גאָרניט העלפן! האָב איך גענומען מאַכן פּאַפּירן און זיך קלויבן אין וועג אַריין! איך האָב, אָבער, אויך באַשטימט מיטנעמען מיין אידענע מיט זיך! טאָמער מוז איך

קומען „מיט ליידיקן”, זאָל זי ניט מיינען, אַז איך האָב ניט געקאָנט אויס-
ווירקן ביי איר, אַז ווען ז י איז דאָ — ברענגט זי זי צוריק!..

פונקט צו די זעקס חדשים וואָס מיין טעכטערל איז אָנגעקומען אין
קבוץ — זענען מיר — איך מיט מיין פרוי, אָנגעקומען קיין תל אביב!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אונדזער מיטשמועסער ווישט זיך מיט זיין טיכעלע דעם שטערן.
עס איז אים שווער פאַרצווזעצן זיין געשפרעך. ער שמייכלט אונטער
צוביסלעך און זעצט פאָר:

ווען מיר האָבן געשטעלט אונזערע פיס אויפן ארץ ישראל באָדן
איז אונזער הארץ, אונזער מוח, אונזער גאַנצער וועזן, געווען פול מיט...
שנאה צו אָט דעם לאַנד וואָס איז געקומען אויף אונזערע יאָרן, וואָס וויל
ביי אונז צורויבן אונזער איינציק קינד, אָנטון איר אַ ביקס און שיקן
שיסן אַראַבער! ווי אויף צעפּיקעניש — האָבן מיר באַלד, אין דער
אַדוואַנאַ, געהאַט שוועריקייטן! מיר האָבן באמת, אַ חוץ אונזער פּעקל
צרות — גאָרניט געפירט! וואָס זאָלן מיר פירן אַהין — אַז מיר קומען
גאָר א ר ו י ס פ י ר ן פון דאָרט!... דאָך, האָט מען אונז אויסגעטון
נאַקעט און מען האָט געזוכט אין אונזער אונטערוועש! איך האָב גע-
ברענט פאַר כעס! עס האָט מיר אָבער, הנאה געטון וואָס זיי וועלן בלייבן
מיט אַ „נאָז”! איך האָב געוואָלט זען וואָס וועט זיין דער סוף ווען זיי
וועלן גאָרניט געפונען! איך בין געווען זיכער, אַז זיי וועלן זיך אַנט-
שולדיקן פאַר אונז!

נו, האָבן זיי געענדיגט זוכן, גאָרניט געפונען, גאָרניט געזאָגט און
זיך אונז געהייסן גיין! דאַן האָב איך און מיין פרוי געגלויבט, אַז זיי
ווייסן, מן הסתם, אַז מיר זענען געקומען אַ היים נעמען אונזער קינד,
צונעמען ביי זיי אַ סאָלדאַט, נו, טוט עס זיי וויי, האָבן זיי זיך אָפּגע-
נוקמט אין אונז ביי דער רעוויזיע אין דער אַדוואַנאַ!

ווען מיר האָבן עס דערציילט אונזער טעכטערל, וואָס איז געשטאַ-
נען ביים פּלויט און געוואַרט אויף אונז, האָט זי געלאַכט פון אונז! זיי
זוכן קאָנטראַבאַנד, ווייל אַ סך אויסוואַנדערער — אַזוי זאָגט זי — פירן
אַריין סחורות און רואינירן א ו נ ז ע ר מדינה! איר הערט דבורים? —
א י ר מ ד י נ ה! זי האָט שוין דאָרט אַ גאַנצן חלק! גאַנצע זעקס
חדשים האָרעוואַניע!...

איך קוק אויף מיין טעכטערל און... דערקען זי ניט! גאָט מיינער!
ווי זי איז האָט זיך פאַרענדערט! ווי שיין זי זעט אויס! ווי שוואַרץ איר
הויט איז און ווי עס פּאַסט איר, אָט, דאָס אָפּגעברענטקייט! איך קוק
זיך צו צו איר און גלויב ניט מיינע אויגן:

קורץ געשוירן, כמעט, ווי אַ אינגל. גייט אָנגעטאָן אַ כאַקי-בלוזע מיט אַ פּאָר קורצע הייזעלעך און אירע שיך? גאָט מיינער! זי פלעגט דאָך טראָגן אָפּצאַטן, זענען זיי געווען פופצן סענטימעטער די גרויס! דאָ, גייט זי אין אַ פּאָר סאַנדאַלן, און די פינגער פון די פיס שטעקן אַרויס!

די פינגער פון די פיס? שעה'ן ווייז, האָט זי געפאַרבט די נעגל פון די פיס! עס פלעג מיר ווערן שלעכט אויפן האַרצן ווען איך האָב געזען ווי אַזוי זי פאַרבט די נעגל פון די פיס! עס פלעגט אָנכאַפּן אַ עקל! און דאָ? — אָן אַ סימן פאַרב! ניט אוי די נעגל און ניט אויף די ליפּן! נו טראַכט איך — אַ שטיקל נקמה — שוין דערלעבט!...

אָנקומענדיק קיין „ארץ", האָבן מיר געהאַט באַשלאָסן צו וואוינען אין תל אביב און פון דאָרט, צופאָרן אין קבוץ פון אונזער טעכטערל, זיך זען מיטן עלסטן און ביי אים פועלן, אַז ער זאָל באַפרייען אונזער סולאַמיטאַן! איך האָב אפילו געטראַכט צו באַצאָלן פאַר אָט דער פריוווילעגיע פון אָפּנעמען דאָס קינד. זאָל זיך דיר דאַכטן — פלעג מיר זאָגן מיין אידענע, אַז עס איז אַ בחור — ניט קיין מיידל — און זי דינט ביי „פּאַניען" און מען דאַרף אים ראַטעווען פון פריזיוו! איך האָב באַשלאָסן, פאַרצולייגן דעם ראש פון קבוץ, אַז איך וועל אויף מיין חשבון זיי אויסטרויען עפּעס אַ געביידע — מיין טעכטערל האָט מיר געשריבן, אַז עס פעלט זיי אַ ביבליאָטעק-צימער און אַ עלעקטרישע וואַש-מאַשין — נו, וועל איך זיי באַשטאַטן מיט ביידע זאַכן, אַבי ער זאָל מעלדן מיין טעכטערל אַז זי דאַרף פאָרן אַ היים!...

מיר מעלדן אונזער קינד, אַז מיר וועלן בלייבן וואוינען אין שטאָט. לאַכט זי פון אונז! זי איז געקומען אַ הער מיט אַ „בחור" פון קבוץ מיט אַ גרויסן קאַמיאָן און מען וועט אונז איינקוואַרטירן אין קבוץ! אויב אונז וועט ניט געפעלן — וועלן מיר דאַן מעגן פאָרן וואוהין מיר ווילן!

מילא, זאָל זיין אַזוי! מיר זעצן זיך אויף אויפן קאַמיאָן און — אירט זיך גאָרניט גלויבן! מיין „מויד" זעצט זיך ביים רעדן פון קאַמיאָן און זי טרייבט אָן, ווי אַ געבוירענער שאָפער! מיר — איך און מיין פרוי, זענען דערשטוינט געוואָרן! וואו האָט זי זיך אויסגעלערנט אָט די תורה! און ווי גוט זי טרייבט דעם קאַמיאָן! דער בחור זיצט נעבן איר און זיי רעדן לשון קודש! זיי רעדן אַ ז ו י , אַז איך פאַרשטיי קיין וואָרט ניט! ראָס, רעדן זיי, אויף דער ספאַרדישער אויסשפּראַך! ווען זיי רעדן אַ פּשוטן לשון קודש ווי איך האָב געלערנט אין דער היים ביי זאַנוויל מלמד — וואָלט איך, אפשר, פאַרשטאַנען וואָס זיי בעבען דאָרט!

מיר קומען אָן אין קבוץ. אַ גאַנצע כאָפּטע פון אינגלעך מיט מיידלעך, אָנגעטון אין קורצע הייזעלעך, שטייען ביים טויער, ביים אַריינ-

פאַר אין קבוץ און וואַרטן אויף אונז! עס שטייט אויך ביים טויער אַ יונג בחור׳ל מיט דער מאַמעס מילך אויף די ליפּן און ער טראָגט אויף זיך אַ ביקס און טאָמער איז אים ווייניג די ביקס — טראָגט ער אין דער זייט האַנט-גראַנאַטן, טאָמער — ווי אַ זאַך מאַכט זיך — מען דאַרף אַ וואָרף טון!...

ביים אַריינפאָרן אין טויער אַריין נעמט מען אונז אויף מיט דריי מאָר אויסשרייען: — הידד! דאָס הייסט, אַ מין — „הוררא!", און נאָך איידער מיר האָבן צייט זיך אַרומקוקן וואו מיר זענען — שטייען מיר שוין אינמיטן און די חברה — אַרום אונז — טאַנצן אַ „הורא", אַ טאַנץ אַ ז אַ! נאָכן אָפּטאַנצן, גייען אַלע צו צו אונז, געבן אונז אָפּ אַ ברייטן שלום עליכם און דערנאָך ווייזט מען אונז וואו אונזער צימער געפינט זיך...

— — — — — — — — — — — — — —

איך בין געפאָרן קיין ארץ ישראל מיט שלעכטע געדאַנקען! איך האָב אפילו געטראַכט צו באַגיין אַ ווילדקייט! זיך אַריינכאַפּן אַהין אין פאַר-לאַמענט — אין כנסת — און ה ו י ך, אויפן קול, אויסשרייען מיין פּראָטעסט וואָס מען האָט פאַרנאַרט אַהער מיין איינציק קינד און מען שיקט ז י, באַנאַכט, מיט אַ ביקס אין דער האַנט, זיך שלאָגן מיט ווילדע אַראַבער! איך האָב געהאַט געמאַכט פּלענער זיך ווענדן צו די דאָרטיקע רבנים, צו די דאָרטיקע גדולי הדור, אפילו זיך דערשלאָגן צו בן גוריונען און אים בעטן ער זאָל מיר אָפּגעבן צוריק מיין קינד!...

נאָכן אָפּזיין זעקס וואָכן אין קבוץ און נאָך דעם ווי מיר — איך און מיין פרוי — זענען אויסגעפאָרן דאָס לאַנד אין דער לענג און אין דער ברייט און דער עיקר — נאָך דעם, ווי איך האָב געזען, וואָס זיי האָבן געמאַכט פון מ י י ן קינד — האָב איך געביטן מיין מיינונג! איך האָב טאַקע געזוכט צו טרעפן זיך מיט די גדולי הדור, איך האָב טאַקע גע-פּרוואווט צו האָבן אַ זעאונג מיט בן גוריונען, אָבער — ניט אויף צו קריגן זיך מיט זיי, ניט אויף צו שעלטן זיי — נאָר אויף צו בענטשן! בענטשן און קושן זיי אין די הענט!

איך האָב געזען וואָס דער קבוץ האָט געמאַכט פון מ י י ן קינד און פון צענדלינגער אַזעלכע קינדער ווי מיינע! קינדער, וואָס וואָלטן אין גלות פאַרפרעמדט געוואָרן, אַסימילירט געוואָרן, פאַרטאַנגעוועט און פאַר בוגי-בוגיוועט געוואָרן! דאָרט, אין קבוץ, זענען זיי געוואָרן פולשטענדיקע מענטשן און פולשטענדיקע אידן! איר מעגט זען מיט וואָס פאַר אַ פרייד זיי שטייען אויף פאַרטאָג צו גיין צו דער אַרבעט און מיט פאַר אַ פרייד — זיי קומען פאַרנאַכט פון זייער אַרבעט! מען מעלקט די בהמה און מען זינגט! מען שערט די שאָף און מען זינגט! מען גראָבט

אַ גרוב און מען זינגט! מען האַלט אין איין זינגען און אין איין טאַנצן!

ניט איינמאָל בין איך געשטאַנען און באַטראַכט ווי מיין טעכטערל אַרבעט! איך האָב מיינע אויגן ניט געוואָלט גלויבן! הזאת נעמי? אַט דאָס איז מיין סולעמע? אַט דאָס איז מיין קינד וואָס איז געשטאַנען שעהנ׳ווייז ביים שפּיגל און זיך געפּוצט די ברעמען, אָדער געפּוצט די נעגל! אַט דאָס איז מיין קינד ביי וועמען מען האָט געדאַרפט האַרע־ווען ביז זי האָט גענעמען אַ טראָפּן מילך אין מויל אַריין אָדער אַ לעפל יויך אָדער גאָר אַ פּולקעלע! גאָט מיינער! גיט נאָר אַ קוק ווי זי זעט אוים! גיט נאָר אַ קוק ווי זי עסט! גיט נאָר אַ קוק ווי זי „ראַנגלט" זיך מיט אַ בחור און... וואַרפט אים אום ווי אַ קלאָץ!

איינמאָל, בין איך באַנאַכט אַרויסגעגאַנגען פון מיין צימער. איך האָב ניט געקאָנט שלאָפן. און, אַזוי ווי איך האָב געוואוסט, אַז מיין סו־לאַמיטאַ איז היינט „דיזשורנע" ביים טויער פון קבוץ, האָב איך גע־טראַכט, איך וועל זיך דורכגיין צו איר, זיך אַוועקזעצן נעבן איר און מיר וועלן אַ ביסעלע שמועסן!

דער וועג איז געווען אַ ביסעלע אַ לענגלעכער! זי איז געשטאַנען אויף איר פּאָסטן, עט ווייט! און, ווי נאָר איך דערנענטער זיך צו איר, הער איך ווי זי שרייט אוים עפּעס: — פריער אין העברעאיש און דער־נאָך אין אַראַביש! געב איך אַ געשריי: — ס׳איז איך, סולאַמיטאַ! מיין „סאָלדאַט" שטעלט אָן אויף מיר איר ביקס און רופט אוים: —

טאַטע! בלייב שטיין! איין טריט מער זאָלסטו ניט געבן! איין טריט ניט מער, ווייל... איך וועל שיסן!

וויל איך מיט איר אָנהויבן רעדן, איר דערציילן, אַז עס שלאָפט זיך מיר ניט, אַז איך וויל אַביסעלע מיט איר שמועסן! זי האַלט זיך ביי אירן: —

טרעט אָפּ אויף צוריק! איך וועל שיסן!...

נו! איר פאַרשטייט דאָך אַליין, אַז איך האָב געמוזט אַ היים גיין! צעמאַרגנס, האָט זי מיר אָפּגעשפּילט די אמת׳ע חתונה! ס׳הייסט איך גיי באַנאַכט אויף די געפערלעכע ערטער! ווען אַן אַנדערער אָדער אַנ־דערע שטייט אויף איר פּלאַץ — וואָלט איך שוין היינט געליגן אין שפּי־טאָל מיט אַ דורכגעשאָסענעם פוס!...

---

מיר זענען אָפּגעווען אין ישראל קנאַפּע צוויי חדשים! מיין פרוי איז... געבליבן אין ישראל! און איך בין געקומען אַהער ליקווידירן מיינע געשעפטן און אויך אַרויספאָרן אַהין! איך זאָג אייך דעם אמת! עס ציט אונז ניט קיין ישראל בלויז אונזער טעכטערל. וועלכע איז

שוין אַ פאַלנע „סאַבראַ״. אונז ציט אַהין... דאָס אידישע לעבן! די אי־דישע לופט!

אמת. דאָרט ווערט נאָך באַגאַנגען גרויסע נאַרישקייטן און גרויסע עוולות קעגן יחידים און קעגן גאַנצע גרופּעס! דאָרט הערשט אומגע־רעכטיקייט אין אַ סך אַפּיסינאָס און אין אַ סך מיניסטעריומס! דאָס ערגסטע וואָס איך האָב באַמערקט, איז דאָס גדלות, דאָס נאַרישע גדלות פון די דאָרט־געבוירענע יונגוואַרג און אויך פון די יעניקע וועלכע וואוי־נען דאָרט אַ פּאָר צענדלינג יאָרן און — לויט זייער חשבון — קומט זיי, און בלויז זיי — דער דאַנק פון אויפקום פון מדינת ישראל! זיי פאַרגעסן, אַז ווען ניט דער גלות, וואָס האָט זיי יאָרן און יאָרן געשיקט טויזנטער מיליאָנען דאָלאַרן און אויסגעקויפט די ערד און מעגלעך גע־מאַכט, אַז זיי זאָלן זיך דאָרט קאָנען איינאָרדענען — ווען ניט דער גלות — וואָלט קיין מדינת ישראל ניט געווען! זייער גדלות פאַרשטעלט זיי די אויגן און דערפוןליידן אַ סך נייע עולים!

אמת. איך האָב באַמערקט אַ שטילע מלחמה — כ׳וואָלט אפילו גע־זאָגט אַ „פּאָגראָם־העצע״ קעגן דער אידישער שפּראַך און קעגן אַלעם וואָס דערמאָנט אין אידיש! אָבער, איך גלויב, אַז מיט דער צייט וועט אַלעס פאַריכט ווערן און מדינת ישראל וועט אַרויף אויפן גלייכן וועג און וועט ווערן אַ... מ ד י נ ת י ש ר א ל! אַ מדינה פאַר גאַנץ ישׂ־ראל — וואו אַ איד וועט זיך נאָך געפונען! און, אונזער פליכט איז: — ניט אַרויסרייסן אונזערע קינדער צוריק אין גלות אַריין — נאָר — ווער עס קאָן — זאָל מיטפאָרן מיט זיי, אַהין!

איך, אַלנפאַלס, וועל אַזוי טון! איך, וועל גיין מבית לבית, מעיר לעיר, און שרייען אין די גאַסן:

אידן! שיקט אייערע קינדער, פאָרט אויך מיט זיי, און בויט, העלפט בויען דאָס אידישע לאַנד! שפּעטער וועט אייך באַנג טון פאַרוואָס איר זענט ניט געווען צווישן די בויער!...

— ב —

און איצט — ווען מיר אייך פאַרשטעלן אַ צווייטן אידן וואָס איז א ו י ך געפאָרן קיין מדינת ישראל, ער איז געפאָרן אין אידישן לאַנד אַריין, אָבער — מיט גאָר אַ פאַרקערטן מיין: — ער איז געפאָרן אַהין אויסקלויבן פאַר זיך אַ פּלאַץ אויף צו באַזעצן זיך, ער איז געפאָרן אַהין, צו קושן די ערד פון דעם הייליקן לאַנד און עס העלפן באַארבעטן! ער איז געפאָרן אַהין ווייל ארץ ישראל איז... ז י י נ ס! ער האָט עס

אויסגעחלומט און אויסגעטרוימט אלע זעכציק יאָר וואָס ער איז אַלט! ער האָט געהאָלפן בויען ארץ ישראל, געטראָגן ציגל צו ציגל, כאָטש ער איז דאָרט אַליין קיינמאָל ניט געווען! ער האָט געמאַכט אַ פאַרמעגן אין „גלות" און עס אַוועקגעפירט צו זיך, קיין ארץ ישראל! און איצט איז ער דאָ צוריק און... שילט! ער האַלט אין איין שילטן און שיקט זיינע קללות אויף די קעפ פון...

ניין! מירן אים אַליין לאָזן דערציילן!...

— — — — — — — — — — — — — —

.... זינט איך שטיי אויף מיינע פיס — איך בין שוין אַ בן ששים — געדענק איך זיך אַלס ציוני! מיין פאָטער זכרונו לברכה, איז געווען אַ לערער אין אונזער שטעטל און האָט געהאַט אַ שם אַלס איינער פון דער גרופע חובבי ציון, אַלס איינער פון די אָנפירער פון דער באַוועגונג „בילו". אויך מיך האָט ער דערצויגן אין זיין גייסט און ער האָט געהאָפט אַז איך וועל אַ מאָל פאָרן קיין ארץ ישראל און זיך באַזעצן דאָרט. זיין חלום איז אויף האַלב מקוים געוואָרן! געפאָרן — בין איך טאַקע! אָבער, באַזעצן זיך — דאָס האָב איך ניט געטון און איך גלויב ניט אַז פאַר די נעקסטע צען יאָר וועל איך עס טון!...

ווען איך בין שוין געוואָרן אַ גרויסער, בין איך געווען דער ערשטער אין אונזער שטעטל וואָס האָט מיט פייער און ברען אָנגעפירט ציוניסטישע ארבעט! איך בין געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער יוגנט-גרופּע וואָס האָט זיך ביי אונז גערופן „צעירי ציון", און מיר האָבן געטון ממשותדיגע ציוניסטישע ארבעטן: — אָרגאַניזירט ציוניסטישע יוגנט-קרייזן, געזאַמלט געלט פאַר ארץ ישראל-פאָנדן און אויך געשיקט חלוצים קיין ארץ ישראל.

אינמיטן פון מיין אַקטיווער טעטיקייט — איז אָנגעקומען די רוסישע רעוואָלוציע וועלכע האָט פאַרכאַפּט אַ טייל פון אונזער יוגנט און די אַנדערע טייל איז פאַרפאַלגט געוואָרן! איך בין געווען איינער פון די ערשטע קרבנות. איך בין געווען אַרעסטירט און עס האָט געהאַלטן דערביי אַז איך זאָל אַנשפאַרן אין סיביר... עס האָט מיך געקאָסט אַ היבשע סומע כאַבאַר — דער הויפּט פון טשעקא האָט די אַפּויטיקע אַליין גענומען — מען האָט מיך באַפרייט און איך האָב זיך איבערגעפּעקלט איבער דער גרעניץ מיט ווייב און קינד און אַפילו אַ טייל פון מיין פאַרמעגן!..

פון ערשטן טאָג אָן וואָס איך האָב באַטראָטן די נייע וועלט — האָב איך, אַקטיוו, געאַרבעט פאַרן ציוניזם! איך בין געווען דער ערש-

טער צו זאַמלען פאַרן קרן היסוד! איך בין געווען דער ערשטער צו זאַמלען פאַרן קרן קימת! און איך בין געווען דער ערשטער צו וועל־כער עס איז אַרבעט פאַרן ציוניסטישן געדאַנק! דעמאָלט, אין יענע יאָרן, האָבן מיר נאָך ניט געהאַט קיין אנונג, אַז בימינו, אין אונ־זערע יאָרן וועלן מיר נאָך דערלעבן צו זען אויסגעבויט אונזער לאַנד און אויפגעשטעלט אַ אידישע מדינה! מיר האָבן געאַרבעט, אַזוי צו זאָגן, לשמה! פאַר אונזער אידעאַל!

איך דאַרף אייך ניט דערציילן, ווי שווער עס איז געווען צו אַר־בעטן! מיר — די אַלע ציוניסטן אָן קונצן און אָן חכמות, האָבן מיר באמונה שלימה, געגלויבט, אַז מיט געלט, מיט אַ סך געלט, וועלן מיר צוביסלעך אויסקויפן ארץ ישראל פון די אַראַבערס הענט! מיר — אַלנ־פאַלס אַזעלכע אידן ווי איך — בין געווען איבערצייגט, אַז ווען איך קריג ביי אַ אידן נאָך אַ הונדערטער פאַרן קרן היסוד, און מען שיקט דעם הונדערטער אַוועק קיין ארץ ישראל — ראַטעוועט מען אַרויס אַ דונאַם הייליקן באָדן פון פרעמדע הענט און מען גיט עס איבער אין די אידישע הענט, צו די אמת׳ע, היסטאָרישע בעלי הבתים פון לאַנד! דערפאַר, בין איך קיינמאָל ניט געווען מיד, ווען איך האָב געדאַרפט נעמען אַ שותף צו מיין מיסיע, און גיין קלאַפּן אין די טירן פון אידן און זיין אויפאָדערן, זיי בעטן אַ... נדבה פאַר ארץ ישראל! איך האָב זיך ניט מיאש געווען אויב אַ איד האָט מיר ניט געגעבן! עס האָט מיך ניט געאַרט אויב אַ איד האָט מיך אפילו אָפּגעזידלט! איך האָב גע־קלאַפּט פון טיר צו טיר, פון אידיש הארץ צו אידיש הארץ, און ווען איך האָב געקראָגן אַ סומע פאַר קרן היסוד, בין איך געווען גליקלעכער, ווי איך פערזענלעך, זאָל עפּעס האָבן געמאַכט אַ גוט געשעפט און פאַרדינט טויזנטער!...

איך בין שפּעטער אַריין אין אַ ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע! איי־גנטלעך — האָב איך קיינמאָל ניט געזוכט קיין געלעגנהייט צו פיגורירן און צו טראָגן אַ טשין! איך שווער אייך, אַז איך בין געווען פאַרליבט אין מיין הייליקער אַרבעט און געזוכט אַלץ צו טון, ווייל... מען דאַרף טון, ווייל עס איז דער חוב געווען פון יעדן אידן צו טון פאַר ארץ ישראל! איך האָב ניט געזוכט קיין פּאָסטנס וואו מען קריגט כבוד, מען ווערט פאַר׳שיכור׳ט פונ׳ם כבוד און מען אַרבעט דערנאָך שוואַ־כער! איך פלעג שטענדיג זאָגן: — וואָס מער דער ציוני ווערט גרויס אויף זיין פּאָסטן — אַלץ וויניקער אַרבעט ער און ער שיקט אַ צווייטן אַרבעטן! איך האָב עס ניט געוואָלט און בין דערפאַר שטענדיג געווען אויסער די אָפיציעלע אינסטאַנצן...

ווען מען האָט מיר מיט געוואַלט אָנגעהאַנגען אַ „טשין" ווען איך בין געוואָרן אַ עקזעקוטיוו־מיטגליד פֿון מיין אָרגאַניזאַציע — האָב איך געזען, אַז איך טויג ניט פֿאַר מיין פּאָסטן! איך האָב ניט געקאָנט ליידן ווי אַזוי מען גיט אויס אַ ז ו י פ י ל ציוניסטיש געלט אויף גלות־זאַכן! איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף ניט אַזוי פֿיל בעאַמטע און דאָס געלט קאָן מען בעסער אויסנוצן אויף ארץ ישראל־צוועקן! איך האָב ניט געקאָנט ליידן ווי מען גיט אויס געלטער, הייליקע געלטער וואָס מיר זאַמלען מיטן שווייס פֿון אונזער שטערן און מיטן... רעאומאַטיזם פֿון אונזערע פֿיס, און מען נעמט אָט די געלטער און מען גיט אויס אויף ר ײ ז ע ס, אויף ה אָ ט ע ל ן, און אויף אַנדערע זאַכן וואָס מען קאָן זיך באַגיין אָן זיי!... איך פֿלעג פּראָטעסטירן און מען האָט אָנגעהויבן קוקן אויף מיר ווי אויף אַ בטלן, ווי אויף אַ טויגעניכטס! ווען איך זאָל זיין אַ מענטש — וואָלט איך אויך געקאָנט הנאה האָבן פֿון די אַלע זיבן גוטע זאַכן!... אָבער, איך בין ניט געווען קיין „מענטש" איך בין דאָס צווייטע יאָר „אַרויסגעפֿאַלן" פֿון דער עקזעקוטיוו, און בין געוואָרן ווידער אַ פּשוטער און פּראָסטער ציוני! אַ פּשוטער זאַמלער פֿאַר ציון! און ... איך בין געווען צופֿרידן!

די לעצטע עטלעכע יאָר בין איך געווען, ממש, קראַנק. איך האָב ניט געדאַרפֿט אַרבעטן אין מיין פֿאַבריק, ווייל איך האָב זיך געמאַכט שלעכט בלוט און עס האָט מיר געקאָנט קירצן מיינע יאָרן, און אַזוי ווי די פֿאַבריק איז געגאַנגען אָן מיר, בעסער ווי מ י ט מיר, האָס איך געהאַט צייט זיך אָפּצוגעבן מיט מיינע ציוניסטישע אַרבעטן! איך האָב מיין גאַנצע צייט אָפּגעגעבן דער ציוניסטישער אַרבעט! איך האָב געריסן שטיקער! איך האָב זיך געמאַכט שונאים! און צוואָס לייקענען? איך האָב זיך אָנגעמאַכט אויך אַ סך שאָדן אין מיין געשעפֿט! קונים זענען געוואָרן ברוגז אויף מיר, ווייל ווען זיי זענען געקומען עפּעס קויפֿן ביי מיר, האָב איך, דאָס ערשטע, געפֿאָדערט זייער ביישטייערונג פֿאַר ארץ ישראל! אַזוי ווי מען האָט געדאַרפֿט אָנקומען צו מיר, ווייל מיין פֿאַבריקאַציע איז געווען עובר לסוחר, האָט מען געבויגן דעם קאָפּ, געמורמלט אין דער שטיל און געגעבן אַ טשעק פֿאַר ישראל. ד ע ר פֿ אַ ר, האָבן זיי געהאַט אַ... פּריוועליגיע — ניט געהויבן די וועקסלען אין דער צייט און סתם, אויסגענוצט מיין אָפּוועזנהייט אין פֿאַבריק און געטון וואָס זיי האָבן געוואָלט!

געקומען איז אַ צייט, ווען איך האָב געקאָנט קריגן „שכר" פֿאַר מיין אַרבעט! מיין אייביקער חלום, צו זען ארץ ישראל האָט זיך געדאַרפֿט פֿאַרווירקלעכן!' איך האָב באַשלאָסן צו ליקווידירן מיין גרויס

פאַרמעגן, מאַכן אַ סך געלט דערפון, און עולה זיין קיין ישראל! איך וועל דאָרט אויך איינאָרדענען אַזאַ פאַבריקאַציע, עס וועלן אַרבעטן ביי מיר בלויז נייע עולים — פלעג איך זאָגן — איך וועל ברענגען נוצן דעם נייעם לאַנד און אַ ישועה פאַר אַ פּאָר צענדליגג עולים. מיין פרוי איז מיט מיר מסכים געווען. מיינע קינדער — שוין אַלע אויסגע־געבענע און, קין הרע — פאַרמעגלעכע — האָבן מיר ניט געשטערט אין מיין איניציאַטיוו! אדרבא! זיי האָבן מיר צוגעזאָגט זייער הילף! זיי האָבן מיר אפילו צוגעזאָגט... אויך עולה זיין קיין ארץ ישראל, ווען איך וועל זיך שוין האָבן איינגעאָרדנט!

— — — — — — — — — — — — — — —

אונזער מיטשמועסער בלייבט שטיל. עס איז צו זען, אַז עס קומט אים אוים שווער צו רעדן! ער זעצט, אָבער, פאָר.

איך ווייס ניט וואו איך האָב גענעמען אַזוי פיל שכל! מעגלעך, אַז מיין גוטער מזל וואָס פאַרלאָזט מיך ניט, האָט מיר אויך איצט צו־געשפּילט! איך האָב מיין גאַנץ פאַרמעגן... ניט ליקווידירט! איך האָב בלויז פאַרקויפט מיין פאַבריק און אַ שטוב! איך האָב איבערגע־לאָזט אומפאַרקויפט, אַנדערע צוויי הייזער און אייניקע ליידיקע פלע־צער („טערענאָס") וואָס זענען ווערט געווען אַ סך געלט! איך האָב באַשלאָסן איינצואָרדענען דאָרט אַ פאַבריק פון ציגל! און, אַזוי ווי צו אַזאַ מין פאַבריקאַציע, דאַרף מען האָבן גרויסע לאַסט־אויטאָמאָבילן (קאַמיאָנען) האָב איך, פון אַמעריקע, אויסגעשריבן דריי גרויסע לאַסט־אויטאָס און זיי געשיקט קיין ישראל. איך האָב אויסגעשריבן פון דאָרט מאַשינען און אַ גליקלעכער בין איך, מיט מיין פרוי, אָנגעקומען אין מיין אויסגעטרוימטן לאַנד אַריין.

איך זאָל אייך דערציילן מיין עמאָציע, מיין פרייד פון יענעם מאָ־מענט ווען מיר האָבן באַטראָטן די הייליקע ערד? ווי קאָן איך עס אייך דען אויסמאָלן? איך האָב געטון, ווי רבי יהודה הלוי האָט געטון: — איך האָב זיך אָנגעבויגן און געקושט די הייליקע ערד, די ערד פון אונ־זערע אבות, די ערד, וואָס איז געשטאַנען צוויי טויזנט יאָר וויסט און שאַקאַלן זענען דאָרט אַרומגעלאָפן, ביז מיר האָבן ווידער דערלעבט זי צו באַקומען און אויפלעבן.

מיין ערשטע פרייד איז מיר, באַלד, אַביסעלע פאַרשטערט גע־וואָרן! אַריינקומענדיק אין דער אַדואַנאַ, אין מיין אידישער אַדו־אַנאַ, איז די אויפנאַמע געווען... ניט אַזאַ העפלעכע און איינגע־נעמען! דאָס ערשטע, האָט מען מיט מיר ניט געוואָלט רעדן קיין אידיש! — מען האָט מיר געהייסן רעדן אָדער ענגליש, אָדער... דייטש! —

אויב איך קאָן ניט קיין העברעאיש! דערהערט, אַז מען זאָגט מיר אַז די אומריינע שפּראַך, אויף וועלכע עס האָבן גערעדט די אידישע רוצחים, אַז אַט די שפּראַך איז כשר, נאָר מיין שפּראַך, אויף וועלכער איך בין אויפגעצויגן געוואָרן און אויף וועלכער איך בין... געגאַנגען זאַמלען פאַרן קרן היסוד — אַז אַט, די שפּראַך, איז טריף און מען וויל מיר ניט ענטפערן — האָט אין מיר מיין בלוט אויפגעזאָטן! איך האָב זיך אָנגעהויבן אויסטענה'ן, געוואָלט אים דערווייזן, אַז ווען ניט דאָס געלט וואָס איך האָב געזאַמלט און געשיקט אַהין, וואָלט ער, און זיינס גלייכן, דאָרט געפּעכנעט אויפן פּיסק, געפּרוּאווט פּראָטעסטירן — אָבער, עס האָט גאָרניט געהאָלפן! מען האָט מיך בעהאַנדלט ווי אַ... אומציוויליזירטן עולה פון אינדיע אָדער פון תימן, און מען האָט מיין באַגאַזש און מיר אַליין אַזוי דורכגעזיפּט, אַז עס איז אונז קיין גאַנצער אבר ניט געבליבן!... דאָס אַריינעמען מיך און מיין פרוי אין אַ ציי־מערל און דאָס אויסטון אונז נאַקעט, האָט אויף אונז אָנגעוואָרפן אַ מו־רא און עס האָט זיך אונז אויסגעוויזן, אַז מיר זענען ערגעץ ביי דער באָלשעוויסטישער גרעניץ וואו מיר האָבן מיט דרייסיק יאָר צוריק אַזוי איבערגעלעבט...

איך האָב געפּרוּאווט מאַכן אַלעס צו קליין געלט! איך האָב מיין פרוי אויפגעוויזן, אַז אַזוי דאַרף זיין! אַזוי בויט זיך אַ מדינה! איך האָב זיך אַליין געוואָלט אָפּנאַרן! איך האָב ביי זיך באַשלאָסן, אַז איך מוז קריגן אַ אוידיענץ אין די הויכע פענסטער און זיי אָנווייזן, אַז מיט אַזעלכע האַנדלונגען און מיט אַזאַ קבלת פּנים וואָס מען גיט אַ אידן וואָס קומט פון חוץ לארץ, פאַרלירט מען דעם אַפּעטיט צו בלייבן אין ישראל און מען וויל אַנטלויפן פון דאָרט וואָס פריער!...

אָבער! ניט אין דער אַדוואַנאַ האָבן זיך געענדיגט מיינע צרות אין מיין לאַנד! עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געשיכטע מיט די קאַמיאָנען, מיט די מאַשינען, מיט דער דערלויבעניש אויף דער פאַבריק! איך האָב זיך דערוויל, אָפּגעשטעלט אין אַ האָטעל, און אָנגעהויבן אַ לויפעניש פון איין אָפיסינע צו דער צווייטער, פון איין בעאַמטן צו אַ צווייטן! איינער ווייסט ניט וואָס צו טון — שיקט ער צום אַנדערן. דער אַנדערער — צו אַ דריטן! דער סוף איז געווען, אַז מען האָט געוואָלט אַזעלכע שטייערן פאַר די אויטאָס, אַז עס האָט זיך מיר ניט געלוינט זיי אַראָפּנעמען!...

נאָך אַ פּאָר חדשים אַרומלויפן — האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איך קאָן די פאַבריק ניט אויפשטעלן און לאָזן אין גאַנג! מען האָט מיר גע־שטעלט „אָפיציעלע" שוועריקייטן! איך האָב ניט אָנגעהויבן וויסן וואָס

מען וויל האָבן פון מיר! אַט, שטעלט מען אַזאַ קאָנדיציע און מאָרגן אַ צווייטע און ווען איך בין שוין גרייט אָנצונעמען די קאָנדיציעס — ווייזט זיך אַרויס אַז עס זענען פאַראַן אַנדערע שווערקייטן!...

איך האָב אַלעס געקאָנט אַראָפּשלינגען! איך האָב פאַרשטאַנען, אַז אַ לאַנד וואָס בויט זיך און אַ לאַנד, אין וועמענס שפּיץ עס שטייען סאָציאַליסטן, מוז אַזוי האַנדלען! וואָס מיר האָט ווי געטון, וואָס מען האָט זיך ניט גערעכנט מיט מיין ציוניסטישער פאַרגאַנגענהייט! וואָס זיי האָבן ניט געוואָלט מיך אויסהערן אפילו, ווען איך האָב זיי געזאָגט, אַז איך האָב אַ חלק אין לאַנד און האָב אפילו אַ חלק אין די געבעטע שטולן אין וועלכע זיי זיצן אַזוי באַקוועם! לויט זייער טעאָריע, זענען מיר, די עולים, ספּעציעל — די רייכע עולים, שטיקלעך פּאַראַזיטן, וואָס זענען געזעסן אין די גלות-לענדער, זיך געפּאַטשט דאָס בייכל און מיט גאָרניט צוגעהאָלפן צום באַקומען אַ אידישע מדינה... און זיי, די יונגע צוצקעס, זיי האָבן געגעבן זייער בלוט, פאָלגליך דאַרפן מיר צומאַכן מויל און אויגן און אויף אַלעס ענטפערן: — נעשה ונשמה!

איך שעם זיך אייך צו דערציילן! איך וויל אויך ניט רעדן קיין לשון הרע אויף מיין לאַנד! איך האָב דאָרט געטראָפן אידן — טאַקע אייניקע וואָס האָבן געדאַרפט אַרבעטן ביי מיר ביים אויפשטעלן די פאַבריק, און די אידן האָבן מיר איינגערוימט אַ סוד אין אויער: — ווערט אַ פּאַרטיי-מאַן! פאַרשרייבט זיך אין דער פּאַרטיי — וועט איר באַלד געהאָלפן ווערן! איך האָב עס ניט געטון! איך האָב פּשוט מורא געהאַט טאָמער... איז טאַקע אמת! עס וואָלט מיך אויף אייביק דערשלאָגן! הייסט עס: — אַז מיינע אַלע יאָרן אַרבעט פאַרן ציוניזם האָבן גאָר קיין ווערט ניט און בלויז אַ קאַרנעט׳ל פון אַ פּאַרטיי קאָן מיך ראַטעווען?... איך האָב עס ניט געגלויבט און דאָס ניט גלויבן האָט מיך געקאָסט מיין פאַרמעגן!...

איך האָב דאָרט קיין פאַבריק — ניט אויפגעבויט! די דריי קאָמיאָנען האָט מען ביי מיר צוגענומען און מען האָט מיר באַצאָלט אַזוי, אַז איך האָב דערלייגט העכער האַלב! אויך פונ׳ם געלט וואָס איך האָב מיטגענומען איז געוואָרן אַ תל! די האָטעלן, דאָס אַרומלויפן מיט טאַקסים — ווייל מיין אויטאָ וואָס איך האָב מיטגעבראַכט — האָט מען מיר ניט אַרויסגעגעבן... און דערנאָך אַ ביסל אָפּקרענקען און רופן דאָקטוירים, דאָס אַלעס האָט מיך בדיל הדל געשטעלט! לסוף — איך האָב געראַטעוועט וויפל איך האָב געקאָנט, גענומען מיין אידענע און

געקומען צוריק אַהער! איך האָב געטראָפן מיין איבערגעלאָזענע בעל הבית׳ישקייט אין בעסטער אָרדענונג און איצט... וועל איך אָנהויבן פון אָנהויב!

איך האָב אייך דאָס אַלעס איבערדערציילט, ניט כדי צו באַרעדן ארץ ישראל! איך זאָג ניט, אַז ניט דאָס ארץ ישראל האָבן מיר גע־חלומט! איך בין געקומען צוריק און האָב זיך ווידער אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט פון זאַמלען פאַר די ארץ ישראל־פאָנדן און העלפן דעם לאַנד! איך, און טויזנטער אידן ווי איך און מן הסתם מיליאָנען אידן ווי איך, זענען ניט איינשטימיק מיט די פאַראַנדקעם ווי אַזוי מען בויט און ווי אַזוי מען פירט דאָס לאַנד! דאָס אַלעס וועט, אָבער אייביק ניט אָנ־האַלטן! איך וועל דאָ איבערחזר׳ן דעם וויץ וואָס מען דערציילט אין ארץ־ישראל, אַז ווען עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די אידישע מדינה איז מען געקומען צו אַ קאָלאָניסטקע פון ראשון לציון, און מען האָט געזאָגט אַז עס איז שוין דאָ אַ אידישע מלוכה, האָט זי זיך אָנגערופן: „מיר האָבן איבערגעלעבט היטלערן, וועלן מיר דאָס אויך איבערלעבן"...

איך מיין צו זאָגן, אַז די אידישע מדינה איז נאָך יונג און וועט נאָך אי־בערלעבן אָט די אַלע רעגירונגען און אַלע שוועריקייטן וואָס מען מאַכט ביודעים ובלא יודעים! דערווייל, אָבער, ווען מען קומט מיך פרעגן, צו זאָל אַ איד, אַ גביר, פאַרקויפן זיין בעל הבית׳ישקייט, זיין פאַבריק און הויז און זיך איבערפּעקלען קיין ארץ ישראל, ווען מען פרעגט מיך — ווייס איך ניט וואָס איך וואָלט געענטפערט און וואָס איך וואָלט געעצה׳ט!

---

אין אַ פּאָר מאָנאַטן אַרום.

מיר טרעפן שוין אונזער געקריוודעטן אידן אין גאָר אַן אַנדער פּאָ־זיציע. ער איז שוין געוואָרן אַ... פּאַרטיי־מאַן. ער איז אַריינגעטראָטן אין דער פּאַרטיי, וואָס איז אין אָפּאָזיציע צו דער איצטיקער רעגי־רונג פון מדינת ישראל. ער וויל איינמאָל איבער אַלעמאָל, העלפן אַראָפּ־וואַרפן די רעגירונג וועלכע וויל איינפירן אַ שטיקל סאָציאַליזם אין ארץ ישראל. ער וויל, אַז קיין ארץ ישראל, זאָלן קאָנען קומען אידן קאַפּיטאַ־ליסטן און דאָרט אויפשטעלן זייערע פאַבריקן און קיינער זאָל זיי ניט שטערן! ער, אונזער געקריוודעטער איד, איז נאָך אַלץ געבליבן אַ הייסער ציוני! האָט נאָך האָפענונג, אַז ווען די איצטיקע סיסטעם וועט זיך בייטן, וועט ער ווידער פאָרן קיין ארץ ישראל און דאָרט אויפבויען

אַ גרויסע פאַבריק פון ציגל! ער האָט אַ שוואַכקייט צו אָט דער פאַברי־קאַציע און ער גלויבט, אַז דאָס וויכטיקסטע וואָס ארץ ישראל וועט דאַרפן פאַר די נעקסטע צען יאָר, וועט זיין — הארמאָטן און ציגל! נו, איז, פאַר הארמאָטן, זאָלן זיך די רעגירונגען זאָרגן! ער וועט פאַר־זאָרגן אַ האַלב ארץ ישראל מיט ציגל! מען זאָל אים נאָר לאָזן!...

צו וועט ער, אָבער דערלעבן אָט דעם מאָמענט אַז דער סיסטעם זאָל זיך בייטן און ער זאָל דאָרט אויפבויען אַ פאַבריק פון ציגל?

ער גלויבט אַז יאָ! ער האָט זיך אריינגעוואָרפן אין דער פאַרטיי־אישער אַרבעט דאָ, כדי, פון דאַנען, העלפן בייטן דעם סיסטעם! זיין הויפט אַרבעט איז איצט — אַרומגיין און... רעדן שלעכטס אויף ישׂ־ראל און אויף די מלוכה־מענער! ער דענקט, אַז וואָס מער ער וועט רעדן שלעכטס און אפילו רכילות אויף זיי — אַלץ שנעלער וועט דאָרט קומען זייער סוף! ער האָט זיך גענעמען צו נאָך אַ „מיטל": — ער... שילט! ווען ער דערמאָנט די פירער פון דער ארץ ישראל־רעגירונג — קאָן ער ניט דערמאָנען אָן אַ קללה אויף די ליפּן! ער האַלט, אַז ווען ער און טויזנטער ווי ער, וועלן שילטן — וועט זיך עס אָנעמען און עס וועט מקוים ווערן....

מיר, גלויבט פאַרקערט! ניט מיר גלויבט אַז זיין שילטן וועט העלפן, ניט מיר גלויבט, אַז... ער וועט נאָך דערלעבן אויפצושטעלן אַ ציגל־פאַבריק אין ארץ ישראל!...

ענדע פון צווייטן באַנד

# מיינונגען וועגן ערשטן באַנד „דאָס לעבן דערציילט"...

### עס שרייבט „די אידישע צייטונג" וועגן „דאָס לעבן דערציילט"...

„דאָס איז אַ בוך דערציילונגען פון אמתע פּאַסירונגען פון לעבן — אַמאָל טראַגישע און אַמאָל קאָמישע און אַמאָל — ביידע זאַכן צוזאַמען, — וואָס האָבן פּאַסירט און פּאַסירן אַלע טאָג און וואָס שאַפן אָפּט פּראָבלעמען און סיטואַציעס אין פאַמיליען-לעבן".

און מ'דאַרף צוגעבן, אַז די דאָזיקע דערציילונגען זענען פלינק און שפּאַנענד אָנגעשריבן און זיי פאַרכאַפּן דעם לייענער, וועלכער דערפילט אין זיי דעם אָטעם פון לעבן.

'דאָס לעבן דערציילט"... איז פּרעכטיק אַרויסגעגעבן מיט אַ פּראַכטפולן איינבאַנד, געדרוקט מיט גרויסער שריפט.

### עס גיט „די פּרעסע" איר מיינונג וועגן „דאָס לעבן דערציילט"...

דאָס נײַע בוך פון. וו. טשערנאָוועצקי, איז אַן ערשטער באַנד פון אַ סעריע, וואָס דער מחבר רופט „דאָס לעבן דערציילט" און האָט אַן אונטערטיטל „אמתע פּאַסירונגען און פּראָבלעמען". געשריבן איז דאָס נײַע בוך אין זעלביקן פּאָלקטימלעכן טאָן, ווי זײַנע ערשטע צוויי ביכער, אָבער אין יענע האָט ער באַשריבן די געוויינלעכקייטן פון אַ קליין שטעטל און דאָ באַשרײַבט ער די אויסערגעוויינלעכקייטן פון אַ גרויסער שטאָט.

„דאָס לעבן דערציילט"... האָט ניט קיין פּרעטענזיעס אויף ליטעראַטור, ווײַל ליטעראַטור דאַרף לויט אַלע כללים האָבן „דיכטונג", עס הייסט: דאַרף זײַן אויסגעטראַכט און אין די אכצן עפּיזאָדן פון דעם דאָזיקן בוך איז גאָרניט אויסגעטראַכט.

מען מוז מודה זײַן, אַז די עפּיזאָדן און די מענטשן, וואָס ווערן דערציילט און געוויזן אין טשערנאָוועצקיס בוך זענען אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנט און מען דערוואוסט זיך פון זיי אַז אין לעבן געשעען אויסטערלישקייטן, וועלכע אַ שרײַבערישע פאַנטאַזיע וועט ניט אויסטראַכטן. מען קען פון אָט די עפּיזאָדן זיך דערוויסן אַ סך וועגן דער פּסיכאָלאָגיע פון אונזערע אידן, וועגן זייערע געדאַנקען און געפילן, וועגן זייערע ריכטיקע און פאַלשע גענג און וועגן זייערע גרויסע לײַדן און קליינע פריידן.

„דאָס לעבן דערציילט"..... פון וו. טשערנאָוועצקי איז אַן

אמתדיקער שפּיגל פון אידישן לעבן און דער שטאָף פון די פּאַסירונגען וואָלט געקענט דינען אויך פאַר טעאַטער־זאַכן און ראָמאַנען. געשריבן זענען די אַלע זאַכן ניט בלויז פאָלקסטימלעך, נאָר אויך מיט טעמפּעראַמענט און מיט סוביעקטיווער באַציאונג.

## „די נייע צייט"

וו. טשערנאָוועצקי איז אַ איד, וואָס האָט אַ חוש פון אַ זשורנאַליסט, האָט ליב און קען זען און הערן, וואָס עס טוט זיך אין דער גרויסער וועלט און טאַקע באַזונדערס אין אונזער אידיש וועלטעלע בכלל און אין לעבן פון יחיד בפרט.

30 יאָר, ווי ער רייזט איבער דער רחבותדיקער אַרגענטינער פּראָווינץ, קען אויך די אַרומיקע לענדער און ווי אַ רעדאַקטאָר פון „אַרגענטינער מאַגאַזין", איז אים ניט איינמאָל אויסגעקומען צו זען פאַמיליען־טראַגעדיעס און אָפט, אַליין געמוזט אָנטייל נעמען אין לייזן סיכסוכים, געבן אַן עצה, זוכן אויסמיידן ערנסטע קאָנסעקווענצן — און אָט די אַלע פאַלן האָט ער פאַרצייכנט און צוזאַמענגעשטעלט אַ גרויסע אַרבעט, וואָס אונטערן טיטל „דאָס לעבן דערציילט"... האָט ער זיי באַאַרבעט און צוגעפּאַסט פאַרן לייענער און ספּעציעל פאַר דער אידישער לייענערין.

„דאָס לעבן דערציילט"... איז געשריבן פאָלקסטימלעך, עמך־מעסיק און שפּיגלט טרייאַפּ דאָס לעבן.

## דניאל טשאַרני שרייבט וועגן בוך

מײַן ליבן פרײַנט און קאָלעגע וו. טשערנאָוועצקי.

נעמט צו מײַן פאַרשפּעטיקטן דאַנק פאַר אײַער נײַעם מתנה־בוך „דאָס לעבן דערציילט" מיט דרײַ פינטעלעך.

די פינטעלעך, גלויב איך, זענען איבעריק, ווײַל אײַער פּליסיק־דערציילערישע פּען, אַנטפּלעקט אַלע פאַרפּלאָנטערטע און פאַרפּינטלטע איבערלעבונגען און פּאַסירונגען.

יעדע דערציילונג אַנטפּלעקט פאַר אונז אַ נײַע פּראָבלעם, וואָס וועט שוין מוזן בלײַבן פאַרפּינטלט אַזוי לאַנג, ווי ס'וועלן עקזיסטירן ליבע און אײַפערזוכט, שאָוויניזם און פאַנאַטיזם, ראַסן־ און קלאַסן־אַנטאַגאָניזם.

מיט איין וואָרט, איר פאָטאָגראַפירט דעם נאַקעטן לעבן אויסגעצייכנט, אָבער אין אַ בוך־פאָרם זוכט אויך דער לייענער די „בגדי מלכות" פון קונסט, מיט וועלכע מע פאַרדעקט אַביסל די נאַקעטקייט... (מיט פינטעלעך).

אײַער בוך וועט ווירקלעך דיסקוטירט ווערן אין אַ סך היימען, ווײַל די אַלע מעשיות וואָס איר דערציילט זענען שטענדיק און אומעטום אַקטועל און צאַפּלדיק.

**אײַער דניאל טשאַרני**

## פון דער קהילה אין בועטאָס איירעס

זייער חשובער פריינט:

„דאָס לעבן דערציילט"... איז אַ בוך, וואָס לייענט זיך מיט גרויס אינטערעס, ווייל עס שפּיגלט אָפּ אין אַ לעבעדיקער פאָרם רירנדיקע מאָמענטן אין מענטשלעכן לעבן, און מיר זענען זיכער, אַז עס וועט זיך איינבירגערן אין אונזער היגער ליטעראַטור און געלייענט ווערן פון אַ גרויסער צאָל לעזער.

## פון אידישן אַקטיאָרן פאַראיין

מיט אויפריכטיקער צופרידנהייט האָבן מיר אויפגענומען אייער נייעם בוך וואָס איר האָט אונז צוגעשיקט מיט אייער ספּעציעלער ווידמונג, אַלס מתנה פאַר אונזער פאַראיין און עס פרייט אונז אייך צו קענען מיטטיילן, אַז פּונקט אַזוי ווי אייער פריערדיק בוך, האָבן זיך אויך איצט שוין פאַרשריבן אַ רייע פון אונזערע מיטגלידער וואָס ווילן לייענען אייערע אַזוי אינטערעסאַנטע שילדערונגען פון פּאַסירונגען וואָס קומען פאָר אין לעבן.

## פון שרייבער נחמיה צוקער

איך האָב געלייענט אייערע אכצן דערציילונגען וואָס „דאָס לעבן דערציילט"... מיט פּויזעס; נאָך יעדער דערציילונג, געמאַכט אַ פּויזע פון אַ טאָג, אָבער בשום אופן האָב איך ניט געקאָנט מאַכן קיין פּויזע און אָפּשטעלן זיך אינדערמיט פון אַ דערציילונג, ווייל דער אינהאַלט האָט געמוזט צוציען ביז צום סיום פון דערדערציילונג.

דעם ערשטן טאָג וואָס איך האָב אָנגעהויבן לייענען „דאָס לעבן דערציילט"... האָב איך אויך געוואָלט אריינכאַפּן אַ צווייטע און אַ דריטע דערציילונג, אָבער איך האָב זיך געכאַפּט, אַז אַ פּויזע איז וויכטיק, ווייל די אינהאַלטן פון די אכצן זאַכן זענען אַזוי פאַרשידן, אַז דאָס „אַראָפּשלינגען" זיי וואָלט געווען אַ שאָדן, ווייל עס איז כדאי צו פילן דעם טעם פון יעדן געשמאַקן מאכל באַזונדער.

די אכצן עפּיזאָדן וואָס „דאָס לעבן דערציילט" קלינגען וואָרהאַפּטיק און דערמאָנען אַ סך מאָל אָן זאַכן וואָס מען האָט אַליין געהערט און געזען און מען פילט צו אייך אַ דאַנקבאַרקייט, וואָס איר האָט אָט אָ די שטיקער פוןווירקלעכן לעבן אויפגעכאַפּט, באַשריבן זיי אין אַ פיין סטיליזירטער און ניט געקינצלטער פאָרם און זיי אַרויסגעגעבן אויף אַ פיינעם אין שיינעם אויפן אין בוך־פאָרם.

